# געזאַמלטע שריפטן

פון

## מיכל קאַפּלאַן

### לידער ★ דערציילונגען ★ עסייען

און

א גרעסערע אָפּטיילונג

### פון מיין ביכער קאָלעקציע

**אָפּהאַנדלונגען**

וועגן זעלטענע ספרים און אידישע ביכער, וואָס זיינען נעדרוקט געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק, מיט די פאקסימיליעס פון זייערע שער־בלעטער, אָנמערקונגען וועגן זייערע מחברים, מיט אויסצוגן פון די טעקסטן.

אַרויסגעגעבן פון

מיכל קאַפּלאַן־יוגנט־קולטור־גרופּע

נוואַרק, ניו־דזשוירזי

תש״ז — 1947

# מיכל קאַפּלאַן

געבוירן אין טשערנאָביל, קיעווער גובערניע, דעם 28־טן נאָוועמבער 1882.

דעביוטירט מיט אַ ליד אין דעם וואָכנבלאַט „דער יוד", אין 1899. דערנאָך געדרוקט לידער אין דעם וואָכנבלאַט „די פּאָלקסצייטונג", רעדאַקטירט פון מ. ספּעקטאָר, און אויך אין דער טעגלעכער צייטונג „דער פריינד", וואָס איז דערשינען אין פּעטערסבורג.

אין 1902 דערשיינט זיינס אַ קליין ביכעלע לידער: „די פידעל" (אין באַרדיטשעוו). שפּעטער העלפט ער דעם קרעמענטשוקער ראַבינער, אַ. פרידבערג, רעדאַקטירן אַ ציוניסטישן אַלמאַנאַך (אויף רוסיש). לעבט דאָרט איבער אַ פּאָגראָם אין 1905, וואָס האָט אים שטאַרק אויפגערודערט און פאַרטריבן קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע דרוקט ער, אינגיכן, לידער אין „פאָרווערטס", „פרייע ארבעטער שטימע", „צוקונפט" און אין פילע אַנדערע אויסגאַבן.

אין 1910 דערשיינט זיינע אַ זאַמלונג לידער: „געטאָ־קלאַנגען", וואָס ווערט זייער וואַרעם אויפגענומען פון דער קריטיק.

אין 1912 פאַנגט ער און ב. באָטווינִיק אָן ארויסצוגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל אויף אידיש, נאָר געדרוקט מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן, אויף וואָס זיי קריגן הסכמות פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, אַ. האַרקאַווי און אברהם רייזען. דער דאָזיגער פּרואוו האָט דאַן ארויסגערופן אַ זייער שאַרפע פּאָלעמיק אין דער פּרעסע.

אין 1926 ווערן אַ צאָל פון זיינע לידער איבערזעצט אויף ענגליש, באַפּוצט מיט קינסטלערישע צייכנונגען פון שאול ראַסקין, ארויסגעגעבן אין בוך־פאָרם.

# אינהאַלט:





# לידער:

## אין דער אַלטער היים





## אין דער נייער וועלט



## זומער־לעב



## וועגן איר





## אין שרייבערשן ווינקל



## אינהאַלט פון די דערציילונגען



## אינהאַלט פון מיין ביכער קאָלעקציע

# פאָרוואָרט

## פון אברהם רייזען

(צו דער אויסגאַבע פון מיכל קאַפּלאַנ׳ס געזאַמעלטע שריפטן).

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען, געדרוקטערהייט, דעם נאָמען מיכל קאַפּלאַן איז געווען אין סאַמע אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען, לויט מיר געדענקט זיך — אין אַן אַנאָנס אין „יוד", צי אין „הצפירה" וועגן דער דערשיינונג פון אַ ניי ביכל לידער — „די פידל", — פון מיכל קאַפּלאַן. אין יענער צייט, ווען פּאָעטישע לידער־זאַמלונגען זיינען געווען אַ זעלטענע דערשיינונג האָט די אַנאָנס אַליין געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. די פאַנטאַזיע האָט זיך צושפּילט און די נייגעריקייט איז געווען גוואַלדיק גרויס: ווער איז דאָס דער פּאָעט מיכל קאַפּלאַן? אַז ער איז אַ פּאָעט איז באַ מיר געווען זיכער, ווי באַלד, אַז דאָס ביכעלע לידער זיינס טראָגט דעם טיטל „די פידל". שוין אין טיטל אַליין איז געווען די גאַראַנטיע. נישט מער עס האָט זיך פאַרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע — אַ רייך־לירישער פּאָעט, ווי לערמאָנטאָוו, ווי טיוטשעוו, צי גאָר ווי מיכה יוסף לעבענזאָהן — הגם זיי אַלע, די דאָ דערמאָנטע, האָבן געשאַפן אויף דערציילערישע פּאָעמען.

דאָס ביכעלע לידער „די פידל" איז אָבער מיר ניט געווען מעגלעך צו באַקומען. אין יענער צייט, אַז אַ ביכעלע לידער איז דערשינען אין איין טייל פון רוסלאַנד, אין בערדיטשעוו, צי אין קיעוו, האָט מען ניט באַקומען די זאַמלונג לידער אין דעם אַנדער טייל — אין דעם ווייטערן — ווי אין מינסק, אין ווייס־רוסלאַנד, צי אפילו אין פוילן — אין וואַרשע, וואו מעגלעך, איך האָב דאָרט שוין וועגן דעם דערשיינען פון מ. קאַפּלאַנ׳ס ערשט ביכעלע לידער: — „די פידל" — געלייענט אין דער אַנאָנס. —

געננוי באַקאַנט זיך מיט מיכל קאַפּלאַנס דיכטערישן שאַפן האָב איך זיך ערשט נאָך מיין ערשטן באַזוך אין אַמעריקע — אין נאָוועמבער, 1908, און שפּעטער שוין באַ מיין צווייטן מאָל קומען — אין אָנהויב יאָר 1911, ווען מיכל קאַפּלאַן איז שוין געווען באַרימט מיט זיין ניי ער גרעסערער זאַמלונג לידער, „געטאָ־קלאַנגען" — דערשינען שוין טאַקע אין אַמעריקע — אין 1910, דער עיקר׳שט מיט זיינע דערציילערישע לידער און אויך מיט זיינע מאָנאָלאָגן און פערזן, וואָס זיינען, נאָך פריער, רעציטירט געוואָרן פון אַזאַ

דאָן באַרימטן רעציטאַטאָר און בינע־קינסטלער. ווי גרשון רובין, ע״ה. צווישן די דאָזיקע מאָנאָלאָגן און מייסטערהאַפטע פערזן איז שוין געווען דער מערסטן — פון אַנדערע אין יענער צייט, און אַפילו אין היינטיקער — קאַפּלאַנס באַרימט געוואָרענער מאָנאָלאָג „אַהיים וועל איך פאָרן קיין וואָלעדניק״, וואָס אַפילו אַז מען לייענט אים היינט — פאַר זיך אַליין — ציטערן מיר אויף פאָר צער און וויטאָג און פאַר בענקשאַפט — נאָך אונזער היים, מיט אירע ליבע תמימות׳דיקע געשטאַלטן, וואָס מיכל קאַפּלאַן האָט זיי פאַר־אייביקט מיט עכט גאָגאָלישן הומאָר. — הגם, אין פערזן, אָבער צוליב דער הויכער כאַראַקטעריסטישקייט מיט וואָס מיכל קאַפּלאַן האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אויסגעצייכנט — דערזעען מיר, ווי לעבעדיק פאַר די אויגן דאָס ליבע שטעטל וואָלעדניק, ווי פילע אַנדערע שטעטעלעך אַזעלכע, וואָס דער פינסטערער שונא — האָט מיט גרויל פאַרוויסט. מיר הערן, אגב, אויך די רייד און זען דאָס לעבן פון דאַמאָלסדיקן ניויאָרק, פון וואַנען דער העלד פון וואָלעדניק קומט אַהיים און דערציילט דאָרט מיט וואונדערלעכער איראָניע די גרויסקייט און די שיינקייט פון נייעם לעבן אין „קאָלומבוסעס״ לאַנד... אודאי האָט מען זיך דאַן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס בענקען און דער פאַרלאַנג צו פאָרן צוריק קיין וואָלעדניק — פון דער פרייער אַמעריקע — איז דאָס העכסטע תמימות... אגב, פון דעם דאָזיקן געפיל קענען זיך — די קליגסטע אַפילו איצטער — ניט באַפרייען... —די היים־ווײ, היים־בענקשאַפט רעכנט ניט אויס...

ווי געזאָגט איז מיכל קאַפּלאַן טראָץ דעם טיטל פון זיין ערשט ביכעלע לידער — די פידל — געווען אַ פּאָעט אַ דערציילערישער, ווי עס הייסט אין דער ליטעראַטור־וויסנשאַפט א נאַראַטיווער. עס הייסט אָבער ניט, אַז מיכל קאַפּלאַן איז ניט געווען קיין ליריקער! זיינע נאַראַטיווע לידער, אָדער, ווי דער באַרימטער עסייאיסט און קריטיקער יואל ענטין — רופט זיינע שאַפונגען — אידישע באַלאַדן, זיינען סיי ווי סיי שטאַרק ליריש. יעדע פּאָעמע זיינע, אָדער טאַקע באַלאַדע — ווי „די פרינצעסין״, וועגן אַ אידישע מיידל — אַ שיינהייט — אין ניויאָרק, פאַרברענגט באַ אירער אַ חבר׳טע — אין א יוגנטלעכער געזעלשאַפט, און זי איז די פרינצעסין. און אָט טרעפט גראָד אַן איר פאָטער, אַן אָרעמער פעדלער — מיט זיין „באַסקעט״ — זוכנדיק צו לייזן עטלעכע סענט — צו דער יונגער לוסטיקער חברה, צווישן וועלכע עס אַמוזירט זיך אויך זיין שיינע טאָכטער, פאַרגעסנדיק אירע היימישע זאָרגן — וואָס נאָך דער אַרבעט אין שאַפּ באַ אַ פּאַרטי — זעט זי אויס ווי אַ פּרינצעסין — אַ בת־מלכה... און די בת־מלכה ווערט שטאַרק פאַרשעמט...

ליריזם איז פאַראַן אין דעם גרעסטן טייל פון מיכל קאַפּלאַנס באַלאַדן,

פון זיינע דערציילערישע פּאָעמען — סיי פון אַמעריקאַנער מיליע, סיי פון דער אַלטער היים, —— וועגן וועלכער ער האָט, ניט פאַרגעסנדיק זי, ווי יעדער עכטער פּאָעט — געשאַפן אַ צאָל באַלאַדן און קלענערע לירישע לידער.

מיכל קאַפּלאַן אַלס דיכטער, פאַרנעמט אין דער אידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע, אַ באַזונדער פּלאַץ. סאָציאל ווי ער איז אין יעדן ליד איז ער אָבער ווייט פון יעדער טענדענץ. אין דעם פּרט איז ער מער, ווי עס הייסט אין רוסיש: אַ גראַזשדאַנסקי פּאָעט — אַ פּאָעט פון בירגערלעכן ליידנדן פאָלק, ווי דער גרויסער רוסישער קריטיקער ביעלינסקי האָט זיך אויסגעדריקט וועגן אומפאַרגלייכלעכן באַרימטן רוסישן פּאָעט נ. ניעקראַסאָוו. וועגן ווע־מעס לידער דער זעלביקער גרויסער קריטיקער און דענקער ביעלינסקי האָט געזאָגט — אויסלאַכנדיק דערמיט די פּוסטע עסטעטן: „עטאָ ניע פּאָעזיאַ — עטאָ באָלשע (אָדער לוטשיע) טשעם פּאָעזיא...״

וועגן מיכל קאַפּלאַנס לידער, באַלאַדן און פּאָעמען קען אפילו דער שטרענגסטער עסטעט ניט צווייפלען, אז ער איז אַן עכטער דיכטער, און אַז זיינע שאַפונגען זיינען עכטע פּאָעזיע — די פּאָעזיע וועגן אָרעמען מענטשן און אויך וועגן ליידנדן אידישן פאָלק, וועמען ער האָט געווידמעט אַ גרויסן טייל פון זיינע שאַפונגען, וואָס זייערע מאָטיוון — איבערהויפּט וועגן דער אַל־טער היים, פון רוסלאַנד — רירן אונז נאָך איצט, מיט דער קראַפט פון דעם דיכטערס געפיל און פּאָעטישן וואָרט.

אויסער דעם אומפאַרגאַסלעכן מיכל קאַפּלאַן׳ס אַלע לידער גייען אַריין אין די געזאַמלטע שריפטן אויך די פּראָזע, די פיין־רעאַליסטישע דערציי־לונגען, וואָס אַ היפּשער טייל פון זיי באַקענען אונז מיט דעם לעבן פון אידישע פאָלקס־מענטשן אין אַמעריקע, אין ניויאָרק, און אין דער פּראָ־ווינץ; אויך גייען אַריין זיינע ברילִיאַנטענע טיף נאַציאָנאַלע — אין ריינסטן זין נאַציאָנאַלע עסייען וועגן זיינע זאַמלונגען — פון דער אַלטער אי־דישער און העברעאישער ליטעראַטור — ספרים און ביכער. אַ גרויסע טייל פון זיי זיינען איבער פיר הונדערט יאָר אַלט — און אין די דאָזיקע מערקווירדיקע קאָלעקציעס געפינט זיך פון מחברות (העפטן) עמנואל הרומי (דער מיטלעלטערלעכער העברעאישער פּאָעט) ביז די מעמואַרן פון גליקל פון האמעלן, און ביז „געטאָ־קלאַנגען״ (איצט שוין אַ יקר המציאות) פון זאַמלער און פון אונזער אומפאַרגעסלעכן דיכטער און עסייאיסט מיכל קאַפּלאַן אַליין!

ס׳איז נאָר אַ שאָד, וואָס זיין ערשטע לידער־זאַמלונג „די פידעל״ איז ניט דערמאָנט אין דעם קאַטאַלאָג פון דער גרויסער קאָלעקציע ספרים און ביכער אַנטיקן, וואָס דער אומפאַרגעסלעכער דיכטער און עסייאיסט, מיכל קאַפּלאַן האָט געזאַמלט לאַנגע יאָרן און זיי אַוועקגעשאַנקען צו דער „קולטור־

פונדציע״ ביים ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט, וועלכע האָט דעם קאַטאַלאָג אַרויס־געגעבן אין ענגליש, אין גרויסן פאָרמאַט מיט פאָטאָסטאַטן פון הונדערטער שער־בלעטער פון דער קאָלעקציע.

אין זיין אַריינפיר צו דער דערמאָנטער קאָלעקציע וועגן די אַלע געזאַ־מעלטע אַנטיקע העברעאישע און אידישע ביכער, זעט מען אין מיכל קאַפּלאַן אויך דעם דיכטער־למדן, וואָס איז פול מיט פיעטעט צום גרויסן אידישן שאַפן אויפ׳ן געביט פון געדאַנק, געזעץ און פּאָעזיע.

פון לעצטן — פון פּאָעזיע, איז ער אַליין, מיכל קאַפּלאַן, געווען איינער פון די געציילסטע אין זיין באַזונדער אַרט שאַפן!

**אברהם רייזען**

# אַ קליינע צאָל אויסצוגן

## פון אַ גרעסערער צאָל אָפּשאַצונגען איבער מיכל קאַפּלאַנס לידער ביכל: „געטאָ קלאַנגען"

(דערשינען אין 1910)

●

## מ. דאַנצים

דער נאָמען מיכל קאַפּלאַן, איז געווען אין די ערשטע צענדליק פון נײַנצנטן יאָרהונדערט אַ גאַנץ פּאָפּולערער נאָמען אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. — ער האָט באַלאַנגט צו די „יונגע", צו די וואָס האָבן זיך גענומען דורכברעכן אַ וועג אין אונזער ליטעראַטור.

די יוגנטקייט זײַנע איז באַשטאַנען ניט אין זײַנע לידער, אויך ניט אין דער פאָרם, נאָר אין יאָרן. דער טאָן, ווי אויך די פאָרם פון מיכל קאַפּלאַנס שאַפונגען זײַנען געווען קלאַסישער און געגאַנגען אין די פיס־טריט פון די אַלטע דיכטער: פרוג, מאָריס ראָזענפעלד.

דאָ און דאָרט האָט מען געהערט פון אים אויך אַן אָפּקלאַנג פון אַברהם רייזען.

און געקומען איז קאַפּלאַן גראָד אין אַ צייט ווען נײַע טענער, האָבן זיך שוין געלאָזט הערן, נײַע פּאָעטישע פאָרמען זײַנען געשאַפן געוואָרן. מאַני לייבס צאָרט־סטרוניק ליד האָט מעלאָדיש אויפגעציטערט. משה ליב האַלפּערין האָט ווי מיט אַ האַמער אויף אַ קאָוואַדלע זײַנע פערזן אויסגעשמידט. און דער גאַנצער דור יונגע פּאָעטן זײַנען מיט זיי געקומען.

און אין דער פּראָזע: אָפּאַטאָשו, ראַבאָי, חאַימאָוויטש, איגנאַטאָוו און אַנדערע. מיכל קאַפּלאַן איז דעמאָלט געווען איינער פון דעם דאָזיקן קרייז, וואָרים דאָס איז נאָך געווען אין דער צייט ווען די איינציקע ליניע וואָס האָט אָפּגעטיילט „יונג" און „אַלט" איז געווען דאָס ריין פיזישע — די יאָרן.

ערשט שפּעטער האָבן זיך אַרויסגעשיילט די גרענעצן פון פאָרם און אינהאַלט, פון נײַעם קינסטלערישן צוטריט און באַזונדערס ליטעראַרישער אויפפאַסונג, פון שולן און ריכטונגען. קאַפּלאַן איז געווען פּשוט'ער פון די אַנדערע און ניט געהאַט קיין פּרעטענזיעס אויף מאָדערניזם. זײַנע לידער האָבן פאַרמאַגט אין זיך אַ פאַלקסטימלעכקייט וואָס האָט אונטערגעקויפט. אויך דער אינהאַלט— אַ פאַרשטענדלעכער און נאָענטער: ער האָט באַזונגען דאָס לעבן פון אימיגראַנט, זײַן געראַנגל און פּײַן אין דער נײַער וועלט, זײַן אומגע־

שטילט בענקען נאָך דער אַלטער היים וואָס ער האָט געלאָזן הינטער זיך. האָט מען אים דערפאַר מער פאַרשטאַנען ווי די אַנדערע „יונגע" פון יענע יאָרן. איז ער דערפאַר געוועזן איינער פון די פּאָפּולערסטע דיכטער צווישן די אָנפאַנגער פון יענער צייט.

ער פלעגט אויפטרעטן אויף קאָנצערטן און פאָרלייענען זיינע לידער פאַרן עולם. דעמאָלט זיינען יונגע אידישע פּאָעטן און נאָוועליסטן געקומען צו די מאַסן מיט זייער וואָרט. ס'איז געווען איינס פון די מיטלען ווי דורכ־צעברעכן פאַר זיך אַ וועג. אין דער פּרעסע, מיט דער אויסנאַם פון אַ פּאָר זשורנאַלן, האָט דער אָנפאַנגער געפונען אַ פאַרהאַקטע טיר, איבערהויפּט דער וואָס איז געקומען מיט אַ פרישׂ, אייגן וואָרט.

איז מען געוואָרן טרובאַדורן און „געגאַנגען צום פאָלק", דעקלאַמירט די אייגענע לידער, פאָרגעלייענט די אייגענע דערציילונגען אויף די פאַרשי־דענערליי קאָנצערטן און די ליטעראַרישע אָוונטן וואָס פלעגן דעמאָלט פאַרקו־מען יעדע וואָך אויף דער איסט סייד.

די מאַסע האָט אויפגענומען מיט ליבע די דאָזיקע יונגע טרובאַדורן. דער אימיגראַנטן־עולם איז געווען דעמאָלט דורשטיק נאָך אַ ניי, לעבעדיק וואָרט. איז מיכל קאַפּלאַן געווען איינער פון די וואָס איז אָפט אויפגעטראָטן ביי די דאָזיקע אָוונטן.

אויף דער בינע אין „קלינטאָן האָל", צי ביי אַן אַנדערער פאַרזאַמלונג אין אַן אַנדערן האָל פון די אומצייליקע זאַלן אויף דער איסט סייד, שטייט אַ רונד־באַליכט בחור'ל, פון מיטלוואוקס, דאָס קיילעכדיקע פּנים מיט אַ רויט־פרישער פאַרב, אין זיינע באַקן. די אויגן, שוואַרצע, שמייכלענדיקע־שפּילעוודיקע אונטער ברילן, און דער גאַנצער מענטש איז אַזאַ אויפגערוימט־שיינענדיקער, ווי אַ זון וואָלט פון אים געשיינט.

ער לייענט זיין ליד, איינער פון די פּאָפּולערסטע צווישן די „גומערן" אויף ליטעראַרישע אָוונטן פון יענע יאָרן:

### צוריק אַהיים

גענוג שוין! שרייט אויס משה־יאָסל,
דאָס מוז און דאָס וועט באַלד געשען.
אַהיים וועל איך פאָרן קיין וואָלעדניק
און טאָקע נאָך שבת, איר'ט זען.

פאַרברענט זאָל ער ווערן קאָלומבוס!
אַ טייפל געפינט אויס אַ לאַנד!
אַ גיהנום, אויף מיינע נאמנות!
עס ברענט דאָ, עס פלאַקערט אַ בראַנד!

קאַפּלאַן פאַרענדיקט, שטייט אַ ווייל מיט זיין צעשטראַלטן פּנים, באַטראַכט דעם עולם דורך די גלאַנציקעברילן און מאַכט אַ באַוועגונג צו פאַרלאָזן די בינע. דער עולם האַלט אָבער אין אַפּלאָדירן און לאָזט אים ניט אָפּ. מען וויל אים נאָך הערן.

לייענט ער ווייטער נאָך אַ ליד וואָס איז אויך געווען באַקאַנט צו יעדן באַזוכער פון ליטעראַרישע אָוונטן יענע יאָרן:

## ביים אַפּשייד

וועזן ענדיקן וועסטו דיין לאַנגע נסיעה
און קומען בשלום אַהיים,
דערצייל דאָרט פון אַלץ, דערצייל נאָר פון מיר ניט;
איך בעט דיך מיך האַלט אין געהיים.

און וועט אויף מיר פרעגן מיין אָרעמער טאַטע, —
דערצייל ניט ווי ס׳לעבט זיך מיר שווער,
און וועט ער דיך פרעגן וויפל איך פאַרדין דאָ, —
דערצייל אים אין רובלס, ס׳איז מער.

אַט די לידער האָבן גערעדט צום עולמ׳ס האַרצן. זיי האָבן אַנגערירט אַ באַזונדער סטרונע וואָס האָט אויפגעציטערט און זיך אָפּגערופן ביי דעם ערשט איינגעוואַנדערטן.

מיכל קאַפּלאַן האָט גערעדט צום עמיגראַנט פון די טויזנטער וועלד־ניקס, פון די ווייטע, פאַרוואָרפענע שטעטלעך צו וועלכע מ׳איז נאָך מיט די אינטימסטע פעדים געווען צוגעקניפּט.

ער איז געוואָרן דער דיכטער פון אידישן אימיגראַנט.

מיכל קאַפּלאַן האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַרנומען דאָס אָרט פון באָוו־שעווער, עדעלשטאַט און מאָריס ראָזענפעלד.

דער אונטערשייד — און אַ גאַנץ היפּשער, איז נאָר געווען, — וואָס באָוושעווער, עדעלשטאַט, מאָריס ראָזענפעלד זיינען געווען ערשטנס דיכטער מיט סאָציאַלע מאָטיוון. זיי האָבן באַזונגען די נויט און די עקספּלואָטאַציע פון דעם סתם־האָרעפּאַשניק. זיי האָבן אויסגעזונגען די ליידן און דעם ווייטיק און דעם בראַנדיקן פּראָטעסט וואָס די מאַסן האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער.

מיכל קאַפּלאַן האָט אָבער באַזונגען דעם יחיד. זיינע פאַרשוינען האָבן אַ פּנים. דער „וועלדניקער איד" איז אַ גאַנץ באַשטימטער טיפּ און ער איז אויך ניט גראָד אַן אַרבעטער, ער איז אפשר אַ קליינקרעמער, ער האָט מעג־לעך געהאַט אַ סאָדע־קרעמל אויף איינער פון די ראָגן פון דער אַמאָליקער איסט־סייד, אָדער ער איז געווען אַ פּעדלער.

און מיכל קאַפּלאַן האָט אויך פאַרמאָגט דאָס וואָס עס האָט געפעלט ביי דעם סאנאר׳ן באַוושעווער און ביים שווערמוטיקן און טראַגישן עדעל־שטאָט — הייטערקייט, לייכט שפּילעוודיקן הומאָר.

## שאול ראַסקין

פון אַלע פאָרמען אין דער פּאָעזיע איז דער הומאָר, די איינציקע, מיט וועלכער, מיר מעגן שטאָלצירן, אַלס אַבסאָלוט אייגנס, ווייל אין גאַנצן אונזערס. און אייגנטימלעך איז אונזער הומאָר, דערפאַר וואָס, ווי יעדער אמתער הומאָר שעפּט ער זיין נאַרונג פון פאָלק, שפּיגלט אָפּ דעם פאָלקס־נשמה.

וואו געפינט איר נאָך ביי אַנדערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט יענעם וואָרעמען, האַרציקן געלעכטער, געזונטן, טרעפנדיקן גלייכוואָרט, יענע נאַאיוויטעט און וויזהייט, יענעם קלאָרן קוק, פראַסטן פאַרשטאַנד, און אמת׳ע מיטלייד?! דער סאַטיריקער, וואָס איז שוין אַ קעמפער, אַ שפּאָטלער, אַ צע־שטערער און פרעדיקער, איז שוין ניט דעם פאָלקס קינד. ער איז אָפט אַ פריינט פון פאָלק, אָבער ער איז ניט פון פאָלק. דער הומאָריסט אָבער, דער ריכטיקער הומאָריסט, ווי גאָגאָל, שלום עליכם, מאַרק טווין, זיינען פאָלקס־טימלעך דורך און דורך. יעדער פון זיי איז אָרגינעל, ווייל יעדער פון זיי האָט גלייך געשעפּט פון פאָלקס ברונעם, אויפן גרונט פון וועלכן עס ליגן גאַנצע אוצרות.

אין דער צייט ווען די אינטעליגענץ פון פאַרשידענע פעלקער האָט שוין עפּעס ענלעכעס צווישן זיך, איז אָבער דאָס פאָלק אומעטום יונג־פרוילעך, ריין פון יעדן פרעמדן צוגאָב. דערפאַר איז אויך דער הומאָר פון אונזער דיכטער מיכל קאַפּלאַן אַזוי אייגנטימלעך, ווייל ער איז נאָענט צום פאָלק, יאָ, ער איז דאָס פאָלק אַליין. אָט לייענט זיין געדיכט „דער צוואַנציקער״, ווי „געפלויגן איז דער צוואַנציקער אַזוי פון האַנט צו האַנט, דערפרייט אַ שטאָט מיט איינוואוינער, פאַרבעסערט יעדנס שטאַנד״... לייענט „האַרבע ווערטער״, ווי ער ענדיקט: „זיי מוחל מיר,ביילע, איך רעד מיט דיר טערקיש, פאַר־טייטשן דאָס אַלץ איז מיר שווער, דעם פשט פון די ווערטער וועסטו זיך דערוויסן, ווען דו וועסט שוין קומען אַהער״... אויך לייענט „צוריק אַהיים״...

עס זיינען דאָ דיכטער, וואונדערלעכע פאַרשוינען, זיי קענען זיך זיין פאָלקסטימלעך אויף אַ העלפט, אויף אַ דריטל, אַ צענטל, ווי זיי ווילן. גיבן זיי אַרויס זייערע לידער אָדער סקיצן — צאַמען זיי אָפּ אַ טייל פון דעם ביכל און שרייבן אויף: „פאָלקס־זאַכן״. עס פרעגט זיך: איז דען זייער נשמה געווען עפּעס אַן אַנדערע, ווען זיי האָבן געדיכטעט פאָלקסטימלעך און ווידער, אַן אַנדערע, ווען זיי האָבן געדיכטעט „אינטעליגענט״? עס זעט אויס, אַז

האָבנדיק באַשלאָסן צו זיין פֿאָלקסטימלעך, האָט דער דיכטער צו זיך אַליין געזאָגט: „היינט וועל איך זיין ניט דאָס, וואָס איך בין אַלע אַנדערע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר, איך וועל מיין געוויינלעכע שפּראַך, אָרט דענקען און פֿילן אַפּלייגן אַן אַ זייט״... און ער ציט אַרויף אויף זיך אַן אַנדער בגד, קלייבט צוזאַמען ווערטלעך, נאַאיווע געדאַנקעלעך און געפֿילן, וואָס אין דער טיף פֿון זיין נשמה האַלט ער פֿאַר קינדיש, אויב ניט פֿאַר נאַריש, אָבער ער דענקט, אַז זיי ווערן געבראַוכט — ביים פּראָסטן טייל פֿון פֿאָלק. און ער קאָכט צונויף אַ משונה׳דיקן מאכל פֿון וועלכן דער „אינטעליגענט״ דאַרף ווערן גערירט, באַצויבערט, דאָס הייסט, דורך דער איינפֿאַכער שיינקייט פֿון פֿאָלקס־פּאָעזיע. אַזאַ דיכטער נאַרט אָפּט זיך אַליין און אויך זיינע לעזער. מען קרימט זיך „מיט באַגייסטערונג״ און מען האָט דאַך דאָס געפֿיל, אַז אין דער אמת׳ן איז די דאָזיקע פּאָעזיע ניט פֿאַר זיי, נאָר פֿאַר פּראָסטערע פֿון זיי, אַז זייער אייגענער גייסט פֿאַרלאַנגט עפּעס העכערס, רייכערס און טיפֿערס.

מ. קאַפּלאַנס פֿאָלקסטימלעכקייט איז ניט פֿונעם דאָזיקן סאָרט.

אַן צווייפֿל, ווייזן זיך אין זיינע געדיכטן סימפּטאָמען פֿון אַ דערוויי־טערן זיך פֿון פֿאָלקסטימלעך, און הויבן מיר אָן זוכן אורזאַכן, דאַכט זיך אונז, אַז שולדיק אין דעם איז אפֿשר דער אייגנטימלעכער כאַראַקטער פֿון זיין הומאָר.

אין וואָס זשע באַשטייט די דאָזיקע אייגנטימלעכקייט, ניט אין זיין זיפֿץ, ניט אין זיין טרויעריקן שמייכל. דאָס איז ניט דאָס באַזונדערע ביי קאַפּלאַנען. אַ טרער, אַ זיפֿץ, אַ טרויעריק איראָניש שמייכל זיינען אייגנטלעך די גרונט־עלעמענטן פֿון יעדן באַדייטיקן הומאָר. אַ הומאָריסט וואָס לאַכט נאָר דערפֿאַר וואָס „לאַכן איז געזונט״ און „דאָקטוירים הייסן לאַכן״, איז אייגנטלעך קיין הומאָריסט ניט, נאָר אַ שפּאַס־פֿויגל וועמעס לאַכן עס ווערט באַלד איבערדריסיק. אויסער דעם לאַכט גאָר קאַפּלאַן קיינמאָל. ער שמייכלט נאָר, און אויך דאָס ניט אימער. קאַפּלאַן נעמט זיך שוין צו ערנסט. דעם הומאָריסט אין אים קומט זייער אָפּט אויס צו קעמפֿן מיט קאַפּלאַנען, וועלכער האָט שטאַרק ליב דאָס „טיפֿע״, טרויעריקע, ערנסטע און רחמנות׳דיקע. ער איז דערהויפּט אַ רחמנות־דיכטער. רחמנות איז דער נערוו וואָס וויברירט און זינגט אין זיין גאַנצן דיכטער־וועזן.

קאַפּלאַן האָט הומאָר, אָן צווייפֿל, ער האָט אָבער קיין לוסט ניט פֿאַר הומאָר, קיין נייגונג, קיין הייסע ליבע צו גלאַט הומאָר. ער איז אַ שטרענג עטישע נאַטור. ער איז צופֿיל האַרץ. הומאָר אָבער פֿאַרלאַנגט אַביסל אומ־אָפּהענגיקייט פֿון האַרץ, הומאָר פֿאַרלאַנגט אַביסל אַ קוק פֿון אַ זייטיקן באַ־אָבאַכטער, ריינע אַנשויאונג, עסטעטישע אַנשויאונג, ווי ער האָט דאָס טייל־ווייז באַוויזן אין איניקע לידער. („דער לערער״). דאָס דערלויבט זיך אָבער

קאַפּלאַן ניט, ער לאָזט דעם הומאָר ניט צעשפּילן זיך פריי. ער האַלט אים אין צוים. און אַזוי געשעט עס וואָס די הומאָריסטישע נאָטן קלינגען ביי קאַפּלאַנען אַלץ פאַרשטיקטער און פאַרשטיקטער, אַז אָפט דערוויטערט ער זיך דערמיט פון יענעם רייכן, נאַטירלעכן קוואַל פון פאָלקס־הומאָר און פאָלקס־טימלעכקייט וואָס האָט געמאַכט קאַפּלאַנען פאַר דאָס וואָס ער איז.

## יואל ענטין

אין מיכל קאַפּלאַן, האָבן מיר איטערעסאַנטן, אָריגינעלן פּאָעט און אין זיין ליד האָבן מיר די נייע אידישע באַלאַדע.

דאָס איז דאָס ערלעכע, יאָמערנדיקע, און אָפּטמאָל מיט קרעמענעס לאַכנדיקע ליד פון דער גאַס, פון דער ניו־יאָרקער אידישער גאַס אויף וועלכן עס ליגן דערשלאָגן אַזוי פיל ערלעכע, ליבע אַלט־אידישע לעבנס, וואָס זיינען פאַר דער צייט צעטראָטן געוואָרן, אינעם ווילדן געלאַף נאָכן שטיקעלע ברויט.

לאַנג האָט די אידישע גאַס פון ניו־יאָרק געוואַרט אויף איר מייסטער, געוואַרט אויף איר זינגער מיט דעם פיינעם געהער, וואָס זאָל אין איר ווילדן געפילדער דערכאַפּן די טענער פון אַ האַרציקן, פאָלקסטימלעך טראַגישן יאָמער־ליד: פילע זיינען איר פאַרביי געגאַנגען, און מער ווי אַ מעלאָדראַמאַטיש־פאַלשן בעטלער־קרעכץ אָדער אַ האַלב־קלאָוניש קאַטאָוועסל אין איר ניט פאַרנומען, אָבער אָט איז געקומען — אמת, נאָך ניט דער מייסטער — אָבער אַן אמת׳ער פאָלקס־מענטש, און צוהערנדיק זיך צו דער פיל־צונגיקער שפּראַך פון גאַס, האָט ער אין איר דערשפּירט דאָס אמת׳ע ווייטיקע, דאָס ביטערע געוויין, געמישט מיטן היסטערישן געלעכטער. ווען עס איז ביז קאַפּלאַנען איינגעפאַלן, אַז מען קען פאַרווענדן פאַר פּאָעטישע צוועקן דעם באַרבאַרישן זשאַרגאָן פון דער ניו־יאָרקער גאַס, מיט די באַבאַריש־קלינגענדיקע, נאָך ניט אַסימילירטע ענגלישע ווערטער, די סצענקעס פון אָרום סואָרד פאַרק, דעם קליינעם צייטונגס־אינגל, דעם גאַסן־פאָטאָגראַפּטשיק, וואָס „גאַרט נאָך אַ ניקל." די

„אין מיטן דער גאַס אַ מודעה:<br>
געדענקט אונזער יערלעכן פּיקניק, געדענקט!<br>
פראָגרעסיוו יאַנג־מען אָוו פולנאַי"...?

און אַז דאָס איז ניט בלויז אַ הוילער איינפאַל באַווייזן דער ריס אין האַרצן, די נערוועזע צוקונג וואָס אַזעלכע פערזן רופן אַרויסביים לייענער.

זעלטן ווען עס איז געווען נאָך אַזאַ גליקלעכע צוזאַמענטרעפונג: אַ פילנדיק אידיש האַרץ מיט אַ ליבע צו אַלץ וואָס איז פאָלקסטימלעך, אַ זיסער

איינפאַכער הומאָר, אַן ערלעכע, כמעט ווי בדחנ'ישע שפּראַך און אַן אויג און אַן אויער פאַר דער גרויסער, נייער אידישער וועלט. און די פיר גליקלעכע אייגנשאַפטן מאַכן מיכל קאַפּלאַנס ליד פאַר דער נאַטירלעכער פאָרזעצונג, אויף אַ נייעם אַרט, פון דער אַלטער אידישער באַלאַדע, פון דעם אַלטן אי־דישן בדחנ'ישן ליד. און אויף אַזאַ'ן אַרט פאַנגט מיכל קאַפּלאַנס ליד אַן אויסצובויען די בריק וואָס האָט אונז אַזוי לאַנג געפעלט, די בריק איבער דעם תהום, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס היימישע אידישע פאָלקס־לעבן פון דעם היגן, דאָס אידישע ליד פון דער היים — פון דעם געזאַנג פון דאַנען. אַזוי מערקווירדיק איז די היים צוזאַמענגעשמאָלצן מיט אַמעריקע אין דעם „גרינעם" דיכטער, אַזוי לייכט, כמעט ווי אומבאַמערקבאַר, איז ביי אים דער איבערגאַנג פון די היימישע צו די היגע בילדער.

ניט פון דער נאַטור און איר פּראַכט זינגט קאַפּלאַן — כאָטש ער האָט פאַר איר אויך אַ חוש — נאָר פון די מענטשן, גרויסע און קליינע, וואָס וואַלגערן זיך אין בלאָטע, ווער קרעכצנדיק שווער און ווער פאַסמאַקעווענדיק זיך פון דער אומזויבערער, אָדער קילער פייכקייט. די נאַטור דערציילט אים מיינסטנס נאָר פון מענטשלעכן בראַך:

„צעקאָפּעט זיך העסלעך אַ דריבנדיקער רעגן,
דערמאָנט זיך אין שוואַרצע פאַבריקן:
אין רוישן פון רעדער, אין מענטשן ווי שאָטנס,
אין טריבע פאַרלאָשענע בליקן".

אויך ניט פון דער ליבע זינגט קאַפּלאַנס ליד — די פאָלקס־מוזע איז ניט פאַרצערטלט. זי קלאָגט פון ברויט און אַ „קורצן אָטעם" און אַזוי אויפריכטיק איז דאָס געוויין, אַז דאָס נידעריקע שטיקל ברויט ווערט דורך אים נתעלה און די וואונדן געוואָשן אין טרערן, פאַרלירן זייער עקל.

קאַפּלאַן מאָלט ניט, נאָר ער דערציילט, צייכנט אָן, אַזוי ווי די באַלאַדע האָט אימער געטאָן. די קראַפט פון דער באַלאַדע ליגט ניט אין פאַרב, נאָר אין טאָן. און דער כוח פון קאַפּלאַנס ליד ליגט אויך ניט אין די פאַרבן, דען אַנשטאָט מאָלן זאָכן רעכנט ער זיי גאָר אויס, מעשה פאַקן־טרעגער פון דער גאַס — נאָר עס איז אין האַרציקן טאָן.

קאַפּלאַנס באַלאַדע איז אָבער אויך די נייע באַלאַדע. דער דיכטער איז אַ פאָלקס־מענטש ניט דערפאַר וואָס ער שטייט אויף דער זעלבער הייך ווי דאָס פאָלק, נאָר ווייל ער ליבט עס, און דעריבער, ווערנד דאָס אַלטע אי־דישע פאָלקס־ליד האָט כמעט גאָרנישט געוואוסט פון מאָלן, שימערן דאָך אין קאַפּלאַנדס לידער, דאָ און דאָרטן דורך גאַנץ ריידעוודיקע בילדער און בילדלעך:

„און וועט אויף מיר פרעגן אַ מיידל, אַ בלאָסע, —
איר מעגסטו דערציילן פון אַלעס, פון אַלעס...
נאָר זי וועט ניט פרעגן, אָ, ניין:
נאָר אויפהויבן וועט זי צוויי אויגן ווי קאַרשן,
אַ קוק טאָן אַ מילדן אויף דיר,
און וועט זיך פאַרשעמען, פאַרשאַרן אַ לאָקן...“

וואָס פאַר אַן אָריגינעלן הומאָר דער דיכטער אַנטדעקט אין דעם לעבן פון דעם אַמעריקאַנעם אידישן קבצן, אינעם לעבן פון דער אַרבעט דאָ, ווי אויך פון דעם קליינעם שטעטל אין דער היים:

„אַ דרעמל געטאָן האָט זיך יאָסל אין שאָפּ;
און ס׳האָט זיין פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך:
פאַרגאַנגען אין טראָגן איז זינגערס מאַשין
געבוירן אַ סטענדל...“

קילער אָבער, דערפאַר אויך אידעלער איז דער הומאָר פון „פּאַר־לאַנגט העגנט“. דער הומאָר נעמט דאָ אָן די פאָרמע פון פיינער איראָניע, וועלכע איז נאָך מער ליב דערמיט וואָס זי איז אַזוי ניי און וואָס דער דיכטער האָט דאָ דעם הומאָר אַנטדעקט דאָרט וואו קיינער האָט אים פריער ניט באַמערקט.

און ניט נאָר די היגע, אויך די היימישע בילדער שטעלן זיך דעם דיכטער פאַר אין אַ ניי ליכט און פון רעכטן מיטן פון זיין פּרוכטבאַרער טראַגיק בליקט צו אים אַרויס דער לאַך דורך די טרערן.

## ש. יאַנאָווסקי

אַן צווייפל, פון אַלע יונגע פּאָעטן, וואָס האָבן זיך אַ וויילע געטאָן אין די לעצטע פּאָר יאָר, (אַרום 1909) איז מ. קאַפּלאַן דער באַדייטנסטער, ווייל ער איז פון זיי אַלע דער אָריגינעלסטער. ער האָט זיך זיין גאַנץ אייגענעם מילדן, האַרציקן הומאָר, און אַ שטאַרקן, טיפן פילן פאַר זיינע אָרעמע מיטמענטשן, וועלכע ער פאַרשטייט אויף זייער אַ האַרציקן אופן איבערצוגעבן דורך זיין פּע־דער. נעמט למשל, זיין „ביים אָפּשייד“. אין גאַנצן איז עס אַ געדיכט פון אַכט־און־פערציק שורות, און דאָך ווערט אין זיי אויף אַן איינדרוקספולן אופן — אויף דעם שטילסטן אופן — און דאַרום אַזוי איינדרוקספול — געשילדערט אין קורצן, וואָס עס דענקט און פילט דער גרינער וועגן אַמעריקע, און ווי פול זיין האַרץ איז מיט ליבע צו אַלץ וואָס איז היימיש.

איר זעט דאָרט אַ זון וואָס פילט ניט נאָר ליבע צו זיינע עלטערן, און ניט וועלנדיק זיי קרענקען, וואָלט ער געוואָלט, זיי זאָלן מיינען, אַז אים

לעבט זיך אין אמעריקע, ווי גאָט אין פראַנקרייך, נאָר אַפילו זיין געליבטע, וועלכע האָט אים פאַרביטן פאַר אַן אַנדערן, ווינטשט ער אויף אַלדאָס גוטעס, און דערפאַר וויל ער, אַז זי זאָל ניט וויסן דעם אמת, ווי „גוט" עס איז אים, כדי עס זאָל אים ניט פאַרדריסן, וואָס זי האָט אים פאַרלאָזן.

און אַזוי זיינען כמעט אַלע לידער. נישטאָ קיין איינע אין וועלכער עס זאָל ניט זיין עטוואָס פון דעם פּאַטאָס, וועלכער איז דאָס בולטער, ווייל ער איז געפּאָרט מיט אַן אמת'ן מוטער־וויץ.

## ס. ק. שנעפּאַל

מיכל קאַפּלאַנס לידער באַזינגען ניט קיין ליבעס, קיין געטלעכע וועזנס, קיין גאָלדענע לאָקן, קיין הימלישע בליקן", קיין „ווײמוט", קיין „בענקשאַפט" און קיין „איינזאַמקייט איז ווירקלעך אַ דיסאָנאַנץ אין דער אידישער פּאָעזיע פון אונזערע טעג.

עס איז אַפילו געווען אַמאָל אַ צייט, ווען אָרעמקייט און נויט, פּשוטע אָרעמקייט און נאַקעטע נויט, האָבן גערירט און באַגייסטערט אונזערע דיכ־טער. אונזער פּאָעזיע איז אָבער נאָך דאַן געווען אין די „קינדישע וויקעלעך". דאָס איז געווען בעת דער אידישער פּאָעט איז געווען אַ פּאָלקס־מענטש — דעם פּאָלקס ליידן און דעם פּאָלקס פריידן זיינען געווען זיינע ליידן און זיינע פריידן. דער היינטיקער אידישער דיכטער איז אין זיינע געפילן און אין זיינע איבערלעבענישן, אין זיינע ווייטיקן און שמערצן ווייט, זייער אַ גרויסן מהלך אַוועק פון די געפילן און איבערלעבענישן פון דעם פּאָלקס־מענטש.

ער האָט אויסגעאיידלט זיין געשמאַק, זיין שפּראַך האָט ער אויסגעג־שליפט, און אויב אָפּטמאָל איז זי אַביסל געקינצלט און אַמאָל טאַקע טראָגט פון איר אָפּ מיט שווייס (אַנטשולדיקט פאַר אַזאַ ניט דעליקאַטן אויסדרוק), אָבער די דאָזיקע אויסגעפּאָלירטע שפּראַך ביי אונזערע אויפריכטיקע דיכטער איז זייער נאַטירלעך לשון. און דאָס דאָזיקע לשון און דער דאָזיקער געשמאַק זיינען דעם גרויסן עולם קוים קוים פאַרשטענדלעך און פרעמד זיי־נען זיי אים ווי די האַלבע געפילן און האַלבע שטימונגען פון דעם היינטיקן דיכטער. דער דיכטער איז אין גאַנצן אַוועק אין זיך, ער איז אינגאַנצן פאַר־נומען מיט זיך אַליין, און געוואָרן איז ער זיין אייגענער זינגער און טיילוויז דער דיכטער פון דעם אידישן אינטעליגענט. די אידישע ליטעראַטור וועלכע האָט אין איר אַנטוויקלונג דורכגעמאַכט אַזאַ מאָדנעם „קפיצת הדרך", האָט אין דער פּאָעזיע אַ שפּרונג געטאָן, איבערלאָזנדיק דאָס פּאָלק, דעם המון, אינגאַנצן הינטער זיך.

דאַקעגן אָבער, האָבן מיר דאָך געהאַט צווישן די עלטערע אייניקע באַ־דייטנדיקע פּאָלקס־פּאָעטן, וועמעס ליד עס דרינגט אַלץ מער און מער אַריין

אין פאָלק. אַמעריקע וועלכע האָט זיך לגמרי ניט מיט וואָס צו שעמען פאַר רוסלאַנד מיט אירע דיכטער, האָט געשאַפן אַרבעטער־לידער, אָבער פאָלקס־לידער וועלכע זאָלן אויף טראָגן דעם אַרטיקן קאָלאָריט, די ליידן, זאָרגן און פריידן פון דעם אידיש אַמעריקאַנישער גאָס זיינען ביי אונז ווי ניט בנמצא. און דערפאַר טאַקע איז קאַפּלאַנס שאַפן, (אָפגעזען פון זיין גרעסערן אָדער קלענערן קינסטלערישן ווערט,) אַ גאַנץ דערפרייענדיקע דערשיינונג אין אונ־זער ליטעראַטור. ווייל קאַפּלאַנס לידער זיינען מיינסטנס לויט זייער טאָן, מאַניר, איינפאַכקייט און אויפריכטיק פאָלקסטימלעך.

יאָ, אויפריכטיקייט. די לידער זיינען דורכגעפילט, דער דיכטער איז אַ נאָענטער קרוב צו זיינע „העלדן". ער לאַכט ניט פון זייערע קליינלעכע זאָרגן און ניט ער באַדויערט זיי. זיין העלד איז דער פעדלער און דער אָפּע־רייטאָר וואָס חלומ'ט פון אַ „סטענדל". דאָס „גאָלדענע לאַנד" האָט אים אָבער אָפּגענאַרט און ער פאַרבלייבט אין שאָפּ אָדער ביים פושקאַרט. און צייטנווייז פאַרבענקט ער זיך נאָך זיין היים, נאָך זיין „וולעדניק", וואו „ער פלעגט אַרויס־גיין אין מאַרק און פאַרדינען עטלעכע גראָשן" און גאָר ניט געהאָרעוועט שטאַרק"... „און לעבן אין כבוד און אין נחת און האָבן אַ ווערדע ביי לייט... אַ שטאָט אין בית־מדרש געהאַט אַזש אין מזרח ניט ווייט פון ר' סנדר דעם גביר"...

קאַפּלאַנס מיינסטע לידער ליגן אויפן וועג צווישן רוסלאַנד און אַמע־ריקע. איינפאַך זיינען די דאָזיקע לידער און האַרציק. ניט קיין שמייכל רופן זיי אַרויס אויף אייערע ליפּן, נאָר אַ שטילן ווייטיק. איר מוזט מיטפילן אַט דעם פעדלער וואָס חלומ'ט וועגן זיין „וולעדניק". עס פילט זיך אין זיי דער עגמת־נפש, די ליידן פון דעם גרינעם פשוט'ן אידן מיט זיין תמ'עוואַטן שכל, וועלכער שילט נעבעך קאָלאָמבוסן. דער דאָזיקער אָפּגענאַרטער פעדלער און אָפּעריייטאָר האָבן געפונען אין קאַפּלאַנען זייער בעסטן חבר.

## ב. וולאַדעק

פאַראַן לידער וואָס ניט מען קען זיי אילוסטרירן, ניט הויך פאַרלעזן. לידער וואָס פילן זיך שלעכט צווישן אַ גרויסן עולם, אין באַלויכטענע זאַלן, אונטער דעם רויש פון אַפּלאָדיסמענטן. לידער וואָס זיינען ווי כוואַליעס וואָס שלאָגן אָפּ אַן אומבאַוואוסטע ברעגן. טיף אינטימע פון שאַטירונגען און שאַטנס פון געפילן און פאַרגעפילן, פלאַטערהאַפטע און קרענקלעך־צערטלעכע, קען מען זיי לעזן נאָר פאַר זיך, גאָר אין באַזונדערע פייערלעכע שטימונגען, ווען פילעס אומבאַקאַנטעס און אומפאַרשטענדלעכעס ווערט נאָענט און פאַר־שטענדלעך.

דאָס זיינען גוטע לידער, פּיליכט די בעסטע, אָבער דאָך וועלן זיי קיינמאָל ניט ווערן דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער מענטשהייט. זיי זיינען ווי די שטילע פאַרבן פון אַ זונען־אונטערגאַנג, וואָס נאָר ווייניקע קוקן אויף זיי מיט אַנטציקונג, אין דער צייט ווען די מערהייט פון די מענטשן איז פאַר־האַוועט אין אַלטעגלעכקייטן און קלייניקייטן.

די באַקאַנטסטע און פּאָפּולערסטע לידער זיינען די, וואו עס ברויזן ליבע און האַס, תאווה און ליידנשאַפט, ווילן און קראַפט. לידער וואָס ווערן ניט געשפּונען נאָר געשמידט און געשאַרפט. לידער, וואָס לויט זייער אינ־האַלט, אי לויט זייער פאָרם, זיינען באַשאַפן געוואָרן אויף ווירקן און וועקן, אויף צו עפּעס רופן און עפּעס צו שילטן. מענטשן לייענען זיי און ווערן באַגייסטערט און דורכגעדרונגען מיט דעם דיכטערס געפיל, און הייבן אויך אָן צו האַסן און ליבן.

מיכל קאַפּלאַנס לידער געהערן בלויז טיילוויי״ז צו די ערשטע אָדער די צווייטע. ער וויגט אייך ניט איין אין פּאָעטישע דרימלען און טרוימען. ער נוצט אויס די פּאָעטישע פאָרם ווי אַ מאָלער וואָס געפינט פאַר פּאַסנדער איין פאַרב און ניט אַ צווייטע. מיכל קאַפּלאַן מאָלט; ער איז אַ נאַטוראַליסט און אַ גוטער דערציילער, אַ פּאָרטרעטן־מאָלער און אַ פּעאיקער באַאָבאַכטער. ער דערמאָנט אַביסעלע אין פרוג׳ן, אַביסעלע אָן רייזענען און אַביסעלע אין זיך אַליין. ער ווייסט ניט פון רמזים, פון פּינטעלעך און ניואַנסן.

אין דעם זין איז ער גאַנץ פריש און גאַנץ אייגנאַרטיק אין אונזערע צייטן פון ליריזם און אימפּרעסיאָניזם, און אויף וויפיל ער האָט ווירקלעך טאַלאַנט, גיבן זיך אים איין גוטע, זייער גוטע לידער. „ביים אָפּשייד“, „אַ גרוס פון דער היים“, טיילוויי״ז „דער צוואַנציקער“ און נאָך אייניקע וועלן פאַרבלייבן, אַלס באַווייזן פון שטאַרקן אויסדריקלעכן נאַטוראַליזם און אין מאָס אויסגענוצטע פאַרבן.

## ש. ניגער

לאַנדסמאַנשאַפט פּאָעזיע איז ניט סתם אַזוי פּאָעזיע, וואו דער דיכטער רופט אָן מיט׳ן נאָמען זיין געבורטס־אָרט. אפילו אַ ליד, וואו דעם דיכטערס היים ווערט באַזונגען, ניט בלויז דערמאָנט, איז ניט אַלעמאָל אַ ליד פון לאַנדס־מאַנשאַפלעכקייט. אויב דער פּאָעט האָט אַ שטייגער זיין היים ניט פאַרלאָזן, מעג ער זי האָבן ווי שיין באַזונגען אָדער באַוויינט, איז עס ניט קיין לאַנדס־מאַנשאַפט־ליד.

אַ לאַנדסמאַנשאַפט ליד איז אַ ליד פון איינעם, וואָס האָט זיך געשיידט

מיט זיין היים, אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע (אָדער אין אַן אַנדער לאַנד), — און דאָ, פונדערווייטנס, אָדער אומקערנדיק זיך צוריק אין שטעטל אַריין, אַן אָפּגעפּרעמדעטער, זעט ער — אין חלום אָדער אויף דער וואר — זיין געבורטס־אָרט, די וועלט פון זיין קינדהייט, פון זיין יוגנט, און די זיסקייט אָדער די ביטערקייט פון זיין זעאונג גיט צו אַ זיסן אָדער אַ ביטערן אָדער אַ ביטער־זיסן טעם זיין ליד.

פון דעם שטאַנדפּונקט איז „וולעדניק״, אַ ליד פון מיכל קאַפּלאַן, פון האַלב־פאַרגעסענעם (און ניט־פאַרדינט פאַרגעסענעם) מיכל קאַפּלאַן, — דאָס העכסטע לאַנדסמאַנשאַפט־ליד אין דער גאַנצער אַנטאָלאָגיע. זיין מאָטיוו איז דער טיפּישסטער לאַנדסמאַנשאַפט־מאָטיוו, דער מאָטיוו פון בענקשאַפט, גע־מישט מיט ביטול, דער מאָטיוו פון האַלב־איראָנישער ראָמאַנטישקייט, און זיין לשון איז דער אמת׳ער אידיש־אמעריקאַנישער לשון פון די וולעדניקער לאַנדסלייט. דער פּאָעט רעדט ניט פאַר זיי ער לאָזט זיין אַליין דערמאָנען זיך אַן וולעדניק, חלומ׳ען וועגן וולעדניק און א ביסל אונטערשמייכלען פון נאַ־רישן און דאָך ליבן און טייערן וולעדניק...

גענוג שוין שרייט אויס משה יאָסל,<br>
דאָס מוז און דאָס וועט באַלד געשען.<br>
אַ היים וועל איך פאָרן קיין וולעדניק<br>
און טאַקע נאָך שבת — איר׳ט זען.

און דערווייל זעט ער פאַר זיך זיין היים — אין זיין פאַנטאַזיע. ער מאָלט זיך אויס אַ צוריקגעקומענעם קיין וולעדניק. ער מאָלט זיך אויס, ווי ער „וועט אַרויסגיין פּאַמעלעך אין מאַרק פאַרדינען דאָרט עטלעכע גראָשן — און גאָר ניט געהאָרעוועט שטאַרק״. ער וועט לעבן אין כבוד און נחת און ווידער ווערן אַ חשוב ביים פריץ כאַיוטין... כבוד און חשיבות איז, אפנים, דאָס, וואָס אים גייט אָן אין דער נייער היים. און דאָס איז איינע פון די אורזאַכן, פאַרוואָס עס ביינקט זיך אים נאָך וולעדניק. אים דוכט זיך, אַז ווען ער זאָל אַהין זיך אומ־קערן צוריק, וועט ער, טאַקע אַ דאַנק זיין אַמעריקאַנישקייט, זיין נאָך מער אַנגעזעען. דאָ איז, אַ שטייגער זאָגן „העלאָו״ אָדער „ליידיס און דזשענטעלמען״ ניט קיין יחוס אפילו ניט קיין קונץ, אָבער דאָרט אין וולעדניק דאָרט וועט זיך אָרום אים „פאַרזאַמלען אַ רעדל אין שול־הויף, אין גאַס, און איך וועל, „שטעלט ער זיך פאָר, „אַ רעד טאָן אין ענגליש: „העלאָו״, וועל איך זאָגן אין שפּאַס״.

ליידיס און דזשענטעלמען, ליסען,<br>
איר לעבט דאָך ווי ווערים אין כריין,<br>
און ווילד זייט איר ווי אינדיאַנער,<br>
און ווייסט ניט, וואָס גוט איז, וואָס שיין.

צי ווייסט איר, אַ שטייגער, וואָס מיינט דאָס:
„אָפּ־סטעז“ און טאָפּ־פלאָר“ און די „בעק“,
און „לענדלאָרד“, און „קאָורט“ און „סיידוואָק“
און זוכן אַ „דזשאָב“ און „ס׳איז סלעק“?

זיי, די קליינשטעטלדיקע, וויסן ניט פון די אַלע זאַכן, — און ער נעמט זיך איבער קעגן זיי, און בענקט נאָך זיי. זיי זיינען אים פרעמד — און זיי זיינען אים ליב. ער שפּאָסט, — און איר ווייסט ניט, און ער אַליין ווייסט ניט, פון וועמען אייגנטלעך מאַכט ער חוזק — פון וולעדניק אָדער גאָר פון קאָלומבוס׳ן! ער איז אַ טיפּישער „לאַנדסמאַן“, אַט דער משה יאָסל, וואָס קלייבט זיך פאָרן קיין וולעדניק, וואו „דער עולם וועט שטיין און טראַכטן: ס׳אַ מזיק! ער רעדט דאָס אַ שפּראַך!“

איר פילט, ווען איר הערט זיין מאָנאָלאָג, אַז, פון איין זייט, האָט ער עפּעס פאַרלוירן וואָס ער איז אַוועק פון דער היים, און פון דער אַנדער זייט, האָט ער עפּעס דערגרייכט און האָט זיך מיט וואָס איבערצונעמען... ער איז דער ריכטיקער פאַרשוין פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט־ליד, ווייל אין אים איז דאָ עפּעס אי פון דער אַלטער, אי פון דער נייער היים.

דער פּאָעט גייט פון „לאַנדסמאַנשאַפט„ צו לאַנד און פון לאַנד צו וועלט. פּאָעזיע איז ניט לאָקאַל. אָבער די וואָרצלען, וואָס נערן זי, זיינען אָרטיקע, היימישע און, אויב איר ווילט, לאַנדסמאַנשאַפטלעכע“.

## נ. מינקאָוו

מיכל קאַפּלאַן האָט בייגעטראָגן גאָר אַן אינטערעסאַנטן עלעמענט אין אונזער פּאָעזיע.

לכתחילה האָט אין אים געלעבט דער פאָלקס־דיכטער, מיטן גאַנצן פּסיכאָלאָגישן איינשטעל פון אַ אויפגעקלערטן, משכילישן פאָלקס־דיכטער. ער געפינט זיך אויף דער ליניע, וואָס ציט זיך פון מיכל גאָרדאָן, אליקום צונזער, אברהם גאָלדפאַדן. פון צונזערן אונטערשיידט ער זיך מיט זיין דינעם, ביטערלעכן הומאָר, פון גאָלדפאַדענען — מיט די דערשלאָגענע, אויסזיכטלאָזע מענטשן וואָס ער מאָלט. אין מיכל קאַפּלאַנ׳ס לידער ציטערט אַן אָדער, אַ טאָן, וואָס איז פּאָעטיש און אויך רירנדיק, פּאַטעטיש. זיין אייגענער געמיט האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַן אייגנאַרטיק־פאָלקסטימלעכן באַלאַדיסט, און אויך זיין מאַטעריאַל איז געווען אַ „טרויעריקער“. אַזוי נאָך איז קאַפּלאַן געוואָרן דער פאָלקס־דיכטער פון דער אידיש־אימיגראַנטישער אַמעריקע אין די יאָרן פון מישמאַש און יערונג.

טיף־ערלעך, אויפריכטיק איז געווען זיין רירנדיק ליד. ער האָט אונז געגעבן געשטאַלטן, עפּיזאָדן, לעבנס־שטייגער, וואָס זיינען פריער ניט געווען אויסגעפורעמט אינעם אידישן ליד. די טיפּן אין זיינע לידער זיינען פון רעאַליסטישן טייג געקנאָטן, — געקנאָטן מיט טרערן, מיט פיינלעכן הומאָר. דער דאָמינירנדיקער טיפּ איז דער שטעטלדיקער אידישער אימיגראַנט, וואָס איז געקומען זוכן גליקן, „שאַרן גאָלד" אין דעם „גאָלדענעם לאַנד".

געווען אַ צייט ווען מיכל קאַפּלאַן איז געווען אין אַמעריקע איינער פון די פּאָפּולערסטע אידישע פּאָעטן. אין די קאָנצערט־זאַלן, אויף מיטינגען פון אָרגאַניזאַציעס, אומעטום, וואו אַן עולם יונגעלייט האָט זיך צוזאַמענגעקליבן, האָט מען געקענט הערן דעקלאַמירן מיכל קאַפּלאַנס „צוריק אַהיים", וואָס אַלע האָבן געקענט אונטערן נאָמען „וולעדניק". („געגנוג שוין! — שרייט אויס משה יאָסל, — דאָס מוז און דאָס וועט באַלד געשען. אַהיים וועל איך פאָרן, קיין וולעדניק, און טאַקע נאָך שבת, איר׳ט זען"...) אָדער דעם מאָנאָלאָג אין אַפּ־טייק „עס קלאַפּט" („זעט מאַכט עס געטריי, הער אַפּטייקער, און פּינקטלעך צום גראָד... איר פאַרשטייט וואָס איך מיין"...) אָדער זיין בריוול אַהיים „האָרבע ווערטער" („זיי וויסן, מיין טייערע, כ׳האָב שוין אַ ווענעלע. ס׳רופט זיך אַ פושקאַרט ביי אונז...")

אמתע פאָלקס־לידער זיינען זיי געוואָרן. און דאָס פאָלק האָט זיי אַזוי אויפגענומען, ווייל אַלץ אין קאַפּלאַנס לידער איז דעם פאָלק געווען פאַרשטענד־לעך ביז גאָר און נאָענט ביז טרערן. דאָס פאָלק האָט אין זיי דערקענט זיין אייגן ביטער לעבן, זיין ביטער האַרץ.

און פּאָפּולער איז קאַפּלאַן געווען בעת אַנדערע יונגע פּאָעטן האָבן גע־זוכט צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק, אַז דאָס אמתע ערלעכע ליד איז דאָס יחידישע ליד, ממש דאָס פּריוואַט־יחידישע ליד. די יונגע אידישע דיכטער פון יענער צייט האָבן אָבער אַליין אויפגענומען קאַפּלאַנען אַזוי ווי די מאַסן האָבן אים אויפגענומען. זיי האָבן דערפילט אין זיינע לידער דעם עכטן פשוטן פאָלקסטאָן, וואָס זיי האָבן אַליין געזוכט איינצוואָוועבן אין זייער יחידיש ליד. ער איז ניט געווען באַמבאַסטיש, ער האָט באַזונגען די באמת דורכגעלעבטע טאָג־טעגלעכקייט, ער איז געווען נאַטירלעך און האָט, לויט דער מיינונג פון יונגערן דור דיכטער, גוּבר געווען יענעם אויפגעבלאָזענעם טאָן, יענע ניט דורכ־געלעבטע, ניט־דורכגעליטענע „טעמעס", וואָס מיט זיי זיינען געווען פול די לי־דער פון אַ סך, וואָס האָבן געשריבן אויף סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע טעמעס.

קאַפּלאַנס פאָלקס־טענער האָבן זיי אויפגענומען אַזוי, ווי זיי זאָלן זיין אייגענע מאָטיוון. דערמיט האָבן זיי דערקלערט זיין דערפאָלג און זיין ווירקונג אויף די מאַסן. די מאַסן. האָבן זיי געמיינט, דערקענען אין זיי זייערע

אייגענע דורכגעליטענע דערפאַרונגען. די קריטיקער פון יענער צייט האָבן אין אים אויך געזען אַן אויסנאַם, אַן ערלעכן אויסנאַם צווישן די פאַר׳איכ׳טע „דעקאַדענטן“.

אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג איז קאַפּלאַן געווען. אַן אויפריכטיקער, ערלעכער שילדערער פון אימיגראַנטישן לעבן און אַן אויפריכטיקער, ערלע־כער פאָלקס־דיכטער, וואָס האָט געוואָרצלט אין פאָלקסדיכטערישער טראַדיציע, בעת איר האָט געדראָט די סכנה מצד די „דעקאַדענטן“ און אין אימיגראַנטישן לעבנס־שטייגער בעת ער איז נאָך ניט געווען איינגעסטאַלירט.

במשך פון יאָרן האָט מיכל קאַפּלאַן זיך צוריקגעצויגן פון די ליטעראַ־רישע קרייזן. ווען עמיצן איז איינגעפאַלן זיך נאָכצופרעגן אויף אים, דעם בשעתו זייער פּאָפּולערן דיכטער, — האָט ער קיין באַשטימטע תשובה קיינ־מאָל ניט געקראָגן.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט קאַפּלאַן פּלוצלונג אָנגעהויבן צו פאַר־עפענטלעכן אין צייטונגען און זשורנאַלן אָפּהאַנדלונגען וועגן אַלטע אידישע ספרים און מאַנוסקריפּטן. די אַלטע ספרים און מאַנוסקריפּטן, וואָס ער האָט באַשריבן זיינען געווען פון זיין אייגענער קאָלעקציע.

מיר ווערן, אַזוינאָך, געוואויר, אַז מיכל קאַפּלאַן שטילט זיין לי־טעראַרישן, זיין שאַפערישן דראַנג מיט קלייבן אַלטע פאָליאַנטן, מיט גריב־לען זיך אין כתב־ידן, און יקר־המציאות׳ן.

ניט לאַנג פאַר זיין טויט האָט ער אוועקגעשענקט זיין גאַנצע קאָלעק־ציע דער „אידישער קולטור פונדאַציע“ פון ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט. מיט דער פונדאציע פירט אָן דער הויפּט פון העברעאישן פאַקולטעט, פּראָפ׳ אברהם קאַטש. מיט דער הילף פון קאַפּלאַנס קאָלעקציע גיט זיך איין פּראָפ׳ קאַטשן צו גרינדן אַ ספּעציעלע ביבליאָטעק פאַר אידישן וויסן ביים ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט, אונטערן נאָמען: „מיכל קאַפּלאַן ביבליאָטעק“. קאַפּ־לאַן באַשרייבט 1000 זעלטענע ביכער און מאַנוסקריפּטן פון דער קאָלעקציע און האָט אַרויסגעגעבן די באַשרייבונגען, נאָטיצן און אילוסטראַציעס אין אַ פּראַכט אויסגאַבע: „פּאַנאָראַמאַ אָוו ענשיענט לעטערס“ (אַ פּאַנאָראַמע פון אַלטער ליטעראַטור), מיט אַ פאָרוואָרט פון ראָבערט ב. דאָונס, דירעקטאָר פון אַלע ביבליאָטעקן פון ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט, און אַ הקדמה פון פּראָפ׳ אברהם קאַטש וועגן דער העבראַאיקאַ און יודאַאיקאַ־ביבליאָטעק.

געווען אָבער אַ צייט ווען ער האָט געלעבט און געשאַפן זיינע לידער אין סאַמע געדיכטעניש פון אונזער אימיגראַנטישער ווירקלעכקייט דאָ אין לאַנד. מען וועט אים געדענקען פאַר זיין באַזונדערן ביישטייער אין אונזער אידישער ליטעראַטור.



PANORAMA
OF
ANCIENT LETTERS

FOUR and a HALF CENTURIES
OF
HEBRAICA AND JUDAICA

Bibliographical notes and descriptions of 1,000 rare books and manuscripts, forming a part of the Mitchell M. Kaplan Collection, presented to New York University Jewish Culture Foundation.

Illustrated with reproductions of 300 title pages.

Compiled and edited by

Mitchell M. Kaplan

New York
1942

שער־בלאַט פון דעם בוך־קאַטאַלאָג, פּראַכט־אויסגאַבע, וואָס די אידישע קולטור־פונדאַציע ביים ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט האָט אַרויסגעגעבן (אין ענגליש) פון דער גרוסער ספרים־קאָלעקציע, וואָס מיכל קאַפּלאַן האָט איר געשאָנקען.

# גערענקסטו אברעמעל

גערענקסטו, אברעמעל, גערענקסטו אַמאָל?
מיטאָג־צייט, זומער, אין חדר...
אַ הויפל אַ קליינטשיקס, אַ בערגל, אַ טאָל;
מיר שפּילן, מיר שטיפן כסדר.

מיר זיצן אין שאָטן, מיר לערנען זיך אויס;
א נויטיקן דין, אַ הלכה:
ווי האַלטן די ציצית, ביים גיין ביי דער נאַכט,
ווי בענטשן און מאַכן אַ ברכה.

אויף דונערן און בליצן, אויף לעקעך, אויף ברויט,
אויף אַלערליי מיני מאכלים.
ווי שניידן די נעגל, ווי וואַשן די הענט,
ווי אָפּגעבן עמיצן שלום.

און אָפטמאָל געהערט אויך אַ מעשה דערציילט,
אַ מעשה פון צוועלף גזלנים;
פון כישוף, ניט־גוטע, פון „אָדם בעל־שם״,
פון גרויסע תנאים, רבנים.

פון גיהנום, גן־עדן, ווי ס׳ווערן באַשטראָפט
רשעים מיט אייזערנע ריטער.
— „א מצוה, ניט זינדיקן!״ — מיר קייען געשמאַק
דערביי אַ שטיק בולקע מיט פּוטער...

מיר כאַפּן בעת מעשה אַ קוק אויף דער זון:
„פאַרגיי שוין, דו ברענער, וואָס גיכער!
וואָס מאַכסטו דו פאַר שהיות? עס ווילט זיך אַהיים,
אוי, ביסטו, זיי מוחל, אַ קריכער!״

גערענקסטו, מיר ליגן אין הויף אויפן זאַמד,
מיר קוקן אַרויף און מירריידן
פון הימל, פון די וואָס וואוינען אין אים,
פון אונזערע ליידן און פריידן...

אַ מחיה, עס בראָט אונז משונה די זון,
מיר ווערן דערוואָרעמט און שוויצן;
מיר בויען אַ הייזל, מיר טראָגן שוין ערד,
מיר שאָבן, מיר גראָבן און שניצן.

— „אין שטוב אַריין, לערנען!" רופט אויס בייז דער רבי —
עס גייט דורכן לייב אַזש אַ שוידער.
מיר ציילן מינוטן, ווען קומט שוין די צייט,
צו ווערן באַפרייט פון דעם חדר.

די קינדערשע טעג אוי פאַריבער ווי שנעל!
ווי ס'יאָגט אַזוי האַסטיק דאָס לעבן!
מיר זענען שוין גרויסע, — און לערנען נאָך אַלץ
אין חדר ביי עפּעס אַ רבי'ן.

און שטרענג איז דער רבי — דאָס לעבן אוי בייז,
עס שמייסט אונז און שמייסט אונז כּסדר.
וואו נעמט מען דעם רבי'ן, דעם א ל ט ן אַצינד?
וואו נעמט מען אַ מ אָ ל י ק ן חדר?...

# דער פאַקן־טרעגער

איינגעבויגן, מיט אַ פּעקל
אויפן אַלטן, קרומען רוקן
קומט ער אָן פון ווייט.
גייט אַריין אין בית המדרש,
זאָגט אַ ברכה און פאַרנייגט זיך
טיף פאַר גאָט און לייט.

זיצט דערביי אַ חדר־אינגל,
האַלט מיט דאָרשט די קינדער אויגן
אויפן טיש געצילט,
צו אַ סידור׳ל אַ קליינטשיקס,
מיט צוויי לוחות אויסגעמאָלן,
און מיט גאָלד באַגילט.

בינדט פאַנאַנד דערנאָך דאָס פּעקל,
ציט אַרויס סידורים, תחינות,
מעשה־ביכליך פּעק.
און צעלייגט זיי מיט אַ סדר
אויפן לאַנגן טיש ביים אויוון —
שטעלט זיך שטיל אַוועק.

און עס פאַלט זיין בליק מיט אומעט
אויף זיין אַלט־צעקנייטשן סידור —
גרויס איז דאָס און שווער.
ער וועט בעטן שטאַרק זיין טאַטן,
ער זאָל קויפן אים דאָס סידור׳ל —
ס׳איז זיין גרעסט באַגער.

הייבט זיין בליק צום אָרון קודש,
קוקט פאַר׳יתומ׳ט, שעפּטשעט עפּעס,
שאָקלט מיט דעם קאָפּ.
גייט אַדורך אַ איד אין טלית,
טוט באַוועגן מיט די ליפּן,
שטעלט ביים טיש זיך אָפּ.

פון איין שולכל אין אַ צווייטער
וואַנדלט אום דער מוכר־ספרים,
גייט אַדורך די שטאָט.
שפּרייט פאַנאַנדער תורה, מוסר,
ברענגט אַ טרייסט צו שווערע הערצער
ווייזט דעם וועג צו גאָט.

ער באַקוקט דאָס ספרים־קרעמל,
נעמט אין האַנט אַ ספר,
בלעטערט לינקס און רעכטס,
קוקט אַריין דאָרט, קנייטשט דעם שטערן,
לייגט צוריק עס, גייט אַוועק און
טוט אַ שטילן קרעכץ.

איינגעבויגן, מיט אַ פּעקל
אויפן אַלטן קרומען רוקן
גייט ער טריט ביי טראָט.
שלעפּט זיך לאַנגזאַם, קוקט פאַראומערט,
שעפּטשעט שטילערהייט אַ תפילה,
גייט אַרויס פון שטאָט.

# אידישע קינדער

(בילדער פון דער היים)

1

פרימאָרגן. עס שיינט אויף א זון דאָרט אין מזרח
און שמייכלט קאָקעטיש, און וויטעט זיך ליבלעך,
און וואַרפט פון זיך סנאָפּעסווייס גאָלדענע שטראַלען,
און ס׳פינקלען און ס׳שמייכלען די הייזער און שטיבלעך.

עס לעבט אויף דאָס וועלטל, עס שטייט אויף דעם עולם,
מען ציט זיך, מען גענעצט, מען רייבט זיך די אויגן:
פאַר׳חלומ׳ט אַ ווײַלע, געדרעמלט אַ ביסל —
מ׳איז ערגעץ פאַרקראָכן, פאַרפלויגן.

פרימאָרגן. מען הייבט אָן צו דענקען, דערמאָנען:
וואו האַלט מען, וואו איז מען, אויף וואָס פאַר אַן עולם?
און בוץ!... אין די כוואַליעס פון לעבן פון טיפן —
מען שווימט שוין, מען נעמט זיך צו נעכטיקע כלים.

און ווידער די גרויסע, די הייסע מלחמה,
דער אייביקער שטרייט פאַר דאָס שטיקעלע חיות,
און ווידער דער שרעקלעכער, ביטערער לעבן
מיט אַלע זיינע משונה הועיות...

2

אַ פּאַלאַץ אַ גרויסער, מיט שטיינער געפּלאַסטערט,
אַ שטאָלצער, אַ הויכער דרייגאָרנדיק מויער.
פרימאָרגן... אַ אינגל, אַ שילער, אַ קליינער
באַווייזט זיך דורך הויכן, און אייזערנעם טויער.

אַ קליין גימנאַזיסטל, אַ שטאָלצער, אַ שלאַנקער
מיט בעקלעך, ווי רויזן, מיט לוסטיקע אויגן,
דאָס צאַרט־קלאָרע פּנים. די האַלז, די צאַרט־קלאָרע —
אַלץ חנ׳עוודיק — איידל אין וואוילטאָג דערצויגן.

עס פינקלען, עס גלאַנצן די מעשענע קנעפּלעך,
דאָס צווייגל פון היטל, די לעדערנע שיכלעך,
און ס׳שמייכלט צופרידן ביי אים אויף די אַקסלען
אַ ראַנעץ אַ קליינער, מיט ביכער און ביכלעך.

מען רופט אים וואָלאָדיע, וואָלאָדקע, וולאַדימיר
(פאַרצויגן פון וועלוול, זיין קינדערשן נאָמען).
זיין פאָטער אָן עושר פון כמה אלפים —
אָן אייגענעם מויער מיט עטלעכע קראָמען.

און שטאָלץ מיט אַ גדלות, דער קאָפּ הויך פאַררייסן,
באַוועגט ער זיך לעבעדיק, מוטיק און פריילעך.
און עפּעס אַ כבוד, אַ „שאַ, דרך־ארץ!"
באַצייכנט זיין שטאָלצער, זיין מוטיקער הילוך.

ער שפּאַנט צו דער ליכטיקער, גרויסער גימנאַזיע,
השכלה און וויסן צו לערנען זיך דאָרטן,
און מעשיות דאָרט הערן פון אַלערליי לענדער,
פון אַלערליי ביימער און גרעזלעך אין גאָרטן.

ער האָט דאָרט חברים זיי אַרבע,טן מעשים,
מען שטיפט אַזוי דאָרט, מיט ברען און מיט פייער,
עס ווערן פאַרשטאַרקט און אַנטוויקלט די קרעפטן,
און ס'אָטעמט זיך עפּעס גאָר פרישער און פרייער.

3

פרימאָרגן. דערוואַכט האָט דאָס וועלטל מיט אימפּעט
און ס'שטייט־אויף דער עולם; א רעש, אַ טומל,
און ס'פויזן אום ברואים, מע שטופּט זיך, מע יאָגט זיך
און ס'שמייכלען די שטראַלן אין העל־בלויען הימל...

און ס'ווייזט זיך אין געסל אַ אידישער אינגל.
ער קוקט זיך אַראָפּצו מיט ערנסטע אויגן;
דאָס טרויעריק פּנים, דאָס בלאַסע, דאָס דאַרע
מיט עפּעס אַ וואָלקן, אַ שוואַרצן באַצויגן.

אַ לאַנגע קאַפּאָטקע מיט לאַנגלעכע פאות,
פאַרשטויבטע פאַנטאָפל, אַן אַלטעס קאַשקעטל.
זיין נאָמען פאַרצייכנט ביי אים דאָרט אין סידור:
„שייך להבחור אברהם בן עטיל".

„שנפטרה..." — (און דאָרט איז פרצייכנט איר יאָרצייט).
מען רופט אים אויך אָפּטמאָל אַברמקע, אַברעמל,

זיין פֿאָטער הייסט שמואליק, אַ פּראָסט בעל־הבית׳ל,
ער האַנדלט, ער מעקלערט, ער האָט אויך אַ קרעמל.

ער טרעט אָפּ פּאָר יעדן באַזונדער די סטעזשקע
מיט יראת הכבוד, מיט ציטער און מורא.
דאָס גייט זיך אַ אידישער אינגל אין חדר.
אין חדר צום רבין צו לערנען די תורה...

און ווייט איז דער חדר, העט ווייט אין אַ געסל,
ניט ווייט פון דעם אידישן בית הקברות;
אַ חדר אַן ענגער; אַ רבי, אַ קאַנטשיק...
און דלות און שטויבן און ביטערע צרות.

4

געווען זיינען ביידע צוויי גוטע חברים,
געטרייע חברים און נאָענטע שכנים;
צוזאַמען געשפּילט זיך, געשטיפט און געלערנט,
געשמיסן געוואָרן אין חדר אינאיינעם.

צוזאַמען געטיילט זיך מיט יעטווידן ביסן,
צוזאַמען געדאַוונט פון זעלביקן סידור.
זיי זיינען געווען חברים פון קינדווייז,
געטרייע חברים, ווי אייגענע ברידער.

האָט איינעמס אַ טאַטן פאַרגלוסט זיך די שקאָלע.
או ס׳גייען שוין ביידע חברים זיך קעגן...
און ס׳גייען זיך לערנען צוויי אידישע קינדער, —
פאַרשידן דאָך זיינען שוין זייערע וועגן.

עס גייען פאַרביי זיך די אַלטע חברים,
און כאַפּן בגנבה אַ קוק זיך אין פּנים,
אַ קוק מיט פאַראַכטונג, מיט שפּאָט און געלעכטער,
ווי גרויסע מתנגדים, ווי בלוטיקע שונאים.

עס שפּאַנט זיך וואָלאָדיא צופרידן אין „שקאָלע״
און קוקט אויף אברמלען מיט גרויסן בזיון:
„אָט דאָס איז אַ כניאָקל, אַן עכטער זשידאָקל!
אַ קליינער פאַנאַטיק, אַ ווילדער שגעון!״

געפעלט דיר אַ ביסל דאָס קליין אידיאַטל,
געפעלט דיר די פאות, די לאַנגע קאַפּאָטקע ?!
געפעלט דיר די צורה, די ווילדע, די פּאַלשע ?
אַ נעביכל כלומרשט, אַ שיינע פּאַכאָדקע!...

און ס׳שלעפט זיך אברמל בנעימות, פּאַמעלעך
און קוקט אויף וואָלאָדיען מיט פּאָרוואורף און מוסר:
„אַ גוי גאָר געוואָרן, ער קען זיך נאָך שמד׳ן,
צי קוקט דען דער שייגעץ אויף עפּעס אַן אסור?

„ער האָט היינט אוודאי, אַוודאי פאַרהיפּערט
אין גאַנצן דעם דאַוונען, די קריאת־שמע און ברכה —
עס איז אויך אַ סברה ער שרייבט דאָרט אין שקאָלע
אום שבת! אום שבת — אַזאַ אב מלאכה!!

5

ס׳איזווינטער די נאַכט אַ קאַלטע, אַ בייזע,
און שטיל דורך די פענצטער עס זעט זיך ניט קיינער;
עס שנייעט, עס שנייעט, עס ליאַפּעט אָן אויפהער,
עס שניידט ווי מיט מעסערס, עס קריכט אין די ביינער.

עס שניידט זיך אַ פרעסטל אַ שטאַרקער אויף מאָרגן,
די בלאָטע באַדעקט זיך מיט גלעזערנע הייטלעך.
און שטיל איז און פינצטער... און פלוצלונג דערהערט זיך
אַ שלעפן, אַ קריכן ווי טריט ערגעץ ווייטלעך.

דאָס גייט איצט וואָלאָדיאַ צום חבר, צו סאַשען,
צו איינעם פון זיינע גימנאַזיע קאָלעגן.
אַ ווייכער, אַ וואַרימער פוטער באַדעקט אים
און אויבן אַ מאַנטל וואָס שיצט אים פון רעגן.

ער שפּאַנט זיך גאַנץ מונטער און דרייסט און איז פריילעך
און זינגט זיך אויס פייפנדיק עפּעס אַ ניגון.
אָ, אָט איז באַלד סאַשאַ! דאָרט וואַרט אויף אים חברה,
און ס׳טיאָכקעט דאָס הערצל פון גרויס פאַרגעניגן.

נאָר פלוצלונג דערהערט ער... וואָס איז דאָס? מען שרייט דאָרט,
עס גוואַלדעוועט עמיצער מורא׳דיק ביטער.

— אוי ראַטעוועט! ראַטעוועט! — ס'הערט זיך אין שרייען
אַ גוואַלדיקער פּחד, אַ שרעק און אַ ציטער.

עס קלינגען אַזש אַפּ אַט די שרעקלעכע קולות
אין שטעטל אין געסל, דאָרט העט אין דער ווייטן,
און סווערט שטאַרק וואַלאַדיאַ פאַרוואונדערט, דערשראָקן,
ווער שרייט דאָס? וואָס איז דאָס? וואָס קאָן דאָס באַדייטן?

עס איילט זיך וואַלאַדיאַ. — און שטיל איז און פינצטער,
פאַרוואָלקנט דער הימל, פאַרלאָשן די שטערן.
און פּלוצלונג באַווייזט זיך פון ווייטן, פון ווייטן
אַ שיין, ווי אַ ליכט פון אַ קליינעם לאַמטערן.

ער איילט זיך וואַלאַדיא. — און שטיל איז און פינצטער,
און פּלוצלונג דערהערט ער אַ לוסטיקן לאַכן,
און אַט שוין דערזעט ער אינמיטן... אַברעמלען,
אַברעמלען דעם קליינעם, דעם בחור דעם שוואַכן.

אַרום אים די שקצים, מען צופּט אים די פּאות,
מען שלעפּט אים, מען רייסט אים זיין לאַנגע קאַפּאָטע,
ער גוואַלדעוועט ביטער, ער שטייט אָן אַ היטל,
דאָס פּנים פאַר'חושכ'ט, פאַרקויטיק אין בלאָטע.

דערשטוינט בלייבט וואַלאַדיא — אַמאָליקער וועלוועל,
ער שטייט נאָך פון ווייטן... און אַט שוין דערהערט ער
אַ פּאַטש דאָרט אָפּקלינגען, אַ ביטערן וויינען,
אַ גוי'שע קללה, אַ לוסטיק געלעכטער...

עס קלאַפּט אים דאָס העצל, עס שטיקט אים אין האַלז שוין,
ער בלייבט אויף אַ ווײַלע צעמישט און פאַרלאָרן...
אַ שפּרונג — און ער קעמפט שוין אַנטקעגן די שקצים, —
ער הייבט זיינע פויסטן מיט טיגרישן צאָרן...

6

אַ פינצטערע נאַכט און שטאַרק יאָמערט דער שטורעם,
אַט ווערט ער אַ ווײַלע כלומרשט אַנטשוויגן,

אָט הייבט ער אָן בעטן זיך, יאָמערן, קלאָגן,
אָט הייבט ער אָן זידלען זיך, בייזערן, קריגן.

אין געסל דאָרט שטייען זיי בײדע חברים,
באַלויכטן קוים פון אַ קליינע לאַמטערן...
עס כליפּעט אַברעמל און יאָמערט און שטאַמלט,
עס שטיקט אים אַ שטראָם הייסע טרערן.

„איך גיי מיר פון חדר... באַפאַלן מיך שקצים,
איך בין זיך פאַמעלעך געגאַנגען פון חדר...
געשלאָגן, גע׳הרג׳עט, מיין היטל פאַרוואָרפן...
מיין היטל... אוי ווײ...‏.אויך צעריסן די קליידער.

אוי, זע, ווי זיי האָבן מיך ס׳פּנים צעדראַפּעט,
געשלאָגן, גע׳הרג׳עט, אין בויך און אין רוקן...
איך האָב זיך געבעטן, געוויינט און געבעטן...
אוי, וועלוועל, זיי וואָלטן געוועזן מיך דערשטיקן!...

אַזאַ מין רציחה!... קיין ברעקל רחמנות.
פאַר וואָס, פאַר ווען מיך, וואָס דאַרפן זיי שלאָגן?...
אַהיים אָן אַ היטל!... און קלעפּ פון דעם טאַטן...
ער וועט דאָך ניט גלויבן, וואָס איך וועל אים זאָגן...

אוי, וויי מיר, דער טאַטע, ער וועט דאָך מיך טויטן...
ער׳ט זאָגן, איך האָב זיך געקאַטשעט אין בלאָטע,
געשפּילט זיך מיט שקצים, פאַרלאָרן דאָס היטל,
פאַרבלאָטיקט, צעריסן די גאַנצע קאַפּאָטע!...

און וואָס בין איך שולדיק? איך האָב דאָך געשריגן
עס זאָל מיך כאָטש עמיצער ערגעץ דערהערן...
איך טשעפּע זיי עפּעס? איך גיי מיר פון חדר...
איך זאָג זיי קיין וואָרט ניט... איך קאָן זיך דיר שווערן”...

ער בייגט זיך אין בלאָטע און זוכט דאָרט דאָס היטל,
און כליפּעט, און ווישט מיטן אַרבל די טרערן...
און ס׳וויינט אויך וואָלאָדיא... און שטיל דורך און פינצטער.
פאַרוואָלקנט דער הימל, פאַרלאָשן די שטערן.

אַ פינצטערע נאַכט און אַ קאַלטע, אַ בייזע,
עס גיסט און — קאַפּעט, און עס קאַפּעט כסדר,

און ס׳שפּאַנען אין געסל צוויי אידישע קינדער,
צוויי אַלטע חברים פון דרדקי חדר.

ניט וויין שוין אברמיל, ניט וויין זשע, מיין ליבער,
אָט וועל איך דיך ברענגען צו מיר אין מיין צימער.
אָט נאַ דיר מיין היטל. כ׳וועל אַלץ פאַרריכטן.
ניט נעם זיך צום האַרצן, אַברעמיל, ניט קימער.

אָט לויף איך אַהיים צו דיין טאַטן, ניט וויין זשע,
ניט וויין זשע, איך וועל אים שוין אַלץ דערציילן,
„אַ, מיר וועט ער גלויבן, ער וועט דיך קיין ריר טאָן!
עס וועט זיך אין גיכן דיר אַלץ פאַרהיילן.

און זיי, אָט די שקצים, וועל איך שוין דערטאַפּן,
און וועל זיי באַצאָלן מיט פּראָצענט, מסתמא.
אברעמיל, ניט וויין זשע איך קאָן זיי די חברה,
דו וועסט אין זיי האָבן אַ גרויסע נקמה.

פון איצט אָן וועל איך צו דיר קומען, אַברעמיל,
און כ׳וויל דיך פון חדר אַהיים גלייך באַגלייטן.
אַ ריר נאָר... וועל איך זיי די אַלע ממזרים —
— דו ווייסט אַז איך קאָן זיי דאָ אַלעמען טויטן?

„ניט וויין זשע, אַברעמיל!״ — און שטיל איז און פינצטער;
פאַרוואָלקנט דער הימל, פאַרלאָשן די שטערן...
און ס׳גייען זיי ביידע, די אַלטע חברים,
ס׳באַלייכט זיי אַ קליינער, אַ שטילער לאַמטערן...

8

פרימאָרגן, און ס׳גייט זיך אברעמל אין חדר,
און ס׳שפּאַנט אים וואָלאָדיאַ גאַנץ לוסטיק אַנטקעגן.
צוויי אידישע קינדער, צוויי קליינע תלמידים,
צוויי יונגע, צוויי טרייע חברים, קאָלעגן.

זיי גיבן זיך ברידערלעך, פריינטלעך די הענטלעך,
און גייען צוזאַמען אין חדר און ריידן,
און פּלאַפּלען און פּלוידערן חדוה׳דיק, לוסטיק
פון אַלע, פון זייערע פריידן און ליידן...

# גמרא־מעשיות

אין שווערע מינוטן פון עלנט און קומער,
ווען ס׳ברעכט זיך פון יאוש דאָס לעבן, —
צעשטעל איך אין רייען די קינדערשע יאָרן,
די יאָרן פון חדר, פון רבי׳ן.

איך עפן דעם גרויסן, דעם תלמוד הבבלי,
די אור־אַלטע, גרויסע גמרא.
און שיף זיך, און שווים דאָרט, און ווער שיר דערטרונקען,
אין פלפול, אין פשט און אין סברא.

אַ קליינינקע משנה. אַ מעכטיקער שטראָם ציט,
עס שטעלט זיך אַ געוואַלדיקע קשיה,
און אָט שוין אַן „אלא״, אַ „ענטפערט די גמרא״ —
און אָט שוין אַ: „מתקיף רב אשי״.

אָט קומט אָן אַ מיתבי, אַ רמי בר נחמן,
און ס׳גלייכט דאָס אַלץ אויס רבי חנן;
און תא־שמע, און תא־שמע, און נאָך אַמאָל תא־שמע
און אתמר, און תנו רבנן.

אָט דאַכט זיך פאַרענטפערט, צורעכט געמאַכט אַלץ שוין —
און אָט שוין אַ נייער „ורמינהו״.
אַ ווידער־אַנאַנד שוין אַ גרויסער, אַ הייסער;
און ס׳קריגן רב פפא, רב הונא.

אַ רעש, אַ שטורם; עס וואַרפן זיך כוואַליעס,
עס הייבן זיך פלוגתות און סברות,
און טענות, און ראיות, און קשיות, אבעיות,
און ווידער־אַנאַנדער, השערות.

און ענדלעך א תיקו. פאַרשוואונדן דער שטורעם,
עס שטילן די ברויזנדע וועלן.
און רואיק דער ים ווערט. אויס אַלע מחלוקות,
עס ווערן פון קעגנער — געזעלן.

מען רעדט זיך פאַנאַנדער, מען שמועסט געלאַסן.
מען לערנט אַ גרינגע ברייתא;
דערביי קומט אַ שפּריכוואָרט אַ שאַרפער, אַ פּאַבל;
ס׳דערציילט זיך אַ סיפּור המעשה.

אַ מעשה פון רבה בר חנה׳ס אַ רייזע,
אַ מעשה פון רבי עקיבא:
אַ פּאַסטוך געווען, פאַרליבט זיך, געלערנט,
געגרינדעט אַ גרויסע ישיבה...

אַ מעשה פון גרויזאַמען חורבן, פון גלות,
פון ביטערן גלות דעם שווערן,
ווי ס׳האָט זיך געבאָדן אַ רום און אַ יון
אין אידישע בלוט און אין טרערן...

דערציילט רבי יוסי: אַמאָל, אַמאָל בין איך
געגאַנגען אין וואַלד זיך שפּאַצירן.
און כ׳האָב דאָרט פאַרבלאָנדזשעט, דערזע איך פון וויטן
אַ חורבה אָן פענצטער, אָן טירן.

און דאָ פאַלט די נאַכט צו; און שטיל איז, און פאַרכטיק;
אַ שוואַרצער, אַ גרויזאַמער הימל.
איך קום אין דער חורבה, איך דאַוון אָפּ מעריב,
און כאַפּ אויף אַ ווײַלע אַ דרימל.

און פּלוצלונג, — ברעכט אויס שטאַרק אין וואַלד אַ געפּילדער,
אַ וויי־געשריי טראָגט זיך פון וויטן,
און פול ווערט די לופט מיט אַ גרוילעכן יאָמער.
איך ווייס ניט וואָס קאָן דאָס באַדייטן.

און נענטער, נענטער טראָגט אַ געוויין זיך,
עס קלאָגט עמיץ מורא׳דיק ביטער:
„וויי מיר, אין אַש איז פאַרוואַנדלט מיין וואוינונג,
„וויי מיר, פאַרוויסט מיינע גיטער...

ווײ מיר, ווי קלײן, חי געפאַלן דאָס פאָלק איז,
צעטריקנטע ביינער, סקעלעטן!
צעשפּרייט און צעזייט, געלעסטערט, געטריבן,
„אַ נאַכטלעגער, ווײ, ווי זײ בעטן!"

און ס'ענטפערט אַ בת־קול פון ווייטן מיט צאָרן:
אָ ווײ צו זײ, ווײ צו די קינדער,
וואָס זענען פון העלדן, פון מעכטיקע לייבן
געוואָרן ווי שאָף און ווי רינדער!

אַ קנאַל טוט אַ דונער, געשטילט ווערט דער יאָמער
און באַלד שוין, עס הייבט אָן צו טאָגן.
אַרויס בין איך דעמאָלט פון חורבה, פון וואַלד אויך
און כ'האָב צו אַ וועג זיך דערשלאָגן...

## מיין דערציאונג

מיין טאַטע פלעגט גרייטן אַזוי מיך צום לעבן,
ווען עמיץ טוט שלעכטס דיר, מיין קינד,
און ס'פלאַקערט אין האַרצן נקמה, פאַרלעש דאָס,
ניט מאַך לויז דיין צאָרן, סאָ זינד!

מיין מאַמע פלעגט גרייטן אַזוי מיך צום לעבן:
ווען עמיץ דיר, קינד מיינס, טוט ווײ,
און ס'רייסט זיך אַ קללה פאַרביטערט, פאַרשלינג זי, —
אין האַרצן פאַרשטיק דיין געשריי!

מיין רבי פלעגט גרייטן אַזוי מיך צום לעבן:
ווען שטראָפן דיך, קינד מיינס, טוט גאָט,
און קלאָגן אים ווילסטו און טאַדלען, פאַרמייד דאָס,
און דאַנק אים, און לויב אים אָנשטאָט.

מיין ווילן אַזוי האָט אָ יעדער געבויגן —
צום לעבן ווען איך בין אַרויס,
געפּרואווט אויסגלייכן, אַנטקעגן זיך שטעלן —
די כוחות זײ האַלטן ניט אויס...

# דער פּעלץ

(אַ חסידישע לעגענדע)

ווער פון אייך פרומע, גאָטספאָרכטיקע אידן
האָט ניט אַמאָל געהערט אין זיין לעבן
דעם נאָמען פון אַפּטער, פון הייליקן צדיק,
פון גרויסן, פון טייערן רבי'ן?

אַמאָל האָט ער, זכרונו לברכה, זיך גענומען
אַ שפּאַציר מיט זיינע תלמידים,
און האָבן געשמועסט פון שכר און פון עונש,
פון גרויסע השפּעות און חסידים.

פאַרקוקט ער זיך פּלוצלינג אויף זיינעם אַ תלמיד,
און מאַכט אַזוי ליב, מיט אַ שמייכל:
„הייב אויף דיינע אויגן, מיין ליבער, צום הימל,
און זאָג מיר, וואָס זעסטו, זיי מוחל".

פאַרקוקט זיך דער תלמיד אַרויף און ער ענטפערט:
אוי רבי, איך זע דאָרט חידושים,
אוי, רבי, איך זע דאָרט מלאכים און שרפים,
און אָט, אָט, זיי ווערן מגושם.

זיי טראָגן אַ משא, אַ וואָגשאָל אַ גרויסע,
זיי הייבן אָן עפּעס צו וועגן.
אוי רבי, וואָס וואַרפן אַרויף אויף די שאָלן
די צוויי דאָרט וואָס שטייען אַנטקעגן?

עס נידערט איין שאָל אַראָפּ טיפער און טיפער,
עס טוט זיך די צווייטע דערהייבן,
אוי רבי, וואָס שוועבט דאָרט אין הימל אַזעלכעס?
עס נידערט אַ מלבוש פון אויבן.

אַ פּעלץ אַזאַ גראָבער! ער פאַלט אויף די שאָלן.
ער וועגט שוין די לייכטע אַריבער.
חידושים, חידושים, וואָס קאָן דאָס באַדייטן?
אוי, רבי, ניטאָ שוין... פאַראיבער!...

עס שפרייט זיך אַ שוואַרצער פּרוכת פאַנאַנדער
מיט פייער געשריבן: „גן עדן!"
אוי רבי, איך בעט איך, וואָס קאָן דאָס באַדייטן?
ווער קאָן דאָס, רבותי, באַשיידן?"

עס טראַכטן די חסידים און קלערן, און זוכן
דעם רמז וואָס איז דאָ פאַרהוילן.
באַטראַכט זיי דער אָפּטער בנעימוּת און שמייכלט —
ער שמייכלט און הייבט אָן דערציילן:

געפאָרן אַמאָל איז אַ איד אין אַ וועלדל,
אַ איד פון די היינטיקע דורות,
אַ יונג ריסטאָקראַטל, אַ ווילדער בעל תאוה,
אַ ליטוואַק, אַ שטיק אַפּיקורס.

געוועזן איז דאַמאָלט אַ שטורעם און האָגל,
געשמיסן ווי אייזערנע ריטער.
פאַרוויקלט דער ליטוואַק אין פּעלץ זיך, אין גראָבן,
און טראָגט זיך אין בייזן געוויטער.

און פּלוצלונג באַווייזט זיך אין נעבל פאַרוויקלט
אַ בעטלער אַן אַלטער פון וויטן,
צעוויקט פון דעם רעגן, אין דרייען געבויגן,
געשטויסן פון ווינד פון פאַרשייטן.

אַ זאַק אויף די פּלייצעס, פון שטורעם געריסן,
עס הייבט זיך זיין לאַנגע קאַפּאָטע.
ער וואַרפט זיך אָן אָטעם, די פיס קוים זיי פּלאָנטען,
און זינקען און קנעטן די בלאָטע.

דערוועקט זיך ביים ליטוואַק אין האַרצן רחמנוּת,
ער הייבט אָן די פערדלעך צו יאָגן,
ער קומט צו אים נאָענט, גריסט אים גוטפריינדלעך,
און נעמט אים אַרויף אויפן וואָגן.

און ס'טוט אויס דער ליטוואַק זיין וואַרימען בגד,
אַנטבלויזט זיך אין שטורעם אין קאַלטן,
און דעקט איין דעם בעטלער דעם שוואַכן, דערוואַרעמט,
דערקוויקט גאָר מחיה דעם אַלטן.

„און ס׳לעבט אויף דער בעטלער, דערפילט אַ ישועה,
געקויפט האָט איר — זאָגט ער — גן עדן,
מאַכט שפּאַס זיך דער ליטוואַק: „געכאַפּט אַ מציאה...“
און מערער זיי טוען ניט רעדן.

רבותי, פאַריבער פיל יאָרן פון דאַמאָלס,
פיל וואַסער, צעלאָפן, צערונען,
געשטאָרבן דער ליטוואַק איז אָט דאָ, ניט לאַנג גאָר
צום בית־דין של מעלה געקומען.

און ס׳האָבן מלאכים אַ וואָגשאָל געטראָגן
בכדי זיינע מעשׂים צו וועגן.
זיי האָבן אויף איין שאָל עבירות געוואָרפן,
און מצוות געלייגט דאָרט אַנטקעגן.

די שאָל פון עבירות האָט אָבער פאַרפילט זיך
מיט שווערע, מיט גראָבע חטאים:
מיט בערדלעך געגאָלטע, מיט טרפה מאכלים,
מיט תאוות, מיט מידות פון גוים.

און ס׳האָט אויף דער שאָל אויף דער צווייטער געלייגט זיך,
אַ פּאָר מעשׂים טובים׳לעך שיינע...
נאָר ס׳האָבן די שווערע עברות אַריבער
געוואויגן די מצוות, די קליינע.

דאַן האָט מען דעם פּעלץ צוגעלייגט און ער האָט
די וואָג פון די שאָלן פאַרביטן.
היינט זעט נאָר, רבותי, אַ פּעלץ פון אַ ליטוואַק
האָט אַלץ דאָ געהאָלפן צום גוטן.

„היינט ווייסט איר שוין, חברה, דעם סוד פון דער מעשׂה?
היינט ווייסט איר פון פּעלצל די בחינה...—“
עס שווייגן די חסידים, עס שמייכלט דער אַפּטער,
און ס׳רוט אויף אים ממש די שכינה...

# צו כל נדרי

מיין פעטער ר' שלמה געגאַנגען אין שול איז
דעם ערב יום כפור פאַר־נאַכט;
געגאַנגען באַוואָפנט מיט שטאַרקע כלי זיין
צו געבן דעם שטן אַ שלאַכט.

און גרויס איז געוועזן זיין אוצר פון וואָפן.
דאָס ערשטע: אַ קיטל שניי ווייס,
און נאָכדעם אַ טלית באַנייט ערשט מיט ציצית,
אַ גאַרטל דערצו שפּאָגל־ניי!

אַ רויטע פאַטשיילע, אַ יאַרמעלקע־סאַמעט,
אַ ספר לקוטי צבי,
אַ פּושקע מיט טאַבאַק, אַן אַלטע פּאָר ברילן,
אַ סידור מיט נוסח אַרי.

א תהלים, א מחזור, און נאָך פילע מיטלען —
געגאַנגען איז ער אַזוי.
אין איין האַנט געטראָגן די שטאַרקע כלי־זיין
אין צווייטער — אַ בינטל מיט היי.

(דאָס שפּרייט מען אין שולכל ביים פאַלן צו כורעים
עס זאָלן ניט וויי טאָן די קני);
דערזע איך מיין פעטער מיט משא באַלאַגערט,
צעלאַך איך זיך קינדעריש, כי־כי.

איר טראָגט דאָך מיט זיך דאָ אַזוי פיל מכשירים —
אַ בינטל מיט היי נאָך דערצו,
אַ פעטער, למאַי שוין אין איין וועג ניט ברענגען
אין שולכל צופירן די קו?

# יום כיפור אין שול

אין טלית פאַרוויקלט, אין קיטל באַצויגן;
שטייט לייבע דער שניידער אין דרייען געבויגן,
און טענה׳ט זיך אויס, און טענה׳ט און „זאָגט״ זיך,
און ברייעט אָן אויפהער, און ברייעט און קלאָגט זיך;
זיין קאָפּ איז דערשלאָגן, זיין האַרץ איז צענומען,
און ס׳ברעכן די פּיס אים, און ס׳טריקנט דער גומען.
און האַרב איז די עברי, פאַרפּלאָנטערט, אַ מורא!
אים טוט אַזוי לייד וואָס ער איז קיין בן תורה...

ער ווייסט ניט דעם טייטש פון די דאָזיקע ווערטער,
ער ווייסט ניט וואָס רעדט ער, און ווייסט ניט וואָס בעט ער,
און ווייסט ניט וואָס זאָגט ער אַזוי פיל, וואָס קלאָגט ער,
און כורעים וואָס פאַלט ער, אין האַרצן וואָס שלאָגט ער?
צי בעט ער געזונט, צי פּרנסה, צי קינדער,
צי רעדט ער פון כלל, צי פון יעדן באַזונדער?
אוי ס׳איז אַלץ פאַרבאָרגן פון אים, און פאַרהוילן,
און ס׳איז דאָך אַזוי פיל פאַראַן צו דערציילן!

אַ גאַנצינקן יאָר אַלץ די קריוודעס געקליבן,
אין האַרצן פאַרצייכנט, אין מח פאַרשריבן.
ווי ס׳האָט זיך געמאַטערט, געמאַטערט זיין ביילע,
ווי ז׳האָט זיך געצאַפּלט, געצאַפּלט די חולה,
געהויבן צו אים מיט געבעט אירע בליקן:
ער האָט ניט געהאַט זי מיט וואָס צו דעקוויקן.
איר ביטערן לעבן מיט וואָס צו פאַרזיסן.
און ס׳האָט זיך זיין האַרץ אים געריסן, געריסן.
אָט שפּרייט זי די הענט אויס... אָט בלייבט זי אָן לשון, —
און אָט שוין אין גאַנצן אויף אייביק פאַרלאָשן...

אין שטוב איז אַ חורבן, די קינדערלעך קלאָגן,
עס לערנט זיך שימעלע קדיש צו זאָגן.
אויף אַלצדינגג פאַרשפּרייט זיך אָן אומעט אַ שווערער,
די שטוב ווערט פאַרלאָזן אַלץ מערער און מערער.

אָט ווערט אויך דאָס קינד קראַנק — עס בענקט נאָך דער מאַמען
עס גייט אויס פאַמעלעך... — זיי ליגן צוזאַמען...
און ס'וואַקסט אַלץ דער דלות, ניטאָ וואו פאַרדינען,
און רייזל, פון צען יאָר אַ מיידל, גייט דינען.
און ס'לאָזט זיך אַוועק אין דער וויטנס זיין מאַטל,
ער שרייבט ס'איז ניט גוט אים, ער גייט אַרום בטל.
אוי, וואו נאָר געקערט זיך, — עס וויטיקט, עס בלוטיקט:
ער פילט אַזוי שוואַך זיך, צעבראָכן, אַנטמוטיקט!

אוי ס'ווילט זיך דערציילן, דערציילן פון אַלעס,
אַנטפּלעקן די וואונדן און וויזן דעם דלות!
אַ גאַנציקן יאָר אַלץ די קריוודעס, געקליבן,
אין מחזור, מסתמא, איז אַלצדינג באַשריבן,

# די זינדערין

פאַרטראַכט זיצט די אַלטינקע חאַסיע,
אַראָפּ איז געווענדעט איר בליק;
איר פּנים — צוזאַמענגעשרומפּן,
צערונצלט, ווי פאַרמעט אַ שטיק.

און ס׳גייען פאַרביי איר אין מוח
אַ זעכציק מיט עטלעכע יאָר.
זיי זאָגן ס׳אַ חלום. אוי, ס׳דאַכט איר —
געשען איז דאָס אַלץ אויפן וואָר.

צעשטעלט זי די יאָרן אין רייען
און גייט זיי פאַרביי מיט אַ בליק.
ווי שוואַרץ און ווי פינצטער זיי זיינען,
אָן פרייד, אָן אַ שטיקעלע גליק.

ווי לאַנג, ביי איר ציט זיך דער פלאָנטער —
דאָס לעבן אין דחקות, אין נויט!
אוי, פילע איר טרייע און ליבע
פאַרנומען עס האָט שוין דער טויט!

אָוועקגעלייגט ברידער און שוועסטער
און קינדער, און פריינט אָן אַ צאָל.
געמיינט אַלץ: אָט קלאַפּט ער צו איר אָן,
געריכט זיך אויף אים שוין פיל מאָל.

ער האַלט אָבער צו זי אויף שפּעטער.
צו וואָס? אוי, זי ווייסט ניט אַליין.
וואָס טויג שוין איר לעבן — פאַר וועמען?
זי פילט אַזוי שוואַך זיך און קליין.

אויף יעדן אַ לאַסט איז, אַ שווערע,
עס וואַרפט זיך די שנור אַלץ און שרייט:
קיין אָרט איז ניטאָ וואו זי לייגן —
ניט אויסגערעדט זאָל זיין: שוין צייט...

שוין צייט איר זיך אויפהערן פלאָנטערן! —
זי פילט, אַז די שנור איז גערעכט.
שוין לאַנג צייט — דער סוף אָבער קומט ניט,
זי קוקט אויף אים אויס גאַנצע נעכט.

צעשטעלט זי די יאָרן אין רייען
און גייט זיי פאַרביי מיט אַ בליק.
ווי שווער און ווי ביטער זיי זיינען!
זי וויל זיי ניט האָבן צוריק.

ווי פינצטער זיי זיינען, דאָך ווייסט זי,
דאָס ערגסטע עס קומט ערשט דערנאָך:
אַ חבוט הקבר, אַ גיהנום,
וואו ס׳פלאַקערט אַלץ זעקס טעג אין וואָך.

ווייל זי איז אַ רשע מרושע,
איז פול מיט עבירות און זינד.
זי קען זיי ניט אַלע געדענקען,
דאָך ווייסט זי, זי האָט דאָס פאַרדינט.

זי האָט ניט געגעבן קיין צדקה.
קיין הייליקע תחינות געזאָגט,
זי האָט דאָך קיין עברי געלערנט,
מ׳האָט קיין שכר למוד פאַרמאָגט.

ווער ווייסט נאָך, צי האָט זי געזאַלצן
דאָס פלייש, ווי די תורה באַפעלט?
ניט היינט געדאַכט, ס׳האָט שוין געטראָפן
אַז חלה צו נעמען פאַרפעלט.

אָט פרומע רב ליב׳ס, די נגידה,
מיט כבוד וועט קומען אַהין;
געטאָן האָט זי צדקה און מצוות,
און אָפּגעהיט איטלעכן דין.

איר דאַוונען, איר זאָגן די תחינות
פאַרקלינגט אַזש די ווייבערשע שול.
עס וואָרט שוין אויף איר אין גן עדן
מסתמא אַ גאָלדענער שטול.

ניט די וועלט פאַר איר און ניט יענע
ס'אַ ביטערן מזל זי האָט.
הפנים זי האָט אים דערצאָרנט,
זיך צופיל פאַרזינדיקט פאַר גאָט.

אויף איר אָבער, האַסיען, דערוואָרטן
דערנאָך אויך — ווער ווייסט וועלכע שטר;
אַ גיהנום פאַר איר איז דאָס לעבן,
און ווייט צום גן־עדן לסוף...

דאָך פליט דורך אין קאָפּ איר אַ שאלה:
צי כאַפּט ער ניט איבער די מאָס?
ער קאָטעוועט, דאַכט זיך, שוין צופיל,
וואָרום, און פאַר ווען, און פאַר וואָס?...

# גרינס

צפורה איז אַרויס אין מאַרק
און איינגעקויפט מציאות:
פאַר איין און איינציק צענערל,
אַ קרענצל גרינס אויף שבועות.

אַן עוף און העכט וואָס צאַפּלען זיך,
און רעטעך כריין און מערן.
צפורה ברענגט אַהיים פון מאַרק
אַ פולן קויש, אַ שווערן.

זי שאָבט די פיש, זי רייבט דעם כריין,
זי סמאַליעט שוין דאָס הינדל;
פאַרוואָרפן אין אַ זייט עס ליגט
דאָס גרינס, דאָס קליינע בינדל.

אָט יום־טוב שוין, צום טיש געגרייט,
די סעודה נאָר צו מאַכן;
און אָפּגעקאָכט, און אָפּגעבאַקט
פון אַלע גוטע זאַכן.

עס ווייקן זיך די גרינסן שוין
אין וואַסער, אין אַ שאַרבן,
און גוסס'ן און זיי חלש'ן,
און בייטן שוין די פאַרבן.

און קינדערלעך זיי מאַטערן,
און צופּן זיי, און פליקן;
באַטראַכטן יעדער צווייגעלע
מיט וואונדערלעכע בליקן...

און רייסן אויס די בלעטלעך,
און טראָגן צו די נעזלעך: —
— אוי, טאַטעניו, אוי מאַמעניו,
וואָס טויגן זיי, די גרעזלעך? —

אָ, ס'קומט צונויף, ניט דאָ געדאַכט,
מען מאַכט דערפון רפואות!...
אָ, אידן ממש באָדן זיך
אין גרינס לכבוד שבועות...

# עוזר דלים

מיט מיין אַלטן טאַטן שטיי איך
אין דער אַלטער שול.
ביי אַן אַלט־צעקנייטשן סידור,
מיט דערוואַרטונג פול.

אויפגעפּירט ווערט דאָרט אַצינדער
גאָר אַ גרויסע שפּיל.
עס מאַרשירן אום מיט תּורות
בעלי־בתּים פיל.

ס׳טיילט דער שמש אויס דעם כּבוד,
טיילט אויס מיט פאַרשטאַנד;
ווער פריער, וועמען שפּעטער —
יעדן לויט זיין שטאַנד.

ס׳איז דער ערשטער גאַנג אַריבער
ס׳הערצל מיינס עס גליט.
אויסגערופן האָט מען יעדן
און מיין טאַטן ניט.

שוין פאַרביי די צווייטע מחנה,
ס׳גייט אַ דריטער צוג.
ס׳ווערט באַגאַנגען קעגן טאַטן
דאָ איצט אַ באַטרוג!

און צום פערטן מאָל מאַרשירט מען,
און צום פינפטן שוין,
אַלע, אַלע, חוץ מיין טאַטע.
כ׳קוק, און גאַף און שטוין.

און מיין טאַטע שטייט אין ווינקל,
טיף אַזוי פאַרקלערט...
ביז זיין נאָמען ענדלעך, ענדלעך
אויסגערופן ווערט.

(ס׳איז געווען ביי עוזר דלים,
גאָר ביים סאַמע לעצט).
וואָס פאַרשוועכט מיין טאַטנס כּבוד,
און מיין שטאָלץ פאַרלעצט.

טאַטע זאָג איך, גיי אַהין ניט —
אָ, דאָס איז ניט שיין;
איידער גיין צו עוזר דלים,
בעסער גאָר ניט גיין.

קוקט אויף מיר מיין גוטער טאַטע,
זאָגט אין גוטן מוט:
נאַריש אינגל, בליקסט צו הויך,
האָסט צו הייסע בלוט...

און ער קושט די אַלטע תּורה,
דריקט זי אין זיין שויס;
און מאַרשירט צו עוזר דלים —
און מיין צער איז גרויס...

ס׳הייסע בלוט שוין לאַנג געקילט איז,
כ׳ציל שוין מער ניט הויך.
אין דעם צירקל עוזר דלים
איך מאַרשיר שוין אויך...

# אַ לערער

(בילדער פון דער היים)

אַ קליינער, דאַרער מענטשעלע,
אַ שטילע, שוואַכע בריאה׳לע,
אַ כלי אַ צעבראָכענע.
דערקאָנט איר אים דעם דאָזיקן,
דעם אָרימען פאַרשוין?

געדענקט איר דעם דערשלאָגענעם,
דעם פינצטערן, פאַראומערטן,
דעם אָרימאַן, דעם ביטערן,
דעם לערעריל דעם אידישן
דעם האַלב־אינטעליגענט?

אַן אַלטער, אַלטער קאַפּעליוש,
אַ קויטיק שוואַרצע פאַרהעמדל,
אַ שניפּט אַן אומגעלומפּערטער,
אַ רעקל אַן אַלטמאָדישער,
און שיך שוין לאַנג פאַרריכט...

ער איילט זיך אויף אַ לעקציע,
די אויגן טיף אַראָפּגעלאָזט,
און שעמט זיך עפּעס מורא׳דיק,
און טרעט די וועג אָפּ איטלעכן
מיט בושה מיט געבעט.

ער היט זיך עפּעס ריידנדיק,
און קוקט זיך אַזוי אומעטיק,
און ציטערט עפּעס הערנדיק,
און שעמט זיך, שעמט זיך בעטלענדיק
זיין ארעמען געצאַלטס.

אין קאָפּ אַ ים פאַנטאַזיעס.
ער הייבט אָן עפּעס — דאַכט זיך אים:
אוי טאָמער... ניין, ס׳איז ניט אַזוי...
ווי ווערט מען עפּעס לייטן גלייך?
ווי וואַקסט מען עפּעס אויס?...

ער ווענדעט זיך אַהין, אַהין,
צו גרויסע קעפּ, רעדאַקטאָרן
מיט בריוולעך, מיט פּראָשעניעס,
קיין וואַרשע און קיין פּעטערבורג
אין אָדעסער קאָמיטעט.

און וואַרט, און וואַרט מיט אומגעדולד,
און חידוש׳ט זיך, און וואונדערט זיך:
וואָס איז דאָס וואָס מען ענטפערט ניט?
קיין מאַרקעס ניט געזשאַלעוועט...
וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאָסט?

ער חזר׳ט אַלץ אויף אויסוויניק,
ער גרייט זיך צו די קורסן צו
אויף דאָקטאָר פילאָזאָפיע,
ער קען היסטאָריע, אַלגעבראַ,
עס פעלט אים נאָר לאַטיין...

ער זיצט אַלץ אין דער ביבליאָטעק,
און שיבלט און ער גריבלט דאָרט
און וויל עפּעס פאַרענטפערן
אַ האַרבע שאַרפע רעטעניש,
וואָס מוטשעט אים אַ גרויל.

ער האָט דאָרט פריינט און ליבהאָבער:
אַ ביאַליק׳ן, אַ פּרץ׳ן,
אַ טשעכאָוו׳ן, אַנדרעיעוו׳ן,
און פּיסאַרעוו, און טשיריקאָוו,
און מענדעלע, און פרוג.

ער קלאָגט אויף פרעמדע אומגליקן,
ער קרעכצט אויף פרעמדע ווייטיקן,
ער שאַלט אויף פרעמדע חתונות,
אויף זיך אַליין פאַרגעסנדיק,
ווי ס׳טוט אים גאָר ניט וויי.

ער האָפּט, און וואַרט, און גרייט זיך אַלץ
צו עפּעס, צו עפּעס אַנדערס גאָר...
און ס'פליהען יאָרן צענדליקער.
— „וואָס מאַכסטו גוטער ברודער לעב?
פון וואָס איז דיין געשעפט?" —

— „מיט וואָס זשע פאָרט? — „ע וויס איך
איך גיי... איך גיי אויף לעקציעס" —
— „אַ לערער, בו!" — „חלילה, ניין!
דערוויילע גאָר, דערוויילע נאָר...
איך וואַרף עס באַלד אַוועק!"

— „אַזוי זיך... הע, ניש'קשה'דיק,
עס לעבט זיך, עט, קיין מעשה ניט..."
ער קנייטשט זיך עפּעס שעמענדיק,
ער שפּילט צו דאָס רעקל זיינס
און שפּיליעט תיכף אָפּ.

ער גרייט זיך אַלס און פּלאַנעוועט
און האָט פאַמעלעך חתונה,
און פרוכפּערט זיך ניש'קשה'דיק,
אַ חדר שוין אָן אייגענער...
ער גרייט זיך אַלץ, ער וואַרט.

ער קלאָגט זיך עפּעס צייטנווייז,
די לונג, דאָס האַרץ... ס'איז קאַליע דאָרט
דאָס גאַנצע, גאַנצע אינגעווייד,
צערעדט ער זיך — צעהוסט ער זיך,
און דאָרט, און דאָרט, און דאָרט...

# מרדכי

(אַ פּורים'דיקער פּעליעטאָן)

איך קאָן אים פון אַמאָל, אמאָל,
פון חדר נאָך פון אָרימען;
באַקאַנט האָט מיך מיט מרדכי'ן נאָך
מיין רבי חייקיל דן.

אַ קורץ, און אָרים אידעלע,
אַ קליין געל, בערדעלע,
ער האָט זיך זיינס אַ קלייטעלע,
ער קויפט, פאַרקויפט און בייט.

בעת ער האָט אונז זינגענדיק,
פאַמעלעך און בנעימות'דיק
דערציילט פון אחשורוש'ן
און פון זיין גרויסן טראָן.

און מאָטל שרה־חנה'לעס
איז שטענדיק עפּעס אומעטיק,
ער שטייט זיך ביי זיין קלייטעלע
פאַרזאָרגט און ווי פאַרשמאַכט.

און מרדכי האָט זיך אויסמאָלט
ביי מיר אין קינדערש מוח'ל
ווי מאָטל שרה חנה'לעס,
וואָס וואוינט פון אונז ניט ווייט:

אָן אַנדערס מאָל דערזע איך אים,
דאָס היטל שטאַרק אַרויפגערוקט,
ער צופּט דאָס געלע בערדעלע
און קלערט עפּעס און טראַכט.

און לערנענדיק דאָס מעשה׳לע
פון ושתי׳ן, אחשורוש׳ן,
פון מרדכי׳ן און פון אסתר׳ן,
ווי ס׳האָט זיך דאָן פּאַסירט, —

האָב איך זיך מרדכי׳ן אויסגעמאָלט,
ווי מאָטל שרה־חנה׳לעס,
וואָס שטייט זיך ביי זיין מחיה׳לע
פאַר׳חושכ׳ט און פאַרשמירט.

נאָר מרדכי דער אַמאָליקער,
דערפיל איך, איז אַביסעלע
גאָר אַנדערש פון דעם היינטיקן,
פון מאָטלען וואָס איך קאָן;

ווייל יענער האָט באוואוסט געקענט
לשונות גאָר אַ זיבעציק.
אַזוי דערציילט מיין רבי מיר,
מיין רבי חייקל דן.

ער הערט דאָרט ווי עס שושקען זיך
פּאַמעלעך צוויי משרתימ׳לעך,
זיי רעדן גאָר אויף טאָטעריש,
און ער, און ער פאַרשטייט.

און גיט באַלד איבער אסתר׳ן:
„דערצייל דאָס אחשורוש׳ן,
אַז יענע, יענע חברה לייט
פאַרטראַכטן אים אַ טויט״.

און מרדכי דער אַמאָליקער
פאַרבייגט זיך גאָר פאַר קיינעם ניט,
פאַר קיינעם ניט, אַ תקיף גאָר,
ער ווייסט זיין אייגן ווערט.

אַזאַ מין שטאַרקן אויבערהאַר,
דהיינו, פאַר המנ׳ען,
ער שטייט פאַר אים קאָלטבלוטיק גאָר
און קניט ניט צו דער ערד!...

און מאָטל שרה־חנה׳לעס
דערזעענדיק אַ פּריצל
אַ קנעפּל, אַ יונישן
פאַרבייגט ער באַלד דעם קאָפּ:

„אַ פּאַנינקע, אַ האַרינקע,
אַ וואָשע בלאַגאָראָדיע!״
און ס׳ווערט פון אים אַ שמאַטקעלע
כאָטש וויש מיט אים אַ טאָפּ.

און כ׳האָב זיך דאַמאָלס אויסגעמאָלט,
ווי מאָטל שרה־חנה׳לעס
עס רייט זיך אויף אַ פערדעלע
פּאַמעלעך טריט ביי טריט.

און המן שלעפּט זיך טרויעריק
און שרייט אויס עפּעס הייזעריק
און אידן לאַכן חדוה׳דיק:
„אַ מצוה! זייער גוט!״

און מאָטל פאָרט זיך רייטנדיק
און קנייטשט זיך עפּעס שעמעוודיק
און גלעט דאָס בערדל שמייכלענדיק:
עט, שייך, מאַלע וואָס!...

כ׳לעבן, ס׳איז גאָר איבעריק,
אָן עובדא, כע, סאַ נאַרישע,
סאַ שפּילעכל, סאַ קינדערשע,
כ׳מע!... וואָס טויג דאָס?...

אין מיטן טאָג אַ העטשקען זיך!
צי האָב איך דען גאָר צייט אויף דעם?
אַ פולע קליט מיט קונים דאָרט!
איך ווער דאָך פדיון אָן!

צי קען דען עפּעס מיר פון דעם
אַריינפאַלן אין קעשענע.?..
נאָר גלאַט דער פּריץ הייסט אַזוי,
„מען מוז שוין דאָס אים טאָן!"...

און זרש די אָרורה מיינט
אַז מרדכי פירט דאָס המנ׳ען,
נו, כאַפּט זי דאָרט אַ טעפּעלע
און גיסט אויף אים מיט כעס...

דער רבי שמייכלט חנונ׳דיק,
מיר אַלע לאַכן חדוה׳דיק:
אַ יושר גדול! כאַ, כאַ, כאַ,
קרענק איר דער מרשעת!...

און כ׳האָב זיך ווייטער אויסגעמאָלט
ווי מאָטל ווערט אָן אויבערהאַר
ביים קיסר אחשורוש׳ן,
אַ גרויסער גענעראַל...

ער טראָגט שוין עפּאָליעטן אויך,
אין קנעפּלעך, אין יונישע,
און טוט שוין טובות אידעלעך,
שטעלט איין זיך פאַרן כלל.

און אידן טאַקע שעצן אים,
מען שטאָפּט אים מיט כיבודימ׳לעך
אַ פּתיחה׳לע, אַ מפטיר׳ל,
אַ מזרח־שטאָט אין שול.

און אַלע נאָר: ר׳ מאָטעלע!
וואָס זאָגט עפּעס ר׳ מאָטעלע!
און מאָטל קלייבט זיך קערבעלעך,
ער האָט שוין פיל און פיל.

און אַלע, אַלע חנפ׳ען אים:
„געזונט זאָל זיין ר׳ מאָטעלע!
אָך, שאַ, אָט גייט ר׳ מאָטעלע!"
עס קערט זיך גאָר אַ וועלט.

זיין ווייב זיצט נאָך אין קלייטעלע,
זי זאָגט אַז ס׳איז אַ מחיה׳לע,
מען טאָר דאָס ניט אַוועקוואַרפן!...
זי לייזט דאָרט הויפּנס געלט.

אַזוי — האָט זיך מיר אויסגעמאָלט —
אַזוי וואָלט זיך באַגאַנגען איצט
אין אונזער צייט אַ מאָטעלע,
וואָס האַנדלט נאָר און בייט.

נאָר ווי האָט זיך אַלץ אויפגעפירט
אַ מרדכי פון אַמאָל, אַמאָל
וואָס האָט געוואוינט אין שושן נאָך
אין יענער צייט?

צי האָט ער אויך באַגאַנגען זיך
אַזוי ווי אונזער מאָטעלע?...
אָט דאָס האָב איך פאַרגעסן גאָר
צו פרעגן חייקל דן,

בעת ער האָט אונז זינגעדיק,
פאַמעלעך און בנעימות׳דיק
דערציילט פון אחשורוש׳ן
און פון זיין גרויסן טראָן...

# פון פריזיון

אויסגעטאָן מע האָט מיך נאַקעט,
פאַר די אויגן פיל;
און געטאָן זיך האָט אַ יעדער
מיט מיין לייב אַ שפּיל.

דער געקנייפּט האָט מיר די זייטן,
און אין הארץ געקלאַפּט:
יענער האָט מיין בויך געקנאָטן
און מיין פּולס געטאַפּט.

ביז געקומען צו די אויגן, —
מיינע אויגן צוויי,
קוקן זיי אריין אַהינצו,
שפּיגלען זיך אין זיי.

מיט שפּאַקטיוון אַלץ אַזעלכע
פאַרשן זיי דאָס אויס.
זיי באַטראַכטן זיך אַ ווײַלע,
טראָגן דאַן אַרויס —

זייער אורטייל, אַז איך טויג ניט,
און אַ סוף, אַן עק!
טו איך אָן זיך, שפּילע צו זיך,
כ׳לויף אַהיים אַוועק.

צוגעלאָפן איז מיין מאַמע
מיר אַנטקעגן גיך.
אויסגעשפּרייט די דאַרע אָרעמס,
ארומגעאָרעמט מיך.

מאַמע, זאָג איך, מ׳האָט באַפרייט מיך,
כ׳טויג ניט פאַר סאָלדאַט.
קאַליע, זאָגן זיי, די אויגן
עפּעס דאָרט — ניט גלאַט.

קוקט אויף מיך די מאַמע צערטלעך
זאָגט: איך דאַנק דיר גאָט!
פריי מיין קינד איז... קאַליע אויגן,
ווײַ איז מיר, ער האָט.

אויסגעלייזט פון גרויסער קנעכטשאַפט
האָסט מיין טייער קינד.
גרויס דיין חסד...קאַליע אויגן...
ווײַ איז מיר און ווינד.

קינד מיינס, טייערס, בייגעשטאַנען
איז זכות אבות דיר.
מ׳האָט געמיט זיך... קאַליע אויגן...
ווײַ און ווינד איז מיר.

מאַמע, זאָג איך, ניט געזאָרגט זיך,
אויגן... ווייס איך וואָס.
קויפן וועל איך ברילן גוטע,
אָנטאָן אויפן נאָז.

נאָר מיין מאַמע ווישט די טרערן,
מורמלט אַלץ: מיין קינד,
אויסגעלייזט זיך... קאַליע אויגן...
ווײַ איז מיר און ווינד.

# דער צוואַנציקער

אָט זעצט זיך צו, און הערט נאָר אויס
אַ מעשה׳לע אַ שיינס.
אין קיעווער גובערניע ליגט
אַ שטעטעלע אַ קליינס.

דער „פריפעט" פליסט דאָרט שטיל פאַרביי,
באַוואַסערט גוט דעם פּלאַץ.
ס׳איז וואַסער דאָרט פאַראַן גענוג,
נאָר ברויט איז דאָרט אַ שאַץ.

ויהי היום, געקומען איז
אַן אורח אין דער שטאָט.
געבראַכט האָט יונה שמייסער אים
פון ערגעץ־וואו, און האָט

בעקומען צוואַנציק קאָפּיקעס.
אַוועקגעלאָפן שנעל
איז יונה צו זיין אידענע,
געגעבן איר אויף מעל.

געשטאַנען מאָטל סוחר איז
דאַן אומעטיק אין קלייט.
דערזען די צוואַנציק קאָפּיקעס,
האָט מאָטל זיך דערפרייט.

געכאַפּט האָט ער די פויטיקע,
אַוועקגעשיקט געשווינד
צום מלמד יוסל לעמעשקע,
שכר לימוד פאַר זיין קינד.

אַ שטאַרקע פרייד, אַ לעבנס־לוסט
האָט לעמעשקען פאַרכאַפּט.
אַזוי זיך גלאַט, גאָר אומגעריכט,
אַ צוואַנציקער דערטאַפּט!

און גראַדע דאַרף ער נויטיק דאָס,
אַוועק איז ער אויף גיך
צום שוסטער משה לאַטעניק,
פאַרריכטן זיך די שיך.

געפילט האָט משה לאַטעניק
דאַן זייער, זייער שלעכט:
ער האָט זיך גאָר שטאַרק צוגעקילט
און הוסט דורך גאַנצע נעכט.

גענומען שוין רובאַרבערום,
און צענעס און אַ שוויץ.
און ס׳העלפט אים ניט. ער הוסט און הוי
אים וואַרפט אין קעלט, אין היץ.

דערציילט דאָס האָט ער לעמעשקען,
פאַרריכט דערביי די שיך;
געכאַפּט האָט ער דעם צוואַנציקער
און איז אוועק אויף גיך.

צו עלי־בער דעם פעלדשער דאַן,
אַן עצה אים געפרעגט.
האָט עלי בער, געטאָן פאַר אים
פון אַלץ וואָס ער פאַרמעגט:

אַ טוצען באַנקעס אים געשטעלט
און בלוט אים אָפּגעצאַפּט.
און אָפּגעשפּראָכן, ביז ער האָט
דעם צוואַנציקער דערטאַפּט.

דער פעלדשער איז אַרויס אין מאַרק,
אַ פריילעכער און שטאָלץ,
און ביי סערגיי פעניאַק געקויפט
האָט ער אַ וואָגן האָלץ.

געפֿלויגן איז דער צוואַנציקער
אַזוי פון האַנט צו האַנט.
דערפרייט אַ שטאָט מיט איינוואוינער,
פאַרבעסערט יעדנס שטאַנד.

געפלויגן איז דער צוואַנציקער
אין שטעטל אַזוי לאַנג,
ביז בעני־הערש דער שניט־קרעמער
פאַרהאַלטן האָט זיין גאַנג.

ער האָט פאַר צוואַנציק קאָפּיקעס
אַ טוך צו וועם פאַרקויפט.
איז ער אַוועק אין פאָסט־קאַנטאָר
און מאַרקעס גאָר געקויפט.

און אָנגעשריבן בריוולעך צוויי
האָט ער צו זיינע זין.
זיי זיינען אין אַ וויטער לאַנד,
אין יענער לאַנד, וואוהין

די רייזע קאָסט אַ הונדערטער,
און ס'דויערט פילע טעג.
זיי ווילן זיך שוין אומקערן —
פאַרשטעלט איז זיי דער וועג...

האָט אויף די בריוולעך צוויי,
דער שניטקרעמער בעני־הערש
דעם גאַנצן, גאַנצן צוואַנציקער
גע'פטר'ט דאַן אויף זיי .

ווייל אויסגעגאָסן האָט ער דאַן
אין זיי זיין ביטער האַרץ.
דערציילט, ווי שווער דאָס לעבן איז,
ווי אויסגעצערט און שוואַרץ

די מאַמע זעט שוין אויס, ווי ער
צעבראָכן איז און שוואַך...
אל תשליכנו שטייט... הכלל,
ער בעט פון זיי איין זאַך:

צום קיסר נאָר זיך ווענדן מיט
פראָשעניעס אַ צוויי,
און אונטערטעניק בעטן אים
די זינד פאַרגעבן זיי.

און אוטערטעניק בעטן אים
צו טאָן מיט זיי גענאָד,
דערלויבן זיי צוריקקומען,
צוריק אין זייער שטאָט;

צום אַלטן טאַטן בעני־הערש,
וואָס פאַרט שוין אויך צוריק
פון וועלט־יריד... געהאַנדלט דאָרט,
אוי, האָט ער ווייניק גליק,

נאָר צרות גאַנצע פעק — און גרוי
געוואָרן אָן אַ צייט.
פאַרטריבן זיינע פייגל צוויי,
פאַרוואָרפן זייער ווייט.

פאַרמאַכט די בריוו האָט בעני־הערש,
און אָפּגעשיקט מיט גליק.
אַ קרעכץ געטאָן, און גלעזעריק
געוואָרן איז זיין בליק.

אַוועקגעגאַנגען זיינען זיך
די בריוועלעך אין וועג.
געשוואומען טעג, געשוואומען נעכט,
געקומען צו אַ ברעג.

און אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג
געבראַכט צוטראָגן זיי
האָט עמיץ אויף אַ פינטן שטאָק
צו שוואַכע אינגלעך צוויי.

געשלונגען דאָרשטיק יעדן וואָרט
פון אַלטן טאַטנס בריוו,
און אומעטיק געוואָרן שטאַרק,
די קעפּ געבויגן טיף.

און ס'האָבן זיך די אָרימע
פאַרצאַפּלט אַזש פון פרייד,
פאַרטיפט זיך אין די בריוועלעך,
געלייענט זיי שטילערהייט.

צי האָבן זיי זיך דורך די בריוו
פון צוואַנציקער דערוואוסט,
וואָס זייער טאַטע האָט צוליב זיי
געהאַט אַזאַ פאַרלוסט.

אוי, ווען ניט די בריוולעך צוויי,
ווער ווייסט ווי לאַנג, ווי לאַנג
דער צוואַנציקער אין שטעטעלע
געהאַלטן וואָלט אין גאַנג.

# מיין ערשטלינג

פון מיין יוגנט, ווי פון נעפּל
שווימט אַרויס אַ טאָג.
כ'יאָג אַהיים מיט אַלע כוחות,
און אין האַרץ איך טראָג

מאַמע, מאַמע! — רייסט אַרויס זיך
פריילעך פון מיין ברוסט. —
מאַמע, מאַמע! אָפּגעדרוקט זיך
זע נאָר — ניט געוואוסט.

גאַנצע ימים גליק און רייכטום
פון אַ העכסטן שטאַנד,
כ'האָב דאָ אָקאָרשט וואָס באַקומען,
כ'טראָג דאָס אין מיין האַנט.

כ'עפן אויף דאָס בלאַט, דערזע איך
אָפּגעדרוקט מיין שיר.
מאַמע, מאַמע, נעם אַרום מיך,
מזל טוב גיב מיר!

און דאָס האַרץ עס צאַפּלט, פלאַטערט
שטורמיש אין מיין ברוסט,
מענטש און ערד און הימל טאַנצן,
ווינקען צו מיט לוסט.

זע די גרויסע ווערטער,
זע, ווי שיין צעשטעלט.
מאַמע, מאַמע! מ'וועט דאָס לייענען
אויף דער גאַנצער וועלט.

כ'פאַל אַריין אין שטוב פאַרסאַפּעט,
שווייס פון פנים טריפט.
זיצט מיין מאַמע אין אַ ווינקל
ביי אַ זאָק פאַרטיפט.

מאַמע, מאַמע! — און מיט טרערן
פילט זיך אָן מיין בליק,
נאָר מיין מאַמע — זי פאַרשטייט ניט
וואָס באַדייט מיין גליק.

# אויפֿן אינזל

מיין יוגנט אין לוסט־רייזן האָב ניט פֿאַרבראַכט,
בלויז איין מאָל אַ וווייטע נסיעה געמאַכט,

פֿון ערגעץ געלאָפֿן...
אין ערגעץ פֿאַררייזט...

קיין וויספּעס, קיין ווילדע באַגעגנט אין וועג, —
אַ הימל אַ בלויען און וואַסער אָן ברעג.
ביז איינעם אַ אינזל געטראָפֿן צולעצט,
אין כוואַליעס באַטרונקען, מיט טרערן באַנעצט.
אַ אינזל אַ קליינער, אַ יאָמערטאָל — גרויס,
פֿאַר לעבנס געשטויסן פֿון לעבן אַרויס.

אַ תּפֿיסה איז דאָרטן אַ ברייטע געבויט
פֿאַר וואַנדערער מידע געטריבן פֿון נויט,
פֿאַר וואַגלער וואָס בעטלען אַ היים און אַ דאַך —
פֿאַר בלעטער געפּליקטע פֿון ביימער אַ סך...

די הערצער צעשראָקן, די אויגן פֿאַרשטאַרט,
ווי פֿייגל געכאַפּטע, אין שטייגן פֿאַרשפּאַרט.
עס ווערט דאָרטן יעדער צום משפּט געשטעלט:
אַוואו איז דיין כּוח, אַוואו איז דיין געלט?

און שטום און געבויגן ווי הילפֿלאָזע שאָף
דערוואַרטעט אַיעדער זיין אורטייל, זיין סוף,
דערהויבן צו ווערן צום גאָלדענעם לאַנד,
פֿאַרטריבן צו ווערן צו שפּאָט און צו שאַנד.

דעם אינזל פֿון טרערן אָט האָב איך דערגרייכט...
עס צאַפּלט דאָס האַרץ זיך, דער פּנים געבלייכט.

אַט ווער איך צום משפט צום גרויסן געשטעלט:
וואו איז דיין כוח? וואו איז דיין געלט?

אַ זינדיקער בין איך, איך האָב ניט גענוג,
און חושד מען איז מיך אין שווינדל, באַטרוג.
מע האַלט אַ באַראַטונג, מע מעסט און מע ציילט...
מיין מזל צעשפּילט זיך און כ׳ווער אויסדערוויילט.

די געטין פון פרייהייט זי שטרעקט מיר איר האַנט
און וואוינרעכט באַקום איך אין גאָלדענעם לאַנד...
און וואוינרעכט באַקום איך בלויז מיט אַ תנאי,
אויב ס׳גייט מיר כשורה, דאַן גיי איך אום פריי.

און טאָמער און טאָמער... (ווי שרעקט דער געדאַנק)
איך זאַמל קיין גאָלד ניט און שוואַך ווער, צי קראַנק,
דאַן ווער איך צום אינזל פון טרערן געבראַכט,
און ווידער אין תפיסה אין יענער פאַרמאַכט,
און ווידער צום משפט צום גרויסן געשטעלט:
וואו איז דיין כוח, וואו איז דיין געלט?

און — שווער איז דער ווייטיק, און גרויס איז די שאַנד —
פאַרטריבן דאַן ווער איך פון גאָלדענעם לאַנד...

# אויפן דעק פון שיף

אויפן דעק פון שיף „ווילהעלם"
האָב איך זי דערקענט.
בלאָסע באַקן, שוואַרצע אויגן,
שניי־ווייס קלאָרע הענט.

אין דער אונטערשטער קאַיוטע
כ׳האָב מיט איר פאַרבראַכט,
און געשלאָסן הייסע פריינטשאַפט,
אין דער שטילער נאַכט.

אינם קעסל־גאַרדן האָב איך
איר אַדיע געזאָגט.

ס׳האָט דאָס פרעמדע לאַנד פאַנאַנדער
אונז צעשיידט, פאַריאָגט.

אויף בראָדוויי זי האָב באַגעגנט,
אין אַ זיידן־קלייד.
מיט אַ שטאָלצן הערר געאָרעמט,
מיט אַ גאָלדן קייט.

אויף בראָדוויי האָב איך געוואַנדלט,
עלנט און פאַרפרעמדט;
שטום מיר האָבן אָנגעקוקט זיך,
ביידע זיך פאַרשעמט...

# ביינאַכט

איך כאַפּ זיך אויף אַמאָל ביינאַכט
און פרעג זיך, וואו איך בין.
צעמישט זיך דאָרט האָט אַלץ אין קאָפּ,
פאַרפּלאָנטערט זיך מיין זין.

וואו בין איך האַ? וואו בין איך פאָרט
אין וועלכער שטאָט און לאַנד?
צי אין דער הים, צי אין דער פרעמד
עס בליט אַצינד מיין שטאַנד?

צי ליג איך אין מיין אייגן בעט?
צי צאָל איך פון מעת־לעת?
צי בין איך אין מיין וועלדניק נאָך,
צי בין איך אין אַדעס?

נאָר באַלד אַנטפּלעקט זיך אַלץ פאַר מיר ·
דער פּלאָנטער זיך צעשליסט
דו ביסט דאָך אין אַמעריקע,
דו שוטה, וואָס דו ביסט.

יאָ, יאָ, געוויס... פאַרגעסן גאָר!
נאָר מעגלעך — ס׳איז אַ טרוים.
איז דאָ די לאַנד אַמעריקע?
עס גלויבט זיך עפּעס קוים.

אַמעריקע — ווי ווייט דאָס קלינגט,
ווי ניי עס רעדט דאָס וואָרט!
און דאָ ווי גרויז, ווי וואָכעדיק!
דאָס זעלביקע ווי דאָרט.

ניין, ניין! — יאָ, יאָ, דאָ איז דאָס לאַנד,
ס׳קאָן אַנדערש גאָר ניט זיין! —
איך גראָב אין קישן איין דעם קאָפּ
און דרימל ווידער איין.

# מיט זיך אַליין

נעכטן קום איך אַריין אין מיין צימער,
באַלד שוין אויף דער נאַכט.
צינד אָ ליכט אָן, הייב אָן שפּאַנען
הין און הער פאַרטראַכט.

שווער צו שפּאַנען אין מיין צימער,
ווייניק פּלאַץ פאַראַן.
מאָלט איך, ס׳האַלט מיט טיש און בעטל
דריי אַ האַלבן שפּאַן.

פאַלט מיר פּלוצלונג איין אַ חשק
מאַכן אַ שפּאַציר:
— האָסט אַ טאָג געהאָרעוועט שווערלעך,
גיי, געניס דאָפיר.

— שוין שפּאַצירן, נאַר דו איינער,
מוסר איך זיך אויס:
דאכט זיך, דאַרפסט דאָך בריוולעך שרייבן,
זיצן מוזט אין הויז.

— זונטיק וועל איך בריוולעך שרייבן,
זונטיק בין איך פריי.
— פאַלשע תירוצים, ניט איין זונטיק
גייט אַזוי פאַרביי.

אָבער מיד בין איך און מאַכטלאָז,
ס׳שפּאַלט זיך מיר דער קאָפּ!
— ס׳רעדט אין דיר די פוילקייט דיינע,
נאַרסט אַליין זיך אָפּ.

— כ׳וועל אין ביבליאָטעק זיך דורכגיין,
לייענען וואָס עס קלוג;
— זונטיק וועסטו ביכער לייענען,
צייט דערויף גענוג...

— גיי איך גאָר אַ האַלזטוך קויפן,
כ׳קום דאָך באַלד צוריק.
— הער, דו פוילער, זעץ צום טיש זיך,
און דיין לוסט באַזיג.

כ׳שטיי און קוק זיך אום צעטומלט,
אויפגערעגט און בייז:
ווער דאָרט זענט איר, בייזע רוחות?
שטיל זאָל זיין! איך הייס!

גייט צום טייפל, פליכט און תענוג!
ביבליאָטעק דערצו! —
כ׳פאַל אין בעט אַריין פאַרמאַטערט,
שליס די אויגן צו.

# טענות

געקומען איז חיים אַהיים פון דער אַרבעט,
אַ פאַל געטאָן מיד אויפן בעטל;
(מיר שלאָפן דאָרט ביידע, צוויי יונגע חברים,
געקומען אַהער פון איין שטעטל).

און האָט זיך צע׳טענה׳ט: דו זאָג מיר נאָר, קאָפּ־מענטש,
דעם שכל, צו וואָס דאָס אַלעס?
צו וואָס אַזאַ פלאָנטער, אַ ביטערעס לעבן
אין נויט, אין בזיונות, אין דלות?

געאַרבעט, געפּראַצעט אַ טאָג אַזוי ביטער,
געאײַלט אַלץ, געקוקט אויפן זייגער...
דערלעבט קוים, גע׳פּטר׳ט... געקומען פאַרמאַטערט,
געפאַלן אין בעט ווי אַ פּגר.

איך פרעג דיך, דו גזלן, וואָס טויג אַזאַ אומגליק?
צו וואָס זיך דאָ פּלאָגן און קרענקען
און שטופּן די טעג אָן אַ שכל, און אימער
נאָר לעכצן נאָך עפּעס און בענקען?

צו וואָס זיין פאַרשקלאָפּט דאָ, זיין קליין און געפאַלן,
צעטראָטן אַזוי ווי אַ וואָרים?
וואו שטעקט דאָ אַ שכל? איך פרעג דיך, דו קאָפּ־מענטש,
וואָס זאָגן דערויף דיינע ספרים?

איך בין אַזוי שוואַך, אַזוי קראַנק און פאַרמאַטערט,
און האָב נאָך אַזוי ווייניק יאָרן...
צו וואָס אַזאַ קייט אַזאַ לאַנגע, אַ שווערע?
צו וואָס זיינען מיר דאָ געבאָרן?

צו וואָס?... וואָס־זשע שוויגסטו? אַ מיתה משונה!
דו ווייסט ניט? נו ווער־זשע דערוואָרגן!
צום טייפל די ביכלעך, פאַרברען זיי! איך שלאָף שוין,
איך שלאָף אַזוי אָפּ אַזש ביז מאָרגן...

# פאַרלאַנגט הענט

דערוואַכט האָב איך איינמאָל אַ ווינטער פאַרטאָג,
און בין גיך אַראָפּ פון די שטיגען.
אין גאַס זיך געלאָזען, געקויפט אַ גאַזעט.
געהאַפּט האָב איך דאָרטן צו קריגען

אַ קונה אויף פראַצע, א בעלן אויף שוויס,
אַ סחורה וואָס איך האַלט אין פאַרקויפן...
צונעם איך אין איין האַנט אַזוי דעם גאַזעט
און בלאָז אין דער צווייטער אין הויפן.

איך וואַרעם זיך, הייסט דאָס, און טאַנץ צו דערביי,
ווייל קאַלט איז געווען דאַן, א מורא.
און זוך אַלץ אין „מענלעך און ווייבלעך פאַרלאַנגט",
וואו פאַדערט זיך ערגיץ מיין סחורה.

איך זוך און געפין באַלד: פאַרלאַנגט, זע איך הענט
צונייען די קנעפלעך צו הויזן".
מיין האַרץ ווערט מיט לעבנס־לוסט פול אָן אַ ברעג,
מיין וועג, זע איך, שפרייט זיך מיט רויזן.

איך קנעפּל צו האַסטיק מיין רעקל און גיי,
איך אייל זיך און אייל זיך סכנות!
אַ ווינט נאָר פאַרצוימט מיר מיט רוגזה מיין וועג,
און פייניקט מיך גאָר אָן רחמנות.

און ס׳נעמט מיך אַדורך אַזוי האַרציק דער פראָסט.
(אַ טייהול, נאָר ער קריכט צו קבצנים!)
און דרייט מיר אַן אויער, און שנאַלט מיר אין נאָז,
און קנייפּט מיך, און ברענט מיר דאָס פּנים.

איך הער זיך ניט צו דאָך און גיי מיר מיין וועג,
און זע ווי עס הייבט שוין אָן טאָגען.
ווי בלאַס ווערט דער מזרח, ווי ס׳וואַכט אויף די גאַס,
ווי ס׳האָבן שוין מענטשן אויך יאָגן.

און מיינער יאָגט אויך מיט, איך פיל אַזאַ שטאָלץ:
מיט לייטן גלייך, הייסט דאָס, פאַרנומען...

געגאַנגען. געגאַנגען אַזוי בין איך ווייט,
דערגאַנגען דאָך, ענדלעך, געקומען.

געקומען צו פּרי נאָך: ס'איז אַלעס נאָך צו,
פאַרשפּאַרט זיינען טירן און טויער.
צו פרי, נאָר עס שטייט שוין אַ בחור און וואַרט,
ער פרירט אַזש, און האַלט זיך ביים אויער.

דאָ פאלט שוין מיין מוט, מיר ווערט אַזוי קאַלט.
איך שטעל זיך פון וייטן פאַרביטערט.
מיר קוקן זיך איבער אַזוי אין דער קרום,
כמעט ווי ברוגז, צעשפּליטערט.

מיר קוקן זיך איבער, און פּלוצלונג, דערשטוינט
אַ חבר, אַן אַלטן דערקען איך.
וואָס מאַכסטו מיין גוטער, מיין האַרציקער פריינט?
וואָס מאַכסטו מיין טייערער העניך?

מיר דריקן די הענט זיך מיט ליבשאַפט און פרייד,
מיר טוליען זיך איינער צום צווייטן,
און וואַרעמער ווערט אונדז, און הימלעך, און גוט —
פאַרגעסן אַן אונזערע נויטן.

אַ צייט אַזאַ לאַנגע שוין זיך ניט געזען;
פאַרברייינגען מיר מונטער און רעדן.
באַלעבט ווערט די האַרץ דאָך די יונגע פאַרפולט
מיט ליידן אַזוי פיל און פריידן.

ווען פּלוצלונג דערהערט זיך אַ הייזעריקער פייף,
און עס עפענען ברייט זיך די טירן.
מיר ווערן צעטומלט אַ ווילע, באַרוישט,
און קאָנען פון אָרט זיך ניט רירן.

נו גיי, — זאָג איך — העניך, פאַרנעם דו דעם פּלאַץ,
און זאָל דיר, מיין חבר, באַגליקן".
„אַ ניין, — זאָגט ער, — דו גיי, ביסט עלנט, ביסט שוואַך;
די נויט וועט דיך, ברודער, דערדריקן".

— וואָס פּלוידערסטו, העניך? ביזט דען שוין אַ גביר?
אָט אויך מיר אַ לייט, אַ פֿאַרדינער!...
איך לאָז זיך אָוועקגיין. ער כאַפּט מיך ביים האַנט:
„דו זיי — שרייט ער — נאָר ניט קיין גרינער!"

„לאָז אָפּ, דו שלים־מזל!" „הער אויס מיך, דו נאַר!..."
מיר אַמפּערן זיך אַזוי ביטער,
און קריגען זיך זייער, און טענה׳ן, ביז וואַן
אַ בחור באַווייזט זיך, אַ דריטער.

אַ בחור באַווייזט זיך, אין האַנט אַ גאַזעט,
שטעלט אָפּ זיך און הערט אונדזער דבור,
און מאַכט ניט קיין שהיות, אַרויף אויף די טרעפּ.
ניטאָ אים... מיר קוקן זיך איבער.

מיר קוקן זיך איבער מיט צער, מיט פּאַרדרוס,
און קוקן אַראָפּ ווי געשמיסן,
מיר שטיין אַזוי זיך און שטיין, ביז וואַן —
מירביידע, חכמים באַשליסן,

אַרויפגיין צוזאַמען און צייגען די „הענט"
צו שפּעט אָבער קומען די קרעפּטן.
פֿאַרשוואונדן די הויזן, פֿאַרשוואַנדן די קנעפּ;
זיי האַלטן זיך שוין אין באַהעפטן...

ווי זקנים געבויגן אָן לעבן, אָן קראַפט,
ווי וואַנדערער וויטע, ווי גרים,
מיר שלעפּן צוריק זיך, פֿאַרשטויסן, פֿאַרשמאַכט,
צוויי אָרימע, בלאַסע חברים.

און ס׳הוליעט און ס׳פּייערט אַ ברענענדער פראָסט,
און האַלדזט אונדז, און שטעקט אונדז אָפּ שלום.
און עס דאַכט זיך, עס שפּאַסט פֿון אונדז ביטער די וועלט,
און עס דאַכט אונדז מיר גיין אין חלום...

# אַ שווערער אָפּמאַך

ס׳האָט געמאַכט מיט מיר אַן אָפּמאַך
אונזער גרויסע וועלט.
כ׳וועל דיר, זאָגט זי, געבן קרופּניק,
ברויט און אַ געצעלט.

און זאָלסט זיך נאָר ניט גריבלען,
ווייס איך, האַרץ, געפּיל...
איז דיר ווער אין וועג — צוטרעט אים!
הייליק איז דיין ציל:

און דו זאָלסט פאַר מיר פראַצן ביטער
אַלע דיינע טעג,
באָד אין שוויס זיך און אין טרערן
אויף דיין לעבנס־וועג.

ברויט און קראָפּניק!... האַלט דאָס טייער,
דיין געצאָלט איז גרויס, —
אוי, ווי שרעקלעך איז דער אָפּמאַך!
קוים איך האַלט דאָס אויס.

אוי, איך צאָל, איך צאָל צו טייער!
ס׳איז אַזאַ פאַרדראָס.
כ׳גיב מיין שטאָלץ, מיין קראַפט, מיין ווילען, —
און פאַרוואָס? פאַר וואָס?

# תהילים

אין אַלטן בית־מדרש זאָגט תהלים דער טאַטע,
מיט טרערן געזאַפּט איז זיין שטים.
אין שכר פון דעם תהלים ווערט אויבן גע׳חתמ׳עט
אַ קוויטל אַ גוטער פאַר אים.

אין שטאָט ביבליאָטעק, דער זון, דער סטודענט זיצט
אין תהלים אין אַלטן פאַרטאָן.
אין שכר פון דעם תהלים די „באָארד אָף רידזשענטס״
אַ פינף עס חתמ׳ט אים אָן.

# שטילע בענקשאַפט

אַ יעדן פרימאָרגען מיר איילען פאַרביי
און קוקן בגנבה זיך איבער.
אָט קומט זי אַנטקעגן, מיר גלייכן זיך אויס,
און אָט שוין מיר זיינען פאַריבער.

און קומט אָן דער ליבער און פרייער פאַרנאַכט,
איך גיי פון דער ארבעט אַ מידער.
דאַן גייט זי אַנטקעגן, איך ווייס ניט פון וואַנען,
מיר טרעפן צוזאַמען זיך ווידער.

מיר געגענען אָן זיך פרי און פאַרנאַכט;
עס פירן צונויף אונדז די וועגן.
און ס׳ווילט זיך מיר שליסן באַקאַנטשאַפט מיט איר
און שטרעקן די האַנט איר אַנטקעגן.

און ס׳ווילט זיך מיר פרעגן פון וואַנען זי קומט,
צי האָט זי אַ טאַטן און מאַמען;
דערציילן אַ שפּאַס איר, דערפרייען זי שטאַרק
און קינדעריש לאַכן צוזאַמען.

קיין העזה ניטאָ נאָר: איר שלאַנקע געשטאַלט
מיט ערנסט און גדלות באַצויגן;
און טאָמער חלילה זי ענטפערט מיר בייז,
און טאָמער זי קערט אָפּ די אויגן?...

פּאַסירט האָט, פאַרשוואונדן איז זי אויף אַמאָל, —
זייט וואָכן, חדשים פאַרשוואונדן.
געטרויערט דאָס האַרץ האָט, דערפילט אַ פאַרלוסט, —
דערפילט זיך צו איר ווי געבונדן.

ביז ווידער מיר האָבן באַגעגנט זיך צוריק,
אַמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגען,
און איבערגעקוקט זיך; דערציילט האָט איר בליק
פון טיפע יסורים און זאָרגען.

און בלאָס איז געווען איר געזיכט און באַטריבט,
איך וואָג אָבער קוים זי צו פרעגן,
און ס׳ווילט זיך מיר שליסן באַקאַנטשאַפט מיט איר,
און שטרעקן די האַנט איר אַנטקעגן...

## דער סטודענט

מיין לאַנדסמאַן, רב שלמה, וואוהין און פון וואַנען
עס שלעפּט זיך אַ איד אַזוי שפּעט ?
איז דאָרט ניט אַ ספר, חלילה, אַ טריפה׳ר
פאַרוויקלט ביי איך אין גאַזעט ?

עס שמייכלט רב שלמה, ער צערטלט זיין באָרד זיך,
פאַררויכערט און ענטפערט צולעצט :
— דער ספר הייסט „רידער"... אַ דרדקי סדור,
פון חדר דאָס קום איך אָן יעצט.

פאַרשטייסטו... ווער לאַכן... איך גיי אין די קלאַסן,
אין אָוונט מע לערנט זיך שפּראַך.
צו שפּעט זאָגסטו... אמת, נאָר אָן אַ סכנה,
אַ איד דאַרף זיך לערנען אַ סך.

דער עיקר שטודירן אַ איד דאַרף די שפּראַכן,
אין שכנות ביי יענעם... פאַרשטייסט ?
דו שלעפּסט זיך אין דירות... מע זאָגט דיר „געט־ראַ־רי !"
כדאי צו פאַרשטיין וואָס דאָס הייסט...

# בעטלער און פרינצעסין

(באַלאַדע)

הערט, איך בעט אייך, הערט אַ מעשה,
וואָס אין לעבן קאָן פּאַסירן.
(ס'איז כדאי אַזאַ פּאַסירונג
אין טעאַטער אויפצופירן).

ווי אַמאָל מיר האָבן חברה
אין קאַמפּאַניע זיך פאַרקליבן,
און געזונגען און געהוליעט,
און קאַטאָוועס פיל געטריבן.

ווען אַן אומגערעכטער אורח
איז אַריין אין סאַמע מיטן,
אונדזער פייער אויסגעלאָשן,
אונדזער שטימונג אומגעביטן;

ביז מיר זענען זיך צוגאַנגען
מיט אַן אומעט דורכגעדרינגען. —
אויסדערציילן וועל איך אייך דאָס
און באַשרייבן, און באַזינגען

ווי געטראָפן האָט צוזאַמען
זיך אַ בעטלער און פרינצעסין,
ווי דערקענט זיך האָבן ביידע,
און דערנאָך וואָס איז געוועזן.

אויף אַ פירטן שטאָק מיר האָבן,
אַ קאַמפּאַניע זיך פאַרקליבן:
זיבן אויסגעפּוצטע יונגען
מיט בריליאַנטן, מיידלעך זיבן.

און בריליאַנטן, ווייסט איר לייכטן,
שעמערירן ווי די זונען,
און אין זונשיין טוען הערצער
לוסט און לעבן זיך געפינען.

אָ, ווי גוט איז אין קאַמפּאַניע
צו פאַרגעסן זיך אַן מאָרגן,
אָן די שווערע האָרעוואַניע,
אָן די שווערע לעבנס־זאָרגען!

האָבן מיר אַזוי געשטיפט דאָרט
און גערעדט אויף אַלע שפּראַכן,
און געזונגען שיינע לידער,
און געקייקלט זיך פון לאַכן.

ס'איז די שלאַנקע, שיינע פריידל,
אויך אין אונדזער מיט געזעסן,
מאַיעסטעטיש, הויך און איידל
ווי אַ שטאָלצע קרוין־פרינצעסין.

און אַ געטלעך חן געשוועבט האָט
אויף איר יונגען ווייסן נאַקן,
אויף די רונדע, צאַרטע אָרעמס,
אויף די ליינגלעך־בלייכע באַקן.

אַזש באַצויבערט האָט זי יעדן
מיט איר רייץ און קלוגן איינפאַל
דעם אַ בליק און דעם אַ שמייכל
ווי די זון מיט אירע שטראַלן.

יעדער איינער האָט געפלייסט זיך
וואָס מער גאָלדענע שטראַלן קויפן,
מיט געזאַנג און וויץ און ליבשאַפט
און אויף יעדן קלוגסטן אופן.

גרויס איז אונדזער שפּאַס געוועזן,
ווען געשפּילט מיר האָבן „פאַנטן“,
און מיט צוגעמאַכטע אויגן
אומגעיאָגט זיך נאָך בריליאַנטן,

און דערנאָך קאָנצערט געגעבן,
דעקלאַמירט אויף אַלע שפּראַכן,
פאַרשטעלט זיך ווי אַקטיאָרן —
אַזש געקייקלט זיך פון לאַכן.

פלוצלונג... (אונדזער פרייד איז ערדיש,
בליט אַ ווייל און ווערט פאַרצערט גיך.
פּלוצלונג, פּלוצלונג... שטענדיק פּלוצלונג!...)
ס'האָט אַ קלאַפּ אין טיר דערהערט זיך

ווען מען האָט די טיר געעפנט,
האָט אַנטפּלעקט זיך פאַר די אויגן
פריער אַ קאָשיק אויסגעפלאָכטן,
און אַ איד אויך איינגעבויגן.

מיט געבעט האָט ער געשטאַמלט:
גיט אַ אידן וואָס צו לייזן.
זאָקן־בענדלעך, נאָדל פאָדים,
„אָדער שלייקעס צו די הויזן?...״

אַלע האָבן מיר צעלאַכט זיך,
און גענומען מיט אים שפּאַסן:
— איידער קנעפּלעך, נאָדל־פאָדים,
איז שוין גלייכער זיך צו קנס'ן,

— גיט אונדז רייכע, שיינע כלות!
אנשטאט פאַר אונז טליתים האַנדלען...
— אפשר האָט איר הייסע אַרבעס?
— אפשר ראָזשינקעס מיט מאַנדלען?...

מיטאַמאָל שרייט אויס אַ שטימע:
— שווייגט איר אַלע! ס'איז מיין טאַטע!
פון מיין ליבן טאַטען שפּאַט איר...
אָ, איר נאַרן, יונגע, זאַטע!... —

ס'האָט די שטאָלצע שיינע פריידל
אויסגערופן אָט די ווערטער.

ווי געשמידט געוואָרן, פּלוצלונג,
זיינען אַלע צו די ערטער.

אויך דער איד איז בלאַס געוואָרן,
אויסגעשטאַמעלט האַלב צובראָכן:
„זיי מיר מוחל, טאָכטער מיינע,
אומגעריכט אַהער פאַרקראָכן...

ניט געוואוסט אַז דו פאַרברייגגסט דאָ —
און אַהער אַריינגעקומען...
זייט מיר מוחל... — טיף געבויגן
האָט ער זיך צום טיר גענומען.

האָבן מיר פאַרצוימט דעם וועג אים
און געכאַפּט זיין סחורה קויפן:
זאָקן־בענדלעך, נאָדל־פאָדים,
קנעפּלעך, העקלעך, — פולע הויפן.

שנעל צעבליט האָט זיך דער האַנדל
אָט גענומען, אָט געגעבן...
אַזש ער מורמעלט האַלב מטושטש:
— קינדער, קינדער... זאָלט איר לעבן

קינדער, קינדער, נו, גענוג שוין,
אַלץ צו קויפן איז קיין שכל,
אומגערעכט אַהער פאַרקראָכן
מיט מיין קאָשיק — זייט מיר מוחל...

ס'האָט דער האַנדל זיך געענדיקט,
ווען זיין קויש איז לער געוואָרן...
ס'האָט זיין בליק אַרומגעוואַנדלט,
ווי אַ קינד וואָס גייט פאַרלוירן.

און געקוקט אַראָפּ פאַרזינדיקט,
איינגעהויקערט, איינגעבויגען,
און געוואונטשן אונדז אַ גוטן,
און זיך שטיל צוריגעצויגען.

דאַן אומזיסט געגאַרט מיר האָבן
אונדזער פֿייער ווידער צינדן.
אונדזער פֿרייד און הויכע שטימונג
איז פֿון אונדז אַוועק, פֿאַרשוואונדן.

ס׳האָט אַ שווערער שוואַרצער וואָלקען
אונדזער שיינע זון באַפֿאַלן,
און פֿאַרצויגן און פֿאַרבאָרגן
אירע שיינע, ליבע שטראַלן.

ס׳האָט פֿאַרשטיקט אַ טיפֿער אומעט
יעדן יובל און געלעכטער,
און געשטילט די זיסע קלאַנגען
פֿון די שיינע יונגע טעכטער

שטום מיר האָבן דורכגעקוקט זיך
ווי אין שווערן נעץ געפֿאַנגען.
שטום מיר זיינען אויפֿגעשטאַנען
און זיך איינציקווייס צוגאַנגען.

אויסגעגאַנגען איז דער פֿייער
מיט אַן אויסגאַנג, מיט אַ טריבן.
נאָדל־פֿאָדים בלויז און קנעפּלעך
זיינען מיר פֿון דאַן פֿאַרבליבן.

כ׳וועל די זאַכן טיף באַהאַלטן,
וועט דאָס אימער מיר דערמאָנען,
ווי געטאָן האָט אַ פּרינצעסין
צו אַ בעטלער זיך דערקאָנען.

## אַ זיסער חלום

אַ דרימל געכאַפּט האָט זיך יאָסל אין שאַפּ;
און ס׳האָט זיין פֿאַנטאַזיע צושפּילט זיך:
פֿערגאַנגען אין טראָגן איז זינגערס מאַשין,
געבוירן אַ סטענדל... ער פֿילט זיך

אַזוי ווי אַ קיסר... מען שטייט אַרום אים,
און איטליכער שטופּט אים אַ פּעני:
— דערלאַנגט מיר אַ בליישטיפֿט! — מיר סעלצער אַ גלאָז!
— אַ סיגאַרעט, מיסטער, פֿון יענע!...

מען רייסט אים די זייטן, ער ווערט אַזש אין כּעס,
ער עפֿנט פֿאַמעלעך די אויגן: —
אוי וויי, ס׳איז דער פֿאָרמאַן!... אים טוט אַזוי באַנג —
דער חלום, דער זיסער פֿאַרפֿלויגען...

# האַרבע ווערטער

(אַ בריוועלע אַהיים)

זיי וויסן, מיין טייערע, כ׳האָב שוין אַ וועגעלע.
(ס׳רופט זיך אַ ״פוש־קאַרט״ ביי אונז),
איך האַנדל מיט דריי־גודס, מיט חפצים אַזעלכע:
מיט „סטאָקינגס״, מיט „נעקטייס״, מיט „פינס.״

אך האָב שוין געאַרבעט אין עטלעכע שעפּער
ביי קלאָוקס, ביי ווייסטלעך, ביי פּענטס;
געלערנט זיך קאַטער, געוואָרן אַ פּיינטער,
געשטאַנען אַ פּאָר מאָל ביי סטענדס.

אַ פּאָר מאָל געוועזן אַ ווייטער אין לאָטנש רומס,
און נאָך דעם אַ ביגלער ביי וועש,
געפּרוּווט איך צו ווערן אַ קאַסטימער פּעדלער,
געהאַנדלט אויף באָרג און אויף קעש.

און ווידער גענומען זיך לערנען אָפּרייטער,
געהאָרעוועט ביטער און שווער;
געשפּאָרט אַלץ, צו קענען דיר שיקן אַ שיפסקאַרט,
אַראָפּברענגען דיך שוין אַהער.

ניטאָ אָבער, ביילע, קיין מזל, קיין ברכה,
עס איז אַ ביטערע צייט!
איך האָב שוין אַ ביזנעס, אַ פּושקאַרט, אַן אייגענס.
עס וואָלט שוין געוועזן אָלרייט.

מאַכט זיך אַ מעשה מיט לייסנס, מיט פּייפּערס:
אָט גיט מען זיי מיר און אָט ניט.
מען זאָגט, אַז איך גיכן שוין וועט מען אין גאַנצן
פאַרבאָטן צו פּעדלען אין סטריט.

איך רעכן דאַן אָנהייבן מאַכן סיגאַרלעך,
אָטענדן דערביי אויך אַ ראָוט,

און אפשר אַ פּרואוו טאָן מיין מזל גאָר ווייטער,
אַוועקפאָרן גאָר אין דער סאַוט...

זיי מוחל מיר, ביילע, איך רייד מיט דיר טערקיש,
פאַרטייטשן דאָס אַלץ איז מיר שווער,
דעם פשט פון די ווערטער וועסטו זיך דערוויסן,
ווען דו וועסט שוין קומען אַהער...

## אויף די טרעפּ

(אַ בריוול אַהיים)

דו פרעגסט מיך נאָך מיין ליבער פריינט,
ווי גייט מיר דאָ אין לאַנד
און וואָס איך טו? אַ גאָט זיי דאַנק,
גאַנץ הויך איז דאָ מיין שטאַנד.

איך וואוין אַזש אויפן פינפטן שטאָק,
איך שלעפּ זיך מיר און שלעפּ
אַרויף, אַראָפּ, איך קלעטער אַלץ
איך גיי און גיי אויף טרעפּ.

די פיס מיר מיינע ברעכן זיך
דאָס האַרץ עס שלאָגט מיט קלעפּ...
איך קלעטער זיך און קלעטער זיך
אויף הויכע, הויכע טרעפּ.

איך זע זיך אָפּט מיט אַלטער'ן,
מיט זלמן יוסי'ן אויך.
אַ ווייטע, ווייטע וועג צו זיי:
זיי וואוינען זייער הויך.

און אַלע מיר מיר אַלץ קלעטערן
אויף קרומע, שמאָלע טרעפּ,
און פינצטער איז אַרום און שוואַרץ:
מיר ברעכן שיער די קאָפּ.

דו וואונדערסט זיך, איך שרייב ניט אָפּט,
און פרעגסט, וואָס דאָס באַטייט?
די טרעפּ, די טרעפּ, דאָס קלעטערן, —
דאָס רויבט אַוועק מיין צייט.

איך אַרבעט שווער, און שוואַך בין איך,
אַז קוים קוים וואָס איך לעב:
און האָב איך ווען אַ פרייע צייט,
דאַן גיי איך אויף די טרעפּ.

אַרויס אין וואַלד, אין סטעפּ —
געדענק, מיין ליבער פריינט, געדענק,
איך גיי דאַן אויף די טרעפּ.

## אַ בריוול אַהיים

מיין ליבער פריינט מכוח דעם
וואָס איר רופט ראַסן האַס
איז שרייב איך דיר, מיר וויסן ניט
דערפון אין אונזער גאַס.

דאָ וואוינט דער ענגל, דייטש און טערק,
און מיינער — אינדערמיט.
און פעלקער פיל באַדינען מיך
אויף יעדן שריט און טריט.

דער נעגער וואַשט די טרעפּ פאַר מיר
אַוואו מיין פוס עס טרעט.
לאַנג־צעפּיגע כינעזער צוויי
דאָ וואַשן מיינע גרעט.

אַ שטאָלצער זון פון אַלטן רוים
דאָ פוצט פאַר מיר די שיך.

עס קנעט מיין טייג און באַקט מיין ברויט
אַ שלאַנקער שיינער גריך.

אַזוי מיין פריינט געוועלטיק איך
אַט דאָ אין פרייע לאַנד.
דער גוי איז דאָ מיין אונטערטאַן,
דערהויבן איז מיין שטאַנד.

כ׳האָב דינער פיל, און איך אַליין
צו איינעם בלויז איך דין.
דער סוועט־שאָפּ הייסט זיין מאַיעסטעט,
זיין וואָפן — די מאַשין.

ער האַלט מיך אָפּ פון פרי ביז שפּעט
און שאַלט אויף מיר און וואַלט.
פון זיין קאַפּריז און טיראַניי
איך ווער אַזש גרוי און אַלט.

# צו גאַסט

עס שרייבט מיר מיין טאַטע: „אין נעוויאָרק, מיין קינד,
אַ קרוב ביי אונז איז פאַראַנען.
אַן אייגענער, אייגענער גליד־שוועסטער־קינד,
דו זאָלסט זיך מיט אים דאָרט באַקאַנען!״

נו, איינמאָל אַ שבת, איך פּוץ זיך אויס שיין,
און כ׳גיי מיר פון לעבן געניסן.
איך לאָז זיך צום קרוב צום נייעם אַוועק,
באַקאַנטשאַפט מיט אים דאָרט צו שליסן.

איך האָב אים געטראָפן אין שיסל פאַרטיפט,
באַוואָפנט מיט גאָפל און מעסער.
ער האָט ניט באַמערקט מיך: געשלונגען געשמאַק,
(באַהיט זאָל מען ווערן, ס׳אַן עסער!)

נו, שטעל איך זיך פֿאַר שוין: איך בין פֿון וואָלעדניק,
אַ זון פֿון עזריאל דעם מייסטער.
באַקוקט ער אַזוי מיך פֿון אויבן אַראָפּ,
דערביי מיט אַן עפּל פֿאַרבייסט ער...

נו, שטיי איך, ער קייט זיך, מיר קוקן זיך אָן.
(אַ זעלטענער בילד פֿאַר אַ מאָלער).
ער פֿרעגט מיך: ווי לאַנג ביסטו בחור, אין לאַנד,
„שוין אָפּגעסייפֿט כאָטש אַ פּאָר דאָלער?" —

שוין עטלעכע יאָר, זאָג איך, בין איך אין לאַנד,
איך טו בלויז צום לעבן פֿאַרדינען. — —
ער שאָקלט מיט פֿאַרוואורף זיין קאָפּ און ער פֿרעגט:
ווי האָט מען קיין תּכלית אין זינען?

נו וויפֿל אַ שטייגער פֿאַרדינסטו אַ וואָך?
„אַ חשבון כדאי איז צו וויסן!" —
כ'האָב פֿיינט זאָג איך, חשבון, צום טייפֿל מיט אים!
(מיר הייבט אָן די מעשה פֿאַרדריסן).

— האָסט פֿיינט, זאָגט ער, חשבון? דו מוזט נאָך זיין גרין,
זאָלסט אימער נאָר שפּאָרן אויף שפּעטער!
— דערצייל מיר, אין וואָס זשע דיין אַרבעט באַשטייט?" —
— איך שרייב דאָ אַריין אין די בלעטער. —

אַזוי גאָר? דו שרייבסט אין די פּייפּערס אַריין?
ס'אַ טרייד, דוכט מיר, גאָר אַ געמיינער.
אַ קאָטער איז בעסער, מען מאַכט דערביי געלט,
אויף שרייבער דאָ לערנט ניט קיינער.

איצט זאָג מיר נאָר, לאַנדסמאַן — ביסטו שוין באַווייבט?
— נו, זאָג איך: ר' קרוב, אַ גוטן!
„וואַרט אויס נאָר, דו אַרבעסט פֿון שטיק צי פֿון וואָך?..."
עס קאָכן אין מיר אַלע בלוטן!

— איך אַרבעט פון שטיק, זאָג איך, כ׳האָב ניט קיין צייט,
איך טאָר דאָ איצט לענגער ניט בלייבן;
כ׳האָב אַרבעט אַ שטיקל: אַ קערל ווי איר
כדאי איז אין צייטונג באַשרייבן!...

## דער סוחר

איך קאָן דאָ אַ סוחר אַ היגן,
ער קומט ניט פון „יוראָפּ״ צופאָרן,
ניו־יאָרק איז זיין היים־שטאָט, דאָ איז ער געבאָרן,
און דאָ אויך אַ סוחר געוואָרן.

געקליידט איז ער אָרים: אין קורצינקע הייזלעך,
אין לאַנגע, אין קינדערשע זעקלעך.
זיין אויסזען — אַ קלאָר־וויס, אַ ליבלעך שמאָל פּנים,
מיט איידעלע בלייכינקע בעקלעך.

דאָס העמדל צעשפּיליעט, די אַרבל פאַרקאַטשעט,
עס גיסט אים דער שוויס פון דעם פּנים.
ער רופט אויס זיין סחורה, איז שרעקלעך פאַרהאַוועט,
און זוכט מיט די אויגן בעלנים.

ער פּעדלט מיט צאָן־העלצלעך, קוואָס און גאַזעטן,
מיט מיטלען אַנטקעגן די פליגן.
און „נאָז־טיכלעך, נאָז־טיכלעך צוויי פאַר אַ ניקל!״
הערט איר פון וויטן זיין ניגון.

ער זוכט קיין חברים. די צייט איז אים טייער.
ער האַלט זיך מיט זיי פון דער וויטן.
נאָר רירט אים אָן איינער, דאַן שטעלט ער זיך אָפּ באַלד
און שלאָגט אים אויף גיך אָן די זייטן.

און ווידער צום האַנדל, ער יאָגט זיך און האָוועט,
ער כאַפּט באַלד דעם וועג אייך פאַרלויפן,

און שטרעקט אויס אַ צאַרטע, אַ נאַקעטע הענטל
און באַט איך אָן עפּעס צו קויפן.

און קומט ער אהיים שפּעט ביינאַכט פון די „ביזנעס".
עס גייט אים אַנטקעגן די מאַמע.
„אָ, סעם, אַזוי שפּעטלעך" — זי קוקט אויף אים צעטלעך, —
„דו ביסט דאָך פאַרמאַטערט מסתמא".

זי זעצט אים אַנידער. זי שניידט אָן אַ ברויטל
און שמירט אַ פּעניץ מיט פּוטער.
ער ציילט אויס דעם פּדיון, — די איינציקע פּעניס
און גיט דאָס אַלץ איבער דער מוטער.

— איך בין אַזוי מיד, אַזוי שלעפעריק, מאַמע.
פאַרגעס ניט מיך וועקן פרימאָרגן.
איך האָב פאַרשלאָפן, די פּייפּערס פאַרשפּעטיקט,
איך מוז זיי וואָס פריער באַזאָרגן.

„פאַרגעס־זשע ניט, מאַמע!" — זי מאַכט זיין געלעגער.
ער טוט אויס די שיכלעך און זעקלעך,
און ווערט באַלד אַנטשלאָפן. זי שטייט ביי זיין בעטל
און קושט אים די בלייכינקע בעקלעך.

זי גלעט זיינע צאַרטינקע הענטלעך און מורמלט:
„מיין אוצר, מיין ליכטיקער שטערן!"
זי פּרעסט אים פאַמעלעך צום האַרצן און ס׳ווערן
פאַרפילט אירע אויגן מיט טרערן.

# ניט־ערוואַרט זיך

(באַלאַדע)

העל באַלויכטן איז דער זאַל איצט.
אויפגעראַמט און שיין,
ס'האַלט אַ זיצונג אָפּ אַ גרויסע
וואָלעדניקער פאַראיין.

קינצלער, „שטערן" אונטערהאַלטן,
פידל־שפּיל, געזאַנג;
מיט אַ ווילד התפעלות יעדן
אַפּלאָדירט מען לאַנג.

אויסגעזעצט זיך ווי מאַגנאַטן,
מיט הרחבה, זאַט,
שטאָלץ און ווירדיק אַלע ברידער
האַלטן אָפּ אַ ראַט.

אין די הערצער פליסן קוואַלן
לוסט, געווינס און פרייד,
ווייל אַ ברודער ליגט אַ קראַנקער,
עלנט שטילערהייט.

ס'ליגט אַ ברודער
קראַנק אין שפּיטאָל;
דאַרף מען מאַכן, אים צו שטיצן,
אַ קאָנצערט און באַל.

טויט־בלאַס, אויסגעצערט זיין פּנים,
ווילד און שטאַר זיין בליק.
הייבט אַ האַנט זיך, זוכט אַן אָנהאַלט
מאַכטלאָז פאַלט צוריק.

ברענגען זינגערס, ברענגען שפּילערס
הוליען, טאַנצן פיל.
לאָזן וויסן דורך די בלעטער
פון דעם גרויסן שפּיל.

און ער צאַפּלט אין קאָנוואולסיען,
קייכט זיך, אָטעמט שווער,
לעכצעט, זוכט אומזיסט אַ רעטונג, —
שוואַרץ אַרום און לער.

אָפּגערעדט, און זיך אויסגעגענעצט,
אָפּגעשטימט, — אַן עק.
און צופרידן איז זיך יעדער
צו זיין היים אַוועק.

דער קאָנצערט שוין לאַנג געענדיקט,
ס'רוישט מיט פּראַכט דער באַל.
ווילד פאַרשייטע פאַרלעך שוועבן
הין און הער אין זאַל.

ווידער איז אַ זאַל באַלויכטן
אויסגעפּוצט — ווי שיין!
ס'האָט אַ גרויסע שפּיל פאַראַנשטאַלט,
וואָלעדניקער פאַראיין.

אין די הערצער פליסן קוואַלן
לוסט, געווינס און פרייד,
ווייל אַ ברודער אין שפּיטאָל ליגט,
גוסס'ט שטילערהייט.

שניי־ווייס קלאָרע פרויען־העלזער,
ריחות פון פּערפיום,
קליידער ווייסע, ווי די וועלן,
ברויזן רעש'יק אום.

העל דער גרויסער זאַל באַלויכטן,
אויפגעראַמט און שיין.
ס'האַלט אַ זיצונג אָפּ אַ גרויסע
וואָלעדניקער פאַראיין.

אויסגעזעצט זיך ווי מאַגנאַטן
מיט הרחבה זאַט,
שטאָלץ און ווירדיק אַלע האַלטן
אַפּ אַ גרויסן ראַט.

און אַ פולמאַכט אים געגעבן —
ס'הייסט אַזאַ מין רעכט,
פאַר דעם ברודער'ס קבר זאָרגן
ס'זאָל ניט זיין פאַרשוועכט.

ניט דערוואַרט זיך האָט דער ברודער
אויף דעם גרויסן באַל.
אויסגעוועבט זיך, אויסגעשעפּט זיך
האָט זיין לעבנס-קוואַל.

טעג פאַרשוואונדן און חדשים,
ס'טוט אַ וועלט ניט שטיין.
ס'האַלט דער קאָמיטעט אין זוכן,
זוכן שוין אַ שטיין.

ניט דערהאַלטן האָט דער ברודער
ביז דער גרויסער שפּיל
מיט דער מוטער-ערד באַהעפט זיך
האָט ער אין דער שטיל.

האַנדלען דאַרף מען אַ מציאה,
ניט געאיילט און שטיל.
ס'האָבן ברידער ליב אַ חשבון,
ס'איז דאָך ניט קיין שפּיל.

ס'טייטש, אָן ברודער-הילף פאַרגאַנגען,
וואו איז דאָס געהערט?
לאַנג באַראַטן האָט זיך חברה,
ענדלעך דאָך באַקלערט.

טעג פאַרשוואוּאונדן און חדשים,
ס'טוט אַ וועלט ניט שטיין,
די מציאה שוין געהאַנדלט,
ביים גראַווירער שוין.

אַז זיין אָנדיינק זאָל געערט זיין
מיט אַ שווערן שטיין,
אַ מתנה פון זיין ליבן
וואָלעדניקער פאַראיין.

און ער קריצט און קריצט דאָרט ווערטער,
ווערטער אַזאַ סך.
אויסגעשריבן, ווי עס פירט זיך
פון אַ יעדער זאַך:

דורכגערעדט זיך, אויסגעגענעצט,
אָפּגעשטימט, — אָן עק.
און צופרידן זיינען אַלע
שלאָפן דאַן אַוועק.

ווען געבוירן, ווען געשטאָרבן,
ווען ער פאַרלאָזט,
און דעם נאָמען פון דער חברה,
ס'האָט דאָך געלט געקאָסט...

טעג פאַרשוואונדן און חדשים,
ס'טוט אַ וועלט ניט שטיין.
ס'האָט אַ קאָמיטעט דערוויילט שוין
וואָלעדניקער פאַראיין.

טעג פאַרשוואונדן און חדשים,
ס'טוט אַ וועלט ניט שטיין.
אויסגעקריצט שוין אַלע ווערטער,
פאַרטיק שוין דער שטיין.

אָנגעקומען אַלע ברידער
אויפן טויטן פעלד
און ביים יונגן ברודער׳ס קבר
זיך אַרום געשטעלט.

און געקוקט, געקוקט מיט ערפורכט,
און געגלויבט זיך קוים.
אויסגעוואַקסן אויפן קבר
איז אַ ווערבע־בוים.

ניט דערוואַרט האָט זיך דער ברודער
אויף דעם שווערן שטיין,
און געהאַט אויף אים רחמנות
האָט שוין גאָט אַליין.

ניט דערוואַרט זיך האָט דער ברודער
אויף דער גרויסער שפּיל.
אויף זיין קבר וויינט אַ ווערבע,
וויגט זיך אין דער שטיל.

ס׳האָט די ווערבע דאַן דערזען,
וולעדניקער פאַראיין.
און דערפילט זיך האָט אַ יעדער
שוואַך אַזוי און קליין.

אַלע קעפּ אַראָפּגעבויגן,
און געשוויגן שטיל.
ס׳איז די שפּיל זיי קלאָר געוואָרן —
זייער גרויסע שפּיל...

# אין ליידיקן נעסט

וואָס טראַכטן די מאַמעס און קלערן
ווען איינזאַם זיי זיצן און שטום?
ווען קינדער אין שעפער, זיי פראַצן,
און ס׳טראָגט זיך אַן אומעט אַרום?

וואָס שפּינען די מאַמעס אין מוח
ביים אייביקן שפּינען די זאָק,
ווען קינדער די כוחות פאַרקויפן
אַ גאַנצן, אַ ליכטיקן טאָג?

וואָס טרוימען די איינזאַמע שאָטנס
אין איינזאַמען שטילן געצעלט?
צי וועבן די הערצער אַ תפילה
אַ שטילע צום האַר פון דער וועלט —

פאַר כוחות פאַר יונגע, וואָס וועלקן,
פאַר לעבנס, וואָס זעען קיין טרייסט?
צי לויבן זיי אפשר זיין נאָמען
וויל נחת פון קינדער דאָס הייסט?...

# ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו זוכן אַ זון

דאָס האָט זיך געטראָפן אַ זומער פאַרנאַכט,
ניט לאַנג ערשט, מיר דאַכט פאַר אַ יאָרן;
אין עסעקס סטריט, דאַכט זיך, און אפשר אין פּיט —
זייט מוחל מיין שוואַכן זכרון.

איך בין זיך געגאַנגען פּאַמעלעך פון שאָפּ,
פאַרשמאַכט, ווי געוויינלעך, פאַרמאַטערט;
געטראַכט אַלץ פון נעכטיקן טאָג און פון היינט,
געשמייכלט צופרידן: גע׳פּטר׳ט...

און פּלוצום האָט מיר זיך פאַרוואָלט אויף דער זון
אַ קוק טאָן, צו זען איר מפּלה;
צו זען ווי זי פאַלט און זי פאַלט צו דער ערד,
ווי ס׳ענדיקט זיך דאָ איר ממשלה.

ווי אָרים, ווי שוואַך ווערט איר גאָלדענער שטראַל —
זי קאָן שוין ניט בלענדן די אויגן;
זי שעמט זיך, זי קוקט אַזוי רויט און פאַרפלאַמט,
ווי ס׳ווערט אַלץ מיט שאָטנס באַצויגן.

און נידערט אַראָפּ אַלץ, אַראָפּ צו דער ערד,
און ווערט דאָרט אין אָפּגרונט פאַרפאַלן...
— און ס׳האָט זיך פאַרוואָלט מיר דאָס אַלץ צו זען —
איך בין אויף די זאַכן אַ בעלן.

און אָפּגעשטעלט האָב איך זיך דאָרטן אין גאַס
אין מיטן געדראַנג און דעם טומל,
און צווישן אַ פּושקאַרט,און באַרעלס מיט אַש —
פאַרהויבן די אויגן צום הימל.

צום הימל... עס רעדט זיך אַזוי נאָר, איך מיין —
געקוקט האָב איך העכער און העכער;
געזען אָבער טענעמענטס, פייער „עסקייפּס״,
און שעפּער מיט פלאַטשיקע דעכער.

און דראָטן פאַרצויגן אַהין און אַהער;
אין מיטן דער גאַס אַ מודעה:
„געדיינקט אונזער יערליכען פּיקניק, געדיינקט!"
„פּראָגרעסיוו יאַנג מען און פּולנאַי"...

און צווישן דעם אַלץ אַרויסגעקוקט האָט
אַ שטיקעלע הימל אַ בלייכער.
אַ שטיקעלע הימל, אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן,
פון איר, פון דער זון, גאָר קיין זכר...

און ס'האָט מיר פאַרדראָסן די זאַך אַזוי שטאַרק:
אוי, ס'טייטש, היתכן, ניט זען
קיין ליכטיקע זון און קיין איינציקן שטראַל?!...
ווי קאָן אַזאַ זאַך גאָר געשען?

און אויסגעשטרעקט האָב איך אַלץ שטאַרקער מיין קאָפּ
און העכער די אויגן געהויבן.
נאָר דאָ האָט זיך פּלוצום געטראָפן אַזוינס,
אַזוינס וואָס ס'איז שווער גאָר צו גלויבן.

אַ שטויס האָט מיר עפּעס געגעבן אין קאָפּ,
אַ פּאַטש — אין געזיכט, אין די אויגן,
אַ קנאַל האָט דערהערט זיך, אַ שרעקלעכער קלאַפּ,
פאַרביי מיר איז עפּעס געפלויגן.

געגאַנגען הפנים איז דאָס פון דער הייך,
און איך האָב אין וועג זיך געטראָפן...
אַ נס וואָס איך האָב ניט גע'חלש'ט צום טויט,
געשטאַרקט זיך דאָס האַרץ און אַנטלאָפן...

און איך האָב מיר דאַמאָלסט געפּאַסט אַ באַשלוס:
ניט לעכצן נאָך זונשיין, נאָך שטראַלן.
ניט דאָ איז דער פּלאַץ וואו צו זוכן אַ זון —
עס קען נאָך אין קאָפּ עפּעס פאַלן...

# צוריק אַהיים

געוווג שוין — שרייט אויס משה־יאָסל, —
דאָס מוז און דאָס וועט באַלד געשען!
אַהיים וועל איך פאָרן, קיין וולעדניק,
און טאַקע נאָך שבת, איר׳ט זען. .

פאַרברענט זאָל ער ווערן, קאָלאָמבוס!
אַ טייפל געפינט אויס אַ לאַנד!
אַ גיהנום, אויף מיינע נאמנות!
עס ברענט דאָ, עס פלאַקערט אַ בראַנד!

אַהיים וועל איך פאָרן, קיין וולעדניק,
אַרויסגיין פאַמעלעך אין מאַרק,
פאַרדינען דאָרט עטלעכע גראָשן —
און גאָר ניט געהאָרעוועט שטאַרק.

און לעבן אין כבוד, אין נחת,
און האָבן אַ ווערדע ביי לייט.
אַ חשוב ביים פריץ כאַליוטין —
געהאַנדלט מיט אים אַזאַ צייט.

אַ טייערער גוי, דער כאַליוטין,
האָט ליב אָפט צו מאַכן אַ שפּאַס:
„אַט זינג" — זאָגט ער — „יאָשקע, „מה יפית" —
ער רעדט אַזוי גראָב אויפן באַס.

ער ווערט אַמאָל כלומרשט משוגע,
און הייבט אָן די פריצישע שטיק:
„פּאָשאָל וואָן, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!" —
און שיקט מיך באַלד רופן צוריק.

און קומען וועל איך אין בית מדרש,
(דאָרט ברויכט מען קיין טיקעט ביים טיר),
איך האָב דאָרט אַ שטאָט אַזש אין מזרח,
ניט וויַיט פון ר׳ סענדער דעם גביר.

און הערן בן־ציון דעם חזן —
זיין טיפן געבעט, זיין געוויין —
ער שפּרייט אויס די הענט און ער טענה׳ט,
זיין טענה קען רירן אַ שטיין.

און הערן דאָרט שלום דעם מגיד,
ער רעדט אַזוי האַרציק געטריי,
ער מאָלט אויס אַ חיבוט הקבר —
איז פּונקט ווי איר זייט דאָרט דערביי.

און ס׳וועט אַרום מיר זיך פאַרזאַמלען
אַ רעדל אין שול־הויף, אין גאַס.
און איך וועל אַ רעדט טאָן אין ענגליש:
„העללאָו!" — וועל איך זאָגן אין שפּאַס.

לײדיס און דזשענטלמען, ליסען,
איר לעבט דאָ ווי ווערים אין כריין,
און ווילד זענט איר ווי אינדיאַנער,
און ווייסט ניט וואָס גוט איז, וואָס שיין.

צי ווייסט איר, למשל, וואָס מיינט דאָס
„אַפּסטעז" און „טאָפּ פלאָר" און די „בעק"
און „לענדלאָרד" און „קאָרט" און „סיידוואָק"
און „זוכן אַ דזשאַב" און „ס׳איז סלעק"?

אַלבעטשע איר ווייסט ניט וואָס „בלאָף" איז.
און „העלפּ יורסעלף" ווייסט איר וואָס מיינט?
אוי, גרינהאָרנס, ווילדע באַרבאַרן!
„קאָלאָמבוס וואָלט אייך דאָך פאַרשטיינט".

און שטיין וועט דער עולם און טראַכטן:
„ס׳אַ מזיק! ער רעדט דאָס אַ שפּראַך!"
און איך וועל אַלץ ברייען און בריען,
אַרומריידן איטלעכע זאַך.

און „רענטן" וועל איך דאָרט אין וואָלעדניק
ביי נחום דעם שמש אַ „פלעט",
און קויפן אַ שיינע קאַנאַפּע,
און קויפן אַ הילצערנע בעט;

און הייסן מיר קאָכן אַ קרופּניק,
איך זאָג אייך, ס'אַ מאכל, אַנטיק!
אַהיים וועל איך פאָרן, קיין וואָלעדניק,
אַהיים וויל איך קומען צוריק.

## ביים אַפּשייד

ווען ענדיקן וועסטו דיין לאַנגע נסיעה,
און קומען בשלום אַהיים, —
דערצייל דאָרט פון אַלעס, דערצייל בלויז פון מיר ניט,
איך בעט דיך, מיך האַלט אין געהיים.

און וועט אויף מיר פרעגן מיין אָרימער טאַטע,
דערצייל ניט ווי ס'לעבט זיך מיר שווער;
און וועט ער דיך פרעגן וויפיל איך פאַרדין דאָ,
דערצייל אים אין רובעלס — ס'איז מער.

און וועט אויף מיר פרעגן מיין אָרימע מאַמע,
דערצייל ניט פון אַלץ וואָס דו ווייסט;
דערצייל איר, איך עס דאָ געבראָטנס און ווייצענס
זי'ט האָבן הנאה, פאַרשטייסט?

און וועט אויף מיר פרעגן מיין טייערער ברודער,
ניט זאָג אים איך בין דאָ אַליין.
דערצייל אים, מען קויפט דאָ „די ברידער", ניט טייער,
איך צאָל דאָ דערפאַר אין פאַראיין.

און וועט אויף מיר פרעגן אַ חבר אַן אַלטער,
ניט זאָג אים, מיר ווילט זיך צוריק.
דערצייל אים חידושים פון סאָבוויי. עלעקטרי.
ער'ט מיינען איך באָד זיך אין גליק.

און וועט אויף מיר פרעגן רפאל דער לערער,
ניט זאָג, כ׳האָב פאַרלאָרן מײַן וועג.
דערצייל אים, איך שרייב אין גאַזעטן. ער׳ט מיינען,
איך שווים אַזוי זיכער צום ברעג.

און וועט אויף מיר פרעגן אַ מיידל, —
נו, ווייסט דאָך שוין ווּעמען איך מיין, —
איר מעגסטו דערציילן פון אַלץ, פון אַלץ....
נאָר זי וועט ניט פרעגן, אָ ניין;

נאָר אויפהייבן וועט זי צוויי אויגן ווי קאַרשן,
אַ קוק טאָן אַ מילדן אויף דיר,
און וועט זיך פאַרשעמען, פאַרשאַרן אַ לאָקן...
נו, לאָז איר גריסן פון מיר.

געהערט האָב איך זאָגן, זי האָט שוין אַ חתן,
נו, ווינטש איך איר מזל אַ סך.
און זאָל איר ניט באַנג טאָן וואָס ז׳האָט מיך פאַרלאָזן,
ווייל אָרים בין איך אַלץ און שוואַך.

צו שוואַך צו באַשיצן איר בליענדע יוגנט
פון הונגער, פון נויט און פון קעלט.
פאַרשוואונדן די קרעפטן, דער ווילן און גלויבן,
פאַרשטעלט איז מיר אַלעס, פאַרשטעלט...

איך שיק איר צום אָנדענק פון מיר אַ פּאָרטרעטל,
גענומען געוואָרן — אין גאַס.
אַ איד איז געשטאַנען, געגאַרט נאָך אַ ניקל,
און קאַלט איז געווען דאַן און נאַס.

נו, האָב איך דערפרייט אים. ס׳אַרויס ניט געראָטן,
ס׳איז שווער גאָר צו זען מיין געשטאַלט.
אַזוי איז נאָך בעסער... זי וואָלט זיך דערשראָקן,
איך קוק אויס אַ ביסל צו אַלט...

# עס קלאַפּט

(אַ מאָנאָלאָג אין אַפּטייק)

זעט מאַכט עס געטריי, העד אַפּטייקער, און פּינקטלעך
צום גראַד... איר פאַרשטייט וואָס איך מיין.
און מאַכט דאָס וואָס שטאַרקער, איך בעט אייך, עס זאָל זיך
אין איטלעכן אבר צעגיין.

ס׳איז קאַליע מיר עפּעס אין קערפּער, ניט גוט דאָרט.
איך בין ערשט ביים דאָקטאָר געווען,
געפרעגט אים דעם שכל, וואָס ס׳פעלט מיר אויס אָטעם
און וואָס מיט מיין האַרץ איז געשען.

עס בונטעוועט זייער מיין האַרץ זיך, עס וואַרפט זיך,
אָט שפּרינגט דאָס אַרום מיט אַ האַסט,
אָט שטעלט זיך דאָס אָפּ גאָר, אָט האַמערט דאָס ווידער.
אין קאָפּ עפּעס דריקט אַזאַ לאַסט.

אַ בעלן זיין וואָלט איך נאָר וויסן, וואָס קלאַפּט דאָרט,
מיר דאַכט זיך אַ טייפל דאָרט ליגט
און רייסט פון מיר שטיקער, און האַלט איין מיין אָטעם
און דריקט מיך, — איך ווער שיר דערשטיקט.

מיך וואָלט דאָס ניט אַרן, עס קלאַפּט דאָרט? זאָל קלאַפּן...
איך האָב אָבער קינדערלעך צוויי,
צעוויינט זיך מיין גאָלדע און כאַפּט זיי צום קושן;
ס׳אַ גרויסער רחמנות אויף זיי!

צעוויינט זיך מיין גאָלדע און שיקט מיך צום דאָקטאָר.
„וואָס איזט" — זאָגט ער — אינען געשען?"
„עס קלאַפּט" — זאָג איך — „דאָקטאָר, עס קלאַפּט ווי אַ האַמער,
איך וויים ניט פון וואַנען, פון ווען".

ער הייסט מיך זיך אויסטאָן, אַרומגייין, זיך לייגן
און אָטעמען, ציילן ביז פיר.

ער שאָקלט אַזוי מיט דעם קאָפּ אַלץ און שרייבט דאָרט,
און קוקט אויפן זייגער, אויף מיר.

„זי ברויכען אין בעט זיין, מיין אָרימער יודע,
דאַן נעמען זי דאָס מעדיצין״...
געפעלט איך אַ חכם? אין בעט אַריין שלעפּן
דעם אייזן, די שער, די מאַשין?

איך פרעג אים: „הערר דאָקטאָר, וואָס איז דאָרט צעבראָכן?
וואָס שפּרינגט דאָרט אום אין מיין ברוסט?״
ער ענטפערט קיין וואָרט ניט, דערלאַנגט אַ רעצעפּט מיר,
איך שטיי צו אים צו, — ס'איז אומזיסט.

הכלל, הערר אַפּטייקער, נעמט מאַכט דאָס רעצעפּטל,
אַצינד פריער גאָט, נאָכדעם איר.
און מאַכט עס זאָל אויפהערן רייסן דאָס האַרץ זיך
און קלאַפּן און צאַפּלען אין מיר.

זאָל אויפהערן קלאַפּן! אַן ענדע זאָל נעמען,
אַן ענדע, אַהין צי אַהער!
איך צאַנק, איך גיי אויס ווי אַ גראָשענע ליכטל,
איך קען ניט, איך קען שוין ניט מער!

איך קען ניט... צוויי קינדערלעך שוואַכע... און גאָלדע —
געוועזן אַזוי שיין, אַ פּאַרשוין!
פאַרפינצטערט געוואָרן! — דאָס האַרץ ווערט צעריסן...
איך קען ניט, איך איך קען שוין ניט מיין!...

# ביינאַכט

ס׳איז נאַכט דאַן געווען, און שטיל אַלץ און שוואַרץ
פאַרפינצטערט געווען איז דער הימל.
געררוט האָט סמבטיון — גרויסער ניו־יאָרק
— געכאַפּט האָט דער טייוול אַ דרימל.

ס׳איז נאַכט דאַן געוועזן, געשטאַנען בין איך
ביים פענצטער, געקוקט אין דעם דרויסן,
און נחת געהאַט פון דעם שלום וואָס הערשט
אין קעסלגרוב דאָ, אין דעם גרויסן.

און פּלוצלונג — אַ ווילדער פאַרצווייפלונגס־געשריי
פאַרטויבט האָט די לופט — א סכנות.
אַ געוואַלד האָט דערהערט זיך פון מענטש און געפּאַר,
פון שרעק און געבעט אויף רחמנות.

אַ פייף, אַ געפּילדער, אַ קוויטש פון אַ פרוי...
און אַלץ איז געוואָרן אַנטשוויגן,
אַ שוידער מיין לייב איז אַריבער. מיט שרעק
אַראָפּ בין איך שנעל פון די שטיגן.

די גאַס איז געלעגן פאַרוויגט אין אַ טרוים,
קיין שפּור פון קיין בייזער פּאַסירונג...
און שטיל דורך און פינצטער. געוועלטיקט האָט שטאָלץ
די נאַכט אין איר שוואַרצער רעגירונג.

און האָט אַלץ פאַרשלייערט און שלום געמאַכט...
אַראָפּגעקוקט בייז האָט דער הימל
און כלומרשט גערוט האָט סמבטיון — די שטאָט —
געכאַפּט האָט די צנועה אַ דרימל...

# גערעטעניש

ווען ס׳וואָלט מיין מערכה אַ ביסל זיין בעסער,
און איך אויפן האַרצן ניט שווער, —
מיין אַלטינקן רבין, רב שלמה מאַריאַשעס,
אַראָפּברענגען וואָלט איך אַהער.

שפּאַצירט מיט אים וואָלט איך גאַנץ פרי אין באַגינען,
צום גרויסן, צום אייזערנעם בריק.
און זאָגן אים וואָלט איך: „הערט צו, רבי שלמה,
אַט וואַרפט דאָ, זייט מוחל, אַ בליק.״

ער׳ט זען אַ שוואַרצע, פיל־קעפּיקע מחנה,
ווי היישעריק טראָגט זיך פאַרביי
עס ציען זיך, ציען זיך מענטשלעכע כוואַליעס,
פאַרשווינדן און קומען אויפסניי.

ער׳ט זען ווי ס׳פּויזן אום צוגן ווי שלאַנגען,
וואַגאָנען מיט מענטשן פאַרפולט ;
פון גרויסן גערודער, פון קלאַפּן און פייפן
באַרוישט וועט ער ווערן, צעדולט.

און ער וועט מיך פרעגן צעשראָקן, צעטומלט
„וואָס טוט זיך דאָ, זאָג מיר, אין לאַנד ?
צי הערשט חס ושלום ביי אייך רעוואָלוציע ?
און ס׳פלאַקערט אויך דאָ שוין די בראַנד ? ״

און איך וועל אים ענטפערן „ניין, רבי שלמה,
עס יאָגט זיך דער עולם נאָך ברויט״ ;
פאַרוואונדערן וועט ער מסתמא און פרעגן :
צי הערשט דען ביי אייך אַזאַ נויט ?

„אַ הונגער חלילה, אַ יקרות אויף תבואה
אַז אויסשטרעקן מוז מען די האַנט ?״
און ענטפערן וועל איך : „ניין, ניין, רבי שלמה,
געראָטן איז אַלץ דאָ אין לאַנד.״

„עס יאָגט זיך דער עולם אַזוי נאָך חיונה,
און שטייך וועט ער לאַנג, לאַנג פאַרטראַכט,
און ט׳פרעגן: „מע יאָגט זיך אַזוי נאָך פרנסה
ווי חיל צערייצטע אין שלאַכט?

„ס׳איז אַלץ דאָ געטראָטן... און ס׳הערשט אַזאַ אימפעט?!
דו גיב מיר דאָס גוט צו פאַרשטייך״. —
און שוויגן דאַן וועל איך, און טראַכטן און קלערן,
דעם שכל איך ווייס ניט אַליין.

# קידוש לבנה

מיט סדורים ברייט צועפנט
קעגן שיין פון דער לבנה
זיבן אידן אויף אַ קאָרנער
טענה׳ן זיך מיט גרויס כונה:

— שלום עליכם! — עליכם שלום! —
און זיי שאָקלן זיך ווי זאַנגען,
און אַ סקול־באָי מיט אַ הינטל
איז פאַרביי דאָרט דורך געגאַנגען.

און דאָס אינגל האָט צועפנט
זיינע אויגעלעך די קלוגע:
„וואָט דהי דעוויל מאָנקען זיי דאָ?
אינדיאַנער, צי משוגע?!״

און מיט ציטער, און מיט מורא
זיין געזיכט האָט זיך פאַרצויגן:
„קרייזי מען״! — האָט ער באַשלאָסן
און אַנטלאָפן פייל פון בויגן.

# די אַלמנה

גערקלעטערט אַלץ אַרויף, אַרויף
אויף טרעפּ האָב איך אַ סך.
דערהויבן זיך, געשטיגן הויך,
געקומען אַזש צום דאַך.

מיט שטויב און קויט האָט זיך אַרויף
דער וועג געשפּרייט פאַר מיר...
איך האָב דערגרייכט, זיך אומגעקוקט,
געעפנט שטיל אַ טיר.

אַ טיפער צער, אַ קבר־רו
געשוועבט האָט דאָרט אַרום.
אַ בלאַס געשטאַלט האָט מיך באַגריסט,
האָט מיך באַגריסט, און... שטום.

מיר זיינען לאַנג געשטאַנען שטיל,
די קעפּ געבויגן טיף.
און דאַן — איך פרעג די בלאַס געשטאַלט:
„קיין וואָרט פאַר מיר? קיין בריוו?"

געזאָגט האָט זי: „אָן וואָרט, אָן בריוו
דאָס אומגליק איז געשען.
אַ, אומגעריכט, מיין ליבער פריינט,
זיין אָפּשייד איז געווען".

איך האָב פאַר איר געזוכט אַ טרייסט,
גערעדט פון „זיין", „ניט זיין";
זי האָט געזאָגט: צי קאָן אַ וואָרט
דען לינדערן מיין פּיין?

איך האָב געפרעגט: צי קאָן איך ניט,
איך זיין צו הילף מיין פריינט?
זי האָט געדאַנקט, געענטפערט: ניין,
פאַרזאָרגט בין איך שוין היינט.

דער טויט ברענגט הילף־פאַרזיכערונג
אָט דאָ אין לאַנד:
מיט טויטן־בענעפיט, מיין פריינט,
בין איך אַצינד באַקאַנט...

דאָס גאָלדן־לאַנד — מיט שטיקער גאָלד —
באַצאָלט זיין ווערט עס האָט...
איך וועל די גאָב פאַרטיילן לייט —
זיך פרייען וועט די שטאָט.

## דער „מיילעך"

רעספּעקט פאַר מיר, אידן; רעספּעקט האָט און אַכטונג!
איר זעט דאָך אַז „מיילעך" בין איך.
געפּרעסט איז דאָס סוטל און ניי איז דאָס היטל
און גלאַנציק עס זיינען די שיך.
אַ קלאָר ווייסע נאָז־טוך, אַ קראַגן, אַ האַלז־טוך, —
איך טראָג אַ מלוכה אויף זיך.

באשר איר'ט זאָגן, אַ „מיילעך" אָן מלכה...
ס'איז בלאָטע, איך קעניג אַליין;
בסוד איך דערצייל אייך: איך ליב זיך אין איינער
אַ מיידל, אַ גרויסע פּאַרשוין.
וואָלט גאָט מיר נאָר העלפן — אַ לעבן צו מאַכן,
דאַן טייל איך מיט איר זיך מיין קרוין.

באשר איר'ט זאָגן: איך גיי ניט מאַיעסטעטיש, —
דער הילוך בירושה מיר קומט.
ביים טאַטן ביי מיינעם און אויך ביי מיין זיידן
געוועז איז דער רוקן פאַרקרומט.
און האָב איך נאָר חשק, דאַן גלייך איך זיך אויס שוין.
אָט זעט איר? דאָס הערבל פאַרשוואונט.

באַשר איר'ט זאָגן, איך קאָן ניט רעגירן;
נו, ווייסט איר ניט וועמען איר קענט,
פאַרגעסט ניט, איך בין אין פאַראיין אַנשי וולעדניק
געוועזן אַ וויַיס־פּרעזידענט.
און קלעפּ האָב איך דאָרטן געכאַפּט און סטוסאַקעס;
אַ וועלט האָב איך דאַמאָלסט געבערענט.

באַשר איר'ט זאָגן, איך לייד אויפן מאָגן, —
דאָס איז פון דער מצה, ניט מער.
עס קוועטשט מיך צו אָפטמאָל אַ מין „פּעניסיטיס",
פאַרדייען דאָס עסן איז שווער.
עס זאָגט מיר דער דאָקטער: איך דאַרף אַן „אָפּערייּשען", —
און תיכף געגעזן איך ווער.

באַשר איר'ט זאָגן אַ „מיילעך" אָן חיל.
ס'איז בלאָטע, איך קעניג פאַר זיך.
וואָלט גאָט מיר נאָר העלפן געזונט און פּרנסה,
דאַן שאַף איך מיר חיל אויף גיך.
דעריבער באַפעל איך: רעספּעקט האָט און אַכטונג!
איר זעט דאָך, אַז „מיילעך" בין איך.

# אַ גרוס פון דער היים

אַ ברודערל האָב איך אויף יענער זייט ים.
ער שרייבט מיט אַ בריוו פון מיין שטעטל;
צעקנייטשט דאָס פּאַפּיר איז און אַלט. איך דערקען —
פון סידור די פּאַדערשטע בלעטל.

ער שרייבט מיר: אַ דאַנק גאָט מיר זיינען געזונט,
דאָס זעלבע פון דיר אויך צו הערן.
געזונט, נאָר די מאַמע הוסט נעבעך שטאַרק.
איך גיי נאָך אין חדר און לערן.

איך לערן איצט איוב. איך האָב דאָס ניט ליב,
דאָרט רעדט זיך נאָר עפּעס פון טויטע...
וואָס ברייעט ער איוב, אַזוינס מיט די פריינט?
וואָס פּלוידערט אליפז דער שוטה?

מיר האָבן פּאַר שבת געהאַט אַ דערשרעק:
אין גאַס איז געוואָרן אַ טומל;
פון מאַרק האָט דערהערט זיך אַ גװואַלד, אַ געלויף,
און קולות ביז זיבעטן הימל.

געקומען דער טאַטע דערשראָקן פון גאַס,
פאַרשפּאַרט האָט ער טירן און טויער.
די שטאָט האָט געציטערט, צעיושעט האָט זיך
מיקיטאַ, אַ שיכור'ער פויער.

ער האָט זיך געוואָרפן, געליאַרעמט: „זשידי!"
ביז ס'האָט זיך אין וועג אים געטראָפן
אַ קלעצל, און טראַך, טראַך! ער האָט זיך צע'דמ'ט
און דאַן ערשט געוואָרן אַנטשלאָפן.

ביי יענקל דעם בעדער האָט נעכטן געברענט,
איז ווידער געוואָרן אַן אימפּעט.
געדענקסטו בת־שבע דעם פּעטער רב בערס?
ניטאָ זי. געשטאָרבן אין קינדבעט.

און משה רב זלמנ׳ס געדענקסטו? מען זאָגט
זיין זון האָט מען ערגעץ דערשאָסן...
געווען אַזאַ וואוילער, אַ טייערער יונג!
אַ רציחה! ס׳האָט יעדן פאַרדראָסן.

געקומען ניט לאַנג אַן אינספעקטאָר אין שטאָט.
אוי ווי איז געוואָרן אַ מהומה!
שטראָפירט האָט ער יעדן. באַצאָלט אויך אַ שטראָף
האָט זלאָטע, די אָרימע מומע.

עס דאַרף שוין אין גיכן דער פּריזיוו דאָ זיין,
עס פאַסטן שוין חברה תעניתים.
מען שלאָפט שוין קיין נעכט ניט, מען פּייניקט זיך שטאַרק,
זיי קוקן שוין אויס ווי די מתים.

און איך וועל דאָך אויך שטיין צום פּריזיוו אַמאָל,
באַקלער איך דאָס — טו איך אַ ציטער.
גיין דינען איוואַנען? פאַרוואָס און פאַר ווען?
אַ, דינען זאָל אים דער ניט־גוטער!...

מען זאָגט, אַז אַמעריקע ווייס ניט דערפון;
מען נעמט ניט ביי איך קיין סאָלדאָטן.
איר קלייבט אויס אַ קיסר און וואַרפט אים אַראָפּ —
איך האָב דאָס געהערט פון דעם טאָטן.

מיין טייערער ברודער, זע נעם אונז צו זיך.
מיר זיינען דאָ זייער דערשלאָגן.
אוי, ס׳איז אַזוי אומעטיק דאָ אין דער היים!
איך קען דיר אַזוי פיל ניט זאָגן.

עס שלאָפן שוין אַלע, ס׳איז שפּעט אין דער נאַכט.
ס׳איז צייט שוין דאָס בריוול צו שליסן.
מיין טייערער ברודער, געזונט זיי און שטאַרק,
עס לאָזן דיר אַלע אויך גריסן.

# מײַן לופט־רײזע

אוי, אידן סאַ מעשים איך װאָלט דאָס צעאַרבעט,
אַ לופט־שיף װען גאָט מיר באַשערט!
גלײַך זעץ איך אַרײַן דאָרט מײַן פעטער נחמיה׳ן,
(פאַרלאָזן דאָס לאַנד ער באַגערט).

און ברענגען איך װאָלט אים צוריק אין זײַן װאָלעדניק,
אין שטאָט־מאַרק איך װאָלט אים געשטעלט,
ניט װײַט איז דער הקדש, די טאַקסע, די מקוה —
און גײ זיך װאוהין דיר געפעלט.

און כ׳װאָלט דאַן מײַן שלומה׳קען, מײַן קלײנינקן ברודער
פון חדר פון ענגן באַפרײַט,
איך װאָלט אים געטראָגן דורך ים און יבשה,
געפלױגן מיר װאָלטן פאַרשײַט.

ביז ברענגען אים װאָלט איך אין דער מדינה,
אין פרײַהײַט דערציען זײַן גײַסט.
און זאָל זיך זײַן רוקן, װי מײַנער, ניט בױגן —
זײַן יוגנט — ניט װערן פאַרגרײַזט.

גענומען דאַן װאָלט איך מײַן חבר, מײַן מאָטלען,
און װידער אין לופטן געשװעבט.
געטראָגן איך װאָלט אים אין דענװער, קאָל׳ראַדאָ
פון לאַנג שױן אַהינצו ער שטרעבט.

װײַל ס׳ראָט אים דער דאָקטאָר אָט דאָרטן צו װאױנען,
ס׳אַ גרױסע רפואה צום הוסט.
נאָר װײַט איז אין דענװער — פון װאָלעדניק נאָך װײַטער,
דער טאַש אָבער, מאָטעלס, איז פוסט.

דאַן װאָלט איך פאַרדרײען דעם דישל און פליען
אין קאַלטן, אין װײַטן סיביר.
געפאַנגען איז דאָרטן אַ בחור, אַ חתן,
פאַרנומען איך װאָלט אים צו מיר.

און וואָלט אים געטראָגן דורך וועלדער, מדבריות,
אין בראָנזוויל, אין אידישן רייך;
און ביילקען, מיין שוועסטער, זיין האַרצנס־געליבטע,
פאַרנעמען איך וואָלט שוין צוגלייך.

דאַן וואָלט איך מיין זיידן, מיין אַלטן, פאַרבעטן,
געפירט אים — צום הייליקן לאַנד;
וואו אייגנס מיר האָבן אַ קבר, אַ חלוקה,
אַן אַלטע צעבראָכענע וואַנט...

אין לופט־שיף צעטראָגן אַזוי כ׳וואָלט דעם עולם,
אַ יעדן געבראַכט אין זיין פּלאַץ —
אַן אַנשטאַלט פאַר צדקה מיין שיפל וואָלט ווערן,
אַ ברכה פאַר לייטן, אַ שאַץ!

און ענדיקן וואָלט איך מיין ערדישע שליחות —
פאַרלאָזן דעם ערדישן תהום;
פאַרלאָזן די סביבה פון וולעדניק און בראָנזוויל,
און ענדלעך — פאַרשווינדן אין רוים...

# אויף אַ מאַמעס קבר

1

## קדיש

כ׳האָב אַ בריוועלע אַ קליינעם
פון דער היים געקראָגן.
ס׳האָט אַ נאָכריכט גאָר אַ קורצע
מיר געבראַכט צוטראָגן.

בלויז איין איינציק שורה דאָרטן
איז געווען געשריבן:
„קינד, זאָג קדיש, אָן אַ מאַמע
ביסטו היינט פאַרבליבן.״

ס׳האָט אַ שלאָג געטאָן אין הארצן
מיר אַ שמערץ אַ הייסער.
כ׳האָב דערפילט זיך איינזאַם פּלוצלונג,
אויף דער וועלט דער גרויסער.

ווייניק נחת, מאַמע מיינע,
האָב איך דיר געגעבן.
ניט געקאָנט האָב איך פאַרזיסן
דיר דיין שווערן לעבן.

אָרים בין איך מאַמע מיינע,
כ׳וואָלט אַ קדיש זאָגן, —
האָט דאָס לעבן יעדע קדושה
אין מיין האַרץ דערשלאָגן...

2

## די צוואה

ס׳האָט מיין מאַמע זיי באַפוילן
מיר אַזוי צו זאָגן:
זאָלסט, מיין קינד, נאָך מיר ניט וויינען,
זאָלסט מיך ניט באַקלאָגן.

ווייל איך וועל דיך ניט פאַרלאָזן,
כ׳צי זיך נאָר אַריבער
פון איין דירה אין אַ צווייטער...
ווין זשע ניט מיין ליבער.

צום באַשעפער וועל איך קומען,
פאַר זיין שטול זיך קניען,
כ׳וועל צו אים די הענט פאַרשפּרייטן —
כ׳וועל פאַר דיר זיך מיען,

אויסדערציילן פון דיין מזל,
פון דיין שטאַנד דיין שווערן,
פון דיין כשר האַרץ און זעלע
אָנגעזאַפּט מיט טרערן...

הייליק, הייליק אין דיין צוזאָג
ליבע, גוטע מאַמע.
טוסט זיך נעבעך דאָרטן מיען, —
נאָר — אומזיסט מסתמא...

# אַ בשורה

פיל געליבטער, טרייער פאָטער,
כ׳קום א בשורה אָנצוזאָגן:
איך, דיין זון אברהם׳ל, האָב שוין
דאָ א בירגער־ראַנג געקראָגן.

יע, אָ שטאָלצער בירגער בין איך,
טאָקע רוזוועלט׳ס אָ רב קרוב!
זאָל מיך עמיץ נאָר אָנרירן, —
וועט די וועלט באַלד ווערן חרב.

וואָס־זשע קרעכצסטו, טאַטע גוטער?
און וואָס וואָלקענט זיך דיין שטערן?
באַשר זון און פאָטער מוזן
אייביק שוין פארפרעמטע ווערן?

באשר זלמן איז אין לעמבערג,
נחמן איז אין אַרגענטינע?
דיינע קינדער איינזאַם בלאָנדזשען
דורך אָ יעטווידער מדינה?

גרויס זיך, גרויס זיך, ליבער פאָטער,
שטאָלץ באַטראַכט דיין מזל־ברכה:
דיינע קינדער זיינען בירגער
פון דער גאַנצער וועלט־משפחה...

# נאָך דער אַרבעט

געענדיקט די אַרבייט, די שווערע, פון טאָג.
נו, לאָז איך מיר וואויל גיין אָ ביסל.
איך עפן די צייטונג און לייען מיר די נייס:
דערוואָרגט זיך צום טויט מיט אָ ניסל! ...

פאַלט אונטער די רעדער... צומאַלן אין דרויב...
געשענדעט אין וואַלד פון באַנדיטן...
פאַרגיפטעט די קינדער, פאַראורטיילט צום טויט...
אַן אַדער זיך איבערגעשניטן...

צושאָסן, צוריסן, געשענדעט, פאַרברענט...
געשפרונגען פון דאַך, פון די שטיגן...

— — — — — — — — — — — — — — —

געענדיקט די אַרבייט נו, רוה איך זיך אָפּ,
און שעפּ פון דער וועלט פאַרגעניגן...

# קויפט אַ פּייפּער

קויפט אַ פּייפּער ליבע אידן,
ערשט אַרויס פון דרוק,
גיט צו לייזן פּאָר אַ פּייפּער —
זעט נאָר טוט אַ קוק.

וואָס עס טוט זיך, וואָס עס הערט זיך,
נייעס פון אַלע שטעט;
זעט די גרויסע ווערטער „בלוט פליסט",
„שוואַרצע מאה", זעט!

ס'איז פון דאָרטן, ווײַ געשריען,
ס'איז פון יענעם לאַנד,
וואו פון בלוט איז רויט דער הימל,
וואו עס הערשט די בראַנד;

וואו עס פלאַקערט ווי א גיהנום,
וואו עס ברענט און קנאַלט;
וואו עס הערשט דורך אימת־מות
און דער טייוול שאַלט.

וואו עס פליהען הייסע קוילן,
באָמבעס אַלערליי;
וואו עס שפּאַלטן זיך די הימלען,
פון דעם גוואַלד־געשריי.

אוי, איך קום דאָך ערשט פון דאָרטן —
ס'איז מיין היים געווען.
כ'האָב געלעבט דאָרט שיין און עהרליך,
כ'האָב אויך גוטס געזען.

כ'האָב פאַרמאָגט אַ קראָם, אַ הייזל
און אַ גאָרטן אויך,
און אַ שטאָל, א קו, אַ ווירטשאַפט.
וויי מיר, ווי אַ רויך

איז דאָס אַלץ פאַרשוואונדן פּלוצלונג
אין אַ שיינעם טאָג;
און פאַרפאַקט איז מיין בן יחיד
ערגעץ אין אַ אָסטראָג.

אוי, איך קאָן ניט אַלץ דערציילן,
כ'האָב זיך דאָ פאַרעדט.
דאָ אין פּייפּער שטייט באַשריבן —
גרויסע ווערטער. זעט:

„שוואַרצע מאה סטראַשעט", „בלוט פליסט",
„תליות", טוט אַ קוק.
זעט די בשורות!... קויפט אַ פּייפּער,
ערשט אַרויס פון דרוק.

# מענדיל בייליס

(דער קרבן פון קיעווער עלילת דם)

אויסדערוויילט איז מענדיל בייליס
פון דער אויסדערוויילטער אומה.
אויפ'ן האַלז אַ שטריק געצויגן,
קייטן קלינגען... אַנגסטן שטומע!..
קייטן קלינגען,
טרערן זידן!..
אַ, דאָס שטערט ניט
אייער פרידן!..
„האַ, וואָס — מענדיל?.. ווער איז מענדיל? —

וואו זשע האַלטן מיר אין ציילונג?
יא, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.
אַלע, אַלע, קומט אַהערצו,
קומט אַהערצו און באַוואונדערט: —
רענטגען־שטראַלן,
ראַדיום־בליצן,
נייע זונען
פונקען שפּריצן,
העל באַלויכטן יעדעס זעמדיל,
אַלע, אַלע — אויסער מענדיל.
מענדיל בייליס, — ??????

ער ווערט איצט נאָך אַלץ באַשולדיקט
ווי אין דעם גרויען מיטל־אַלטער:
כריסטוס קינדער אַלץ באַפאַלט ער.
מיט אַ שאַרפן, שאַרפן חלף
שעכט און פּייניקט,
בויערט לעכער,
צאַפּט אַן בלוט
אין קדוש בעכער,
טוט אין מצות דאָס פאַרקנעטן,
טוט זיין האַס און הונגער זעטן!..

מענדיל ביילִיס, — אייביק לעבט ער . . .

ליגט אין שווערע שטריק געבונדן,
אויף דער נאַסער ערד געוואָרפן,
אויסקיילט אין טיפע וואונדן.
צוגעריכט שוין
די עקדה!..
— מענדיל ביילִיס,
זיי זיך מודה!
— מענדיל, טו דיין זינד דערקענען,
זעסטו ניט דאָס פייער ברענען?..

שטאַרק דאָס האַרץ איז פון דעם זינדער,
קיין חרטה און באַקערונג!
שוין ניט וויט די פייער־צונגען,
פלאַמען ברויזן מיט צושטערונג.
צוגעריכט
דער אַלטער סדר...

— — — — — — — — — — — — — —

פאַלט אין שטויב,
צורייסט די קליידער,
רופט די הימלען צו רחמנות —
באַלד קומט דער מענדיל ביילִיס תענית! . .

# דעם שכל

מיט די ביקסן צילן מיר זיך,
צילן מיר זיך ווייט.
אונז געשיקט אַהערצו האָבן
דאָך די גרעסטע לייט.

מיט האַרמאַטן טרייבן מיר זיך,
טרייבן מיר זיך לאַנג.
גרויסע לייט דעם תכלית ווייסן,
ווייזן אונז דעם גאַנג.

שטעלן אויס אונז גלייך אין רייען,
און באַפעלן: שטיל!
גרויסע לייט נישקשה פירן,
פירן צו אַ ציל.

זיי פאַרזאָגן: אָהן רחמנות;
שניידן זיך אין בלוט! —
גרויסע לייט מסתמא ווייסן
אַז אַזוי איז גוט.

קוק איך אָן דעם בייזן שונא,
דוכט מיר, שטילע לייט.
אויסגעפייניקט, נעביך אַלע,
פון דער ווייטער ווייט.

נאָר די מענשהייט רופט צו הילף מיך,
טאָן וואָס גוט און וואויל.
מאַך איך צו די אויגן מיינע
און שיס אויס אַ קויל.

און איך שיס אין שונא נעביך:
איינס און צוויי און דריי.
ווי דער דין איז, — אָהן רחמנות —
בין דער מענשהייט טריי...

נאָר דער בידנער שונא ווייסט ניט —
ס'איז צום וואויל און גליק.
נידערטרעכטיק הויבט זיין וואפן
און שיסט אָפּ צוריק.

שיסט צוריק מיר טיף אין האַרצן.
באָדט מיך אָפּ אין בלוט...
גרויסע לייט מסתמא ווייסן
אַז אַזוי איז גוט. —

## סטייטש! סטייטש!

— פאַר וועלכער מדינה, זאָג, בעטסטו צו גאָט
אַ זיגרייכן קוויטל צו קריגן?
— איך בעט ניט פאַר קיינעם, פאַר קיינעם, מיין פריינט;
איך האָב ניט פאַר וועמען זיך מיהען.

— סטייטש! האָסטו דען ערגעץ קיין היים און קיין לאַנד?
ביזטו אין די וואָלקנס געבוירן?
— געהאַט האָב איך ערגעץ אַ היים און אַ לאַנד,
איך האָב דאָס שוין לאַנג, לאַנג פאַרלוירן.

— סטייטש! האָסטו ניט ערגעץ קיין ברודער און פריינט
צווישן די גרויסע אַרמייען,
— איך האָב דאָרט אַ ברודער, אַ ברודער, מיין פריינט:
ער קעמפט אין די פאָדערשטע רייען.

— סטייטש! איז דיר דאָס וואוילזיין פון ברודער ניט ליב?
צו קעמפט ער ניט דאָרט עפּעס אויס זיך?
— ער קעמפט ניט מיין ברודער זיין וואוילזיין דאָרט אויס,
ער באָדט זיך אין בלוט גלאַט אַזוי זיך.

— סטייטש! איז ער א גזלן, אַזאַ מין וואַמפּיר
וואָס טוט זיך מענשן בלוט נערן?
— ער איז ניט קיין גזלן, ער באָדט זיך אין בלוט,
באָדט זיך אין האַרצן מיט טרערן...

# ליטעראַטור

מיר האָט זיך געחלומ׳ט אַ רוישנדע גאַס
איך איַיל זיך פון ערגעץ אַ מידער.
איך איַיל זיך, די כוחות זיי גייען מיר אויס,
און פּלוצלונג, איך פאַל דאָרט אַנידער.

פיל אַנגסטלעכע בליקן מיך רינגלען אַרום:
— אַ קרבן געפאַלן אַ יונגער.
— פון ליידן מסתמא געפּלאַצט האָט זיין האַרץ!
— און אפשר געפאַלן פון הונגער.

עס בויגן צו מיר זיך צוויי קרעפּטיקע הענט,
די הענט אין די טאַשן זיי גראַבן,
אָט ציען פון דאָרט זיי אַ בריוול אַרויס,
דערוואוסט זיך מיין נאָמען זיי האָבן.

עס לייענט דער עולם דאָס בריוול אַדורך,
דאָס איז פון רעדאַקטאָר געשריבן:
איך דאַנק איַיך, קאָלעגע... איך דריק איַיך די האַנט...
איך טו ווי מיין לעבן איַיך ליבן...

און ס׳לויפט אַ שליח מיט אימפּעט אַוועק
און גיט דעם רעדאַקטאָר צו וויסן:
עס האָט אייער ליבלינג אַן אומגליק פּאַסירט,
עס האָט אים דאָס האַרץ זיך צעריסן.

אים ברענגען צו קבורה — איר ווענדט זיך צו זיי,
צו זיינע חברים, די שרייבער.
אַ, איינס פאַר דעם צווייטן, זיי וואָלטן געוויס
געשניטן אויף שטיקער די לייבער.

און ס׳איַילט זיך וואָס גיכער דער שליח אַוועק,
און גיט מיין קאָלעגע צו וויסן:
ס׳האָט אייער חבר אַן אומגליק פּאַסירט,
עס האָט אים דאָס האַרץ זיך צעריסן.

אַ זופּ טוט מיין חבר פון טיי־גלאָז און זאָגט:
צעריסן דאָס האַרץ — איז אַ שכל.
פאַרצייכנט דערביי זיך אין ביכל אַ וויץ,
פאַררויכעט און זאָגט מיט אַ שמייכל:

צו קבורה אים ברענגען איך האַלט ניט דערפון,
אַ קבר זיין האַר וועט אים געבן.
עס האָט דאָך דער שוטה, דער נפטר, פאַר אים
אַ קרבן געבראַכט אים זיין גאַנץ לעבן.

און ס׳לויפט דער שליח אַוועק צו מיין האַר,
און גיט אים פון אַלץ צו וויסן.
עס האָט אייער פועל אַן אומגליק פּאַסירט,
עס האָט אים דאָס האַרץ זיך צעריסן.

אַ בייזער. דערצאָרנט עס שרייט אויס דאָן מיין האַר:
אָ, כאַפּט זיי דער טייפל, די יונגען.
אָט ערשט דעם לאָ־יוצלח געשיקט כ׳האָב אַ גאַנג,
און שוין אים דאָס האַרץ איז צעשפּרונגען.

צו קבורה אים ברענגען דאָס האָט ניט צו מיר,
דערויף זאָל זיין ווירטין זיך קליגן:
זי פלעגט אים אי שפּייזן, אי בעטן די בעט,
זאָל זי אים אין קבר פאַרוויגן.

און ס׳איילט דער שליח מיט אימפּעט אַוועק
און גיט שוין מיין ווירטין צו וויסן:
עס האָט אייער קעסט־קינד אַן אומגליק פּאַסירט,
עס האָט אים דאָס האַרץ זיך צעריסן.

דערשלאָגן, צעטראָגן מיין ווירטין בלייבט שטיין,
פאַרברעכט מיט די פינגער מיט אירע:
אוי ווי איז מיין מזל, אוי ווי איז מיין וועלט!
עס קומט מיר אַזוי פיל פאַר דירה!

אַוואו אַ שלים־מזל מיך מיידט דאָס ניט אויס.
אוי, וויסט איז מיין לעבן און אָרים!

צי זאָל איך די קינדער פאַרזאָרגן מיט ברויט,
צי פרעמדע נפשות — מיט קברים?...
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, פאַלש איז דער חלום און שטיפעריש ווילד!
דאָס קאָן בלויז אין דמיון זיך וועבן.
צי וועלן זיי געבן מיר וואוילטאָג, צי פרייד, —
אַ קבר זיי וועלן דאָך געבן!...

## צו די אַנטלאָפענע

אין אַ ווינקל פון בית מדרש
האָסטו, פרוש, זיך פאַרבאָרגן;
אָפּגעטאָן פון זיך די לאַסטן
פון נסיונות און פון זאָרגן.

אין די הויכע מאָנאַסטירן
האָט איר, נאָנעס, זיך פאַרזיגלט;
פון דעם לעבן׳ס צער און צאָרן
האָט איר פעסט די טיר פאַרריגעלט.

פון דעם שלאַכט־פעלד זיינט איר, חברה,
ווי די האָזן, זיך צופלויגן.
וואָס זשע זינגט איר, שפרינגט איר „קדוש״?
וואָס זשע גלאָצט איר פרום די אויגן?

יאָ, די שלאַכט איז הייס, סכנות,
טייכן בלוט די ערד צושפּאַלטן.
יאָ, מיר פאַלן, פאַלן זינדיק,
און איר הייליק ליגט — באַהאַלטן.

און איר הייליק שטייט פון ווייטן,
אָפּגעדאַוונט, אויסגעשלאָפן...
איר, אַנטלאָפענע סאָלדאַטן,
קערט זיך אום, ווייל גאָט וועט שטראָפן.

# ווען איך עפן אויף דאָס פענצטער

ווען איך עפן אויף דאָס פענצטער,
רוישט די וועלט צו מיר אַריין;
שפּילט קאָנצערט אויף אַלע כלים,
שאַלט פון פרייד און שרייט פון פּיין.

אונטן — „חוה, אוי וויי, חוה!"
ווייך־געצויגן פון קלאַוויר.
אויבן — הייזעריקע שטימען:
„אוי, אַז אַך און וויי איז מיר..."

ערגעץ קייקלט זיך געלעכטער
מיט געזאַנג און בראַוואָ־פּליעסק.
ערגעץ קריגן מאַן און ווייב זיך,
קלאָגן קינדער, הילכען פּרעסק.

אין דער מיטן איז מיין רו־פּלאַץ.
וואַנדער איך דאָרט אום אַליין.
און איך זאַפּ איין אַט די קלאַנגען
פון געלעכטער און געוויין.

אַ, די שטימען אָנגעזאַפּטע
מיט געוויין און מיט געזאַנג!
ווי זיי פליסן אין מיין האַרצן,
גיסן אויס זיך אין איין קלאַנג.

כאַפּט די קלאַנגען אויף מיין מוזע,
וועבט פון זיי איר זיידן קלייד.
גיסט צוזאַמען פרייד און יאָמער,
קניפּט צונויף געוויין און פרייד.

סאָראַ מאָדנע איז מיין מוזע,
שטיפט זיך, שפּילט זיך גאַנץ אַליין.
ווײנט זי הערט זיך אַ געלעכטער,
לאַכט זי, הערט זיך אַ געוויין.

# אין גאַס

ווי שעפּעלעך יונגע צוריק פון דער פּאַשע,
צעלויפן זיך קינדער פון קלאַס.
צעשפּרייטן זיך מונטער אין קליינע קאָמפּאַניעס,
פאַרפלייצן די אָרימע גאַס.

דערפרישט ווערט די ערד, די באַטריבטע, מיט יוגנט,
מיט אומשולד, מיט ריינקייט פון זעל.
ווי גלעקעלעך קלינגען די זאַפטיקע קול׳כלעך
פון יוגנט — אויף יעטווידן שטעל.

אָ, שטרעקט מיר, קינדערלעך, ליבע, די הענטלעך,
און נעמט מיך אַריין אין דער מיט.
און כשר׳ט מיין זעלע מיט אומשולד און פרידן, —
אָ קינדערלעך, כ׳בין אַזוי מיד.

איך קום פון די גרויסע... דאָרט הערשט אַזאַ אומעט.
און עלנט, און ביטערער צער!
עס פּלאָנטערט זיך יעדער אין נעצן פון אומרעכט;
עס טראָגט זיך אַרום דאָרט געפאַר!

אָ, כ׳האָב זיך פאַרפּלוידערט... צעבונדן דאָס פּעקל —
פאַרגעסן, עס וואַרט דאָרט אַ קונד,
אָ קינדערלעך ליבע, איך מוז גיין פאַרדינען,
אָ קינדערלעך, זייט מיר געזונט.

# זומער־לעב

ווי אַ רייכער גאַסט
מיט מתנות פיל,
קומט דער זומער אָן
מיט זיין ליכט און שפיל.

ווי אַ גאָלדנער בוך,
ער צעעפנט זיך,
ווי אַ שיינער טרוים,
ער צעוויקלט זיך.

פון דעם פעלץ אַרויס,
פון דעם ווינטער־שטויב, —
כ׳וועל זיך אויספוצן
אין מיין שענסטן קלייד

און אַרויס אין פּאַרק,
אין דעם שטאָטישן,
דאָרט דעם ליבן גאַסט
שלום אָפּגעבן.

כ׳וועל מיין הוט פאַר אים
דאָרט אַראָפּציען.
אויפן גרינעם גראָז
כ׳וועל זיך אויסציען.

וועט אַ וועכטער דאָרט
בייז באַפאַלן מיך:
שטרענג פאַרבאָטן דאָך!
(ווי דער שטייגער איז).

— אַ, גענוג דיר מענטש,
צו פאַרבאָטן אַלץ!

ס׳קומט שוין זומער־לעב!
און דו ווינטערסט נאָך...

וועט זיין שטעקן דאַן
אויף מיר פלאַטערן
און פון גרינעם גראָז
מיך אַוועק יאָגן.

וועל איך ווייטער גיין
דורכן גרינעם פעלד,
מיט דעם ליבן גאַסט
אונטערהאַלטן זיך.

אין זיין העלער ליכט
כ׳וועל זיך לייטערן,
און זיין אָטעם־צוג
אין זיך איינזאַפּן.

כ׳וועל פאַרגיין אַזוי
אויף אַ שמאָלן וועג,
צווישן שורות צוויי
הייזלעך גוי׳שע.

וועט אַ בייזער הונט
דאָרט באַפאַלן מיך.
— אַ, גענוג דיר, הונט,
לאָז פאַרביי דאָס מאָל!

זעסט דאָך, זומער־לעב,
ציט דאָס פעלד צו זיך...
נאָר דער הונט מיט ציין
וועט פאַרטרייבן מיך.

וועל איך גיין אַראָפּ,
וועל איך נידערן,
אויפן ברעג פון ים
זיך באַזונדערן.

אויפן ברעג פון ים,
אויפן זאַמד פון ברעג
ווי אַ ליבער גאַסט
אונטערהאַלטן זיך.

אויף אַן אינזל ווייט
וועל איך אַנקערן,
צווישן מענטשן־דראַנג,
צווישן שטויב און זאַמד.

וועל איך זוכן זיך
אַ באַהעלטעניש
פון אַ בייזן אויג —
און ניט אויסזוכן.

ווי דער ווילדער ים,
ברויזט דער אינזל הייס
און דער ווייסער זאַמד
שוואַרצט פון מענטשן־שוויס.

וועל איך גיין צוריק
צו דער גרויסער שטאָט,
צו מיין היים און דאַך
אויפן פערטן שטאָק.

אויף מיין אייזן־בעט
כ׳וועל זיך אויסציען,
פון דער בייזער וועלט
כ׳וועל דאָרט אויסרוען.

און פאַרטיפן זיך
אין אַ רייכן טרוים
פון אַ טיפן וואַלד
און אַ הויכן בוים.

פון אַ ברייטער פעלד,
פון מיט ליכט און פרייד,
פון דער מוטער ערד
אין איר גרינער קלייד.

צווישן ווענטלעך פיר
פון מיין צימערל
וועל איך וואוילגיין זיך,
וועל איך זומערן.

# אויפן פרייען פעלד

מיד בין איך פון שטאָט געוואָרן,
מיד און אַלט.
ז'האָט פאַרטויבט מיך מיט איר שטורעם
און איר געוואַלד.

ווי זיי פּינען, ווי זיי יאָגן
הין און הער.
שמאָל די וועג איז שווער דער גאַנג איז
אוי, ווי שווער!

שטראָמען מענטשן ציען האַסטיק
אָן אַ רו.
צו איין ביסן צוואַנציק מײַלער
פאַלן צו.

בין איך אויסן שטאָט אַנטרונען
אויפן לאַנד.
אויפן פרייען פעלד באַפּעסטיקט
כ'האָב מיין שטאַנד.

מוטער־נאַקעט שפּרייט די ערד זיך
אָן אַ צוים.
הייזלעך קליינע ווייט צעוואָרפן
פריי און גרויס.

דאָרטן האָב איך שטיל געאַנקערט
אומבאַקאַנט.
און מיט שכל כ'האָב מיין לעבן
אויסגעפּלאַנט.

ווי צו שאַפן, ווי צו שעפן
לופט און שיין,
ווי אַ קלאָרן חשבון מאַכן
מיט מיין זיין.

נאָר דער קלאָרער, קלאָרער חשבון
קוים עס שטימט.
און דער גלייכער, גלייכער שכל
איז פאַרקרימט...

אַ ווי שווער דאָ און ווי זאַמדיק
איז דער וועג.
און ווי פויל זיך ציען, ציען
דאָ די טעג!

פויל און איינזאַם ביי מיין שטיבל
שפּאַן איך אום.
דוכט מיר שטום די גאַנצע וועלט איז,
טויט און שטום.

און איך גיי אַרויס פון שטיבל
און אַריין
און איין לוח און איין זייגער
כ'קוק זיך איין...

נאָר פאַרבלאָנדזשעט ווען אַן אורח
אין מיין צעל,
ווערט מיט תענוג און מיט זונשיין
פול מיין זעל!

און איך פרעג זיך אויף דער וועלט נאָך
און איר גאַנג
אַ, ווי דאָרשטיק זאַפּט מיין אויער
יעדן קלאַנג!

נאָר פֿאַרגייט די זון, דער אורח
אויך פֿאַרגייט.
ווי איך אייפֿער צו דער שטאָט אים
שטילערהייט!

אָ, צו אים שפּרייט אויס די אָרימס
גאָר די וועלט.
און צו מיר עס בליקט אַ טויטע,
טויטע פֿעלד...

ניין, ניט דאָ, ניט דאָ געבליט האָט
ווען מיין שטאַם.
ראַשיק האָט געשטראָמט מיין יוגנט
ווי דער ים.

ס'האָט די שטאָט מיך אויסגעגאָסן
פֿון איר פֿלוס.
זאָל שוין דאָרט מיין לעבן פֿליסן
ביזן שלוס!...

# ביים האָדסאָן

ס'רוישט דער האָדסאָן, שוימט און פֿינעט,
פֿאַלט און הייבט זיך אויף —
מיט אַ קליינער שיפֿל
זיג איך דאָך דערויף.

רוישט דער האָדסאָן, שוימט און פֿינעט,
ברויזט מיט וואוטה און בראַנד —
וויל איך, גיי איך דאָרט שפּאַצירן
טיף אין וואַסערלאַנד.

אויסגעבויערט דאָרט אַ דורכגאַנג
האָב איך אין דער מיט.
און אַ בריק פֿון שטאָל און אייזן
אויפֿן גרונד געשמידט.

און די שוואַרצע כוואַליעס האָב איך
אויפֿגעמאַכט אַ טיר.
אויפֿן טיפֿן, טיפֿן אָפּגרונד
גיי איך אויף שפּאַציר.

ס'רוישט דאָס לעבן, ברויזט סכנות,
וואַרפֿט מיך אין און הער,
און אַריבער, ליבער ברודער,
איז מיר זייער שווער.

ניט קיין שיפֿל, ניט קיין רודער
איבערשווימען שטיל.
פֿון די שוואַרצע בייזע כוואַליעס
מאַך זיך ניט קיין שפּיל.

ניט פֿון אייזן דאָ קיין דורכגאַנג,
און פֿון שטאָל קיין בריק.
ווערסט אַראָפּ, אַראָפּ געטראָגן,
און קיין וועג צוריק.

ווערסט צום גרונד, צום גרונד געשטויסן,
און ווי שווער אַרויף!
פֿאַלסטו דאָ צום גרונד אַרונטער —
הייבסט זיך מער ניט אויף.

# אויף אַ דאַטשע

בערג הויכע, פלאַנצונגען, שטעכלקעס, קראַפּעווע,
גרעזלעך אָרום און אַרום.
ליג איך אין וויג־בעטל לאַנגווייליק,
וויג זיך פאַר׳חלומ׳ט און שטום.

ווערט דאָס מיר נמאס, פאַרלאָז איך דאָס וויגבעטל
צי זיך אויס הארט אויפן גראָז;
זעץ זיך אַנידער שוין, כ׳רייס אויס אַ בלעטעלע,
טראָג דאָס פּאַמעלעך צום נאָז.

נמאס מיר ווערט דאָס. צעזינג איך זיך, הייזעריק,
רייסט זיך באַלד אָפּ מיין געזאַנג;
שטיי איך אויף שלעפעריק, הייב אָן צו וואַנדערן,
כ׳שלוקערץ... און גיי מיר מיין גאַנג.

נמאס מיר ווערט דאָס. צום טייפל, ווי לאַנגווייליק!
הייב איך אָן לויפן מיט האַסט.
ביסטו פון זינען אַרונטער, דו „פלעזשערניק״?
דאַכט זיך די וועלט פון מיר שפּאַסט.

נמאס מיר ווערט דאָס. איך קוק זיך אום יאוש׳דיק,
ס׳נאָגט מיר ביים האַרץ אַ פאַרדראָס:
מענטשן פאַרלאָזן אַ פּלאַץ אַזאַ טייערן,
ווערן באַגרעזלט — צו וואָס?

כ׳קוק אויף דער ווילדערניש, כ׳קוק אַזוי אומעטיק.
ס׳ציט מיך די שטאָט און זי רופט.
פלוך אויף דער אָרדענונג דער פאַלשער, דער היינטיקער!
דאַטשעס גאָר אויסגעטראַכט, לופט!

איינזאַם דאָ בלאָנדזשע איך אום אויף די פעלזן־בערג,
כ׳זע קיין טעאַטער, קיין באַד...
פלוך אויף דער אָרדענונג דער פאַלשער, דער היינטיקער!
כ׳קער זיך צוריק אום אין שטאָט.

# זומער־לעבּ אין אַפּטייק

צעפלאַמט האָט זיך די זון גאָר הייס,
מיט היץ און ברען איז זי אַרויס,
באַגאָסן מיך מיט טייכן שווייס.
עס ברענט די לופט, איך האַלט קוים אויס.
עס ברענט אַרום מיר אַלץ און גליט,
און אין אַפּטייק עס קאָכט און זידט,
אַ גרויסער האַנדל דאָרטן בליט:

— ביטער־זאַלץ גיט מיר שוין, גיט!
— פאַר יוראָפּ מיסטער גיט אַ סטעמפּ.
מיר ריצן־אויל פאַר פינף סענט.
— וואָס איז דער מער מיט מיינע הענט?
עס רייסט אויף יעדער אַ געשוויר.
אַ פלאַסטער גיט אַ פריער מיר.

— סיי מיסטער, טוט אַט דאָ אַ שמיר,
עס האָט דער סטעמפּ זיך אָפּגעקלעפּט.
נעמט מאַכט מיר פאַרטיק מיין רעצעפּט,
אַ יעדער קרענק צו מיר זיך שלעפּט!
— אַן אַדרעס, מיסטער, שרייבט מיר אָן,
— אַ רעדט פאַר מיר אין טעלעפאָן,
— איר גיט מיר עפּעס פאַר מיין צאָן!

איך לויף אַהין איך לויף אַהער,
עס רוישט אין קאָפּ, איך אָטעם שווער
פון היץ צעשמאָלצן שיר איך ווער.
איך גיס און מיש, איך שמיר און רייב,
איך מעסט און וועג, איך פּאַק און שרייב,
און דריק, און טאַפּ און גלעט דאָס לייב
ביי יונג און אַלט, ביי מאַן און ווייב.

צעפלאַמט האָט זיך די זון גאָר הייס,
באַגאָסן מיך מיט טייכן שווייס,
און אין אַפּטייק איך האַלט קוים אויס,

דער גייט אַריין, דער גייט אַרויס,
איך לויף אַהער, איך לויף אַהין,
איך שמעלץ און קאָך די מעדיצין,
און אָט עס קלינגט: דזין־דזין, דזין־דזין!
מע רופט, דאָס הייסט, צום טעלעפאָן.
— העלאָו, העלאָו! סיי, דראַגיסמען,
דערלאַנג אַ שפרונג, רוף מיסעס קאָהן
פון פערטן פלאָר, די דריטע הויז! —

און ווידער שטיי איך שוין ביים קראַן,
און צאַפּ פון דאָרט די מעדיצין,
און כ׳מיש דאָרט אויס פון יעדן מין:
איך גיס און שיט אַריין אַהין
פּאָטייטאָ־שאָלעכץ, גראָז און ווייז,
און אויל, און אַלץ וואָס קאָן אַריין,
און כ׳טייל דערמיט אַ יעדן איין,
אַ גוטע הילף פאַר יעדער קרענק,
פאַר קייך־הוסט, קאָפּ־שמערץ און אַ לענק,
פאַר מויל און האַלז אַ גוטער שווענק,
פאַר הינער־אויגן, שמערץ־פאַרטרייב,
פאַרשטאָפּונג, בייסונג אויפן לייב,
פאַר יונג און אַלט, פאַר מאַן און ווייב.

עס רוישט אין קאָפּ, איך אָטעם שווער,
פון היץ צעשמאָלצן שיר איך ווער,
איך לויף אַהין, איך לויף אַהער.
דאָ פאַלט אַריין אַ דיקע פרוי,
די אויגן רויט, די ליפּן בלוי,
הייבט אויף אַ ווילדן געוואַלד־געשריי,
זי וועט אַזוי מיך און אַזוי,
געשיקט איר קינד צו מיר זי האָט
נאָך ריצן־אויל, ווייל ס׳האָט פאַרשאַט
דאָס בייכל אים... אַ שטאַרקער גאָט!
געבראַכט צוטראָגן האָט דאָס קליינס
אַ וואַסער עפּעס, גאָר אַזוינס,

אַ פולע פלאַש... און שיר פאַר׳סמ׳ט
זי האָט איר גאָלד, איר שטיק בריליאַנט!

— הערט אויס, מאַדאַם... — פּאַדאַמט!
זי לאָזט ניט ריידן, שילט און פלאַמט —
און פלוצלונג, הערט, זי כאַפּט די פלאַש
און טוט מיך אָט אַזוי אַ וואַש,
און גיסט מיך גאָר אינגאַנצן אָפּ...
ווערט דוקא גוט און לייכט אין קאָפּ,
איך ווער דערפרישט און קיל זיך אָפּ...

איך נייג זיך דאַן און זאָג אַזוי:
— אָ, איידעלע און גוטע פרוי,
דערפאַר וואָס איר גוטהאַרציק האָט
געטאָן מיט מיר אַזאַ גענאַד,
געגעבן מיר אַ קאַלטע באָד,
זאָל אייך דערפאַר זיין גוט און וואויל,
איך גיב אייך באַלד אָט ריצן־אויל . . .

# האַרבסט

אויס זונענשיין, אויס שטראַלן, אויס קעניגרייך־פּלאַנצן! —
צע׳הרג׳עטע ליגן די גראָזן.
עס סוד׳ען זיך אומעטיק נאַקעטע צווייגן,
און קוקן אויס איינזאַם פאַרלאָזן.

פאַרבייגן זיך בעטלעריש ריזיקע סאָסנעס
און גאַרן אַ שטראַל זיך צו קוויקן.
אומזיסט זייער בעטן: פאַרוואָלקנט דער הימל
פאַרשפּרייט מיט אַ נעפּל אַ דיקן.

דערזע איך די גרויסע פאַרוויסטונג וואָס הערשט דאָ,
ווי ס׳נעמט אַלץ אין שוואַרצן זיך דעקן, —
אַן אומעט פאַרכאַפּט מיך, אין ליידן דערמאָנט זיך
אין בילדער פון גרויזאַמען שרעקן.

צעקאַפּעט זיך העסלעך אַ דריבינקער רעגן,
דערמאָנט זיך אין שוואַרצע פאַבריקן:
אין רוישן פון רעדער אין מענטשן ווי שאָטנס,
אין ־ טריבע, פאַרלאָשענע בליקן.

צעשאָקעלט זיך שמערצלעך אַ בוים אַ פאַרדאַרטער,
פאַרביי גייט מיין אָרימעס לעבן:
דערמאָנט זיך מיין בלאַסע, מיין טרייסטלאָזע יוגנט,
דערמאָנט זיך אַן חדר אַן רבי׳ן...

## ליבעס שפּיל

איך האָב פאַר איר מיין סוד פאַרטרויט,
געפלאַמט עס האָט מיין פּנים רויט,
און ווי אין שטורם־ווינט א שיף
עס האָט מיין האַרץ געפלאַטערט טיף;
געברענט עס האָט מיין יונגער קאָפּ,
געזונקען טיף פאַרשעמט אַראָפּ.

כ׳האָב אויסגעזונגען דעם געזאַנג
וואָס האָט מיין האַרץ געשפּינט פון לאַנג,
די ליד וואָס טיף איז ווי דער ים,
וואָס האָט קיין מאָס, וואָס האָט קיין גראַם.

זי שמייכלט זאַנפט, לענט אָן אויף מיר
איר אָרעם ווייס געטאָקט.
בויגט אָן זייט איר גאָלדן קאָפּ,
און לאַכנדיק זי זאָגט:

„דו זוכסט מיין האַנט?.. דו נאַרישער,
צי ווייסטו ניט איר אָרט?
מיין האַנט פאַרזעצט איז אין פאַבריק —
זי שפּינט מיין גורל דאָרט.

„מיין יוגנט איז אָן פרייד פאַרביי,
מיין פרילינג — גאָר אָן שיין.
וואָס ברייגסטו פאַר דער צוקונפט מיר,
דו גרויסער ריטער מיין?

„מיט וואָס ביזטו באַוואָפנט, זאָג?
און וואָס האָסטו פאַרגרייט?
צי האָסט פאַר מיר אַ שוך און זאָק?
צי האָסט פאַר מיר אַ קלייד?“

עס שטיפּט איר בליק אויף מיר געצילט,
איר ווייסן האַלז זי גלעט.
פֿאַריכט איר קרוין, איר גאָלדן צאָפּ,
און שפּילנדיק זי רעדט:

„גיי וואָג, און שטייג, און שווים און שפּרינג
אַריבער באַרג און טאָל,
ווי ס'האָט געוועבט זיין לעבנס־ציל,
אַ ריטער פֿון אַמאָל.

„און פֿריי און דרייסט דערשיין פֿאַר מיר
מיט העלדן־מוט געקרוינט
און טראָג מיך אין דיין שלאָס אַוועק,
וואו לוסט און לעבן וואוינט.

„ביז דאַן, מיין פּריינט!"... האָט זי געזאָגט;
פֿאַרליר אומזיסט קיין צייט.
זי איז אַוועק... איך האָב אָהן זין
געשטאַמלט וואָס צושטרייט:

גיי וואָג און שטייג... אַ באַרג און טאָל...
אַ שוך, אַ זאָק, אַ ציל...
זי איז אַוועק. — אַוועק איז אויך
מיין ערשטע ליבעס־שפּיל.

# אַ שוועסטער

קוק אויף מיר ווי אויף אַ שוועסטער,
און פאַרלאַנג ניט מער.
זאָגט צו מיר דאָס מיידל,
נאָך אַ קורצן קלער:

שפּרינג איך אויף דאַן אַ צוברוויזטער,
און איך זאָג איר דאָך:
מיידל, שוועסטער האָב איך זיבן
וויפל דאַרף איך נאָך?...

וויל איך, זאָגט זי, זיין די אַכטע,
וועט נאָך בעסער זיין. —
און זי לאַכט זיך נאָך פאַנאַנדער,
שפּאָט נאָך פון מיין פּיין.

מילא, זאָג איך, נאָך אַ שוועסטער.
זאָל זיין איינע מער;
אָבער שוועסטער־מיידלעך זיינען
ווי אַ לאַסט דאָך שווער.

כ׳מוז פאַר יעדער איינער זאָרגן,
ברייגנען זיי צו לייט —
ניט פאַרזיצן, חס ושלום,
זאָלן אָהן אַ צייט.

רייד איך, שוועסטער, דיר אַ שידוך
מיט אַ וואוילן יונג.
האָסט, ווי שמ״ר שרייבט, „פאַרוואָרפן
אין זיין האַרץ אַ פונק״.

גליט ער דאָרטן, ווי דער שטייגער
איז אין אַ ראָמאַן.
עהרלעך איז דער יונג, גוטהאַרציק,
זוכט ניט קיין נדן.

— מיינסט דאָס טאַקע אויף אַן אמת?
פרעגט זי אין דער שטיל.
— מיט אַ חופּה, מיט אַ רינגל,
ניט קיין קינדער־שפּיל?

— אַלעס זאָג איך, יעדעס פּינטל
האָב איך אין געדאַנק.
אַ באַדעקענס מיט אַ האָכצייט,
מיט אַ דרשה־געשאַנק.

— ביזט גערעכט, זאָגט זי, מיין ליבער,
האָסט א גלייכן קוק:
האָסט שוין זיבן שוועסטער, כ׳לעבן,
זיבן איז גענוג!...

# אַ נדבה גיב

אוי ביזטו אַ טייער מיידל,
רייצסט מיך מיט דיין חן.
דיינע בעקלעך, אויגן, ליפּן,
אויסגעטעאַקט, ווי שיין!!

דיך ערנערן און אויך קויפן
מעבל און געשיר,
און באַהייצן, און באַלייכטן...
כ׳האָב ניט, ווייַ איז מיר!

און זיי בעטן זיך צום קושן:
„נעם געניס, דו נאַר!"
נאָר איך ציטער, כ׳וועל דיך מוזן
הייראַטן דערפאַר.

כ׳קאָן אַליין זיך קוים ערנערן,
אוי, ווי כ׳האָב דיך ליב!
שיינק זשע מיר אַ קוש, אַזוי זיך,
אַ נדבה גיב!

# מיין אמתע ווערט

אין צייטן אין שווערע ווען ס׳ערגערט מיין האַרץ זיך
און כ׳טראָג אויף דער וועלט אַ פאַרדראָס,
ווען ס׳הויבט אָן מיין מיסעס צו שרייען און שילטן,
ווען זידלען זיך הויבט אָן מיין באָס.

ווען כ׳פאַל אָפּ פון מוט און איך ווער ווי צוטראָטן,
פאַרלאָרן מיין מענשליכע ווערט, —
דאַן גיי איך צו זלמן דעם שדכן אַריבער,
כ׳האָב אַלעמען דאַן אין דער ערד.

און צייגט מיר נאָר זלמן אַ שטיקעלע סחורה,
צוריק באַלד באַקום איך מיין שטאָלץ.
„פאַראַן ביי איר — זאָגט ער — אַ קאָזין אין באָסטאָן,
האָט געלט אָט דער קאָזין ווי האָלץ".

— אַזוי, אַזוי — זאָג איך — „אַ קאָזין אין באָסטאָן?!"
— „היינט גיט מען דיר — זאָגט ער אויך קעסט.
דו קאָנסט זיך שטודירן אויף לאָיער, אויף דאָקטאָר,
דו זיצסט ווי אַ פויגל אין נעסט".

— „אזוי, אזוי — זאג איך — אויף לאיער, אויף דאקטאר ? !“
— „היינט גיט מען דיר — זאגט ער — נדן.
א פאר הונדערט דאלאר, און טאקע מזומן,
דו זיי נאר, פארשטייסטו, א מאן“.

— אזוי, אזוי, — זאג איך — א פאר הונדערט דאלאר?!“
— „היינט גיט מען דיר דרשה־געשאנק.
און כלה מתנות א קייט מיט א זייגער ;
דו נעם דאס אלץ גוט אין געדאנק“.

— „אזוי, אזוי — זאג איך — א קייט מיט א זייגער ?!“
— „היינט זי — זאגט ער — זי איז ווערט עפעס אויך.
א בתולה, פארשטייסטו, א פאלנע בר דעת ?!“ —
מאסיוו, שיין געוואקסן און הויך“.

— „אזוי אזוי, — זאג איך — א פאלנע בר דעת ?!“ —
כאפ צו זי, דו נאר וואס דו ביסט.
א בתולה, און קעסט, און נדן, און מתנות, —
מע גיט דאס מ׳סתם ניט אומזיסט.

— „איך דאנק אייך, ר׳ זלמן, און האט מיר א גוטן !“
און לאז זיך מיט גדלות צום טיר.
— „וואוהין־זשע אנטלויפסטו ? מיר ריידן דאך ביזנעס!“ —
שרייט זלמן פארצווייפלט צו מיר.

— „פארשטייט איר, ר׳ זלמן, איך האלט גאר דערביי ניט,
איך האב בלויז אזוי זיך באקלערט —
געוואלט האב איך פשוט זיך אפשאצן איינמאל,
צו האב איך נאך עפעס די ווערט“...

# שיך

בראַנזוויל איז אַ שטאָט צעשפּליטערט
אויף פיל גאַסן, וואו אָהן שטערונג
ס׳פּאָלק ישראל בליט.
קאָן איך איינע פון די געסלעך,
(בעסער וואָלט איך ניט געקאָנט זי)
מ׳רופט זי וואַטקין סטריט.

און פאַרבויט איז וואַטקין־שטראַסע
מיט פּאַלאַצן, טענעמענט־הייזער
לויט דעם נייסטן שניט.
קאָן איך איינע פון די הייזער,
(בעסער וואָלט איך ניט געקאָנט זי)
ס׳האָט קיין נומער ניט.

(אָפּגעמעקט איז לאַנג דער נומער)
ס׳האָט די הויז אויף יעדן גאָרן
צימערלעך אַ שאָק.
איז באַקאַנט מיט דאָרט אַ צימער,
(בעסער וואָלט איך ניט געקאָנט זי)
אויפ׳ן פערטן שטאָק.

דאָרט אין צימער שטייט אַ בעטל,
און אין בעטל ליגט אַ בחור.
אידן, דאָס בין איך!
כ׳ליג דאָרט איינזאַם און פאַרלאָזן,
ווייל צוריסן זיינען מיינע,
זיינען מיינע... שיך.

און דאָס האַרץ עס דורשט נאָך ליבע
און די שיך צוריסן זיינען,
און דאָס לייב צושרויפט.
אוי, איך דאַרף אַ פרוי אַ רייכע,
כ׳וואָלט געקושט איר יעדן אבר,
כ׳וואָלט מיר שיך געקויפט.

# רות

מיין רבי געלערנט מיט מיר האָט אויף שבועות
די שיינע מגילה פון רות.
אַן אַלטע געשיכטע: אַ ביטערער אָנפאַנג,
אַ גוטער, אַ פריילעכער שלוס.
אַ שיינע געשיכטע, ווי ערשט האָט בייטאָג זיך
באַקאַנט מיט בועז'ן אַ פרוי —
ביינאַכט שוין געקומען איז זי צו זיין בעטל,
געזאָגט אים מיט תמימות אַזוי:
— מיין האַר, א מתנה געבראַכט האָט דיין דינסט דיר,
איר קערפער און לעבענס שיקזאַל;
איך לייג צו די פיס דיר מיין יוגענט, מיין לעבן
מיט גוטסקייט מיין לעבן באַשטראַל...
אָט זעסטו ווי שניי־ווייס, ווי לויטער מיין לייב איז,
אַזוי איז אויך לויטער מיין זעל.
גנעדיג, דיין פאַלע פאַרשפרייט אויף דיין דינסטמויד
באַהערש מיך, מיין האַר, אַ באַפעל... —

— — — — — — — — — — — — — —

אָ, איר אַלטע גוטע צייטן,
וואו זיינט איר אַצינד?
רות, דו ביבליש־שיינע ווענז,
אָפּנהאַרציק קינד!
אָ ווי שנעל דו האָסט פאַר'קנס'ט זיך,
ווי נאַאיוו, ווי שיין!
ניט קיין „טריט" געפּאָדערט פריער,
ניט קיין „וואָטש און טשיין".
ניט פון „פּאַדים" פריער מאַכן
האָסטו גאָר געדיינקט.
ניט קיין „דיימאָנד רינג" אפילו
האָט ער דיר געשיינקט.

צי געגומען דיך כאָטש איינמאָל
האָט ער צו אַ שאָו?
צי מיט לייסענס זיך באַוואָרנט
האָסט דו פאַר דער לאָו?
מילא, מוחל! אָהן דעם אַלעם
קאָן מען זיך באַגיין.
נאָר ווי נעמט מען ניט קיין „פיקטשעס",
קאָן איך ניט פאַשטיין.
ווייל אַ „פיקטשע" דאָס איז נויטיק,
ס'האַלט אים אויף אַ קייט:
פאַר דער „פאָרווערטס"־גאַלעריע
דאַרף דאָס זיין פאַרגרייט...

# אַ געשעפטסמאַן

די שטוב איז געווען באַלויכטן,
דער טיש איז געווען געגרייט.
אַרום און אַרום די משפחה, —
און יום־טוב׳דיק אַלע באַקלייט.

און ער איז אויבן־אָן געזעסן,
גערויכערט האַוואַנאַ ציגאַר.
זיי האָבן צו אים געשמייכלט,
ווי ס׳שמייכלט אַ דינער צום האַר.

זיי האָבן דערלאַנגט אים געטראַנקען
געפּלייסט זיך פאַר אים אַזוי פיל.
און שטום איז די מיידל געזעסן,
גערויטלט זיך שעמעוודיק שטיל:

געשפּירט אויף זיך אַלעמענס בליקן,
געזוכט צו פאַרמיידן זיין בליק.
געזען ווי עס מיט זיך אַ יעדער,
און פלייסט זיך אַזוי פאַר איר גליק.

אַ קרוב פאַרטרויט אים אין אויער:
„דאָס איז אַן ארטיקל קוראַנט!
„איר נייען, איר לעזן און שרייבן —
„וואָס שייך צו זאָגן? ברילִיאַנט!״

אַ צווייטער אים ציט ביי דער פּאָלע:
„באַטראַכט זי, ווי שיין און ווי שלאַנק!
„זי לויכט דאָך אַזוי ווי אַ גרעפין!
„זי איז דאָך פון גאָט אַ געשאַנק!״

א דריטער דערציילט אים מיט פייער:
„אַזוינס איז פאַר יעדן אַ גליק!
„מיר לאָזן אַרויס אַ מציאה,
„אַ סחורה, איך זאָג אייך, אַנטיק״!״

זיין בליק האָט איר יוגנט געמאָסטן,
באַוואונדערט איר מיידלשן חן:
צי איז ניט צו איידל איר אויסזען?
צי לוינט אים דער האַנדל, צי ניין?

זיין אויג האָט געשאַצט אירע יאָרן,
און וויפל קאָן זיין איר געוויכט.
צי איז ניט צו מאָגער איר בוזים?
צי איז ניט צו בלאָס איר געזיכט?

איר שניי־ווייסער האַלז האָט געלויכטן,
געשיינט ווי אַ בליענדע רויז.
צי זאָל זי זיין צימער באַלויכטן?
צי זאָל זי באַשיינען זיין הויז?

איר ווייסע געשטאַלט האָט געלאָקט אים,
געוואונקען צו אים מיט אַ פרייד
צי וועט ער זיין פרייז דאָ באַקומען?
צי איז דאָ אַ נדן פארגרייט?

זי וועט אים באַשיינקען מיט קושן,
מיט ליבשאַפט און מיידלשע שפּיל.
דאָך קאָן אים קיין שפּיל ניט פאַרנאַרן,
עס האָט ניט די ווערט אַזוי פיל.

זי וואָלט אירע שניי־ווייסע אָרעמס
פאַרוואָרפן אַרום אים, זי וואָלט...
קיין אָרעם דאָך קאָן מיך ניט פאַנגען,
זיין מקח מוז ווערן באַצאָלט!״...

# די ערשטע נאַכט

„ביזנעס בעפאָר פלעזשור“.
(אַ אידיש־ענגלישער שפּריכוואָרט).

ביז האַלבע נאַכט האָט זיך די האָכצייט געצויגן,
אַ חופּה, אַ סעודה... די צייט איז געפלויגן.
עס קרייען שוין די הענער, דער זייגער שלאָגט דריי.
אַ לעצטער „דאָבראַניעץ“, — די שפּיל איז פאַרביי.

די געסט שוין צעגייען, צעשוואומען זיך אַלע,
באַשיטן מיט ברכות דעם חתן און כלה;
עס וואונטשט זיי אַ יעדער אַ „גוטינקע נאַכט“,
און ווינקט צו זיי לוסטיק, און פינטלט, און לאַכט.

און אָט שוין דאָס פּאָרל אין אַלקיר פאַרשלאָסן,
עס קוקן זיך איבער די כלה און חתן.
עס שטייען זיך ביידע פאַר.כישוף׳ט און שטום,
אַ הייליקע שטילקייט זיי רינגלט אַרום.

און ענדלעך ער שטאַמלט: „שוין אַלץ פאַריבער,
אַ עטל, אַ עטל, איך טראַכט אַלץ דעריבער:
צו מאַכן אַ לאָנדרי, צו קויפן אַ סטענד,
צו ווערן פון זינגער־מאַשינען אַגענט“.

זי טוט פויל אַ גענעץ און ענטפערט מיט שכל:
„איך בין דיר די לאָנדריס, די קענדי־סטאָרס מוחל,
דו מעגסט זיך אויסמענטשלען אַביסל אין שאָפּ.
די פיש פאַר די נעץ נאַר, מיין ליבער ניט כאָפּ“.

דאַן טענה׳ט ער ווידער: „וואָס וועל איך פאַרלירן?
אַ בריה׳שאַפט מיינסטו אַ ביזנעס צו פירן.
אַ גרויסע מציאה!... אוי ביסטו אַ נאַר“ —
ער זעצט זיך געלאַסן פאַררויכט אַ סיגאַר.

זיי האָבן פאַרטיפט זיך אין שמועס אויף שטונדן,
און גאָר ניט באַמערקט ווי די נאַכט איז פאַרשוואונדן,

ביז ס׳טוט דאַן די כלה צום חתן אַ זאָג:
עס שמייכלט די זון שוין אין פענצטער, ס׳איז טאָג.

זיי גענעצןביידע און לייגן זיך שלאָפן... —
אָ, לעזער ניט פרעגט וואָס האָט ווייטער געטראָפן —
די נאַכט בלויז געשילדערט האָט מיין געדיכט.
אין טאָג נאָך פאַרציען, — דאָס איז ניט מיין פליכט...

# אַ חלום

ס׳וועט מיין קומען זיי דערפרייען,
אופ׳ן העכסטן גראַד.
ווילעדניק וועט מיר כבוד טיילן
מאַכן מיר פאַראַד.

אירע אויגן ווי די זונען,
שניי־ווייס קלאָר איר האַלז.
ווי געשילדערט אין ראָמאַנען,
ריכטיק אַזוי אַלץ.

מיידלעך׳ס הערצער וועלן צאַפּלען,
טרוימען שטיל פון גאַסט.
און פאַרפּוצן וועט זיך יעדער
ווי פאַר מיר עס פּאַסט.

איך געדיינק די שטאָלצע פריילין,
זע זי פון דער ווייט.
בין געווען ביי זיי משרת
דאָך אַ לאַנגע צייט.

באַלד וועט קומען שלום שדכן
קלאַפּן אין מיין טיר.
פון דעם נגיד אשכנזי
אַ גרוס צו מיר.

פלעג מיט איר שפּאַצירן פאָרן
אויפ׳ן פאַעטאָן.
בין געזעסן אויף דער קעלניע,
זי דאָרט — אויבן־אָן.

אשכנזי האָט אַ טאָכטער,
גראַציעז און שלאַנק;
מיט אַ פרישיש איידל פנים,
מיט אַ לייכטן גאַנג.

— האָסט קיין רעכט אויף איר צו קוקן —
אויף דיין קעלניע בלייב!
אַ פאַניענקע... כע... נו, מילא...
איצט וועט זיין מיין ווייב.

# די ווידמונג

כ׳האָב פֿאַרענדיקט שוין דאָס ליד מיינס
און פֿאַר זיך דאָס דורך געלעזן.
אין אַ יענער ליד באַזונגען
מיין געליבטע איז געוועזן.

(מיין געליבטע... ס׳רעדט אַזוי זיך.
כ׳מוז דאָך איך דעם אמת זאָגן,
מיין געליבטע — בלויז געמאָלן —
כ׳טו אַזוינס גאָר ניט פֿאַרמאָגן).

כ׳האָב דאָס ליד, דאָן אויסגעזונגען,
הין און הער זיך דורכגעגאַנגען,
און געוויגט זיך און געשיפּט זיך
אין די ריטמוס — שיינע קלאַנגען.

שאַ, איך וועל דאָס ליד גאָר ווידמען,
ווי עס טוען אַלע, אלע.
יעדער דיכטער שיינקט און ווידמעט,
דער — זיין מאַמען, דער — זיין כלה.

נאָר איך איינער קיין מאָל, קיין מאָל
האָב געווידמעט „צום געדענקען״.
נאָר איך איינער האָב ניט וועמען
וועמען מיט מיין גאָב באַשיינקען.

כ׳האָב מיין מאַמען שוין פֿאַרלאָרן
און מיין גליק נאָך ניט געפֿונען —
מיינע ברידער און חברים,
זיינען לאַנג פֿון מיר אַנטרונען.

מיינע ברידער און חברים
גייען שוין אין גלייכע וועגן;
וואָס זיי טוען, וואָס זיי טראַכטן —
איז פֿון ווייב און קינדערס וועגן.

ווער זשע וועט מיין אָנדענק היטן?
וועמען מיט מיין ליד באַשיינקען?
ווער איז היילִיק מיר און טייער?
און ווער וועט מיר גאָר געדיינקען?

אפשר, אפשר יענעם דיכטער
אַ מתנה דאָס דערלאַנגען?
יענעם גרויסן, גרויסן מייסטער
פֿון די געטליך־זיסע קלאַנגען?

כ׳האָב ניט לאַנג צו אים דערקענט זיך,
אָ, ער איז א מענש אַ בייזער.
שטריינג האָט ער מיך אויפגענומען,
אָפּגע׳פּטר׳ט ווי אַ קייזער.

ניין, איך האָב צו אים קיין ליבשאַפֿט!
שווער פֿאַר מיר אַ פריינט צו קריגן.
שאַ, זאָל זיין אַזוי: „געווידמעט
צו מיין ע״. — און האַלב פֿאַרשוויגן.

זאָלן מענשן מיינען: עמאַ,
עטיל, עני... מיין כונה...
און אין אמת זאָל דאָס הייסן
צו מיין עלענד — א מתנה.

# אין דער שטילער קעניגרייך

דערלאַנג מיר, ערוויילטע, דיין אָרים דיין ווייסן,
פּאַרטרוי זיך געליבטע, אויף מיר.
און לאָמיר גאָט'ס וועלטל די שיינע באַטראַכטן,
קום לאָמיר אַרויס אויף שפּאַציר.

מיר וועלן פאַרלאָזן דעם בוידים, דעם צימער,
די שטיגן די ברודיקע גאַס.
אויף פעלדער אויף גרינע, אין וועלדער געדיכטע,
קום, ליבסטע... אַ כ'בעט דיך, ניט שפּאַס.

באשר קיין וואַלד ניט געזען שוין פון יאָרן,
ניטאָ גאָר, אונז דאַכט, אַזאַ זאַך.
אַ זע־זשע ווי מאַלער די וועלדער זיי מאָלן,
ווי פּרעכטיק... אַ ליבסטע ניט לאַך.

באשר אין פעלד שוין פון לאַנג ניט געוועזן,
מיר קענען ניט שאַצן איר גרויס.
אַ זע־זשע ווי דיכטער דאָס פעלד זיי באַזינגען...
דו שלעכטע, וואָס לאַכסט דו מיר אויס?

באַשר מיר ווייסן דעם וועג ניט, — מיר וועלן
ביי לייטן זיך פרעגן וואו איז
אַ וועלדל דאָ נאָנט און זעצן זיך דאָרטן
אין שאָטן פון עפּעס אַ ריז.

מיר וועלן אַזוי אויף חדושים אַלץ קוקן
ווי וואונדערלעך דאָרט איז און שטיל.
ווי ס'וואַקסן זיך ברואים אָהן זאָרגן, און טוען
ניט טראַכטן פון תכלית און ציל.

ווי ס'שטייען זיך חברה זייט יאָרן, זייט טויזנט
און קוקן זיך איבער מיט חן,
און שפּרייטן די צווייגן, און שפּייזן זיך פריידלעך,
אַ מלוכה געשאַפן אַליין.

אַ מלוכה אַ גרויסע... קום קעניגן דאָרטן. —
געְנוג שוין, איך בעט דיך, ניט לאַך.
באשר די הייזער די גרויסע פאַרשטעלן, —
ניטאָ גאָר, דיר דאַכט, אַזאַ זאַך...

# ליכט און שאָטן

זעסטו ווען דיין פאָלק געזונקען
טיף אין נויט און שאַנד,
הערסטו ווען דיין ברודער לעסטערט
און פאַרשוועכט דיין שטאַנד,

און פון בושה פלאַמט דיין פנים
פאַר דיין פאָלק און שטאַם,
און אין האַרץ פון צער און צאָרן
ברויזט און קאָכט אַ ים.

זאָלסטו אין אַ הויז אַריינגיין,
אין אַ אידיש הויז,
וואו באַשיידן, זאַנפט און איידל
בליט אַ ווייסע רויז.

בליט אַ צאַרטע אידיש מיידל,
גראַציעז און שלאַנק,
אירע אויג דיך באַרוישן
ווי אַ שטאַרק געטראַנק.

אויגן טיפע, האַלב פאַר׳חלום׳ט,
ליכט פון אָריענט.
אויסגעטאָקטע ווייסע אָרימס,
צאַרטע ווייכע הענט.

מוטערליך איר ברוסט עס אָטעמט,
ברויזט מיט יוגנט־קראַפט,
דאָס אַנטפּלעקט דיר סוד־יצירה,
לעבנס־לוסט פאַרשאַפט.

אין דיין אייגן פעלד און גאָרטן
האָט די רויז ערוואַכט,
פון דיין פאָלק און שטאַם געזויגן
ז׳האָט איר רייץ און פראַכט.

רייס אַרויס זשע פון דיין האַרצן
צאָרן, צער און פּיין,
זעסט דיין פאָלק אין שאָטן
זע אויך זונענשיין.

זעסטו ווילדע דערנער שפּראָצן
פון דיין ערד אַרויס,
זע דערביי ווי שלאַנק און איידל
בליט דיין צאַרטע רויז!

# דאָס שפּיל

דער פאָרהאַנג געפאַלן, די שפּיל איז פאַריבער,
עס דונערט אַ ווילדער אַפּלויז.
עס ווישט אויס מיין האַנקע די זודיקע טרערן,
מיר גייען זיך לאַנגזאַם צו הויז.

אָ, מער, — זאָג איך — האַנקע, דיך נעם איך אַהין ניט
סאַ נאַרישע מיידל דו ביזט!
די אויגן די שיינע אַט האָסטו פאַרדאַרבן,
און פּערל צושאָטן אומזיסט.

דו האָסט גאָר פאַרגעסן סאַ שפּיל בלויז אַ פאַלשע,
צעוויינט זיך... דו נאַרישע קינד.
די שפּילער זיי ווינצלען זיך דאָרטן, מסתמא,
זיי לאַכן פון אונז שוין אַ צינד...

עס טוליעט צו מיר זיך מיין האַנקע, מיט ליבשאַפט,
איר אָרים אין מיינעם זי שליסט.
— אָוועק פון מיר! — זאָגט זי — כ'האָב פיינט דיך באַקומען,
ס'אַ שלעכטער, אַ שלעכטער דו ביזט.

ס'אַ שפּילכל בלויז, זאָגסטו מיין ריטער, מיין שטאָלצער!
אָ, אַלעס ביי דיר איז אַ שפּיל.
אַט שפּילסטו מיט מיר זיך פון לאָג שוין און... גאָרניט,
צו טראַכסטו פון תכלית און ציל?

אַ שפּילכל — טעאַטער, אַ שפּילכל — די ליבע,
אַ שפּילכל — דאָס לעבן און טויט.
אַוועק גיי, דו שלעכטער! (זי טוליעט צו מיר זיך).
וואָס זיינען די אויגן דיר רויט?

אַזוי גאָר, מיין ריטער?... דאָס שפּילכען דאָס פאַלשע,
עס האָט דיך צום וויינען געמאַכט.
אוי מאַמעלעך מיינע, סאַ' נאַרישער בחור!...
— און פּלוצלונג זי האָט זיך צולאַכט.

# מיין חאַנקע

אוי, בין איך איך, פריינט מיינע, דיכטער, מקנא,
די הייליקע ליבע ווי שיין איר באַזינגט.
מיט ווערזנס פון געטינס, און רייצנדע הימלען,
און רויזן, און ליליען דאָס ליד אייערס קלינגט.

ווי שיין איר באַזינגט זיי, די „הימלישע טעכטער",
מיט קלוגע אַזעלכע, געשליפענע רייד;
ווי ס׳ווערט זייער שמייכל אין זונשיין פאַרוואַנדלט,
און זייערס אַ תנועה — מיט פליגלען פאַרקליידט.

נו, האָט מיר פאַרוואָלט זיך אייך נאָכטאָן, חברים
באַזינגען אַ חאַנקען, אַ מיידל, אַ קרוין;
אַ טייערע איז זי, אַ צערטליכע חאַנקע.
געוועזן וואָלט דאָס מיידל אַ גרויסע פאַרשוין,

ווען זי וואָלט אין שאַפּ ניט פאַשווענדעט איר יוגנט,
איר קערפּער, איר שיינעם אין פּראַצע פאַרצערט.
נאָך זאַנפטער, נאָך שענער וואָלט אויסגעקוקט חאַנקע,
ווען טאַטן און מאַמען זי וואָלט ניט דערנערט.

נו, זיצן מיר איינמאָל אין שטאַטישן גאָרטן,
זי לייגט אויף מיין אַקסל איר צאַרטעס געזיכט;
נו, גנבע׳ע אַ קוש איך, נו, וויל זי ניט ליידן:
„איך וואָלט זיך אויף דיר, זאָגט זי, דאָס ניט געריכט"...

„דו ווייסט, זאָג איך חאַנקע, איך וויל דיך באַשרייבן,
באַזינגען דיך, הייסט דאָס, אַזוי מיט דער פּען".
זי הויבט אויף די אויגן און פרעגט מיר פאַרוואונדערט:
„מיך ווילסטו באַשרייבן? פאַר וואָס און פאַר ווען?"

„אוי נאַרישע חאַנקע: אַזוי, זאָג איך, פירט זיך,
„אַ מיידל אַ שיינס ווערט באַזונגען דורכאויס..."
פאַרשעמט זיך מיין חאַנטקע, פאַרקוקט זיך אַראָפּ־צו,
און שעמענדיק לייגט זי איר קאָפּ אין מיין שויס.

„באַשרייב מיך ניט, זאָגט זי, באַשרייב מיך ניט ערגעץ,
איך בעט דיך, מיין ליבסטער, דו זאָלסט עס ניט טאָן.
„נו ליבסטו אַ חאַנקע׳ן, אַ נאַרישע מיידל,
נו וואויל דיר. צי גייט דאָס דען אימיצען אָן?

„באַזינג ניט קיין ליבעס, קיין געטליכע וועזנס,
קיין גאָלדענע לאָקן, קיין הימלישן בליק.
באַזינג משה־יוסלען, וואָס שרייט „הייסע אַרבעס״,
און לעכצט אַהיים רק, קיין וולעדניק צוריק.

„דערצייל פון אַ סוחר, וואָס האָט אויעט און פּראַצעט
מיט פּייפּערס, מיט קענדי, און ז׳אַלט אַ יאָר אַכט.
דערצייל פון אַ מוטער, אַ בליענדע יוגנט,
וואָס ווערט שוין פאַרפינסטערט, און שווארץ ווי די נאַכט.

„באַזינג זיי, די קראַנקע, צובראָכענע הערצער,
די לעבנס, וואָס ווערן צוטראָטן, פאַרשטיינט.
באַזינג אַ פאַרפינסטערטן אָרימען טאַטן...״
ס׳אַ נאַרישע מיידל, — זי האָט זיך צעוויינט.

# אַ מעשה אָן אַ סוף

אַמאָל זי זאָגט צו מיר אַזוי: גענוג דיר זיצן שטיל,
אַ מעשה מיר דערציילן אַצינד, דו ווייסט דאָך מעשיות פּיל.
און אמת זאָל די מעשה זיין, און ריכטיק מיר דערצייל,
וואָס האָט מיט דיר אַליין פּאַסירט, וואו דו ביזט אויך באַטייליט!

אָ, גרויסע הערשערין, — איך זאָג — ווי גרויס איז דאָך דיין מאַכט!
נו, הער זיך צו וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אָט ערשט לעצטע נאַכט.

איך שפּאַן אַזוי אַ זייגער צוויי, איך אייל געשווינט צו הויז.
קיין לעבנס שפּור עס זעט מיין אויג, מיין בלאָסן שאָטן בלויז.
עס הילכט ווייט אָפּ מיין יעדער טראָט, עס הילכט אַ פּוסטע גאַס.
איך גיי אַליין אין גאָר דער וועלט, — איך זאָג צו זיך אין שפּאַס.
און מאָדנע, ס'דאַכט מיר אַלץ אויס, אַ הונט זיך יאָגט נאָך מיר,
איך קוק זיך אום, און פּלוצלונג — האָרך! אַ האַנט אויף זיך איך שפּיר.
אַ ווייכע האַנט מיין אָרים שליסט... אַ שלאַנק געשטאַלט, אַ פרוי...
אַ צאַרטע רויז אין העכסטן בלי, באַפרישט מיט יוגנט־טוי.

גענוג, גענוג, דו פרעכער יונג! ניט וואַג דערציילן מער. —
אָ נאַריש קינד, — איך זאָג צו איר, — דו הער די ענדע, הער. —
גענוג, גענוג, קיין וואָרט פון דיר, ווי אונפאַרשעמט דו ביסט! —
— אָ, כ'האָב דאָך בלויז דיין וואונש ערפילט, דו צאַרנסט גאָר אומזיסט! —
— מיין וואונש ערפילט דאָס האָסטו בלויז?! ווי העכסט אינטערעסאַנט...
— צו רייסט זיך ניט דיין שלעכטע האַרץ פון שוידער און פון שאַנד?
— אָ, נאַריש קינד, דער שוידער איז שוין לאַנג פון מיר פאַרביי.
דו הער דאָך אויס דעם סוף אַצינד, אָ הער, דאָס איז כדאי!

— גענוג, גענוג, קיין וואָרט ניט מער! האַלט איין דיין בייזן צונג.
און גיי פון מיר אַוועק, אַוועק! דו ביזט אַ שלעכטער יונג.
אַ שמייכל אויף דיין פּנים שפּילט, עס ברענט ניט רויט פון שאַנד.
דו גיי פון מיר אַוועק, אַוועק. ניט ריר צו מיר דיין האַנט.
אָ, פרעמד איז דיר דער צער פון זינד, דיך רירט קיין שרעק און לייד,
אָ, גיי פון מיר אַוועק, אַוועק, און מער צו מיר ניט רייד!...
און אָט אַזוי געליטן כ'האָב אומזיסט אַ שווערע שטראָף,
און אָט אַזוי פאַרבליבן איז אַ מעשה אָהן אַ סוף.

# מיין ריטערשאַפט

אין וואַלד אויף שפּאַציר? — אָט גיי איך, אָט באַלד —
ווי מאָדנע, מיין ליבסטע, מוז זיין דאָרט אין וואַלד!!!

די צווייגעלעך נאַקעט, פערפרוירט, פערבענקט,
ווי אָרימע לייט אין פרנסה פאַרענגט.

באַזילבערט מסתמא עס בלאַנקט דאָרט די ערד,
פון קיינעם צוטראָטן, פון קיינעם פאַרשטערט.

איך בין דאָרט ניט אָפט אויף מיין לעבן געווען,
אָ, גאָט ווייסט וואָס קען דאָרט מיט מיר גאָר געשען,

אַ שלאַנג און אַ בער, און אַ גזלן אַ גוי, —
צו מיר נאָר עס קלעפּט זיך, פון לאַנג שוין אַזוי.

מיט דיר דאָך געליבטע, מיין פחד פאַרשווינדט,
דיין בליק אַזוי לויטער, דיין גאַנג אַזוי לינד,

דו ביזט אַזוי איידל און מונטער און שלאַנק,
וועסט ברעכן דעם שטן, צעטומלען זיין גאַנג.

דאָס בייז מוז אנטרינען פון שיין און פון גליק,
דאָס שלעכטס מוז צערינען פון געטליכן בליק.

וואָס הער איך אַ גזלן, אַ שלאַנג צי אַ בער,
דיין שטאַלט, דיינע בליקן — מיין שטאַרקסטע געווער.

דו וועסט מיך באַשיצן — זאָג יאָ אָדער ניין?...
קום, ליבסטע, אין וואַלד, דיין זכות וועט באַשטיין.

# צו חברים

אַ, זייט מיר געזונט שוין, חברים,
איך דריק אייך איצדן די האַנט.
צוזעגענען לאָמיר זיך פריינטלעך —
נאָר שטרייכט מיר פון אייער פאַרבאַנד.

געפלאַנטערט אַ יוגנט אָהן תכלית,
געבלאָנדזשעט מיט אייך אָהן אַ שטעל;
פאַריאָמערט מיך האָט איר, חברים,
די רו אויך געריבט פון מיין זעעל.

דאָס שענסטע און בעסטע — פּאַשפּאָטן,
דאָס ריינסטע — צוטראָטן אויף שוואַרץ.
צושיידן זיך לאָמיר, חברים,
ווייל כשר'ן גיי איך מיין האַרץ.

עס האָט מיך די אונשולד באַגעגנט
און צערטלעך צו האַרצן געדריקט;
אין פרידן זי האָט מיך גע'טובל'ט,
מיט יוגנט מיך ווידער באַגליקט.

עס האָט מיך אַ קינדערשער וועזן
מיט ליבשאַפט געפּרעסט צו איר ברוסט,
מיט ליבע און טרייסט מיך בעטרונקן,
מיט לעבן געזעטיקט און לוסט.

איך האָב זי ערווילט פאַר מיין כלה.
מיר זיינען שוין ביידע פאַר'קנס'ט.
אַ, זייט מיר געזונט שוין, חברים,
איר זאָלט צו אונז קומען צו גאַסט.

# אין שפּאַן

איך שווער אייך, רבותי, אז איך בין ניט אײנער,
אין מיר איז אַן עולם פֿאַראַן.
אין מיר איז אַ צענדליק פֿאַרשוינענע באַהאַלטן,
און יעטווידער פירט מיך אין שפּאַן.

דער רײצט מיך און לאָקט מיך צו זינד און תענוגים,
דער מוסר׳ט: טו תשובה, ערוואַך!
דער רופט מיך צו פרידן, און יענער צו קעמפן
אַ קאַמף פֿאַר דער הייליקער זאַך.

דער פּרעדיגט מיר ליבע, פֿאַרגעבונג צום שונא,
און דער רופט צו ראַכע און האַס.
עס קלאַגט אין מיר אײנער פון וועלט־שמערץ, רחמנות,
אַ צווייטער דערפון מאַכט אַ שפּאַס.

נו, שטיי איך צוטומלט און קאָן ניט באַקלערן,
צו וועמען זיך קערן פון זיי.
עס איז אַ באַשרייבונג צו מאַכן, ווי ס׳רודערט
אין אײנעם אַ גאַנצע אַרמיי.

אַ, חברה, גענוג שוין! — איך בעט זיך ביי זיי אָפּט.
אַ שלום זאָל ווערן ביי מיר!
נאָר אויך וועגן שלום ברעכט אויס אַ מלחמה,
דער — קעגן, און יענער — דאַפיר.

נו, בלייב איך צושלאָגן, נעם אָן שוין די ליידן —
אין האַרצן דאָך נאָגט אַ פֿאַרדראַס.
עס רודערט אַ חברה ביי מיר אין דער דירה,
און כ׳ווייס ניט, ווער איז באַלעבאַס...

# אַ רעטעניש

מיין שכן׳ס קליינטשיק אינגעלע
באַווייזט זיך ביי מיין טיר.
ער קומט אַריין מיט שטילע טריט
און שטעלט זיך נעבן מיר.

ער קוקט זיך אום האַלב שעמעוודיק,
אַ פינגערל אין מויל.
ער הויבט צו מיר די אויגעלעך,
די שוואַרצינקע ווי קויל.

ער ציט מיין האַנט און זאָגט אַזוי:
„אַ אַנקל, אַנקל, הער.
שוין אויפגעהערט דער רעגן האָט,
פון הימל גיסט ניט מער.

„אָ, ווילסטו זען א שיינע זאַך?
טאָ קום אַרויס אין גאַס.
אַ אַנקל, ס׳הענגט דאָרט אין דער הויך
אַ שיין־קאָלירטער פּאַס.

„אַ גיכער, קום... אָן זעסטו, זעסט?
דו קוק אַרויף צום דאַך.
אי רויט, אי בלוי, קאָלירן פיל,
אַ לאַנגער, ברייטער שליאַך.

„דערצייל, דערצייל צו וואָס דאָס איז,
און וואָס דאָרט איז דער מער.
דערצייל, פון וואָס דאָס איז געמאַכט,
און ווי עס קומט אַהער.

„אוי זאָג, ווארום די כמאַרעס דאָרט
זיי יאָגן אויף און אָפּ?
און זאָג אויף וואָס די זון עס הענגט,
און פאַלט אַלץ ניט אַראָפּ?

„און זאָג מיר נאָך, ווער צינדט דאָרט אָן
דעם צונטער־רויטן פלאַם?
און זאָג מיר נאָך... — אַ קינד, עס מיינט
אַז כ׳וויס פון אַלץ דעם שטאַם...

עס דיינקט דאָס קינד,אַז מיר איז קלאָר
און ווי אַזוי ס׳גייט־צו...
אָ, כ׳וויס, מיין קינד ניט מער,
איך וויס ניט — גליך ווי דו...

# פאַרן עקזאַמען

האַלט מיך ניט אָפּ, מיין ליבער פריינט,
איך טאָר זיך ניט פאַרזאַמען.
איך איל געשווינד, קיין שפּילכל ניט,
איך האַלט אַצינד עקזאַמען.

עס ברענט דער קאָפּ. איך מאַך זיך גרייט...
אָ, ווילסטו אַ פרעג מיך געבן:
ביז וואַנען וועל איך גרייטן זיך?
און ווען וועל איך שוין לעבן?

איך זע, מיין פריינט, א טיפער שפּאָט
אויף דיינע ליפּן שפּרייט זיך.
דו זאָגסט: דער סוף איז שוין ניט ווייט,
און איך צום אָנפאַנג גרייט זיך —

האָסט רעכט, פיליכט, דאָך קען איך ניט
די זאַך אַצינד באַקלערן.
ווייל ביים עקזאַמען וועט מען מיך
וועגן דעם ניט פרעגן...

***

כ'האָב פילע ביכער אויסשטודירט,
דערגאַנגען פילע זאַכן:
ווי זון און ערד צו אויסמעסטן,
ווי גוט חשבונות מאַכן.

ווי דעם געמיינעם קוילן־שטאָף
איך דימאַנטן פאַרוואַנדלען,
ווי מיט דאַמפּף באַנוצן זיך,
ווי מיט לופט צו האַנדלען.

און נאָך פיל אויפטוען,
וואָס שכל האָט געגעבן,
נאָר איינס איז שווער מיר אויסלערנען —
ווי גליקלעך דאָ צו לעבן.

# צילן

אויב מיליאָנען יאָרן זיינען פאַר מיין קומען,
אויב מיליאָנען יאָרן קומען נאָך מיין ענד,
אויב ווי רויך און שאָטן טו איך באַלד פאַרשווימען,
וואָס־זשע האָף איך, גלויב איך, און איך הויב די הענט?

אויב איך אויך ווער אויך אָפּגעמעקט גאָר ניט צו דערקאָנען.
וואָס זשע טויג מיר תכלית? וואָס זשע נוצט מיר צוועק?
פּלוצלונג בוכץ אין אָפּגרונט!... יאָרן פיל, מיליאָנען...
האַלט מיך, קינדער, אונטער! ס׳כאַפּט מיך אָן אַ שרעק.

וואָס זשע זאָגט איר תכלית? וואָס ווילט איר באַצוועקן?
דום איז אייער ערנסט אין דער נאַרן־שפּיל... —
דאָך אַ ווײַלע שפּעטער טוט אַ שטים מיך וועקן:
וואָס וועט זיין דער תכלית? זוך אַ ציל!...

# צו אַ חבר

טראַכסט דו, ברודער, אויס אַ מעשה,
כדי צו מאַכן אַ באַשרייבונג,
זע די מענשן דאָרט באַשיינען,
מיט דער גרעסטער איבערטרייבונג.

זע די מענשן דאָרט באַשיינען,
ס׳זאָל א תענוג זיין צו לעזן;
מאָל ניט ווי ס׳איז בלאָס און ווירקליך,
אָ, ניט מאַך דערפון קיין וועזן!

און דערהויפּט באַפּוץ די ענדע,
זאָל דאָרט אַלעס וואויל פּאַסירן;
זאָל דאָס שלעכטע גיין אין כף־הקלע,
און דאָס גוטס זאָל טריאומפירן.

כ׳ווייס די ענדע איז ניט ווירקליך,
ס׳קומט דער סוף מיט ווינט און ווייען.
האָב רחמנות, ניט דערמאָן עס,
מאַך, דער סוף זאָל אונז דערפרייען.

# אברהם רייזען

צווישן הונדערט פען־חברים
איז ער טריב און מיד געזעסן.
מאי־קאַ־משמע־לן דער עולם? —
אין זיין בליק האָב איך געלעזן.

הונדערט הערשער פון דער פעדער!
כ׳האָב צוזאַמען זיי געצויגן.
איינעם בלויז געשטעלט אַנטקעגן, —
האָט דער איינער איבערוואויגן.

הונדערט שפּער. — אָי, ווי אָרים
בלייכט זיך זייער גאַנץ פאַרמעגן
קעגן אָט דעם איינעם פערל:
„מאי־קאַ־משמע־לן דער רעגן?״

„מאי־קאַ־משמע־לן מיין לעבן?
וואָס זשע לאָזט עס מיר צו הערן?
פוילן, וועלקן אין דער יוגנט,
פאַר דער צייט פאַרעלטערט ווערן.

עסן טעג און שלינגען טרערן,
שלאָפן אויפ׳ן פויסט דעם האַרטן,
טויטן דאָ די עולם הזה,
און אויף עולם הבא וואַרטן״...

— טויטן דאָ די עולם הזה!
אָ, דאָס טוט דאָך יעדער איינער....
טעג מיר עסן אַלע, אַלע.
דאָס געזאָגט האָט קיינער, קיינער!

„וואָס זשע האָסטו לעבן נאָך,
אויסער זיבן טעג אין וואָך?
אויסער אונזער שווערן יאָך
און דעם טויט, דעם טויט דערנאָך?״

לאָכט דאָס לעבן, ענטפערט אָפּ:
קינד, ניט פאַל ביי זיך אַראָפּ,
דער וואָס פערלט אַזעלכע רייד,
האָט פאַר דיר אי גליק, אי פרייד...

„און הונדערט מאָל דענקען,
און טויזנט מאָל קלערן,
דו וועסט פון דיין שכל
קיין ענטפער דערהערן״.

יאָ, אמת, דעם ענטפער
קאָן קיינער דערלאַנגען.
ז י י ן ענטפער דאָך הערסטו, —
אין ג ע ט ל י כ ע קלאַנגען!

קומט צו דיר נאָך עפּעס לייען
פאַר זיין הויז־געזינט אויף ברויט,
זיי זשע, מלוה ניט קיין מערדער,
שנייד פון אים ניט אָפּ די הויט״.

דער געבאָט איז פון דעם נביא
טויזנט יאָרן שטום געוועזן,
ביז פאַרביי איז ער געגאַנגען,
מיט זיין פיינסטן אויג געלעזן,

„ווען דיין ברודער אַ געדריקטער,
איינגעהויקערט, איינגעבויגן,
מיט אַ דאַרן בלאַסן פּנים
און פאַרוויינטע אויגן

אויסגעקושט ער האָט די ווערטער,
איינגעפאַסט זיי ווי ברילִיאַנט.
יאָ, דער נביא און דער דיכטער
לעבן אייביק האַנט אין האַנט!

„בעט איך רעגן, שײַנט די זון,
בעט איך זונשײַן, פּליִעצט אַ רעגן;
מזל, וואָס וועט זײַן דערפון,
וואָס דו גייסט מיר אַלץ אַנטקעגן?

וואָס איך בעט און וואָס איך וויל,
ווילסטו קײנמאָל ניט ערפילן.
מזל, אויב דאָס איז אַ שפּיל,
דאַן געפעלט מיר, לאָמיר שפּילן!"

— און ער שפּילט אַזוי און שפּילט,
שמײכלט ליבלעך דורך די טרערן;
בליצט און שפּריצט מיט פונקען פּיל
ווי דער הימל מיט די שטערן.

און ער שפּילט אַזוי און שפּילט,
אַזש עס פלאַטערט טיף דײַן זעעלע.
אַט דערהויבט ער דיך צו גאָט
און אַט וואַרפט ער אין כּף הקלע.

— ווי זאָל איך ניט גרויס זײַן בײַ זיך און ניט שטאָלץ?
ווי זאָל ניט פאַרפולט זײַן מײַן לעבן?
עס האָט מיך געבענשט דער געזאָלבטער פון גאָט,
זײַן בילד אַלס געשאַנק מיר געגעבן.

געפּאַסט כ'האָב זײַן בילד אין אַ גאָלדענער ראַם,
באַרײַכערט דערמיט כ'האָב מײַן צימער.
ער האָט דאָך באַרײַכערט מײַן פאָלק און מײַן שטאַם,
מיט אוצרות באַשײַנקט אונז אויף אימער.

ווי זאָל איך ניט גרויס זײַן? עס האָט מיר זײַן האַנט
צום אָנדענק זײַן נאָמען געשריבן.
די האַנט וואָס'ט געשענקט „אַ געזינד זאַלבע אַכט"
און פערלען פון האַרצן געקליבן.

די האַנט וואָס געטאָן האָט „דעם מענש" און „די צײַט"
מיט „יוגנט" און „שלום" באַנײַען.
די האַנט, וואָס געבראַכט האָט פאַרשוואונדענע טעג
און הערלעך צושטעלט זײ אין רײען:

„צושטעלט זיך אין רייען, פאַרשוואונדענע טעג,
אַמאָליקע טעג פון מײַן לעבן;
איך וועל אײַך אַדורכגיין פון אָנהויב ביז ברעג,
און יעדערן שלום אָפּגעבן..."

„אויב לעבן הייסטליידן, דאַן לעב איך שוין לאַנג,
דאַן האָב איך גענוג זיי די יאָרן;
אויב לעבן הייסט הערן פון גליק כאָטש אַ קלאַנג,
דאַן בין איך נאָך גאָר ניט געבאָרן...״

— צושטעלט זיך אין רייען, איר שעפער פון גייסט
און דיכטער פון טויזנט געזאַנגען,
פאַרנייגט זיך מיט עהרפורכט מיט טיפן פאַר אים,
דעם קעניג פון הערצער און קלאַנגען!...

# אַ דיכטערס קלאַנג

עס ליגט א יונגער דיכטער.
ווייס־געקליידעטע ווייסע „שוועסטער״,
ווייכע בעטלעך און געזיכטער.
אין דער מיטן אויף אַ בעטל

ווייס דער קישן, ווייס דער פּנים,
שוואַרץ די ליפּן, שטאַר די אויגן.
שטיי איך ביי זיין בעט פאַראומערט
און מיין קאָפּ איז טיף געבויגן.

„נאָטע, זאָג איך, כ׳האָב געבראַכט דיר
אַ גערוס פון גאַנצן עולם.
זאָג, וואָס מאַכסטו ברודער נאָטע?
שוין גענוג קריינקען, גולם״!

קוקט מיך נאָטע אָן פערגליווערט
מיט אַ יאוש מיט אַ שווערן,
שמייכלט אַנגסטלעך, מעלאַנכאַליש
און ער שעפּטשעט, קוים צו הערן:

שוין, די שפּיל פאַראיבער... פאַרהאַנג...
באַלד, באַלד לעשט זיך אויס דער פייער...
האָסטו... האָסטו שוין געלעזן
אין דער „צוקונפט״, אין דער נייער —

מיין פּאָעמא „לוסט און לעבן״?...
אָ, דאָרט פעלט אַ קלאַנג אין מיטן.
מערדער, מערדער... ווי זיי האָבן
מיר דעם שענסטן פערז פאַרשניטן!

מיין געזאַנג... מיין „לוסט און לעבן״
איז צו׳הרג׳עט, איז צוריסן.
ס׳פעלט אַ קלאַנג, אַ קלאַנג... אָ, ברודער,
לאָז דאָס יעדן, יעדן וויסן!...

ס׳איז געווען זיין קלאַנג זיין לעצטער.
ס׳קלינגט שוין מער ניט... חבר ליבער,
זאָל דיין לעצטער ווילן קלינגען! —
אַלע, אַלע ווייסט דעריבער:

ס׳פעלט אַ קלאַנג אין דער פּאָעמא —
עלנד טוט זיין גייסט דאָ שוועבן.
אין זיין „לוסט און לעבן״ נגון
פעלט אַ קלאַנג פון לוסט און לעבן...

# אַ דראַמע

געלעזן האָט פאַר מיר אַ פריינט
זיין דראַמע „ווינד און וויי״ ;
און איך האָב מיר געטראַכט דערביי
פון זאַכן אַלערליי.

ער האָט מיט ברען און גרויס געפיל
דעם ערשטן אַקט באַגלייט.
באַהייצט מיט קאַמף און אידעאַל
און שכל׳דיקע רייד.

(איך האָב באַרעכנט דאַן וויפיל
איך האָב פאַרדינט די וואָך,
ווי גרויס געווען מיין אויסגאַבע
ווי שווער געווען דער יאָך.

איך האָב געטראַכט: דער ווינטער קומט
אין שטוב ניטאָ קיין קויל.
אַ חורבן טראָגט זיך פון דער היים,
און ס׳יאָגט פון דאָרט אַ גרויל).

ביים צווייטן אַקט האָט ער די שפיל
באַגלייט מיט גרויס געזאַנג.
עס האָט אַ שאַרפער, הויכער גרילץ
פאַרטומלט מיין געדאַנק.

(געוואָנדערט האָט מיין בליק אָן ציל,
געפאַלן אויף אַ בלאַט:
„קיין שלום נאָך אויף דריי־פיר יאָר!״
און ״שלום איז פאַרראַט!״

געדיינק — איך האָב געזאָגט צו זיך;
דו נעם דאָס גוט אין קאָפ.
דו לעבסט צו פרידלעך מיט דער וועלט;
גיסט יעדן שלום אָפּ!...)

ער האָט דעם דריטן אַקט געפירט
מיט גרויס געשריי און גוואַלט.
(איך האָב באַרעכנט דאַן דעם טאָג,
ווען ערב פסח פאַלט...

אָט באַלד, אָט באַלד, איך קעניג שוין.
מען דאַרף זיך מאַכן גרייט.
דער קעניג דאַרף אַ נייעם ראָק,
די קעניגין — אַ קלייד...)

דער פערטער אַקט געקומען איז
מיט גרויס געוויין און קלאָג.
ער האָט געטאָן אַ הויכן זיפץ,
דערנאָך אַ הויכן זאָג;

דערנאָך געוויינט מיט גרויס געפיל,
געפלוכט די וועלט, אַ שרעק.
(איך האָב געטראַכט: אַ שאָד דער מענש,
ער פטר׳ט זיך אַוועק.

אַ מענש, בעדענק זיך גוט,
אַ שיינער טאָג פאַרשווינדט.
צי האָסטו ניט קיין צער אויף זיך,
און אויף דיין ווייב און קינד?

צי פילסטו ניט פון מיר דעם פיין?
צי זעסטו ניט מיין שטאַנד?
(איך האָב געטאָן אַ טיפן זיפץ).
ער האָט געדריקט מיין האַנט...

און האָט געזאָגט: איר זענט באַווירקט —
איר פילט דעם טאָן געטריי!
איך וועל אַצינד מיין „ווינד און וויי״
איך לעזן אויף דאָס ניי. —

# מיין פאָרלעזונג

„רואיק, רואיק, מיינע פריינט!
רואיק, אַלע ווערטע געסט!
ס׳קומט אַצינד אַ יונגער דיכטער
לייסטן וועט ער אונז זיין בעסט״!

אויסגערופן האָט אַ ברודער
פון דעם וולעדניקער פאַריין,
און אַרויף איז אויף דער בינע —
כ׳שעם מיר זאָגן... איך אַליין.

שלוחים קומען, וויינען, בעטן:
קראַנק אַ איד, ער ווערט פאַרצערט...
פאַר אַ חולה, לא עליכם! —
דאַרף מען געבן אַ קאָנצערט.

בין איך, הייסט עס, אויף דער בינע,
הויב אָן זאָגן שטיל —
ווער פאַרשעמט באַלד — פרעמדע מענשן...
גרויזאַם שווער איז מיר די שפּיל.

פאַלט מיין בליק אין אַלע זייטן,
אויגן, אויגן אָן אַ שיעור,
אפשר טויזנט פרעמדע בליקן,
איז געצילט דורכאויס אויף מיר.

פלוצלונג, פלוצלונג איך באַגעגן
אויגן בלויע, אויגן צוויי,
אָרימס צאַרטע, ברוסטן רונדע,
האַלב ענטבלויזטע, ווייס ווי שניי.

קעגנאיבער זיצט דאָס מיידל,
צילט צו מיר איר ליבן בליק —
גאָט, ווי זיס די ליפּן שמייכלען,
וועקן פרייד אין מיר און גליק.

פעסטער ווערט מיין שטים מיין שוואַכע,
קראַפט מיר גיט איר שיין געשטאַלט
פלוצלונג (דאָ הויבט אָן מיין אומגליק)
איך פאַרגעס זיך וואו איך האַלט.

כ׳קער צוריק זיך, ווער פאַרפּלאָנטערט,
פלוידער עפּעס אָן פאַרשטאַנד.
אַנגסטן הייסע מיך באַשלאָגן,
טיף דער אָפּגרונט... גרויס די שאַנד..

ס׳פאַלט מיר עפּעס איין א סברה,
כ׳שטעק מיין האַנט אין טאַש געשווינט.
דאָרט פאַראַן מסתמם אַ לידל איז,
וואָס קאָן רעטן מיך אַצינד.

און דער עולם וואַרט געדולדיק,
און אין יעדן טאַש איך זוך,
צי אַרויס מיין קאַם, מיין טייסטער,
צי אַרויס מיין טאַשן־טוך.

צי אַרויס אָן אַלטע צייטונג,
פלוצלונג פאַלט אַרויס אַ פלאַש
(פאַר מיין מאָגן אַ רפואה
טראָג איך אימער מיט אין טאַש).

פאַלט אַראָפּ און — טראַך! צובראָכן,
אויסגעגאָסן מיין רעצעפּט.
ס׳הילכט דער זאַל פון גרויס געלעכטער...
נאָר מיין מוט איז אויסגעשעפּט..

ליבע פריינט, חברים מיינע,
ס׳איז, איך זאָג אייך, אַ געזעץ:
זעט איר ווייסע אָרעמס, ברוסטן,
ס׳שפּרייט דער טייפל אייך אַ נעץ!..

# דער רעדאַקטאָר

גענאַרט שטאַרק איך האָב דעם רעדאַקטאָר צו קענען,
אָ כ׳שרייב דאָך צו אים אַזוי לאַנג:
מיין נאָמען מסתמא מיט גאָלדענע פעדים
עס וועבט זיך ביי אים אין געדאַנק.

זיך פאַרגעשטעלט איינמאָל. זיין בליק האָט געפאָרשט מיך:
„דער נאָמען איז דאַכט מיר באַקאַנט;
זייט איר ניט, איך בעט אייך... דער שווינדלער פון באָסטאָן,
פון באָסטאָן מיין צייטונגס־אַגענט?״...

— „מיין הער, כ׳בין דיכטער! ביי אייך ערשט געדרוקט זיך,
אַגרויסע פּאָעמע „די פרוי״!
— אַזוי גאָר, אַ דיכטער?... ענטשולדיגט... קיין צייט ניט״.
באַקאַנט זיך מיר האָבן אַזוי.

# דער קריטיקער

געגאַרט לאַנג מיין האַרץ האָט אַ נאָענטע פריינטשאַפט
צו שליסן מיט מיין רעצענזענט.
ער האָט מיינע שריפטן אַזוי דאָך באַלויכטן! —
מיר האָבן זיך ענדלעך באַקענט.

„שוין לאַנג, לאַנג — דערציילט ער — כ׳האָב חשק צו לייענען
„דאָס ביכל וואָס איר האָט פאַרפאַסט.
„כדאַי דאָס באַטראַכטן, און טאַקע גאָר נאָענט...״
— „מיין הערר, — זאָג איך, —כ׳לעבן איר שפּאַסט.

„איר האָט דאָך שוין לאַנג, לאַנג דאָס ביכל צעגלידערט,
„אי ליכט דאָרט, אי שאָטענס ענדעקט.
— „אַנטשולדיקט מיר, — זאָגט ער — כ׳האָב צייט דען צו לעזן?
„איך האָב זיך ביי לייטן צעפרעגט...״

# אַ יובל געזאַנג

(אַלע חברים געווידמעט)

אַלע דיכטער פון דעם געסל,
קומט אַהער, אַהער צוזאַמען!
זאָל דער פֿייער פון דעם יובל
אויך אין אונזער מיטן פלאַמען.

אַלע דיכטער פֿון דעם געסל,
לאָמיר זיך די הענט דערלאַנגען.
אין די פרייע אַרבייטס־שטימען
וועבן מיר דאָך די געזאַנגען.

אַלע דיכטער פון דעם געסל,
אויף צום יובל פון דער „שטימע“!
ווער פון אייך האָט דאָרט קיין ווינקל?
ווער האָט ניט געהאַט קיין בימה?

קומט אַהער מיט טאַנץ און ריטם,
לאָמיר היינט מיט יובל שיינען.
וויט, צי נאָענט — אָבער אַלע
מחותנים דאָ מיר זיינען.

קום אַהערצו, טרויער דיכטער,
דיר געהערט דאָך דאָ די בכורה.
רייס ארויס אַמאָל דיין אומעט,
וואַרף אַוועק דיין מרה שחורה.

הויך דעם קאָפּ און האָפּיי פריילעך!
דו זאָלסט אונז פאָראויס מאַרשירן.
מיט אַ פייף און פליעסק מיר וועלן
דיין געזאַנג אַקאָמפּאַנירן.

עי, איר דענקער, פּראָפעסאָרן
און בכבוד׳ע פּאַרשוינען,
מאַכט אַ וועג! די זינגער גייען
אייך די שמחה צו באַשיינען!

מאַכט אַ וועג, די זינגער קומען
מיט די שענסטע פרייד־געזאַנגען!
וואָס באַטרעפן שיינע רעדן
אָן די ריטמיש־שיינע קלאַנגען?

הער רעדאַקטאָר, אייער האָהייט,
אונזער קוילער, אונזער מלך,
קומט צו אונז, צו אונז, די זינגער,
מיט אַ טאַנץ און מיט אַ פריילין!

אונזער כאָר פון נאַכטיגאַלן,
גאָטס־געזאַלבטע ווּאוילע יונגען.
(גאָטס פאַרדאַמטע דומע קערלען,
שענער, זאָגט איר, וואָלט געקלונגען).

שטילער, חברה, דער רעדאַקטאָר
וועט אַ לייט אַרטיקל זינגען.
מיט אַ גראַם און טאַקט און ריטם
„אויף דער וואך“ עס זאָל היינט קלינגען.

האַלט אים אונטער, יעדער איינער;
זאָל געזאַנג דורכאויס זיך הערן!
אויסגעטאַנצט און אויסגעזונגען
דער בריוו־קאַסטן זאָל אויך ווערן!

נידער היינט מיט יעדער פראָזע!
ס׳ווערט ביי אונז קאָנצערט געגעבן!
זאָל היינט יעדן איינעם׳ס שטימע
אין אַ גרויסע ליד זיך וועבן!

# דער יונגער קעמפער

(נאָך א. רייזענס „די יונגע קרעמערין״)

כ׳גיי פאַרביי די קאַפעס,
אָנגעפּאַקטע שוואַרץ —
קריגן שוואַכע מאַגנס,
קלאָגט אין מיר מיין האַרץ.

און אין גאַס — מען האָוועט,
ס׳יאָגט אַ וועלט פאַרביי.
און דער בחור זיצט זיך,
זיצט זיך פראַנק און פריי.

יונגע לייטלעך זיצן,
רעגן זייער בלוט —
און די חברה מיינען
אַז אַזוי איז גוט.

אָפּגעהאַקט פון לעבן,
אָפּגעהאַקט פון אַלץ.
פלוידערט רק, און פלוידערט,
רייסט זיך אויפ׳ן האַלז;

זיצן און מען חקירה׳ט,
און מען גראָבט זיך טיף,
און מען לערנט סאַנין
מיט אַ מהר״ם־שיף.

רעדט פון שווערע פּראַצע,
רעדט פון נויט און פיין:
טוט קיין האַנט אין קאַלטע
וואַסער ניט אַריין.

וואָס איז פרייע ליבע?
און וואָס וויל טאָלסטאָי?
און צו׳ט וואקסן בעבלעך
אין דעם נייעם „סטראָי״?

„די סיסטעמע דאַרף מען
איבעראַרבעטן און באַלד!
און די מאַסע איז דאָך
אונוויסנד, אַ גוואַלד!״

און מען שיסט מיט קוילן:
„קאַמף איז אונזער מאַכט!״
„שקלאַפן—שאַפן—וואפן,
ס׳קראַכט: ערוואַכט! צום שלאַכט!

אוי מיר וואָלט זיך וועלן
צו דיין טאַטן גיין,
און אים אַלץ דערציילן,
געבן צו פאַרשטיין.

ביי אַ טישל זע איך
זיצט נאָך, דוכט — אַ קינד
און עס רעדט און פלוידערט —
פשוט, ס׳איז אַ זינד.

און אַ בינטל ריטער
געבן אים אין האַנט,
דיך אַנידערלייגן
איבער אַ באַשטאַנד.

פלאַנטערט דאָרט צוזאַמען
בוידים, קלאָץ און וואַנט:
ניצטשע און — רב פפא,
עדעלשטאַט און — קאַנט!

און דיר ציילן מלקות —
אָפּשמייסן דיך גוט.
דו זאָלסט לאַנג געדיינקען
וואָס באַדייט אַ רוט.

און אויף מאָרגן טאָקע
נאָך די הייסע שמיץ,
נעמען דיך שלים־מזל,
געבן דיר אַ שוויץ;

אַפּוואַשן די בלאָטע
און דעם שטויב און קויט.

וואָס פון לאַנגע צייטן
האָט באַדעקט דיין הויט.

און דיר זען אַ תכלית.
אפשר, אפשר גאָר
חתונה דיך מאַכן,
האָב דיר אַ שוואַרץ יאָר!..

## כ׳וועל ניט מער!

מיין ליבער מאַן, סעם! האָב רחמנות אויף ווייב און קינד, וואָס גייען אויס פון נויט און פיין. קום אַהיים. אַלעס וועט פאַר־געסן ווערן. איך וועל שוין קיינמאָל...

(פון אַ צייטונג).

אָ, סעם, פאַרנעם מיין ווײ געשריי,
דיין קינד׳ס געוויין פאַרנעם!
אָ, קער זיך אום, דערבאַרים זיך
אָ, כ׳וועל שוין מער ניט, סעם!

דו מעגסט מיר פליקן מיינע האָר,
צו וואַרפן מיך אין שטויב,
דו מעגסט, דו מעגסט!... מיין האַר,
איך שווער כ׳וועל שטומען ווי אַ טויב.

אָ, כ׳וועל ניט קלאָגן הויך, ווען דו
וועסט שטראָפן מיך ווי שווער.
אָ, קום צוריק אַהיים צו גיין —
אָ, כ׳וועל שוין קיינמאָל מער.

דאָס קינד פאַרגייט... מיין קינד פאַרשווינדט...
דערבאַרים זיך, מיין הער!
אָ, קום צוריק, באַהערש, באַצווינג, —
איך וועל שוין קיין מאָל מער...

# אין אַמעריקע איז דער טאַטע

(פּאַראָדיע)

אין אַמעריקע איז דער טאַטע
דיינער, זונעניו.
דו ביסט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת־עתה,
אוי לע־ליו־ליו־ליו.

לודלאָוו סטריט... ביטערע, וואוינונגען הויכע,
פינסטערע שטיגען אַ סך...
זונעניו, דאָ וואוינט דיין טאַטע, דיין אָרימער!
אָפּגעצערט איז ער און שוואַך.

דאָרטן עסט מען אין דער וואָכן
חלה, זונעניו.
יאַכעלעך וועל איך דאָרט קאָכן
אוי לע־ליו־ליו־ליו...

צדקה קיך... טוכלעקייט... ברויט אַלט־געבאַקענע...
שיטערע, ביטערע יוך...
זונעניו, דאָ עסט דיין טאַטע, דיין אָרימער!
קלאָגט ער זיך, שפּייזט זיך מיט רויך...

ער וועט שיקן צוואַנציק דאלאַר
און זיין פּאָרטרעט דערצו.
און ער וועט נעמען, לעבן זאָל ער,
אונדז אַהינצו צו.

גלוסט ער א שיפסקאַרטע קויפן אויף אויסצאָלן,
קלויבט זיך אַהיים שוין פון לאַנג...
זונעניו, סלעק הייסט אַ צייט אַזאַ ביטערע,
שטערט דאָס דיין טאַטן אין גאַנג.

ער וועט כאַפּן דיך צום קושן,
טאַנצן אַזש פאַר פרייד.
און איך וועל קוועלן, טרערן גיסן,
וויינען שטילערהייט.

טוט ווײ אין האַרצן אים, הוסט ער זיך צייטנווייז,
ס׳דריקט אים דאָרט עפּעס צונויף...
זונעניו, ס׳הערשט אַזאַ קראַנקהייט דאָ, „אויסצערונג״,
ס׳ליידט דיין טאַטע דערויף...

## זשאַרגאָן — נעבעך

מיין פריינט באָריס האָט זיך צעלאַכט
און האָט מיט שפּאָט צו מיר געמאַכט:
זשאַרגאָן אַ שפּראַך ?! אוי, כ׳האַלט ניט אויס
אַ, פון די כלים כ׳וועל אַרויס !
אַ שפּראַך — זשאַרגאָן ! איר הערט ? זשאַרגאָן !
אַ זאָג טאָן זיך אַ איד עס קאָן !
זשאַרגאָן אַ שפּראַך ?! — אוי גוואלד, איך פּלאַץ
עס הייסט שוין „אידיש״ גאָר דער שאַץ.

נו, האָט זשאַרגאָן אַ גראַמאַטיק ?
אַ בוך אַזאַ, וואָס גיט אַ בליק
אויף יעדן אות, אויף יעדן וואָרט,
צי שטעלן דאָ, צי שטעלן דאָרט.
וואו שרייבן „קיי״ און וואו א „קיו״,
וואו שטעלן „יו״, וואו „דאָבל־יו״ ?!

אַ האַרבע זאַך די גראַמאַטיק,
אַ בוך אַזוי די גרויס און דיק,
מען לערנט דאָרט ווי איין, ווי אויס,
מען חזר׳ט דאָרט פון בוך אַרויס
אַ יעדן וואָרט א יעדן אות.
און ס׳קומט זיך גאָר אַ איד צוגיין,
וואָס ניט געבראָכן האָט די ציין,
וואָס ניט גע׳חזר׳ט האָט קיין זאַך
פון גראַמאַטיק... און טוט אַ מאַך:
ער האָט זיך שוין אַ אייגן שפּראַך.

אַ שפּאַס, זשאַרגאָן ! — אוי גוואַלד, אוי גוואלד !
אַ האַלט מיך צו, אָט פּלאַץ איך באַלד !

זשאַרגאָן אַ שפּראַך! איר הערט? זשאַרגאָן,
קיין אייגן וואָרט, קיין אייגן טאָן,
גענאַשט האָט איר דאָך אַלץ פון דייטש,
אַ יעדער קאָפּ־מענש וויס דאָך, סטייטש:
אין דייטש „ער זאַגט", ביי אייך „ער זאָגט",
אין דייטש ער „בראַקט", ביי אייך „ער בראָקט"...
געענדערט בלויז איר האָט דעם קלאַנג,
פאַרקרימט איר האָט דעם גלייכן גאַנג,
געמיינט דערמיט צו זיין אומשטאַנד,
פאַרדעקן גאָר די גרויסע שאַנד.

נאָר ניין, די גנבה ווערט דערקענט
פון יעדן הויך־אינטעליגענט!
אַ יעדער וואָרט איז גנבה, פרעמד!
מיט גזלה פול איז יעדער זאַץ.
זשאַרגאָן אַ שפּראַך, זשאַרגאָן אַ שאַץ!
אוי, האַלט מיך צו, איך שטאַרב, איך פּלאַץ!" —

כ'האָב אויסגעהערט די אַלע רייד,
און דאַן געזאָגט: „אָ, ס'טוט מיר לייד,
נאָר מודה בין איך, אין דיין בליק
פאַראַן איז אמת גאָר אַ שטיק,
אונז פעלט, אונז פעלט אַ גראַמאַטיק.
ווייל הערנדיק דיין שפּראַך אַצינד,
בעגרייף איך ערשט, אוי ווי און ווינד,
ווי נויטיק ס'איז אַ לער־בוך אונז,
וואָס לערנען זאָל ווי איין, ווי אויס
מיט יעדן וואָרט, מיט יעדן אות
וואָס פּלוידערט זיך פון מויל אַרויס.

און כ'בין דיר מודה נאָך אַ זאַך:
פאַרפרעמדט טאַקע איז די שפּראַך,
אַן אייגנאַרטיק וואָרט עס פעלט
אין אונזער מאַמע לשון וועלט.
ווייל הערנדיק דיין שפּראַך אַצינד,

באַגריף איך ערשט, אוי ווי און ווינד,
פון וואַנען איז יעדער וואָרט געשעפּט,
צענויפגעשלעפּט, צענויף־געקלעפּט,
געהערט עפּעס פון אַ זשאַרגאָן;
אַריינגערעדט אין גראַמאַפּאָן
ס׳איז אויסגעדראָשן יעדעס וואָרט,
אי אַלט, אי פרעמד, פון יענעם סאָרט,
וואָס טראָגט זיך אום אי דאָ, אי דאָרט,
אַריינגערעדט ווי׳ן גראַמאָפאָן...

וואָס האָט שוין לאַנג אַ גרויע באָרד.
עס האָט קיין זין, עס האָט קיין ווערט,
ניט דורכגעפּילט, ניט דורכגעקלערט,
אַ פרעמדן וואָרט דו האָסט געהערט.
האָסט רעכט, אַ אייגן וואָרט עס פעלט
אין אונזער מאַמע לשון וועלט,
אַן אייגן וואָרט, אַ גראַמאַטיק,
אַ בוך אַזוי ווי גרוי און דיק
וואָס לערנען זאָל דיך יעדע זאַך:
וואָס רופט זיך „שוואַץ״, וואָס רופט זיך שפּראַך...

# דער אַפּטייקער

דער קראַן איז זיין חיות, עס גיט אים חיונה.
ער שעפּט אַלץ פון דאָרטן און שעפּט...
ער פאַרבט צו די וואַסער, און מאַכט דאָס געזאַלצן —
און פאַרטיק אַ דאָקטאָרס רעצעפּט.

און קלינגט מיט דעם שטייסל, משמעות ער אַרבעט...
און ממזר׳יש טוט אַ ווינק...
אין פראָנט זיצט אַ שוואַכע, אַ טויט־בלאַסע ווייבל
און וואַרט אויף די וואַסער פון סינק.

# איך זאָג אַזוי

איך זאָג אַזוי צו גרויסע לייט:
גייט נאָר צום פאָלק אַרויס!
דאָס פאָלק אַליין וועט זאָגן אייך,
צי קליין איר זייט, צי גרויס,
צי גייט איר לינקס,
צי גייט איר רעכטס,
דאָס פאָלק עס ווייסט...

— האָ, וואָס זאָגסטו?...
ווי גראָב דו רעדסט, ווי דום!
אַפּריער לערן, לערן פיל.
כ׳האָב פיינט ווען ס׳רעדט דאָס גראָבע פאָלק!
דו קענסט עס ניט — טאָ שטום.
אַ גראָבער יונג מוז שווייגן שטיל —
ווי שאָפּענהאַור, אַרציבאַשעווע
און עליאַשעוו זאָגט.

איך זאָג אַזוי:
ניטאָ ביי אייך קיין ליבע, קיין געפיל!
אַיענעמס ווי ביי אייך איז שפּאַס,
אַיענעמס טרער — אַ שפּיל.
פון צדקה, וואוילטאָט מאַכט איר שפּאָט.
אָ, קיין גוט־האַרץ און קיין גענאָד.
ניטאָ ביי אייך,

— וואָס ווילסטו, דו?...
אַ פּעני גאָר, אַזוי?
ביסט הונגעריק, דו פוילער יונג?
ביסט קליין צו קייען שטרוי?
אָ, כ קאָן די לייט... יאָ, יאָ, אויף ברויט...
איך האָס אַ שנאָרער ווי דעם טויט, —
ווי פריעדריך ניעטצשע, בערנאַרד שאָו,
און עדגאַר פּאָו זאָגט.

איך זאָג אַזוי:
ניט זוכט ביי אונז קיין נביא און קיין גאָט.
געשענדעט ווערט דאָ גאָטס וואָרט
דורך וויצלעך און דורך שפּאָט.
איעדער טוער פאַר דעם כלל
געקייקלט ווערט אין גיפט און גאַל,
פאַרדאַמט, פאַרלאַכט...

— שאַ, זעסטו, זעסט אָט יענע קאַטשקעס צוויי?
אַ דיכטער און אַ רעדנער קומט
— ס'אַ נעזער, ווינד און וויי!
כאַ, כאַ! דאָס רעדט נאָך מיט די הענט.
דו קויפסט זיי אָפּ דאָך מיט איין סענט —
ווי פּשיבישעווסקי, דאָסטאָיעווסקי,
טשערנישעווסקי זאָגט...

# צו אַ פריינט

קיין אונטערשייד ניט וועמעס האַרץ
דו וועסט פאַר זיך געווינען.
דו וועסט סיי ווי אין איר דערנאָך
אַן אַנדערע געפינען...

יאַ, אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס
און פריי און ריין פון צער,
דאָס לעבן ניט פון אַרבעטס־מאַן,
דאָס לעבן פון זיין האַר.

האָב ליב דיין פריינט ווי זיך אַליין!
אַ טייער שפּרוך ווי גאָלד.
ווי זיך אַליין, — נאָר דאָך ווער ווייסט
צו האָסטו זיך גאָר האָלד?..

# אַ גאַסט

אַ לויכטנדער גייסט איז געקומען צו־גאַסט,
געקומען זיין גייסט דאָ צו פלאַנצן!
עס קומען די געסט ניט צו לויכטן פאַר אונז,
זיי קומען פאַר אונז בלויז צו גלאַנצן.

אַ לויכטנדער גייסט איז געקומען צו גאַסט
דאָס אָרימע פאָלק צו באַלערען!
— מיין פריינט,
עס קומען די געסט ניט צום אָרימען פאָלק,
זיי קומען מיט רייכע פאַרקערן.

אַ לויכטנדער גייסט רעדט! ער טוט זיין געדאַנק
אין דרייערליי שפּראַכן באַשיידן.
— מיין פריינט,
זיי רעדן צו יעדן אין יעטווידער שפּראַך
און קענען צום האַרצן ניט רעדן.

# צו די געסט

איר קומט צו אונז אַראָפּ צוגאַסט,
אָ, האַלט זשע זיך ניט גרויס.
וואָס טוט איר זיך רק יחס׳ען
און שטעלט זיך אַזוי אויס?

ניט רעדט צו אונז פון הויך אַראָפּ
מיט ליבע און גענאַד.
און פאָרט איר שוין אַהיים אַוועק —
ניט מאַכט אונז דאָרט צו שפּאָט.

און קומט איר באַלד צוריק צוגאַסט —
שוין אויף דאָס ניי פאַרבענקט. —
קיין גנעדיקייט און לויב־געזאַנג
ניט שענקט אונז מער, ניט שענקט.

# צום רעדנער

דו זאָגסט, דו ווייסט, דו ווייסט דעם וועג;
ווילסט אונזער פירער זיין.
אַ־יעדער סוד איז דיר אַנטפּלעקט,
וואו תענוג בליט און פּיין.

דו זאָגסט, דו ווייסט, וואו ס׳פּליסט דאָס גליק;
ווילסט פירן אונז צום ברעג.
אָה, מענש, פאַרגיי אַהין צוערשט,
מיר וועלן גיין דיין וועג.

דו זאָגסט, דער אינזל איז ניט וויט
אַן אָפּגרונט טיף אַרום;
אָ, מענש, פאַרגיי אַהין צוערשט,
מיר וועלן נאָכגיין שטום.

דו זאָגסט, דו ווייסט, וואו קרום איז גלייך,
וואו דאָרן איז און שטיין.
אָ, מענש, פאַרגיי אַהין צוערשט,
מיר וועלן נאָך דיר גיין.

דו זאָגסט... אוי ווי, דיין יעדער זאָג
צורינט זיך ווי אַ טייך.
פאַרבאָרגן איז פון דיר וועג,
דוליידסט מיט אונז צוגלייך!

# צו דער פרייהייט

אַ אָרימע פרייהייט רחמנות דו וועקסט!
דו ווערסט דאָ געקעפּט און געהאַנגען.
אַ וויפל געמיינהייט און שווינדל און גוואַלט
דאָ ווערט אין דיין נאָמען באַגאַנגען!

# ק ר ק ע

אַ קאָמיטע איז געקומען
פון וולעדניקער פאריין
קויפן קרקע פאַר דער חברה;
און דער פּרעזידענט אַליין

האָט גענומען מעסטן, ציילן
און באַטראַכטן גוט די ערד,
וואו דעם אויבן־אָן צו מאַכן —
האָט ער זיך אַזוי פאַרקלערט.

„כ׳מאַך אַ פאָרשלאַג" — שרייט אַ ברודער,
„אויבן־אָן זאָל זיין אָט דאָרט,
און דער פּרעזידענט פאַרנעמען
זאָל ביי אונז דעם ערשטן אָרט!"

„אונטערשטיצט!" — שרייט אויס אַ 2טער:
„כשר האָט ער דאָס פאַרדינט!
אַן אמענדמענט נאָך מאַך איך,
אַז געשען זאָל דאָס אַצינד!"

און דער פּרעזידענט שרייט: „אָרדער"!
„מ׳דאַרף קיין כבוד מיר ניט טאָן.
ס׳איז מיין פליכט פאַר אייך צו זאָרגן;
כ׳וויל פאַר  א י י ך  דעם אויבן־אָן!"

# צום נייעם יאָר

צושטעל איך אַזוי מיר אײַן רייען
די טעג פון דעם קומנדן יאָר.
איך גיי זיי אַדורך און באַטראַכט זיי,
איך זע אַלץ פאָראויס אַזוי קלאָר.

איך קוק אין דער צוקונפט און שוידער,
אוי, וויפל ערוואַרטן מיך שרעק:
קדחת, און מאָגן־פאַשטאָפּונג,
און וועלט שמערץ און קאָפּ־שמערץ און סלעק.

אוי, ביטער־זאַלץ וויפל נאָך פונטן
כ׳וועל מוזן פאַרשלינגען אין זיך.
פאַרשעלטן דערבײַ זיך די יאָרן,
פאַרשעלטן די ביליקע קיך!

און שימף־ווערטער וויפל, און חרמות,
און עפּוש, און בלאָטע, און קויט
כ׳וועל אין דער פרעסע נאָך לייענען —
עס ציטערט אויף מיר אַזש די הויט.

און טראַק־רעדנערס וויפל עס וועלן
פאַרשוואַרצן דעם קומענדן יאר,
אַט שטייט ער, דער חכם און ברייעט
פאַר אַלטינקע ווייבער אַ פּאָר.

און רופט זיי צום קאַמף מיט טיראַנען,
און פלוידערט אָן ברעקל פאַרשטאַנד.
אוי, ס׳ווילט זיך אין מדבר אַנטלויפן,
פאַרדעקן דעם פנים פון שאַנד!

און וויפל גדולים אונז וועלן
באַזוכן פון יענער זייט ים,
ערקלערן פאַר אונז זיך אין ליבע
(דאָ פעלט מיר, רבותי, אַ גראַם).

און וויפל „אידישע הערצער",
„נשמות" און פינטעלע איד"
אַרויסקריכן וועלן און אויפשטיין
אויף איינעם אַ „יענקעל דעם שמיד".

און וויפל פּייקערס־דאָקטוירים
צעוואַקסן זיך וועלן ווי קרעץ,
און אומוואַרפן שוואַכע קרבנות,
פאַרפּלאָנטן אין זייער נעץ!

און וויפל קיבעצערס וועלן
זיך שטעלן אָט דאָ אויפ׳ן פּלאַץ,
און וועקן אים, משה׳ן, און וועקן
נאָר הערן וועט ער ווי די קאַץ.

# מיטאָמאָל

מיטאָמאָל אין איין פרימאָרגן...
וועל איך אַלץ פאַרלאָזן
און אַנטלויפן, און פאַרשווינדן,
וואו דער ווינט וועט בלאָזן.

פון דאָס־ניי פונאַנדערבליען —
ווי אַמאָל ערשט געבאָרן.
אויף אַ נייעם אופן וועל איך
וועבן מיינע יאָרן.

ס׳וועט זיך וואונדערן א יעדער
און אויף מיר זיך פרעגן.
מיט דעם קאָפּ טאָן לייכט אַ שאָקל,
פון גוט־פריינטשאַפט וועגן.

ווען דער נייער גוסט וועט ווערן
אַלט און אויסגעטראָגן,
און אַ שטילע בענקשאַפט ווידער
וועט אין האַרצן נאָגן.

און צוריק צו ארבעט נעמען.
ווי קיין זאַך געוועזן.
איך וועל מיר אַזוי פאַמעלעך
ווערן דאָ פאַרגעסן.

וועל איך גיין צוריק, פון וואַנען
כ׳בין מיט אַנגסט אַנטלאָפן,
און באַקוקן און באַטראַכטן,
וואָס האָט דאָרט פאַרלאָפן.

כ׳וועל די ווייטסטע ווייט דערגרייכן
און אַ נעסט זיך בויען,
וועל די סודות פון מיין לעבן
קיינעם דאָרט פאַרטרויען.

און אויף אַלט־באַקאַנטע גאַסן
זיך אַדורך שפּאַצירן.
און אַ קלעמעניס אַ שווערע
טיף אין האַרץ דערשפּירן.

און אַ שפּאָגל־נייעם נאָמען
וועל איך מיר דאָרט געבן,
פון דאָס־ניי פאַנאַנדערוויקלען
וועל איך דאָרט מיין לעבן.

כ׳וועל דערקאָנען מענשן־חורבות,
שאָטנס פון געשטאַלטן,
מיט אַ טיפן ווייַ מיין פּנים
אין די הענט באַהאַלטן.

און דערשטיקן און פאַרבאָרגן
מיינע הייסע טרערן,
און קיין וועג שוין מער געפינען,
וואו זיך דאַן צו קערן.

# דער אַנטיק

אָ, שפּרייט זיך, מיין פאַנטאַזיע, שפּרייט,
און צי זיך הויך, און צי זיך ברייט,

און בילדער מאָל, און בילדער וועב,
אין וייטן צוקונפט טו אַ שוועב!

אָ, שפּרינג אַרויס פון פּלאַץ און צייט,
און קוק אַריין אין וייטן ווייט.

אין הונדערט טויזנט יאָר פון היינט,
נו, צו דער אַרבעט, ליבער פריינט!

די פאָרשער זיי האָבן פון וואו אויסגעגראָבן,
אַ גוואַלדיקן גרויסן אַנטיק:
אַ בלעטל פון ערגעץ געדרוקט און געשריבן
מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

פון ערגעץ־וואו האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ בלעטל,
אַ לידל געדרוקט דאָרט פון מיר;
און ס׳האָבן די פאָרשער געזעצט זיך אויף יאָרן,
שטודירן דאָס שטיקל פאַפּיר.

ווייל אידיש, איז לאַנג שוין פאַרשוואונדן, פאַרגעסן,
קיין זכר פון דעם, שוין קיין שפור;
פאַרטיפט אין דעם בלעטל, שטודירן די פאָרשער
געשיכטע פון ליטעראַטור.

און ענדליך דאָרט איינער געפינט אויס אַ שליסל
צו יענער פאַרצייטיקער שפּראַך,
און קלאָר ווערט יעטוועדער פערז פון מיין לידל
און קלאָר ווערט אַ יעטווידע זאַך.

און טיפע השערות און בויכיקע סברות
עס ווערן פון אים דאָרט געמאַכט:
דער „וולעדניקער״, דרינגט ער מוז שטאַמען פון וולעדניק,
אַ מדינה וואָס פרייט זיך און לאַכט...

אַ מדינה, משמעות, פון גאָט א געבענשטע,
באַשירמט פון צער און פון לייד;
וואו ס׳וואוינען בלויז פירסטן, און ס׳גיסט זיך שאַמפּאַניער,
דאָס לעבן איז — וואוילטאָג און פרייד.

באַקומען דער יונג האָט אַ מוסטער דערציאונג
אַ מזיק געוואָרן, אַ ספּאָרט,
אַ גייסט אַ געזונטער, אין קערפּער געזונטן
אַרויס שיינט פון יעטווידן וואָרט.

און זאָרגלאָז געגליטשט האָט זיך דאָרטן זיין לעבן
אין עושר, אין כבוד מסתם.
פון וולעדניקער אַדל פון גראַפן און פירסטן.
„געוועזן איז אויך זיין מאַדאַם״.

און סברות נאָך פילע, און חקירות נאָך טיפע
עס ווערן פון פאָרשער געמאַכט,
און ס׳ווערט אין מוזעאום דאָס דאָזיקע בלעטל
פון וועכטער פון שטאַרקע באַוואַכט.

און וויסנשאַפטס־מענער אַהינצו זיי קומען,
שטודירן דעם גרויסן אַנטיק:
שטודירן דאָס לידל פון קעניגרייך וולעדניק
פון טויזנטער יאָרן צוריק...

# אינהאַלט:

# אַ צעטל

(מאָנאָלאָג, געהאַלטן אין קאַנצעלאַריע פון װאָלעדניקער ראַבינער
פאַרצייכנט װאָרט ביי װאָרט)

װאױנט דאָ דער הער ראַבינער ? דאָ ?... זיינט איר דער הער ראַבינער, דער שרייבער הייסט דאָס ? ניטאָ דער הער ראַבינער אַליין ? ניטאָ אים ? אַװעק־געגאַנגען מסתמא איינשװערן סאָלדאַטן, אידישע סאָלדאַטן... גיט זשע מיר, זייט מוחל, איר אַרױס אַ צעטל, מחמת מיין טאָכטער איז געלעגן געװאָרן, גע־האַט אַ אינגל מיט אַ מיידל. 2 צעטלעך, הייסט דאָס, גיט מיר. װילט איר מסתם װיסן די נעמען, װאָרט זשע אויס אַ װײילינקע, מיר װעלן זיך באַלד דער־מאָנען. מכח דעם האַמפּערן מיר זיך, איך און מיין װייב, שױן אַ פּאָר טעג. זאָל שוין זיין װי זי װיל: דעם אינגל פאַרשרייבט משה־למך און דאָס מיידל — טע־מע גיטל. מאַכט נאָר ניט, איך בעט אייך, קיין טעות און פאַרצייכנט ניט דאָס מיידל משה־למך מחמת מען קען זי נאָך אָפּגעבן אין סאָלדאַטן אויך...

אַי איז דאָס ביי אייך װאַרעם ! גוט װי אין אַ גן־עדן. אַ פּנים מע הייצט ביי אייך, און אַז מע הייצט איז װאַרים, און אַז ס׳איז װאַרים איז מחיה נפשות. איך האַלט דוקא ניט זייער שטאַרק דערפון. ביי מיר אין שטוב איז אַזױ: אַמאָל הייצט מען און אַמאָל ניט, מער ניט, — איידער יע. װאָרום ניט ? האָב איך אייך שוין געזאָגט, אַז איך האַלט ניט דערפון. און אגב... בתולות גרױסע אין שטוב. דרייצען קיין עין הרע, אַלע אין די יאָרן, אַלע שיין, מאַסיװ, אױסגע־באַקן, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאַדן, װאַרימען זיי שוין... פאַרשטייט איר מיך.

אָר־װאַ װיפל „ביכער" זיינען דאָ צושטעלט ביי אייך! װען איך װאָלט האָבן אַזױ פיל קערבלעך װאָלט איך שוין חתונה געמאַכט מיין עלטסטע בתולה... און די דאָזיקע „ביכער" שטייט באַשריבן מסתמא גאַנץ װאָלעדניק, האַ ניט אַזױ? כ׳װאָלט װעלן זען דאָס בוך װאו איך מיט מיין געזינדל קיין עין הרע שטייען פאַרשריבן. זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז דאָרט אױסגעמעקט מיין אינגל, אָט יענעם חברה־מאַן װאָס האָט זיך אָפּגעטראָטן מיט אַ 12־15 יאָר צוריק פון שקאַרלאַטין ? ער שטייט מסתמא ביי אייך דאָרט אַ לעבעדיקער, און פּאַניע װעט אים מאָנען צום פּריזיװ, און מען װעט מיך פאַר׳משפּט׳ן צו 300 קערבלעך שטראָף, װעל איך זיי געבן 300 קדחת און דעם ראַבינער — 300 מאָל אין טאַטן אַריין. געהערט אַ רציחה ? אויף װאָס דאַרף דיך װאָלעדניק גאָר אינגאַנצן ? װערט אימעצער געבוירן — פאַרשרייב. שטאַרבט עמיצער — מעק אויס !

און אַז איר וועט שוין האַלטן ביי יענעם בוך וועט איר שוין אויף טשי־קאַוועס זיך איינקוקן וויפיל יאָרן שטייט זי דאָרטן פאַרשריבן די עלטערע בתולה מיינע... דער אַלטער ראַבינער, שלוקעכצן זאָל זיך אים דאָרטן אין קבר, האָט ניט געוואוסט פון זיין חיות, און האָט דאָרט מסתם איר צוגעלייגט עטלעכע יאָר, גאָר ניט געזשאַלעוועט; מאָלט אייך דאָס איז ניט קיין גרויסע מעלה צו אַ שידוך. קען מען דאָס ניט, איך בעט אייך, מתקן זיין, אַ מעק אויס טאָן און אַ שרייב טאָן? איך וואָלט אייך באַפרידיקן דערפאַר.

וואָס איז דאָ ביי אייך פאַר אַ פאַרטרעטל אויפן וואַנט? או־וואַ, וויפיל מענטשן אויסגעשטעלט! דאָס זיינען די סאָציאַליסטן, מסתמא. איך דערקען שוין די חברה אין זייערע בעזער. זאָגט מיר אקארשט, וואָס הערט זיך יעצט ביי זיי, ביי די סאָציאַליסטן? מען הערט שוין פון זיי גאַרניט! אַבי צוגענומען די עטלעכע קערבלעך און שאַ, שטיל. איך פלעג אָבער שטענדיק טענה׳ן: חמורים, גיט ניט קיין געלט, גיט ניט! האָט מען מיך ניט געפאָלגט און דוקא יע געגעבן. ס׳טוט מיר באַנג וואָס איך האָב זיך אויך ניט צוגעשאַרט צו דער שיסל. איך וואָלט זיך שוין ניט געלאָזט נאַרן און וואָלט אויך אָפּגעלעגט אַ ביינדל, חע, חע, חע.

דאָ איז ביי אייך די קאַנצעלאַריע. זאָגט זשע מיר, וואָס איז דאָרטן? דאָרט וואוינט דער ראַבינער? די גאַנצע הויז מסתמא באַוואוינט ער. ווייסט איר וואָס איך וועל אייך זאָגן? ס׳איז גאָר ניט שלעכט צו זיין א ראַבינער. און אַ סך פּרטים איז דאָס נאָך בעסער ווי אַ דאָקטאָר. ווייל אַ דאָקטאָר נעמט אַ האַלב קערבל און מוז דערפאַר זען דעם צונג, קנעטן דעם בויך און אַריינקוקן וויס איך וואו... פע! אַ ראַבינער אָבער נעמט זיך אַ קערבל און פאַרשרייבט נאָך אַ קערבל און שוין...

אַ שטייגער, כדומה למשל, ווען איך וואָלט געווענדיקט ראַבינער, מיינט איר וואָס וואָלט איך געטאָן? ראשית חכמה וואָלט איך גאָר קיין געלט ניט נעמען פאַר די דאַזיקע צעטלעך פון די נולדים. איר זאָלט נאָר ניט מיינען אַז איך בין דערמיט אויסן מיין צעטל, חס ושלום! איך וועל סיי ווי ניט באַצאָלן, ווייל אַז איך זאָל ווערן צאָלן פאַר אַזוינע שמאַכטעס, וואָלט מיר ניט געסטאַיעט קורח׳ס אוצרות, מחמת מיינע פיר שניר און 3 טעכטער (די אויס־געגעבענע) האָבן צווישן זיך געמאַכט יד אחת אַלע 9 חדשים געלעגן צו ווערן, חע, חע, חע.

והשנית, אַז איך וואָלט געווענדיקט ראַבינער, וואָלט איך דאָ אויפן טיש אַוועקגעשטעלט אַ פלעשעלע מיט אַ גלעזעלע, און אָנגעפילט דאָס מיט שרף טוב, און איטלעכער וואָס קומט נעמען אַ צעטל פאַר נולד זאָל זיך אָנגיסן פון פלעשעלע אין גלעזעלע און מאַכן אַ ברכה, און דער שרייבער זאָל אים

צוואוינטשן לחיים. פֿאַרשטייט זיך אַז איינער קומט נעמען 2 צעטלעך, זאָל ער 2 מאָל טרינקען לחיים...

וואָס נאָך וואָלט איך אויפגעטאָן, ווען איך וואָלט ענדיקן אויף ראַבינער? איך וואָלט תיכף ומיד חתונה געמאַכט אַלע מיינע 3 טעכטער אין איין קלאַפּ. ווייסט איר, רב קרוב, וואָס באַדייט אַ בתולה חתונה צו מאַכן? נאָר ווי קומט איר וויסן וואָס דאָס באַדייט? איר זיינט דאָך נאָך אַ בחור, מסתמא... דאָס איז פֿאַרשטייט איר מיך, אַ געוואַלדיקע און אַ קונציקע שטיק אַרבעט. דאָס קומט אָן כקריעת ים סוף. ווייסט איר דעם טייטש דערפֿון? דאָס הייסט רייסן אַ ים. דאָס האָט געקענט באַווייזן אַ משה רבינו. ווען איך וואָלט יעצט באַגעגנט אונזער אַלטן משה רבינו, וואָלט איך צו אים אַזוי געזאָגט: „ר׳ משה, ר׳ משה! וואָס טויג דיר מיאוס מאַכן זיך מיט דם, צפרדע, שפּאַלטן ים׳עך, ציען שלאַנגען? ווילסטו צייגן אַ נס? מאַך מיר חתונה 3 טעכטער בתולות אין איין טאָג, דאַן, ערשט דאַן וועט די גאַנצע וועלט מודה זיין אַז דו ביזט אַ געטלעכער מענטש.

וואָס קוקט איר מיך אָן, יונגער מאַן? וואָרום מאַכט איר מיר ניט צו־רעכט מיין צעטל, מיינע צעטלעך, הייסט דאָס? איר דאַרפֿט וויסן אַז איך האָב קיין צייט ניט. גוט איז אייך, אַז אייער צייט קאָסט ניט קיין געלט, מיין צייט איז אָבער געלט, מזומן געלט. איך בין אַ איד אַ טרוד, פֿאַרשטייט איר מיך, אמת, קיין גרויסער פֿאַרדינער בין איך ניט, נישט מער, אַמאָל פֿאַרדינט זיך עפּעס, און אַמאָל ניט. יעצט דוקא פֿאַרדינט זיך גאָר ניט אָבער ווייסט איר ווי אַזוי גאָר ניט? לחלוטין גאָר ניט! נאָר גאָט איז אַ פֿאָטער; פֿון הונגער שטאַרבט מען ניט. און טאָמער פֿעלט מיר יעצט אויס אַ ציגאַר טיטון וועל אך דאָס מקבל זיין פֿון אייך... איר רויכערט דאָך, מסתמא, ניט אמת, האַ?... אַזאַ יונגער מאַן ווי איר, רויכערט אַ גוטן ציגאַר, ניט אמת, האַ? האָט איר אַ שוועבעלע?...

ס׳איז גאָר ניט קיין שלעכטער פּאַפּיראָס, אָבער טאָקע גאָרניט קיין שלעכטער. נישט מער, ס׳איז אַביסל צו גרינג. איך האָב ליב קרעפּקע״, נאָר ס׳איז גוט אַמאָל איבערבייטן. איך דערקען אין דעם פּאַפּיראָס אַז דאָס איז איי־גענע געמאַכטע... איר קויפֿט אַליין מסתמא די גילזן און איר שטאָפּט זיי אָן מיט טאַבאַק. דאָס איז דוקא אַ שכל. איך האָב ניט לאַנג געזען די מאַשינע, אויף וועלכע מען מאַכט די גילזן. אָר־וואַ, איר זאָלט אָנקוקן אַ גרויס פֿון אַ מאַשינע! ס׳איז ביי מיר אַ גרויסער ספק צי זי וואָלט זיך אַריינגעשטעלט אין דער ווייבערשער שילכעל. עס האָט אפשר תרי״ג רעדלעך, מיט שרייפעלעך, מיט ספּרינזשינקעלעך, מיט פּאַסעקלעך... אַ מאָדנע וועלט געוואָרן, אויף אַלעם דערקלערט מען דיר אַ מאַשינע! כ׳האָב ניט לאַנג געהערט אַז מע האָט שוין אויסגעקלערט אַזאַ דרייעלקע, אַז פֿון איין זייט וואַרפֿט מען אַריין אַ לעבעדיקן

אָקס און אין איין רגע קומט אַרויס פון דער צווייטער זייט אַ געבראָטנס שוין פאַרפּראָעוועט מיט ציבלקעס, מיט שמאַלץ, מיט אַלע גוטע זאַכן. רוף איך זיך אַזוי אָפּ: פּש!! ס׳אַ וואָזשנע חכמה דאָס איז! אָט זאָל מען מיר אויסקלערן אַ מאַשינע, וואָס זאָל אַליין חתונה מאַכן אַ טאָכטער, אַ בתולה, דאָס וואָלט זיין אַן אויפטו! אַ דריי דעם ראָד: זש! זש! זש! — און שוין חתונה געמאַכט. אָבער אַזאַ נוצלעכע זאַך, אַ תוך־זאַך וועט מען קיינמאָל ניט באַקלערן. הײנט צי וואָס טויגן די אַלע שמאָכטעס, מיט די קונצן, מיט די ספּרונזשינעס?

איר שמייכלט, יונגער מאַן; איר באַטראַכט מיך און איר לאַכט מיך אויס מסתמא שטילערהייט; אַרט דאָס מיך אויך ניט. נאָר דוכטן דוכט זיך מיר אַז איר זענט ניט קיין היגער, אַ ליטוואַק זיינט איר, מחמת אַ ליטוואַק האָט אַ טבע איינהערן זיך און שטילשווייגען... איך מיין ניט צו זאָגן שלעכטס אויף אייך. חס ושלום! פאַרקערט, איך קען שווערן אַז איר טוט קיינמאָל ניט אויס דעם טלית־קטן, ווארום? ווייל איר טוט אים קיינמאָל ניט אָן, חע, חע, חע! אָבער איאָ איך האָב געטראָפן? ווי איר קוקט מיך אָן בין איך גאָר אַ גוטער טרעפער. בלויז 2 זאַכן איז מיר שווער צי טרעפן: ווי מע פירט אַריין דעו שבת אין שטוב אַריין, און ווי מע מאַכט חתונה אַ טאָכטער...

פון דעסטוועגן האָב איך דוקא האלט אַ ליטוואַק, און טאַקע מחמת ער הערט זיך צו וואָס מען רעדט. איר מעגט וויסן אַז איר האָט ביי מיר זייער אויסגענומען. טשיקאַווע בין איך נאָר צו וויסן, ווי פיל אַ שטייגער פאַרדינט איר דאָ אַ חודש? אודאי אַ פּופּציקער, און אפשר אַלע זעכציק, הײנט וויפיל פאַלט אייך שוין אַריין פון דער זייט?... איר האָט אַ וואוילע פרנסה. איר קאָנט זיך אַזוי אַרויפאַרבעטן אויך... אויף ראַבינער, מיין איך און דאַן איז דאָך נאָך בעסער פון אַ דאָקטאָר. איך האַלט פון אייך, יונגער מאַן, זייער שטאַרק, אָבער גאָר שטאַרק. ביטע, קאָמען זי אַריין צו מיר אַמאָל... איך וועל שטעלן דעם סאַמאָוואַר און מיר וועלן זיך דורכשמועסן ווי אייגענע מענטשן. גראָדע יעצט האָב איך קיין צייט ניט פיל צו פאַרברייגגען מיט אייך. געשעפט, פאַר־שטייט איר מיך... זעט־זשע קומט צוגיין צו מיר. איר וועט זיך ביי מיר אין שטוב פילן ווי אין דערהיים. אַ וואַרימע שטוב, אַ בעל־הבית׳ישע שטוב... און קינ־דער שיינע, לייטישע קינדער... קומט צוגיין, למען השם!

אַצינד גיט מיר, זייט מוחל, מיינע צעטלעך, און זאָל דער אויבערשטער העלפן איך זאָל שוין זוכה זיין קומען אַהער נאָך אַנדערע סאָרטן צעטלעך... חתונה צעטלעך... ביי מיינע טעכטער, הייסט דאָס... און טאַקע ביי אייך אויך... און זייט מיר געזונט, און האָט אייך אַ גוטן תמיד, און אַדיע!...

# בענקעניש

(סקיצע)

מיין אַמאָליקער חבר מאַטל ברוך יענקעלס, איז געווען איינער פון יענע סאָרט מענטשן, וואָס קוקען אויף דער גאַנצער וועלט ווי אויף אַ גרויסע טאַנץ־זאַל און אויף דעם לעבן ווי אויף אַן אייביקער האָכצייט, וואו די געסט האַלטן זיך פאַר שטענדיקע מחותנים און זיי זיינען אימער געשטימט יום־טוב׳דיק, לוסטיק און אויפגעלייגט. אַזוינע מענטשן זיינען אייך צייטנווייז, אונטער געוויסע אומשטענדן, גאַנץ ליב און טייער און איר זענט זיי שטאַרק מקנא פאַר דעם קוואַל פון לוסט און לעבן וואָס זיי באַזיצן. כאָטש אָפטמאָל ווערן זיי אייך עקלדיק און אָפשטויסנד מיט זייער שטענדיקן צופרידענעם שמייכעלע, אַז עס ווילט זיך אייך וואָס שנעלער פּטור ווערן פון זייער צוקער־זיסער געזעלשאַפט.

די גאַנצע צייט וואָס איך האָב זיך געקאַנט מיט מיין חבר, האָב איך ניט באַמערקט אויף זיין געזיכט קיין מינדעסטן וואָלקן פאַרצויגן. איך האָב אים קיינמאָל ניט געטראָפן אויף אַ מינוט זיצנדיק פאַרטראַכט שווייגנדיקערהייט. ער האָט זיך געהאַלטן אימער אין איין באַוועגן, פילנדיק אומעטום ווי ביי זיך אין דער היים.. עס איז אים געווען גענוג אַריינצוקומען אין אַ ווילד פרעמדער הויז און אין אַ פּאָר מינוטן אַרום ווערן דאָרט אַ גאַנצער בן־בית, לאַכנדיק און וויצלענדיק זיך מיט איטלעכן באַזונדער, גאָר ווי אַלטע גוטע פריינט.

זייענדיק אַ ציוניסט, פלעגט ער זיך פילן זייער היימיש אויך צווישן סאָציאַליסטן, בונדיסטן און אַנדערע „איסטן". — ווייל אין תוך אַריין — פלעגט ער זאָגן — איז דאָך אונדזער אַלעמענס כונה צו גוטן; היינט צי וואָס זאָלען מיר זיך קריגן? לאָמיר בעסער זיין גוטע ברידער און ניט אָפּעסן זיך דאָס האַרץ אומזיסט און אומנישט. דערביי פלעגט ער דערציילן אַ גאַנץ שיינעם וויץ, וואָס פלעגט אַרויסרופן אַן אַלגעמיינעם געלעכטער און פאַרענטפערן אַלע קשיות. זיין סטאַק פון וויצן און אַנעקדאָטן איז געווען שטענדיק פאַרפולט און ער איז געווען א בריה צוצופּאַסן אַ גלייך וואָרט צו יעדער געלעגנהייט. ער האָט געהאַט אַן אויסגעצייכנטע שיינע האַנטשריפט, געקענט אַביסל מאָלן און האָט אויך בעל־הביתיש פיין געשפילט פידל.

דערהויפּט אָבער, פלעגט ער זיך אויסצייכנען מיט זיין גלענצנדער שיינער שטימע. ער פלעגט אויסזינגען אַלערליי רוסישע און אידישע לידער. ער פלעגט זינגען געשמאַק, מיט אַ שטאַרקן געפיל, האַלטנדיק דערביי די האַנט אויפן

האַרצן, די אויגן האַלב צוגעמאַכט און פאַראויבן צו דער סטעליע, כלומרשט ווי ער שוועבט ערגיץ עט, עט אין ווייטע וועלטן... איך האָב אויך אַמאָל גע־האַט אַ ווייכע אַלט שטימע און פלעג ליב האָבן צו זינגען. אָבער בעת איך פלעג באַגייסטערט ווערן בלויז פון אייניקע, באַוואוסטע גאַס־לידלעך, פלעגט מיין חבר ניט אונטערשיידן פון אַ רוסישע קאַמאַרינסקע ביז דעם אידישן סקאַר־באָוון כל־נדרי. אַלעס איז פאַר אים געווען אַ סחורה. ער האָט געקאָנט אויס־זינגען מיט אַ העכט רירנדן טאָן: „זעצט זיך אידן צו די קינות" און גלייך נאָך דעם איבערשפּרינגען אין דער העכסטער באַגייסטערונג אויף „האָפּ, האָפּ רעט־שאַניקי!"

איך האָב אים אַמאָל געהערט זינגען „אַ קאַזאַקיש וויג־ליד" פון לערמאָנ־טאָוו, און זעענדיק זיין התפעלות, ווי ער שלינגט די ווערטער מיט באַגייסטע־רונג און קוויקט זיך פשוט מיט איטליכן פערז, האָט מען געקאָנט דענקן ניט אַנדערש אַז דער מענטש איז אויסגעוואַקסן צווישן די קאַווקאַזער הויכע בערג, און ער בייַנקט, ער לעכצעט, ער גייט אויס נאָך זיין וואונדערליכער שיינער היים, קאַווקאַז, נאָך זיין העלדישער קאַזאַצקע, וועלכע שלעפערט איין איר קינד מיט אַ ליד פון קאַמף:

די ווערטער פלעגט מיין חבר זינגען מיט אַזוי פיל האַרץ און געפיל, מיט אַזאַ טיפער בענקעניש, אַז מען האָט געזען בעשיינפּערליך, אַז דער שיינער טייך טיערעק איז אים איינגעבאַקן אין האַרצן און ער איז אַהין מסתמא אַלע זיינע יאָרן געגאַנגען צו תשליך, אַז מיט דעם גזלן, דעם טשעטשענעץ איז ער צוזאַמען אויסגעוואַקסן ביי איין דרדקי מלמד, און אַז וואַרפן אַ קינזשאַל איז ביי אים אַ גאַנץ וואָכעדיק שטיקל אַרבייט פונקט ווי רייבן חריין אָדער רעדלען מצה...

אין אַמעריקע האָב איך זיך מיט אים באַגעגנט אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט, אַראַנזשירט פון „פּראָגרעסיוו יאַנג פּיפּל אָף כמעלניק" אין אַ גרויסן האַל אויף איסט בראָדוויי. איך בין אַהין געקומען דאָס ערשטע מאָל כדי זיך צו טרעפן מיט מיינע כמעלניקער לאַנדסלייט, האָפנדיק צו באַגעגענען זיך דאָרט מיט אַלטע באַקאַנטע און אָפּנעמען אַ גרוס פון דער אַלטער היים. צו מיין דערשטוינונג האָב איך אָבער פאַר זיך דערזען דורכאויס נייע פּנימער, אומבאַ־קאַנטע פאַרשוינען און ווילד פרעמדע יונגע לייטלעך. צוקוקנדיק זיך נענטער, האָב איך דערקאָנט אין אייניקע פון זיי אונטערגעוואַקסענע חדר אינגלעך, וואָס איך האָב דאָרט ערשט ניט לאַנג געזען אַרומלויפנדיק אין צעריסענע תחתונים׳לעך, לאַנגע קאַפּאָטקעלעך און געגרייזלטע פּאהלעך. איך האָב פאַר־שטאַנען אַז דאָס איז אַ שפּאָגל־נייע יוגנד מיט אַ דור יונגער פון מיר, און אַלט און פרעמד האָב איך זיך דערפילט צווישן דער חברה.

איך האָב שטילערהייט פאַרנומען אַ פּלאַץ צווישן די לאַנגע רייען שטילן און איך האָב זיך אָנגעהויבן צוהערן צום פעסט־רעדנער, וואָס האָט באַקאַנט געמאַכט דער פאַרזאַמלונג מיט דער וויכטיקער אַרבייט פון דעם פאַרייַן, מיט זיין גרויסער ראָלע אין דער רוסישער רעוואָלוציע בפרט און אין דעם גאַנצן קלאַסן־קאַמף בכלל. און ענדלעך געמאַכט אַן אַפּיל צו אַלע כמעלניקער לאַנדס־לייט איינצושליסן זיך אין די רייען פון די „פּראָגרעסיוו יאָנג פּיפּעל אָף כמעל־ניק” און אויך אין דער צוקונפט פאַרטצוזעצן צוועקמעסיק, פּלאַנמעסיק און רעגלמעסיק די הייליקע אַרבייט.

גלייך נאָך דעם האָט אַ מעמבער פון אַ דראַמאַטישן קלוב פאַרגעלייענט פּרץ׳ס אַ מעשה, ביי וועלכער דער עולם האָט זיך פיין אויסגעגענעצט, און דערפאַר טאַקע, אפנים, באַלוינט דעם פאַרלעזער מיט היבשע אַפּלאָדיסמענטן. — דער צווייטער נומער אויפן פּראָגראַם, — האָט באַקאַנט געמאַכט דער טשער־מאַן — איז אַן ענגלישער סאָנג אונטער דעם נאָמען „אָלד קענטאַקי”, און דאָס וועט אונדז פאָרטראָגן אונדזער געהערטער מעמבער און טאַלאַנטפולער זינ־גער, מיסטער הערריי ליבערזאָן.

אויף דער פּלאַטפאָרם האָט זיך באַוויזן אַ שיין געקליידעטער הויכער יונ־גער מאַן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. ער האָט זיך העפלעך פאַרנייגט פאַרן עולם. האָט פאַרלייגט די הענט אויפן האַרצן, פאַרהויבן די אויגן צו דער סטע־ליע און געמאַכט אַ מין טראַגישע פּאָזע. איך האָב גלייך אין אים דערקענט מיין אַמאָליקן חבר מאָטל ברוך יענקלס. ער האָט זיך כמעט גאָרניט געענ־דערט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר. דער זעלבער יום־טובדיקער אויסזען, דער זעלבער צופרידנהייט און צוקער־זיסער שמייכל אויפן פּנים. נאָר לויט זיינע עלעגאַנט פאַרקעמטע האָר, אָפּגעגאָלטע וואָנצעס און סטיילישן קאָסטום, האָב איך גלייך דערקענט אַז דער בחור איז שוין אַן עכטער יענקי. זיין שטענ־דיקע טאָלעראַנץ אָבער ערלויבט אים ניט צו האַסן קיין גרינהאָרנס, און ער איז גרויסמוטיק גענוג אויף צו חברן זיך מיט זיי און צו פילן זיך היימיש אין זייער געזעלשאַפט אויך.

אַ טיפע שטילקייט האָט געהערשט אין זאַל ווען אַ שטאַרקע און קלאָרע שטימע האָט זיך אויפגעהויבן און איך האָב דערהערט אַ געזאַנג אין אַ צעבראָ־כענעם ענגליש:

און אין דעם באַגייסטערטן טאָן פון די ווערטער האָט זיך געהערט אַזאַ האַרצקלעמעניש, אַזאַ טיפע בייַנקעניש, נאָך דער אַלטער ליבער היים קענטאַקי, אַז מען האָט גלייך באַשיינפּערלעך, אַז דער זינגער האָט דאָרט פאַרבראַכט זיינע בעסטע יונגע יאָרן, און ער לעכצעט, ער בייַנקט, ער גייט אויס און ער וואָלט ממש דאָס לעבן אָוועקגעגעבן כאָטש פאַר איין קוק אויף זיין גלענצנדער

שיינע היים, די אַלטע קענטאָקי. און ווען דער זינגער האָט געענדיקט האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ שטורמדיקער באַגייסטערטער אַפּלאָז פון די פאַרזאַמעלטע, אַז ער האָט געמוזט נאָך אַמאָל עפענען זיין פאַרוואונדעטע האַרץ און ווידער באַזינגען די גלאַנץ און פּראַכט פון זיין אַלטן געבורטס־אָרט, וואָס איז אים אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן.

איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין אַלטן חבר מאָטל ברוך יענקלס, וואָס פלעגט אויך אַזוי באַזינגען די שיינקייט פון קאָווקאַז מיט דעם שיינעם טיערעק.

# די לאַנדקאַרטע

(סקיצע)

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז דאָס געווען. מיין באַשעפטיקונג איז דאַן באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך פלעג זיך שטעלן אַלע טאָג נעבן דער גרויסער רעדאַקציע פון „טעגליכן קוריער" און, צוזאַמען מיט פילע אַנדערע באַשעפטיקטע אין דעם זעלבן פאַך, וואַרטן אויף דער נייעסטער אויסגאַבע פון ציישונג. דאַן פלעגן מיר זיך אַלע ארויפוואַרפן מיט גרויס אימפּעט אויף דער אָפּטיילונג „פּאַרלאַנגט" און זיך שנעל צעלויפן אין אַלע עקן פון שטאָט. יענע באַשעפטיקונג האָט מיר אָבער קיינמאָל קיין גוטס ניט געבראַכט, ווייל יעדער „פּאַרלאַנגט", וואו איך האָב אָנגעבאָטן מיין דינסט, איז אימער אויסגעכאַפּט געוואָרן פון אימעצן אַנדערש וועלכער האָט מיך קונציק איבערגעיאָגט. נאָך עד היום איז מיר שווער צו באַגרייפן דעם שכל דערפון. דוכט מיר, איך פלעג לויפן מיט די לעצטע כוחות, און צייטנווייז, ווען דער מהלך איז געווען גאָר אַ גרויסער, פלעג איך איינשטעלן אויף די לעצטע פּאָר סענט און זיך צואיילן מיט נעמען אַ טראָלי, און דאָך פלעגן די „פּאַרלאַנגטס" אויסגעכאַפּט ווערן פון אַנדערע.

ווען איך האָב איבערגעלעזן אין ציישונג, אַז אין אַ דערבייאיקער שטעטל פּאָדערט זיך אַ געהילף פּאָר אַ ציישונגס־סטענד, בין איך שטאַרק צערודערט געוואָרן. רייזע קאָסטן הין און צוריק האָט באַטראָפן 40 סענט. איך האָב אויף גיך אַ צייל געטאָן מיין קאַפּיטאַל און אויסגעפונען, אַז מיר פעלט 12 סענט. איך בין אַוועקגעלאָפן צו אַ חבר, און ווייזנדיק אים די גוטע געלעגנהייט, וואָס איז פאַר מיר אָנגעגרייט, האָב איך באַקומען אַן הלואה, און זיך גלייך אַוועקגעלאָזן אין וועג. מיין האַרץ האָט זיך געצאַפּלט פון אויפרעגונג. דאָס איז פון מיר אַ גרויסע איינשטעלעניש, האָב איך זיך געטראַכט. טאָמער לאָזט זיך גאָרנישט אויס דערפון, בלייב איך אָן אַ סענט און אַ בעל־חוב אויף דערצו. איך האָב זיך אָבער באַלד געטרייסט, אַז עס וועלן זיך געפונען ווייניק בעלנים צו גיין אַזאַ וויטן וועג, און מעגליך, אַז איך וועל יעצט זיין דער איינציקער אויפן פעלד.

אין עטלעכע שטונדן אַרום בין איך אָנגעקומען צום באַשטימטן פּלאַץ. ביים ציישונג־סטענד האָב איך געטראָפן אַ מיטל־יעריקע אידענע, איינגעוויקלט אין אַ גרויסן שאַל. זי האָט מיר שנעל דערלאַנגט אַן ענגלישע ציישונג און מיט הכנעה געקוקט אויף מיר, מיינענדיק הפנים, אַז איך בין איינער פון

אירע קונדן. דערהערנדיק אָבער וועגן וואָס איך בין געקומען, האָט זי זיך באַלד אויסגעגלייכט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפן בענקל.

— ווער האָט דאָס אייך געקאָנט איבערגעבן, אַז מיר זוכן אַ מענטשן? — האָט זי מיט אַ בייזער געפרעגט.

איך האָב אַרויסגענומען פון מיין טאַש די צייטונג און איר אָנגעצייגט אויף דעם „פאַרלאַנגט".

— אַ כּאָלעריע זאָל כאַפּן מיין מאַן! — האָט זי זיך צושריען — וואָס עפּעס, שטעלט ער גלייך אַריין אין פּייפּער. אַז מען צוואוורטעלט זיך מיט אַ מענטשן, איז וואָס? איז מען ברוגז אַזוי לאַנג, ביז וואַנען מען בעט זיך איבער. לויפט ער אַוועק, מיין משוגענער האַצמאַך, און שרייבט אַריין אין פּייפּער, אַז מיר זוכן אַן אנדער אַרבעטער. סך הכּל האָבן מיר זיך שוין לאַנג פאַרגעסן אָן דער קריגעריי, און ער אַרבעט ביי אונז ווי פריער. ווי דען? געהערט אַ ביסל? מען האָרעוועט און מען ווערט, מיינע שונאים, פאַרשוואַרצט איבער אַ פּעני, און ער וואַרפט געלט ווי בלאָטע. זאָגט מיר, איך בעט אייך, וויפל האָט דאָס אים גע־קענט אָפּקאָסטן אַריינשטעלן דאָס אין פּייפּער, האַ?...

מיט אַ שווערן געמיט האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן פון דעם קליינעם שטעטל. ביז איך בין זייער מיד געוואָרן. דערזעענדיק אַן אויפשריפט אויף אַ פענצטער „שטאָט־ביבליאָטעק", בין איך אַריין אַהין.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט שטילערהייט ביי אַ זייטיקן טישל. פאַר מיר איז געלעגן אַ משונה גרויס בוך מיט באַגילטע טאָוולען, וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע גרויס פון טיש. איך האָב דאָס צעעפנט און אַריינגעקוקט דערין.

דאָס איז געווען א רייך־אויסגעשטאַטער שיינער אַטלאַס מיט פיל קאָ־לירטע און פּרעכטיקע לאַנדקאַרטן פון אַלע וועלט טיילן און קעניגרייכן. איך האָב אויטאָמאַטיש געמישט הין און צוריק די שטייפע האַרטע בלעטער, ביז איך האָב זיך, ניט ווילנדיק, אָנגעשטויסן אין דער גרויסער פיל־פאַרבי־קער קאַרטע פון רוסלאַנד. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און מיט נייגעריקייט פאַרקוקט זיך דערויף.

אומעטום די זעלבע רוסלאַנד, האָב איך געזאָגט צו זיך. — אומעטום אויף דעם זעלבן אופן געמאָלען. מיין בליק האָט מיט ליבשאַפט און אומעט אַרומגעוואַנדערט אין דרום־רוסלאַנד, און איך האָב געלעזען אין ענגליש די נעמען פון אַלע באַקאַנטע שטעט און טייכן. אָט איז אָדעס. אָט — כּער־סאָן. אָט שלאַנגלט זיך דער דניעפּר און פאַלט אַריין אין שוואַרצן ים. דוכט מיר, אַז דער דניעפּר איז דאָ מער פאַרקרומט, ווי אויף דער היימישער קאַרטע. און אפשר — ניין, אַזוי איז ער אומעטום. ער פאַרדרייט זיך פאַר־ביי קיעוו און פליסט פאַרביי קרעמענטשוג און יעקאַטערינאָסלאַוו. אַ, ווי־

פיל מאָל איך האָב אַרומגערייזט אויף די וואַסערן און ברעגען! אַ גאַנצער בונד יונגנט־ערינערונגען טוט אַ שטראָם אין מיין מוח און דערפילט מיין האַרץ מיט פרייד.

שאַ, וואָס איז דאָס פאַר אַ טייכל, וואָס פאַלט אַריין אין דניעפּער? איז דאָס ניט דער קליינער פּריטשעפּ, וואָס פליסט פאַרביי מיין קליינעם שטעטל? יע, יע, ווירקלעך, דאָס איז ער. איך לעז איבער אין זייער קליינעם ענגלישן שריפט: „פּריטשעפּ", אונזער קליינער פּריטשעפּ פאַרנעמט, הייסט דאָס, אַ גאַנץ שיינעם פּלאַץ אין דער גרויסער וועלט. אפילו אויף די ענגלישע לאַנדקאַרטעס ווערט ער באַצייכענט. או־וואַ, ווי בולט ער איז, קוקט אויס ווי אַ היבשער טייך. ס'אַר'אַ טייער בוך, קלער איך. פאַר די ערשטע פאַר דאָלאַר, וואָס איך וועל אָפּשפּאָרן, גיי איך איינהאַנדלען אַזאַ אַטלאַס. ווער ווייסט? — קומט מיר אַרויף אויפן געדאַנק, מעגליך, אַז אין אַזאַ בוך שטייט אויך פאַרצייכענט מיין געבורט־שטעטל וואָלעדניק. דאָס איז שוין אוממעג־לעך — זאָג איך צו זיך. ווער וועט דאָס מאַכען אַ וועזן פון אַזאַ קליינטשיק אָרעם שטעטל? וויפיל מאָל איך האָב שוין אַרומגעזוכט דעם נאָמען אין די היימישע לאַנדקאַרטן און געאָגראַפיעס, און דאָס קיינמאָל ניט געפונען.

פּלוצלונג — און פאַר מיינע אויגן האָט אַ בליץ געטאָן אין קליינעם ענגלישן שריפט „וואָלעדניק". אַ וואַרעמער שטראָם האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער מיין קערפּער. אָט אין דעם רינגעלע איז מיין וויגעל געשטאַנען און מיין יוגנט פאַרגאַנגען. מיין קליינע און אָרעמע שטעטעלע וואָלעדניק! איך האָב געדענקט, אַז קיינער, קיינער ווייס פון דיין זכר ניט, אַז דיין נאָמען איז אין ערגעץ ניט אויסגעקריצט און וואָס איז קיינמאָל פון קיינעם ניט דערמאָנט געוואָרן. אָ, ווי מיין האַרץ פרייט זיך צו זען דיין נאָמען פאַר־צייכנט אויף דער גרויסער וועלט־קאַרטע, צו זען, אַז דו פאַרמאָגסט אויך אַ שטיקל לייטישן ווערט!

לאַנג, לאַנג האָב איך געקוקט אויף דעם דאָזיקן קליינעם פּינטעלע און צום הונדערטן מאָל איבערגעלעזען אין ענגליש דעם נאָמען „וואָלעדניק". מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער דאָזיקער וואָרט איז אויסגעזעצט מיט דעם שענסטן שריפט, וואָס קען נאָר געבן. מיר האָט נאָר געוואונדערט למאַי איך האָב דאָס גלייך ניט באַמערקט. דאַכט זיך, אַז דער וואָרט וואַרפט זיך אַזוי שטאַרק אין די אויגן, אַז יעדער איינער וואָס עפנט נאָר די קאַרטע, אפילו אַ ווילד־פרעמדער, מוז גלייך באַמערקען די גלענצנד־שיינע ווערטער „פּריטשעפּ" און „וואָלעדניק". איך האָב אויפגעהויבן מיין בליק און מיט שטאָלץ באַטראַכט די אַלע ערנסטע מענטשן וואָס זיינען געווען פאַרטיפט אין ביכער ביי די אַרומיקע טישן. עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ חשק

צוצוגייען צו יענער שיינער מיידל, וועלכע סאָרטירט דאָרטן די ביכער (הפנים די פאַרוואַלטערן) און זאָגן צו איר: „אויב איר ווילט וויסן פון וואַנען איך שטאַם, קאָנט איר עפּענען איינעם פון אייערע ביכער און דאָרט גלייך אויסגעפונען דעם נאָמען פון מיין שטאָט. איר היט מסתמא שטאַרק אָפּ דעם דאָזיקן בוך, און איר ווייסט גאָרניט, אַז איר היט אויך אָפּ דעם ליבן נאָמען פון מיין ליבער שטעטל „וולעדניק״.

מיט שטאָלץ און ווירדע בין איך אַרויסגעגאַנגען פון ביבליאָטעק „נישקשה״, האָב איך געזאָגט צו זיך, „איך פאַל ביי זיך ניט אַראָפּ, איך וועל אַלע מאָל מיין שטעטל בעשטייען״...

# שלוימקע

(סקיצע)

פון דער אַלטער היים איז געקומען צופאָרן קיין אַמעריקע אַ גרויסע אידישער מנגן, און די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון נ. האָט אויפגע־צאַפּלט. אידן זיינען דאָך גרויסע ליבהאָבער פון נגינה, בפרט פון אידישע נגינה, בפרט פון אַ גרויסן מנגן, בפרט ווען דער מנגן איז נאָך פריש און צאַפּלדיק, אָקאָרשט נאָר וואָס געקומען פון דער ליבער און טייערער אַלטער היים.

די צייטונגען האָבן פאַר זיך דערשמעקט אַ געשמאַקען און גוט באַ־טעמטען געריכט. זיי האָבן דאָס גוט באַזאַלצן און באַפעפערט, ווי זייער שטייגער איז, און צולייגנדיק אויף פילע קליינע טעלערלעך, דערלאַנגט דאָס פאַרפראַוועטע געריכט פאַר די לעזער, צורייצנדיק אַלע זייערע אַפּעטיטן. דאָס געווײנלעכע חזנישע אויסזען פון מנגן איז דערביי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „נאָבעלע און פירשטלעכע געזיכטסציגע", זיין תמימותדיקער אידישער בליק — אין „אַ שטאָלצן קעניגלעכן וואונק", און די ביאָגראַפיע פון זיין שטילן בעל־הביתישען לעבן — אין „אַ זייער שפּאַנענדע און העכסט אינ־טערעסאַנטע לעבנס־באַשרייבונג".

חיים יודל, אַ נידעריקער און אויסגעדאַרטער יונגער מאַן, דעם דער־מאָנטן מנגנס אַ לאַנדסמאַן, האָט מיט אַ קלאַפּנדע האַרץ געלעזען די אַלע באַשרייבונגען און ס'האָט זיך אים אַלע ווײלע געוואָלט אויסשרייען: מיר דאַרפט איר דאָס ניט דערציילען! איך קען אייך פון שלוימקען פיל מער דערציילן. איך בין דאָך מיט אים אויסגעוואַקסן צוזאַמען, אַ שטוב לעבן אַ שטוב... איר פאַרשטייט צי ניין?... און אַ גרויסע פרייד האָט אָנגעפילט זיין האַרץ, שלוימקע שרה רחלס, שלוימקע, זיין אַמאָליקער חבר, איז אַזוי דערהויבן געוואָרן... אַ שטומער ווייטאָג האָט אָבער גענאָגט זיין האַרץ וואָס זיין נאָמען האָט דאָ אויך געדאַרפט דערמאָנט ווערן; דאַכט זיך, ער האָט אויך אַ גרויסן חלק אין דעם... אַ הייסער פאַרלאַנג האָט חיים יודלען אַרומ־געכאַפּט, צו לאָזן וויסן דער גאַנצער וועלט, דאָס וואָס אַלע צייטונגען פאַר־שוויגען, צו דערציילען אַלעמען, אַז דער גרויסער גאַסט איז פאַר אים, פאַר חיים יודלען, ניט מער ווי שלוימקע שרה רחלס, זיין אַמאָליקער חבר.

די דאָזיקע ידיעה האָט אָבער אויף קיינעם קיין באַזונדערן איינדרוק ניט געמאַכט. אַלע האָבן דאָס אַויסגעהערט גאַנץ געמיטלעך און קאַלטבלו־

טיק, און חיים יודלס ווערט האָט אויף קיין האָר נישט געשטיגן דורך דעם. יעדער איינער האָט נאָר געהאַלטן אין איין באַוואונדערן די גרויסקייט פון דעם גאַסט, די אוצרות וואָס ער זאַמעלט, דעם מזל וואָס אים שפּילט, אָבער קיינער האָט ניט באַוואונדערט דאָס וואָס ער, חיים יודעל, האָט אַמאָל געוואוינט מיט אים אַ שטוב לעבן אַ שטוב.

ערשט יעצט האָט זיך ביי אים צעפלאַקערט אַ געפיל פון קנאה צו זיין אַמאָליקן חבר. אַ טיפער וויי האָט גענאָגט זיין האַרץ און זיין רו איז גע־רויבט געוואָרן. — בעסער וואָלט ער דער מנגן, גאָר ניט געקומען אַהער, — האָט ער זיך געטראַכט, — וואָסער שוואַרץ יאָר טראָגט זיי אַלעמען קיין אַמעריקע? אַלע — צו אונדז, אַלע קומען שנאָרן די פּאָר סענט! — און עס איז ביי אים געבליבן אַ הסכם מער קיינעם ניט דערציילען פון זיין אַמאָליקן חבר, ווייל ערשטנס איז דאָס גלאַט אַרויסגעוואָרפענע רייד, קיינער גלויבט אים ניט, און צווייטנס איז דאָס גאָר אַ קנאַפּער יחוס. אַ חזן ווי אַלע חזנים. די ערשטע צייט רודערט זיך אַביסל, אָבער באַלד ווערט מען גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אַן דעם.

זיין באַשלוס איז אָבער צערונען געוואָרן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין אַ רעסטאָראַן און דערהערט ווי אַלע, רעדן בלויז פון אים, פון שלוימקען, איינער דערציילט חדושים פון דער וואונדערלעכער קאַנטער־אַלטאָ פון זיין שטימע, אַ צווייטער ווינשט אַלעמען צוזאַמען צו פאַרדינען אין אַ יאָר, וויפיל ער, דער גאַסט, וועט דאָ מאַכן אין איין איינציקן אָוונט, אַ דריטער דערציילט, ווי ער דער מנגן, איז פאַרפאָרן אין גרעסטן האָטעל פון שטאָט, וואוהין בלויז די פיר הונדערט האָבן בלויז אַ צוטריט, אַ פירטער זאָגט אַרויס אַן השערה, אַז ער מוז נאָך זיין גאָר יונג, דערביי זוכט ער אין צייטונג נאָך זיינע אמתע יאָרן.

— אויב איר ווילט וויסן וויפיל דער זינגער איז אַלט, — האָט זיך חיים יודל אָפּגערופן, און זיינע אויגן האָבן געשטראַלט, — פרעגט ביי מיר, וועל איך אייך אַלעס קלאָר מאַכן. איך קאָן אייך אַזוי פיל זאָגן, אַז ער איז אַלט 35 יאר מיט 8 חדשים, דאָס הייסט, אים וועט ווערן 36 יאָר אין סוף ניסן.

— או־וואָ, ווי אַ איד איז דאָס אַביסל בקי אין יענעמס יאָרן! — האָט זיך איינער אַ זאָג געטאָן, — ניט אַנדערש, ווי איר זייט געשטאַנען ביי זיין געבוירן.

— זאָלט איר טאַקע וויסן אַז איך בין געשטאַנען ביי זיין געבוירן, — האָט זיך חיים יודל געהיצט. — מיר זיינען צוזאַמען אויסגעוואַקסן, פאַר־שטייט איר מיך, אַ שטוב לעבן אַ שטוב. ביי אייך איז ער אַ גאַנצער יאַ־

טעבע־דאַם, און ביי מיר — ניט מער ווי שלוימקע שרה רחלס, מיינער אַ אמאָליקער חבר.

— דער יונגער מאַן האָט טאַקע פיל ענלעכקייט צום גרויסן זינגער, — האָט איינער גע׳לצ׳עוועט — ניט מער, יענער איז הויך און געזונט ווי אַ דעמב, און דער איז איינגעהאָרבעט און אויסגעדאַרט ווי אַ שפּאָן, יענער האָט אַ הילכיקע קלינגנדע לייבן־שטימע, און דער כריפּעט אַ ביסל אונטער ביים רעדן.

אַלע פאַרזאַמעלטע האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער, חיים יודל איז אַביסל ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, געזוכט און ניט געפונען קיין פּאַסנדן ענטפער.

— האָט אייער לאַנדסמאַן אייך גאָרניט אָפּגעשטאַט קיין באַזוך און ניט אָפּגעגעבן אייך קיין גרוס פון דער היים? — האָט איינער געפרעגט אין שפּאַס.

— דעם יונגן מאַן שטייט מסתמא ניט אָן צו דערקאָנען זיך צו אַ גרינעם לאַנדסמאַן, מעג ער אפילו זיין דער גרעסטער זינגער — האָט אַן אַנדערער געלצעוועט.

— און איך וואָלט אייך געראָטן — האָט ווידער פאַרטגעזעצט דער ערשטער, — איר זאָלט בעסער פאַרבויגן אייער גרויסקייט און מאַכן שותפות מיט אייער אַמאָליקן חבר. פאַר דעם גרינהאָרן וועט דאָס זיין דער גרעסטער גליק, וואָס אַזאַ עכטער יענקי, ווי איר, וועט אים העלפן זיך אויסגרינען אַביסל אין אַמעריקע. יעדנפאַלס קענט איר דאָך פועלן, מען זאָל אייך אַריינ־לאָזן צו זיין קאָנצערט אָן איינטריטס־געלט...

— וועגן דעם קענט איר שוין זיין רואיק, — האָט חיים יודל אויסגע־פּלאַצט אין גרויסער אויפרעגונג. — קיין טיקעטס צו זיינע קאָנצערטן וועט מיר געוויס ניט קאָסטן, און ניט נאָר מיך, נאָר קיינעם ניט פון מיינע פריינט. איך וועל אַריינלאָזן וועמען נאָר איך וועל וועלען. איר קאָנט זיין זיכער... אָט גיי איך שוין צו אים, טאַקע שוין... איר וועט באַלד זען, וואַרט נאָר אויס אַ ביסל... וואַרט!

מיט די ווערטער, איז חיים יודל האַסטיק אַרויסגעגאַנגען פון רעסטאָ־ראַנט, זיך אַריינגעזעצט אין איין עלעקטרישן וואָגן און זיך אַוועקגעלאָזן צום גרויסן האָטעל, וואו זיין אַמאָליקער חבר געפינט זיך.

דעם גאַנצע וועג איז ער געווען זייער אויפגערעגט און זיין האַרץ האָט געשטורמט פון פאַרדרוס. — איך וועל זיי באַלד ווייזן, — האָט ער צו זיך געזאָגט, — אַז חיים יודל ווייסט וואָס ער רעדט. דאָס גייט שוין מיר אין בלוט אַריין! איך וועל זיי ווייזן! איך וועל אַרויפגיין צו אים און גאַנץ איינפאַך אַ זאָג טאָן: נו, וואָס מאַכסטו עפּעס, שלוימקע? האָסטו מיך דער־

קענט ?, צי ניין ? — וועט ער דאָס אַביסל צעעפּענען די אויגן, בלייבן אויס־געשטאַרט אַ קליינע ווילע און דערנאָך אויסשרייען: חיים יודל, וואָס מאַכ־סטו ? !... — אָ, ניט צו פאַרזינדעקן, מען מאַכט זיך אַ לעבן אין אַמעריקע. — אָ, חיים יודל, איך האָב שוין אַזוי פיל מאָל געטראַכט פון דיר, געוועזען דאָך אַמאָל אַזוינע נאָנטע חברים, געוואוינט אַ שטוב לעבן אַ שטוב... — ווייסטו, שלוימקע, איך האָב צו דיר אַ קליינע בקשה. — דהיינו, וואָס ? שעם זיך ניט, זאָג. — פאַרשטייסטו מיך, כ׳בין געגאַנגען אין געוועט מיט אַ פּאָר מענטשן... איך וויל אַ פּאָר בילעטלעך צו דיין קאָנצערט... — אָ, מיטן גרעסטן כבוד, וויפיל אַ שטייגער ווילסטו ? — אָ, אַ צען שטיקלעך וועט זיין גענוג. — איך וועל דיר געבן אפילו צוואַנציק. — ניין, ניין, אַזוי פיל בילעטן דאַרף איך ניט, אַ פופצן וועט זיכער זיין גענוג. עס גייט מיר ניט פאַרשטייסטו אין די געלט, נאָר איך וויל זיי צייגען, די חברה, אַז חיים יודל רעדט ניט סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין, אַז איך דערצייל זיי עפּעס פון מיין חבר שלוימקען, ווייס איך וואָס איך דערצייל...

מיט דיזע געדאַנקען איז ער אָנגעקומען אין אַ גרויסער און ברייטער גאַס, וואו ער איז נאָך ביז יעצט קיינמאָל ניט געוועזן.

ווי די מערסטע אידישע אימיגראַנטן, האָט זיך חיים יודל אימער, זינט ער איז דאָ אין אַמעריקע, באַוואויגן בלויז אין איסט סיידער גאַסן, מיינענ־דיק אַז דאָ איז די ריכטיקע אַמעריקע, און דאָרטן ווייטער איז מסתמא גלאַט אַזוי זיך, אויך אַמעריקע, אָבער בלויז אַ בלאַסע אָפּשפּיגלונג פון דאָגען. דע־ריבער איז ער זייער איבעראַשט געוואָרן, דערזייענדיק פאַר זיך צום ערשטן מאָל גאָר אַ שפּאָגל נייע אַמעריקע, פון וועלכער ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געחלומט.

פאַר זיינע אויגן האָבן זיך דערהויבן אַזוינע ריזיקע הויכע געביידן, ביי וועלכע מען מוז שטאַרק פאַרדרייסן דעם קאָפּ און טאַקע גוט צוהאַלטן דאָס היטל, אויב מען וויל זען דעם דאַך. דורך די גאַסן זיינען געלאָפן אייניקע מאָדנע וואַגאָנעס, וואו די פּאַסאַזשירן זיינען גאָר געזעסן אויף די דעכער, גאַנץ הויך. הונדערטער אויטאָמאָבילן האָבן זיך געטראָגן הין און צוריק מיט אַ פייפעריי און סווישטשעריי, אַז מען האָט געקענט דול ווערן. די ברייטע טראָ־טואַרן זיינען געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן, אָבער ניט די געוויינלעכע מענטשן, וועלכע ער פלעגט אימער זען פאַר זיינע אויגן, אָבער גאָר פון אַן אַנדער שניט. אַלע אַזוינע שטאָלצע און שלאַנקע מיט בכבודיקע אויסזעענס; אַלע אויסגעפּוצט יום־טובדיק, די קעפּ פאַרריסן אין דער הויך, פּונקט ווי אַק־טיאָרן אויף דער בינע.

צוקומענדיק צום גרויסן האָטעל און דערזעענדיק וואָס דאָרט טוט זיך, איז זיין קוראַזש אינגאַנצן פאַרשוואונדן און ער איז געבליבן שטייען מטושטש. ער האָט דערזען אַ מוראדיקן הויכן און גיגאַנטיש־גרויסן פּאַלאַץ וואָס האָט זיך אַזוי ווי אויסגעצויגן אין דער הויך און זיך געפּלייסט צו דערגרייכן די וואָלקענס. ביים רייכן אַריינגאַנג זיינען געשטאַנען צוויי הויכע, גלאַט־ראַזיר־טע מענער מיט פינקלדיקע מעשענע קנעפּ און גאָלדענע פּאַסן אויף די היטלען און די אַרבל. זיי זיינען געשטאַנען אויסגעצויגן ווי סאָלדאַטן, ביי די טירן, און אויפגענומען די רייכע געסט, וואָס זיינען אַלע ווילע פון ערגעץ אָנגעקומען און אַרויסגעשטיגן פון גרויסע אויטאָמאָבילן און קאַרעטן.

מיט אַ קלאַפּנדע האַרץ איז חיים יודל געשטאַנען פון וויטן, פילנדיק אַז עס איז ניט אין זיינע כוחות אַריבערצוטרעטן דעם שוועל פון אַזאַ פּאַלאַץ. — ווער וויס צי מען וועט מיך גאָר אינגאַנצן ניט משלח זיין פון דאָרטן ביים סאַמע אַריינגאַנג — האָט ער געטראַכט. — מען קען מיך דאָרט אַ נעם טאָן אויפן צימבל, פאַרפירן מיט מיר אַ גאַנצן שמועס, אַהער, אַהין, און איך — קיין וואָרט ניט. מען קען מיך נאָך פאַרדעכטיקן אין גנבה אויך. דאָ דאַרף מען ברודערקע קענען רעדן ענגליש און נאָך וואָסער ענגליש!

לאַנג איז חיים יודל געשטאַנען ביים רייכן אַריינגאַנג און האָט זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן וואָס צו טאָן. אומזיסט האָט זיין בליק אומגעוואַנדערט אין אַלע זייטן, זוכנדיק אַ מענטשן, אַ פּראָסטן מענטשן פון זיין גראַד. אָבער קיין פּשוט׳ן בשר ודם, זיין גלייכן, האָט ער אין ערגעץ ניט געזען. — זיי וועלן מיך געוויס ניט אַריינלאָזן אַהין! — האָט ער ביי זיך באַשלאָסן.

מיט שטילע טריט האָט ער זיך צוריקגעקערט אַהיים און געטאָן זיך אין האַרצן אַ נדר מער קיינמאָל קיינעם קיין וואָרט ניט דערציילן וועגן שלומי־קען, אַז ער איז זיין חבר.

# פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט

(דערציילונג)

שוין אַ יאָר פינף אָדער זעקס אַז זיי האָבן זיך ניט געזען. און דורך דער גאַנצער צייט האָט זיך ליזע ניט געקאָנט פאַרגעבן ווארום זי האָט געהאַנדלט אַזוי נאַריש אזוי אומדאַנקבאַר קעגן אים. ער פלעגט אָפטמאָל קומען צו איר, איינלאַדן זי אויף אַ שפּאַציר, אויסנעמען זי צו אונטערנעמונגען; ער פלעגט צו איר רעדן פון פּאָעזיע, ליבע און אידעאַלן, און פלעגט אָפטמאָל פאַר איר פאַרלעזן אַלערליי ציטאַטן פון גרויסע דיכטער און דענקער.

זי האָט, אָבער, מיט איר קאַלטן פאַרשטאַנד זיך באַצויגן קאַלט צו זיינע פאַנטאַזיעס און טרוימערייען. זי האָט געזוכט אַ פעסטן מאַטעריעלן באָדן, און ער — הימל לבנה און שטערן. זי האָט געוואָלט פאַרזיכערונג פון אָרימקייט און נויט, און ער האָט געשוועבט ערגעץ אין הויכע וואָלקנס.

אַזוי איז ער גראָדע געווען אַ גאַנץ וואוילער און ליבער מענטש, מיט אַ פיינעם פּנים, לויטערע אויגן און אַ קאָפּ געדיכטע האָר. אָבער זיין גלייכגיל־טיקייט צו פאַקטן און ווירקלעכקייט, זיינע סאַמעט־ווייכע רייד און באַגייסטע־רונג פאַר דעם וואָס איז „בישט געשטויגן און ניט געפלויגן" האָט זי שאָקירט און דערווייטערט פון אים. זי פלעגט אָפט מאָל אויסלאַכן זיינע פאַנטאַזיעס, און אַזוי האָט זי אים פון זיך פאַרשטויסן.

און וואָס האָט זי אויסגעפירט? זי דערנענטערט זיך שוין צו די דריי־סיקער, און קיינער קוקט זיך אויף איר ניט אום. זי איז עלענט און אָפּגעצוימט פון דער גאַנצער וועלט. ווי גליקלעך זי וואָלט איצט געווען צו האָבן לעבן זיך אַ פריינט, אַ גוטן און איבערגעגעבענעם פריינט ווי אָט דער מאָריס פיינמאַן! איז דען ניט בעסער צו לעבן אין דחקות און אין אָרימקייט מיט אַ נאָנטן מענטשן איידער אַרומצוואַנדלען איינע אַליין אין פוסטקייט און פרעמד־קייט?

א ווען זי וואָלט דאַן פאַרשטאַנען און געוואוסט וואָס זי ווייסט אַצינד! זי האָט געווען געדאַרפט אַרויסצייגן ענטוזיאַזם און ליבשאַפט פאַר אַלץ וואָס איז אים טייער! זי האָט געווען געזאָלט מאַכן פון זיינע גלוסטן און שטרעבונגען דאָס בעסטע געריכט און געדאַרפט סערווירן אים דערמיט. זי וואָלט זיך גע־ווען דערנעטערן צו אים און אים צוגעבונדן צו זיך. און דערנאָך, דערנאָך...

דיווירקלעכקייט וואָלט געקומען און געבראַכט מיט זיך ערפאַרונגען און פּראַק־טישקייט; און די פאַנטאַזיעס זיינע וואָלטן פאַרשוואונדן ווי רויך אין ווינט...

אַזוי נאָגט איר אין הארצן אַ שטענדיקער פאַרדרוס. עס איז איר ענג און שווער. זי זוכט אַלערליי וועגן ווי צו אַנטלויפן פון איר איינזאַמקייט און אָפּגעזונדערטקייט. זי פּוצט זיך אויס און קומט אָפּט צו בעלער און פאַרזאַמ־לונגען. די אויגן הונגעריק, די ליפּן געפאַרבט, די הענט אַנטבלויזט. זי מישט זיך צווישן מענטשן. זי ווערט אפילו צייטנווייס איינגעלאַדן צו אַ טאַנץ; אָבער זי קערט זיך אום צו איר צימערל איינע אַליין. אַ פּוסטקייט נאָגט דאָס האַרץ וואָס איז אַנגעלאָדן מיט בענקשאַפט.

איז זי אויך היינט געקומען צו אַ ווילד פרעמדן באַל, פאַרפּוצט אין אַ געשטאַק גענייטער העלער קלייד.

...און דאָ מיט אַמאָל, אַזוי פּלוצלונג, אַזוי אונערוואַרטעט צוזאַמען גע־שטויסן זיך מיט אים, איר אַמאָליקן פאַרהערער מאָריס פיינמאַן.

— העללאָ, ליזאַ!

— העללאָ, מאָריס!

זי שטייט ווי פאַרגליווערט און קוקט אויף אים מיט איבעראַשונג. אין קאָפּ הויבט זיך איר מישן און עס דוכט איר אַז אַלסדינג אַרום איר טאַנצט אַ קאַראַהאָד.

צו הילף איז איר געקומען דער אָרקעסטער, וואָס האָט מיט אַמאָל אַ בראַזג געטאָן אַ ברויזענדן מעלאָדישן וואַלץ. עס איז געוואָרן אַ געדיכטער געמיש. פאַרלעך האָבן זיך צעוויגט און אָנגעהויבן טאַנצן צום ריטם פון דער מוזיק. זיי זיינען אָפּגעטראָטן אין אַ ווינקל פון זאַל און זיך אַוועקגעזעצט אויף צוויי ליידיקע שטולן.

דער געשפּרעך צווישן זיי איז אָנגעגאַנגען אויף אַ פּאַסיוון שטייגער. זיינע ווערטער זיינען געווען געציילטע און גלייכגילטיק געפאַלן פון זיין מויל.

אין קאָפּ זיינען איר דורכגעפלויגן אַלערליי מיידלשע געדאַנקען: איז ער שוין פאַרנומען? ניין, ער וואָלט זיך דאָך ניט אַרומגעדרייט אַזוי עלנט און פאַרלאָזן. ער קאָן מסתמא ניט פאַרגעסן איר אַמאָליקע גלייכגילטיקייט צו זיינע פּאָעטישע שיינע רייד. זי מוז אים ציינגען אַז זי איז אַנדערש, גאָר אַנ־דערש פון אַמאָל.

זי זוכט אַרויפפירן דעם געשפּרעך אויף הימל, לבנה, שטערן... זי האָט — זאָגט זי — יעצט אַ גוסט צו העכערע ספערן, און זוכן זוכט זי, גייסטיקע פאַרוויילונגען. זי באַזוכט לעקציעס, און זי לייענט אַצינד ביכער פון גרויסע דענקער און פּאָעטן. זי גיט אים אָנצוהערענישן, אַז יעצט ערשט ווייס זי ווי אָפּצושאַצן זיין געהויבענע שטימונג און גייסטיקע שטרעבונגען.

פיינמאַן רויכערט אַ ציגאַרעטל, הערט זי אויס, טוט אַ מאַך מיטן האַנט און ציילט אַרויס פּאַמעלעך פון מויל:

— און איך פּאַרקערט בין געקומען צום שלוס אַז דער זין פון לעבן ליגט ניט אין חלומען און שפּינען פאַנטאַזיעס, נאָר אין טאָטן, איןווירקלעכע טאָטן. איך בין אַצינד געוואָרן אַ פּראַקטישער מענטש.

ליזאַ שפּיצט אָן אירע אויערן און קוקט אויף אים מיט אַ קווייטקלעניש און צומישטקייט. איך בין אַ לעקיש, בלאָמירט זי זיך אין געדאַנק. אימער טרעף איך ווי אַ בלינדע אין גרוב. ווען ס'האָט זיך געפּאָדערט צו זיין אַ ביסעלע פאַנטאַסטיש בין איך געווען אויסגערעכנט און פּראַקטיש. און יעצט אַז ער האָט זיך אויסגעניכטערט און אויסגערעכנט, רעד איך צו אים פון פאַנטאַזיעס און טרוימען.

מאָריס פּאַרציט ווידער זיין ציגאַרעטל. זיין פּנים וויקלט זיך אַרום אין אַ וואָלקן פון רויך, און עס כוואַליען זיך פון זיין מויל האַרבע ווערטער מיט פאַרוואורף צו זיך אַליין:

— גערעכט געווען זיינט איר, ליזאַ, ווען איך וואָלט אייך דאַן געפאָלגט און געהאַלטן מיינע אויגן אָפן צו דער אַלטעגלעכער ווירקלעכקייט. ווען איך וואָלט דאַן געשטאַנען אויף דער וואַך פון פּראָזאַאישן לעבן, וואָלט איך זיך ניט צוזאַמענגעשטויסן מיט מיינע איצטיקע שוועריקייטן. —

ליזאַ איז אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. זי קוקט אויף אים צומישט און ווייסט שוין גאָר ניט אויף וואָס פאַר אַ וועג זיך צו נעמען. זי דערזעט אים מיט אַמאָל אָרים און אומבאַהאָלפן און זי וויל אים אויפמונטערן:

— איך בין ערשטוינט צו זען אייך, מאָריס פיינמאַן, אין אַזאַ געדריקטע שטימונג. וואָרום זאָלט איר זיין אַזוי אַנטוישט? אויב איר ווילט איבערבייטן אייער קורס און נעמען אַ נייע ווענדונג אין לעבן, גייט און טוט. עס איז דאָך קיין מאָל ניט צו שפּעט אָנצופאַנגען.

— עס איז לייכט צו זאָגן אָבער שווער צו טאָן, — קלאָגט זיך מאָריס.

— ווען איך וואָלט געווען אַמאָל, אין די גוטע צייטן, געלייגט אַ פעסטן פונדאַמענט וואָלט איך מיר יעצט ווייטער אָנגעגאַנגען. אָבער אַצינד לעבן מיר גאָר אין אַנדערע צייטן, אָט האָב איך אָנגעפאַנגען עפּעס בויען. איך האָב גרויסע האָפנונגען און גוטע אויסזיכטן, אָבער ניטאָ ווער עס זאָל צולעגן אַ פּלייצע. דער צוטרויען פון מענטש צו מענטש איז צורונען געוואָרן. מענטשן טרויען זיך ניט. מען גלויבט ניט איינער דעם אַנדערן פון דאַנען אַהין.

— און איך גלויב נאָך און האָב אַלץ דאָס זעלבע צוטרוי צו מענטשן, — כאַפּט זיך ביי ליזען אַרויס פון מויל, און זי ווייסט ניט צו עס פּאַסט, צי עס

פאַסט ניט אַזוינס צו זאָגן. זי טראַכט ביי זיך: איך וועל אַצינד וואַגן. כאָטש מעגלעך אַז איך וועל נאָך מער קאַליע מאַכן.

— הערט זיך איין, מאָריס, — שטאַמעלט זי מיט אַ ציטערדיקע שטים, — איר ווייסט דאָך, איך אַרבעט סטעדי, איך אַרבעט אַ סך... אָבער אויסגעגעבן האָב איך גאָר ניט קיין סך... בין געווען פּראַקטיש, אַ ביסעלע צו פּראַקטיש, האָב איך פון מיין האַראָוואַניע אָנגעקליבן אַ ביסל געלט, אַוועקגעלייגט דאָס אַן אַ זייט... איז אויב איר דאַרפט דאָס אין ביזנעס, דאָס געלט מיין איך, וועל איך אייך אַנטלייען... איך בעט אייך, נעמט ניט פאַר אומגוט... —

מאָריס טוט אַ קוק אויף איר מיט פאַרוואונדערונג. און זיינע ליפּן טוען אַ לייכטער ציטער. אַ קליינע ווילע איז ער אין אַ צושטאַנד פון קווינקלעניש און צומישטקייט. אָבער באַלד צולאַכט ער זיך הילכיק און זאָגט צו איר:

— אַצינד, ליזאַ, זע איך אַז אייער גאַנצע פּראַקטישקייט און וואַכזאַמקייט איז אַנטרונען געוואָרן פון אייך. באַהיט זאָל מען ווערן, איר זענט דאָך געוואָרן אַ רעגעלע גרינהאָרן. לאָמיר דעריבער אייך אויפקלערן. געלט אַנטלייען דאַרף אַ ביזנעס־מאַן אין אַ באַנק, און קרעדיט זוכן מוז אַ קליינער ביזנעס־מאַן ביי די גרויסע ביזנעס לייט.

— אָבער איר זאָגט דאָך, — פאַלט אים ליזאַ אַריין אין די רייד, — אַז איר האָט פאַרלוירן דעם גאַנצן צוטרוי צו מענטשן. און איך, איך האָב צוטרוי, דעם גרעסטן צוטרוי... צו אייך.

— ער האָט זיך נאָך אַמאָל צולאַכט. און זי האָט זיך שוין ניט געקאָנט העלפן און אים מיטגעהאָלפן לאַכן.

שפּעט ביינאַכט איז ליזאַ אַריין אין איר צימערל. אַ פריידיקע ליכט פלאַטערט אַרום איר און זינגט אין האַרץ. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל פאַר אַ לאַנגער צייט וואָס אַ פאַרהערער האָט זי באַגלייט ביזן טיר אַריין. די ליפּן טראָגן נאָך דעם איינדרוק פון זיין קוש, די אויגן גלאַנצן. די באַקן פלאַמען!.. ווי אומדערוואַרטעט, ווי אומגעריכט דאָס איז צו איר געקומען! ס'דרייט זיך פאַר איר אַ קנויל פון פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט...

# אַ חתונה

(סקיצע)

אויסגעפּוצטע זיינען זיי געזעסן צוזאַמען אין אויטאָמאָביל און זיך געטראָגן דורך די רוישנדיקע גאַסן פון שטאָט. ער האָט צו איר געזאָגט:

— מיין טייערסטע! איך פרעג דיך, וואָרום זאָלן מיר אַזוי געפּייניקט ווערן אין דעם שענסטן טאָג פון אונזער לעבן, אין דעם טאָג פון אונזער חתונה? שוין פון גאַנץ פרי אָן ווער איך פאַרפאָלגט פון צינישע בליקן און וויצעלעס. צענדליקער הענט האָבן שוין היינט צורעכטגעמאַכט מיין האַלדזטוך, אָפּגעשפּילעט און צוגעשפּילעט די קנעפּלעך פון מיין רעקל און דרעסירט מיך, אַזוי ווי אַ חיה. יעדער קוקט מיר נאָכאַנאַנד אַריין אין די אויגן מיט אַזאַ ערנסט און שרעק, אַז מיין גאַנצע מוט און פרייד איז פאַרלאָרן געגאַנגען.

זי האָט זיך געטוליעט צו אים און געשמייכלט. ער האָט מיט גרויס ליבשאַפט געקוקט אין אירע סאַמעט־ווייכע אויגן, האַלטנדיק איר קליינע ווייסע האַנט אין זיינער.

— געראָדע היינט, אין דעם באַדייטענדסטן טאָג פון אונדזער לעבן, אין אונדזער חתונה טאָג, וואָלטן מיר דאָך באַדאַרפט בלייבן אַליין, אָפּגעזונדערט פון גראָבע באַרירונגען און צינישע בליקען. אונדזער לוסט האָט געדאַרפט זיין שטיל און באַהאַלטן. דורך שרייענדע צערעמאָניעס און שאַבלאָן ווערט אונדזער גענוס אַנטבלויזט און אונזער פרייד פאַרמיאוסט. אַליין רעדן זיי פון צניעות, און דורך זייערע גראָבע באַרירונגען און ניט־געבעטענע עצות ווערט יעדער צניעותדיקער, איידעלער געפיל פאַרשוועכט. אָט האָבן זיי אונדז אויסגעפּוצט ווי ליאַלקעס און אוועקגעשיקט צו פאָטאָגראַפירן זיך. אַלץ מוז זיין פרעך און שרייענד. אַזוי פירט זיך איבעראַל. מען טאָר ניט נאָכפרעגען.

דערנאָך וועט מען דיך, מיין טייערע, באַזעצן, צופלעכטן דיינע לאַנגע האָר און דיך באַוויינען. מיך וועט מען אַוועקשטעלן ווי אַ ליימענעם גולם אונטער אַ דעקטוך, יעדערער וועט האַלטן ליכטלעך אין די הענט און דו וועסט זיך אַרום מיר אומדרייען ווי אַ חנוכה דריידל. דערנאָך וועלן זיי זיך נעמען צום טרינקען און זויפן, דערנאָך וועלן זיי אונדז אַריינפירן אין אַ באַזונדער צימער און געזעצלעך אונדז בעלייגען, בעת עס וועלען האָגלען פון דער אַנדערער זייט צינישע ווערטלעך אויף אונזער חשבון...

— אָ, הערדי — האָט זי געשטאַמעלט און איר פּנים האָט אויפגעפלאַמט — ווי קאָנסטו גאָר אַזוי רעדן ?

— ווען איך וואָלט געהאַט אַ פעסטערן ווילן — האָט ער ווייטער פאָרט־געזעצט — וואָלט איך גלייך הייסן אונדזער פורמאַן פאַרקירעווען די האָליאַב־ליעס און מיר וואָלטן גאָר אויספאָרן ווייט ערגעץ אין אַ שטילן רואיקן פּלאַץ. ווי גוט וואָלט דאָס זיין צו פאַרברייגגען היינטיקן טאָג אין אַ שטילער פרייד! די מחותנים וואָלטן געוואַרט אויף אונדז און געוואַרט. זיי וואָלטן געשלונגען מיט הונגעריקע אויגן די שנאַפּסן, די ווייגען און זיסע זאַכן, וואָס זיינען צע־שטעלט אויף די טישן. (אין דעם ליגט דאָך דער גאַנצער זין פון זייער ,פרייד), און ענדלעך וואָלטן זיי זיך נעביך געמוזט פאַנאַנדערגייען מיט צערייצטע אַפּעטיטן. ווי מיינסטו, מיין טייערע, וואָלט ,דאָס ניט זיין אַ גלענצנדער אויפטו ?

— דו ביזט אַ שלעכטער, אַ שלעכטער ! — האָט זי געזאָגט און אָנגע־ליינט מיט ליבשאַפט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל.

— וואָס האָט ביי אייך אַזוי לאַנג געדויערט דאָס פאָטאָגראַפירן זיך ? אַלע מחותנים האָבן זיך שוין לאַנג צונויפגעקליבן, מען דאַרף די כלה באַזעצן, מען דאַרף נאָך אַזוי פיל טאָן. און חתן־כלה האָט זיך גאָר פאַרגעסן, אַז איר דאַרפט היינט צו דער חופּה גיין...

— פיליכט איז טאַקע אַ סברא צו פּראָווען דעם סדר אָן אונדז ? — האָט דער חתן געזאָגט לאַכנדיק.

— זע נאַר, זע — האָט אַ מחותן געזאָגט — אפילו ביי דער חופּה וויצלט ער זיך אויך, ביי זיי איז גאָר אַ שפּילכל די גאַנצע מעשה. היינטיקע קינדער!

דער רעווהענד, אַ הויכער איד אין אַ צילינדער־הוט מיט אַן אונטער־געשוירן בערדל און גנבה׳שן שמייכל, איז צוגעגאַנגען צום חתן און זיך צעֵ־רעדט מיט אים מכח וועלט־זאַכן און פילאָזאָפיע. בסך הכל איז ער, דער רע־ווערענד, גאָר אַ פריידענקער און אַ שטיק סאָציאַליסט. ער ווייסט, האָט ער געזאָגט, אַז די אַלע צערעמאָניעס שטאַמען בלויז פון פאַנאַטיזמוס, אָבער ער מאַכט דאָס אַזוי קונציק, אַז די אַלע פאַנאַטיקער — דערביי האָט ער אָנגע־ציינט אויף די מחותנים — מיינען, אַז ער איז פון זייער באַנדע. דעריבער איז ער באַפריינדעט מיט אַלע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן. „ערשט נעכטן בין איך געווען ביי אַ דאָקטאָר אויף אַ חתונה. איך האָב געפּראַוועט ,די חופּה מיט אַלע קליפּערלעך, און צו דער זעלבער צייט האָבן מיר ביידע, איך און דער „דאָקטאָר", זיך געקאַטשעט פון געלעכטער".

די חופּה־צערעמאָניעס האָבן זיך געענדיקט. צוויי אַלטע מחותנת׳טעס מיט צעקנייטשטע פּנימער האָבן זיך געלאָזן גיין אַ טענצל אַנטקעגן חתן־

כלה, די הענט „פּאַדבאָקאָם״, מאַכנדיק דערביי די זעלבע גרימאַסן, וואָס ביים תחינות־זאָגן.

דער עולם האָט זיך מיט רעש צוזעצט ביי די טישן און מיט גרויס התמדה גענומען זיך צו די כלים. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקער גערודער. פּראַבקעס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען און לעפל און גאָפּל האָבן אָנגעהויבן קלינגען.

אין רעכטן מיטן פון דער סעודה האָט זיך אַ יונגער־מאַנטשיק אויפגע־שטעלט אויף אַ שטול און געהייסן דעם עולם זיך האלטן אין אָרדענונג, ווייל ער גייט איצט פאַרלעזען די טעלעגראַמעס. אַלע האָבן אויף גיך דערשלונגען די ביסענס און מיט צועפנטע מיילער זיך נייגעריק צוגעהערט.

ביז האַלבע נאַכט האָט זיך די חתונה געצויגן. אין האַל האָט די גאַנצע צייט געהערשט די גרעסטע סומאַטאָכע. עס האָט זיך דאָרט געפילט די אַט־מאָספערע פון שענק. האַלב שכורע הייזעריקע שטימען האָבן געגריצלט אין די אויערן ווי מיט טומפּע זעגן. אַלע צוזאַמען האָבן געשמועסט, יעדער באַ־זונדער האָט געשריען, און קיינער האָט קיינעם ניט פאַרשטאַנען. אין דער לופט האָבן זיך געצויגען קנוילן רויך, די טישן און פּאָדלאָגעס זיינען געווען פאַרגאָסן און פאַרברודיקט. די הוליאַנקע האָט דערגרייכט יענע שטופע, ווען יעדער שפור פון פרייד פאַרשווינדט, ווען אַלעס איז אויסגעזויפט, אַלעס איז אויסגעפּלוידערט, און יעדן באַפאַלט אַ טעמפּע איבערדריסעקייט און שווערע שטימונג...

ענדליך האָט זיך דער עולם אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין. דער שווער האָט איינגערוימט דעם חתן אויפן אויער ער זאָל באַגלייטן די געסט צום טיר און באַדאַנקען יעדן באַזונדער. דער חתן, וואָס איז געזעסן אַזוי ווי פאַרטשאַ־דעט, האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ טומפּן בליק. ער איז אויפגעשטאַנען, אומ־געקוקט זיך צעטומלט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

דער לעצטער גאַסט איז פאַרשוואונדן. די איבערגעבליבענע פּאָר מחותנים האָבן זיך אומגעשלעפּט איבער די פּוסטע צימערן און זיך געאַמ־פּערט מיט הייזעריקע שטימען.

חתן כלה האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט און זיך צעלאַכט מיט אַ מידן געלעכטער פון דער פּראָצעדורע...

# באָביצע

(דערציילונג)

צוליב חנוכה און קריסטמעס, וואָס זיינען אויסגעפאַלן אין דעם זעלבן טאָג, האָט אין שטוב ביי מאַרקוס מאַראַנץ געהערשט אַ יום טוב׳דיקע שטימונג. מייראַן, דער זון, אַ סטודענט, אַ פלינקער, אַ זשאַוואָווער, מיט דינע וואָנצע־לעך, איז געווען פריי פון קאָלעדזש. גלעדיס, די טאָכטער, אַ מיידל אַ פלאַפּ־לערקע, מיט אויסגעפלעקטע ברעמען און רויט געפאַרבטע נעגעל, איז געווען פריי פון איר סטענאָגראַפישע פליכטן. און דער פאָטער, אַן איינגעפונדעוועטער, האַרטער איד, האָט היינט אויך געהאַלטן צוגעשלאָסן זיין געשעפט. נאָר די מו־טער, אַ באַלייבטע, גוידערדיקע פרוי האָט געשאַיעט און געהאָוועט אַ סך מער ווי אין אַ געוויינלעכן טאָג, צוגרייטנדיק אַ געשמאַקן יום־טובדיקן מאָלצייט פאַר איר הויזגעזינד. זי איז אַליין געווען אויפגעהייטערט און אנגעזעטיקט מיט פרייד, אַלע זיינען היינט דאָ מיט איר אין הויז; איר זון, איר טאָכטער און איר מאַן אויך.

די פאַמיליע זיצט אויסגעזעצט אַרום טיש. די מוטער דערלאַנגט אַלע ווילע טעלער אָנגעפילט מיט די געשמאַקסטע בעסטע מאכלים, מייסטעריש געגרייט, אַלצדינג פאַרפּראַוועט, געדעמפּט און געפילט, אַרומגעלייגט מיט זיי־טיקע פאַטראַוועס וואָס קיצלען די נאָז־לעכער און געבן צו אַפּעטיט. די קינדער, אָבער, זיינען גאָר גלייכגילטיק צו די אַלע פאַטראַוועס. אַ לעק פון דעם, אַ שמעק פון יענעם, און שוין, אַוועקגעשטויסן פון זיך די טעלער. די מאַמע פילט זיך געטראָפן; די דערלאַנגט זיי אַלעמאָל אַ נייעם מאכל און בעט זיך ביי זיי מיט אַ רחמנות פנים: „טאָכטער מיינע, זון מיינער, פאַרזוכט עפּעס דערפון, איך בעט אייך, ווי מיר, איר האָט דאָך גאַרניט געהאַט אין מויל״. די קינדער קוקן זיך אָבער אויף איר ניט אום, זיי דרייען אַוועק די קעפּ און שרייען אָן אויף איר:

„ליוו מי אַלאָן!״

די קינדער זיינען בייז און אָנגעכמורעט, ווי דער שטייגער איז ווען זיי זיצן ביים עס־טיש; ברודער און שוועסטער האַלטן זיך אין איין אַמפּערן. וואַרפן זיך אום מיט שפּיציקע שאַרפע ווערטער, און זייערע אויגן ווינקען מיט העזה און פאַראַכטונג.

און אַזוי רעדן זיך איבער ברודער און שוועסטער:

ער: זיי ניט אַזוי וואולגאַר און הער אויף צו טראַלאַליאיקן דיינע ביליקע גאַסן־לידלעך, דו נערוווירסט מיך.

זי: די גאַסן־לידלעך זיינען אַ סך שענער ווי די גאַסן־„ספּיטשעס", וואָס דיינע „קרייזי" קאָמוניסטלעך קאַוויאַקן.

ער: איך ווייס, אַז אינטעליגענץ איז „ניט אין דיין ליין". צו פאַרשטיין אַ „ספּיטש" דאַרף מען דאָך האָבן אַ שטיקל קלעפּקע אין קאָפּ, און ביי דיר איז דער „טאָפּ־פלאָר" אינגאַנצן אויסגעליידיקט.

זי: אָ, „יו בוב!" אַז דו חבר'סט זיך מיט עטלעכע „הייבראַוס", דענקסטו, אַז דו ביזט פון דער אינטעליגענציע. אין אמת'ן, אָבער, ביסטו ניט מער ווי טשאַרלי מעקאַרטי: וואָס מע רעדט אין דיר אַריין, דאָס רעדסטו אַרויס.

ער: אַ „דאָופּ" ווי דו, וואָס ליגט נאָר אין ביליקע וואָדעווילס און אין מואוויס ווייסט ניט מער ווי טשאַרלי מעקאַרטי; דערצו ביזטו פרעך און קוויטשיק ווי אַ דזשעז־בענד.

זי: אָ, „טשיפּ־סקייט", וואָס ווייסטו פון דזשעז און וואָדעוויל?

ער: איך ווייס שוין גאָר אַ סך.

זי: וועל, „סמאַרטי", זאָג מיר, וואָס איז דזשעז?

ער: אַ שטיק, „מייק־אַפּ", מיט אַ פאַרשמירטן פּנים, מיט געפאַרבטע ליפּן, מיט אַ שטימע וואָס האַלט אין איין גרילצן פאַלשע טענער אַזוי ווי דו, — דאָס איז דזשעז.

זי: דו ביזט ברוטאַל און פרעך. איך האָס דיך ווי דעם טויט.

ער: „דהי סיים טו יו"!

דעם פאָטער גייט קיין זאַך נישט אָן. ער אַרבייט פלייסיק מיט מעסער און גאָפּל און קייעט אויףביידע באַקן די געפּילטע העלדזלעך מיט די געפּעפּערטע „פּיקלס". פון צייט צו צייט וואַרפט ער א זייטיקן בליק אויף די פּאָר לעקעשן, וואָס עסן זיך איינער דעם אַנדערן מיט שאַרפע ווערטלעך, אַנשטאָט צו עסן די גוטע מאכלים מיט די שאַרפע צובייסנס.

„זאָרגלאָזע נאַרישע קינדער" טראַכט ער זיך, „וואָס האָבן זיי און וואָס פעלט זיי? לעבן לעבט מען אויף דעם טאַטנס קעשענע. אַ מענה לשון, אַ גלאַטן, האָבן זיי, פלאַפּלט מען לאָקש־בוידים און מע שיט פעך און שוועבל גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַריין... אין זייערע יאָרן בין איך געוועזן אַ סך מער מענטש..."

דער מאַמעס האַרץ וויייטיקט אָבער פאַר די קינדער. זי שטייט לעבן זיי מיט אָנגעפּילטע טעלער און בעט זיך ביי זיי, אויפצוהערן קריגן זיך. זי שטעקט אָן אַ כרעמזל אויפן גאָפּל און זי זוכט צו פאַרשטאָפּן דערמיט זייערע מיילער, אָבער דאָ ווערן זיי נאָך מער צערייצט און גיסן אויס זייער גרימצאָרן אויף דער מאַמען.

— אַוועק פון מיר, יו! — קוויטשעט די טאָכטער מיט כעס און טופּעט מיט די פיס.

די מוטער מיטן גרויסן טעלער אין האַנט רוקט זיך אָפּ אַביסעלע אין אַ זייט און נעמט ווינקען צום מאַן ער זאָל עפּעס טאָן, עס זאָל ווערן שלום בית.

דער פאָטער, וואָס האַלט אין שלינגען דעם מערן־צימעס, טרייסלט אָפּ פון זיך די ברעקלעך, טוט אַ קלאַפּ אין טיש און שרייט אַרויס מיט אַ בייזער.

„שטיל זאָל מיר זיין! איר הערט צי ניין? איר כניאָקעס צוויי, יאָלדן, שלומיעלס! וואָס קענט איר זיך ניט צעטיילן, וואָס? וואָס רייסט איר זיך אַרום ווי די הינט? גאַנצע קנאַקערס זענט אירביים טאַטנס טיש. אין אמת'ן אָבער, זענט איר טויגעניכטסן, שמאַראָוואָזן דאַרמאָיעדניקעס. איר טויגט ניט אפילו אַ קאַץ אַן עק צו פאַרבינדן!...״

— „א, שאַראַפּ, יו באַביט!״ — טוט דער זון אַ זאָג צו אים מיט כעס און הויבט זיך אויף פון שטול.

— וואָס? וואָס זאָגט ער וואָס? — טוט דער פאָטער אַ פרעג און פייער־לעך צעשפּילן זיך ביי אים אין די אויגן.

— דער זונדל דיינער רופט דיך באַביט, דאָס איז אַ צונעמעניש אַזאַ,

— פאַרטייטשט די טאָכטער — פאַראַן אַ גאַנצער בוך וואָס הייסט „באַביט״.

דער פאָטער טוט זיך אַ שטעל אויף אין זיין גאַנצן גרויס. די באַקן ווערן אים אָנגעדראָלן און קאַלטע טראָפּנס שוויס זעצן אים אַרויס אויפן שטערן.

די פרוי לויפט צו צו אים, האַלט אים איין מיט אַלע כוחות און זעצט אים צוריק אַוועק אויפן שטול.

— איך בעט דיך, מאַרקוס, ערגער זיך ניט... וואָס האָט דאָס קינד גע־זאָגט? באַביצע?... איז וואָס... ניט געפערלעך... ער האָט דאָך גאָר קיין בייז ניט געמיינט, באַביצע... געמיינט האָט ער דאָך מיך, ניט דיך... כ'האָב שוין טאָקע געמעגט זיין אַ באַביצע... דאָס שטייט מיר אָן. הלוואי זאָל איך שוין דאָס דער־לעבן... דאָס קינד איז אַ חכם... איך בעט דיך, מאַרקוס, ערגער זיך נישט...

דער פאָטער לאָזט זיך צוימען. ער שוויגט, אָבער זיין האַרץ שטורעמט... ער פילט זיך דערנידעריקט און באַליידיקט: אַזאַ שמאַראָוואָז רופט מיך באַ־ביצע!... אַזוינע פאַראַזיטן, פלאַפּלער; זיי האָבן דאָך אין לעבן קיין טאָג אַרבעט ניט אָפּגעטאָן! זיי רופן מיך באַביצע!... און אָט די טויגעניכטסן וועל איך אי־בערלאָזן מיין גאַנץ פאַרמעגען!... ניין, דאָס וועט ניט זיין. איך וועל דאָס בע־סער צעטיילן אויף צדקה. כ'וועל געבן פאַרן „האַום״. פאַר אַלטע לייט. יתומים. ישיבות. ארץ ישראל. דאָרט וועט מען מיך אָפּשאַצן... מען שלאָגט דאָך מיר אָפּ די טירן... וואָס זשאַלעווע איך? וואָס קאַרג איך? באַביצע רופן זיי מיך! אַזוינע דאַרמאָיעדניקעס...

ער כאַפּט אַ קוק אויפן זינדל וואָס זיצט און קוקט אַריין אין אַ „פּייפּער״. אַ פּראַנט, מיט אַ זאַרגלאָזן, ראַזירטן פּנימ׳ל מיט אַ גלאַנציק פּאַרקאַמטן קאָפּ. ער קוקט אויף דער מיידל מיט דעם אָפּגעקאַלכטן נעזל, מיט צוויי דינינקע פּאַסיקלעך אָנשטאָט ברעמען, מיט די לעקעלעך פּאַרדרייט אויפן שטערן, און דערפילט אַ פּרעמדקייט צו זיי. „פּוסטע פּראַנטן, טפו זאָלן זיי ווערן! זיי לאַכן פון מיר. זיי רופן מיך באַביצע... איך וועל זיי ווייזן...״

ער מאַרשירט אַרום איבערן צימער, אָנגעכמורעט און פּאַרעקשנט. די אונטערשטע ליפּ ציטערט ביי אים פון אויפרעגונג. ער גיט זיך אָפּ חשבון הנפש, פירט אונטער אַ רעכענונג, און ער זעט אײַן אַז ער לעבט ווי אַ נאַר...

אַ לעבן לאַנג געהאָרעוועט, געטאַראַראַמעט: קיינמאָל נישט פּאַרגונען זיך קיין ביסל רו, קיין שטיקעלע „פּלעזשור״. דורך גוואַלדיקע ענערגיע און שווערע אַרבעט אָנגעקליבן אַ פּאַרמעגן, שווערע טויזנטער... און דאָס אַלץ זאָל אַריינפּאַלן צו די צוויי שמאַראַוואָזן, צו די טויגעניכטסן... זיי לאַכן דאָך פון מיר שוין איצט, בעת זיי זיצן ביי מיין טיש און עסן מיין זאַלץ און ברויט... היינט ווי וועלן זיי שוין לאַכן פון מיר שפּעטער, אַז דער גאַנצער פּאַרמעגן וועט אַריבערגיין צו זיי אין די הענט אַריין; זיי וועלן דאָס צעטרענצלען אין איין יאָר צייט. ניין, ניין, האַלב פון פּאַרמעגן וועל איך צעטיילן טאַקע גלייך, ביי מיין לעבן. איך וועל שוין מער נישט זיין קיין באַביצע...

מיטאַמאָל צעקלינגט זיך דאָס גלעקל. די ווייב עפנט די טיר. עס באַ־ווייזן זיך צוויי שיינע חשובע יונגע־לייט. זיי באַגריסן מיסטער מאַראַנץ מיט גרויס דרך ארץ. ער קוקט אויף זיי אַביסעלע מיט פּאַרדאַכט, פירט זיי אַריין אין זאַל, און בעט זיי זיצן.

— מיר זיינען געקומען צו אייך, הער מאַראַנץ, אין אַ הייליקן שליחות, — אָזוי הויבט אָן איינער דעם געשפּרעך, און רעדט מיט אַ צוטרוילעכער האַרציקער שטים — היינט איז חנוכה, דער יום־טוב פון אידישער באַנייאונג און נאַציאָנאַלער ווידער־אויפלעבונג, דער יום־טוב פון אונזערע העלדן, די חשמונאים.

— אָבער די העלדנטאַטען פון אונזערע מאַקאַבייער — אָזוי כאַפּט אונ־טער דער צווייטער דעלעגאַט מיט אַ טאָן פון באַגייסטערונג — ווערט דאָך היינט צו טאָג אויף דאָס ניי פּאַרגעזעצט פון אונזערע נייע גבורים וואָס קעמפן העלדיש אין אונזער אַלטע לאַנד פּאַר אַ זיכערע אידישע היים. אויף ציונס ערד שטייען איצט אונזערע חלוצים. זיי בויען, זיי אַקערן, זיי זייען און באַ־פרוכטן אונזער לאַנד, און אין דער זעלבער צייט פּאַרטיידיקן זיי מיט זייערע

לעבנס אונזער אידישן פראָנט. פירן מיר איצט אַ קאמפּיין איינצוקויפן פאַר זיי געצייג, אַקער־אייזענס, טראַקטאָרס...

מאַראַנץ זיצט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. ער פאַרויכערט אַ ציגאַ־רעטל און קוקט אַראָפּ צום דיל. די קיילעכיקע סאַמעט־ווייכע ווערטער פון די דעלעגאַטן פלעכטן זיך ווי אַ קראַנץ, הויבן זיך איבער די קעפּ און קייקלען זיך אין דעם שיין־געפּוצטן זאַל. זייער שטים פון געבעט, זייער וואַרעמער אַפּיל האָט אים צוריקגעבראַכט זיין רו און גלייכגעוויכט. דער אינצידענט וואָס איז ערשט פאָרגעקומען ביים עס־טיש האָט זיך מיט אַמאָל אויסגעוועבט פון זיין געדעכטעניש, צוריקגעקערט האָט זיך צו אים זיין רואיקער שטעל און זיין שטאַנד, דער שטאַנד פון אַ יוסטן באַלעבאָס וואָס דאַרף שטיין אויף דער וואַך און היטן זיין האָב און גוטס. ער גיט זיך פּלוצלונג אַ שטעל אויף, און איבערשלאָגנדיק דעם רעדנער אין זיין רעכטן מיטן, זאָגט ער האַרט און טרוקן אַרויס:

— איך קאָן אייך מיט גאָר ניט העלפן, יונגע לייט. איך מוז דערנערן אַ ווייב מיט קינדער. גייט צו די וואָס האָבן. איך האָב ניט...

ער פאַרציט דאָס ציגאַרעטל, דרייט זיך אום צו זיי מיטן רוקן און פאַרשווינדט אין אַ דערבייאיקן צימער.

# איבער דריי סענט

(דערציילונג)

מיסעס עליזאַבעט װענגראָװו, א שיין־געבויטע יונגע פרוי מיט אַ לוי־טערן פּנים, האָט זיך איינמאָל נאָכמיטאָג אָפּגעריסן פון אירע געניטע, אויס־געמאָסטענע הויז־פליכטן און זיך אַװעקגעלאָזן דאַון טאַון, צו טאָן װי מ׳זאָגט „װינדאָו־שאָפּינג״. זי האָט שפּאַצירט מיט געמאָסטענע טריט איבער דער פינפטער עװעניו, אַריינגעקוקט אין די גרויסע פענסטער פון דעפּאַרטמענט סטאָרס און געמיטליך באַטראַכט די לעצטע פאַסאָנען אין קליידער, שיך און העטס. שפּעטער האָט זי אַריינגעשפּאַצירט אינװיײניק, זיך אָפּגעשטעלט ביי אַלערליי באַרגיין־קאָנטערס און זיך איינגעקויפט עטלעכע קלייניקייטן. דער־נאָך האָט זי באַטראַכט דעם גרויסן עס־צימער, צוגעזעצט זיך ביי אַ טישל און זיך געלאָזט װאױלגיין מיט אַ פּיקאַנטע אייז־קרים סאָדע. איר בליק איז געפאַלן אויפן זייגער און מיטאַמאָל, איז איר באַוואוסט געוואָרן, אַז דער גאַנצער נאָכמיטאָג איז שוין אַריבער.

זי האָט זיך גלייך אָנגעהויבן איילן װאָס שנעלער צו קומען אַהיים, און ס׳האָט איר באַנג געטאָן װאָרום זי האָט פאַרשװענדעט אַ טאָג אויף נאַריש־קייטן. די קינדער װעלן דאָרט קומען פון סקול, װעלן ניט האָבן זייער מילך, װעלן זיך דאָרט צעשטיפן, און װער װייסט װאָס עס קאָן דאָרט פּאַסירן.

זי איילט זיך צום סאָובוויי סטיישאָן, גייט שנעלער אַרונטער די טרעפּ, און אָט זעט זי װי ס׳קומט איר טריין, פּונקט אין צייט. זי צעעפנט שנעל איר פּאָקעט־בוך און דערזעט פאַר זיך... צוויי סענט, יע צוויי סענט, ניט מער. איז דאָס מעגלעך? פרעגט זי זיך זוכט און נישטערט אין אַלע טיילן פון איר טייסטער, אָבער אומזיסט. צוויי סענט, — דאָס איז אַלעס װאָס איר איז געבליבן.

זי בלייבט שטיין צעמישט און װייסט ניט װאָס צו טאָן. אַרום איר איז אַ װילדער געדראַנג און געלויף. טריינס קומען און גייען גרילצנדיק מיט טומל און ליאַרם. מחנות מענטשן יאָגן אַריין און אַרויס. יעדער איינער שפּאַרט זיך מיט נייגער און אומגעדולד צו פאַרכאַפּן דעם אַריינגאַנג אָדער אַרויסגאַנג. אַלע האָבן די מעגלעכקייטן דערצו, און זי האָט ניט. זי, די שטאָלצע װאוילהאבענדע מיסעס װענגראָװו שטייט װי צוגעשמיט און קאָן ניט אַריבער דעם צוים איבער אַזאַ קלייניקייט װי דריי סענט.

איר בליק פאַלט אויפן קאַסירער וואָס זיצט דאָרט ביים קליינעם פענסטערל און קוקט אויף אַלעמען מיט אַ שאַרפן און קאַלטן בליק. אַ נאַקעטער שטערן, א צעקנייטשטער פנים מיט אַ פּאָר גרויסע וואָנסן, מיט אַ ביטערקייט ארום מויל. זאָל זי זיך ווענדן צו אים, צו אָט דעם מענטשן מיט אַ געבעט צו לייען איר דריי סענט? ניין, זי קאָן ניט, זי וועט ניט... ווען זי וואָלט נאָר געקאָנט איר מאַן צו וויסן געבן... איין וואָרט אויפן טעלעפאָן, און ער וואָלט געקומען צולויפן. אָבער ניט זי קאָן איר מאַן אָפרופן, און ניט זי קאָן א היים קומען, און אַלץ איבער דריי סענט. אומגלויבלעך...

דער קאָפּ פאַרדרייט זיך איר און עס פאַרפעלט איר לופט. זי שטייגט צוריק ארויף אויף די סאָבוויי שטיגן און גייט אַרויס אין גאַס. זי ציט אין זיך אַריין די פרישע פאַרנאַכטיקע לופט און שפּאַנט פאַמעלעך, הין און צוריק אויפן סיידוואָק.

אַרום איר שטראָמען אַלערליי מענטשן, יעדער איינער פאַרטאַראַמט, פאַרטאָן אין זיך. זי זוכט און נישטערט, קוקט אַריין אין די פנים׳ער. אפשר וועט זי דערזען וועמען ניט איז, כאָטש אַ וויטן באַקאַנטן. אַ שווערע אומהיימלעכ־קייט נאָגט ביים האַרצן, און זי קאָן זיך גאָר ניט גלויבן, אַז מיזראַבלע דריי סענט זאָל זי אָפּשיידן פון דער פרייד פון איר היים און פון דאָס גליק פון איר וואַרימען און אייגענעם נעסט.

זי זעט ווי דער אָוונט רוקט זיך אָן פאַמעלעך און שפּרייט בלויע שלייערס אַרום. אין דער צייט קומט דאָרט איר מאַן אַ היים, וואו איז די מאַמע? פרעגט ער ביי די קינדער. זיי קוקן אויף אים נאַיוו און ציען מיט די שמאָלע פּלייצעס. אַלע שטייען זיי דאָרט און קוקן אויף איר אַרויס... ניין, זי וועט מער אַזוי ניט אָנגיין. זי מוז אָפּשטעלן אַ וועלכן ניט איז פאַרבייגייער, זאָגאַר אַ ווילד פרעמדן פערזאָן, און בעטן אַנטלייען איר דריי סענט.

איר אויסוואַל פאַלט אויף אַ מיטל יעריקן מאַן מיט אַ קיילעכדיקן גוטמוטיקן פּנים מיט אַ גרויסן ציגאַר אין מויל. ער שפּאַנט מיט געצאַמטע, ריטמישע טריט און קוקט אַראָפּ־צו פאַרטיפט אין געדאַנקען. דערזעענדיק פאַר זיך מיט אַמאָל א שיינע יונגע פרוי וואָס נעמט אים עפּעס דערציילן מיט אַ מעלאָדישער פרויען שטימע, ווערט ער אנגענעם איבעראַשט, נעמט אַרויס דעם ציגאַר פון מויל און קוקט אויף איר מיט לאַכנדיקע אויגן גריבלעך.

צו זיין אויער דערגרייכן אָפּגעבראָכענע ווערטער: „דריי סענט... סאָב־וויי... אַ היים... זייט אַזוי גוט, פּליעז, דריי סענט..."

ער זשמורעט מיט די אויגן און כלינעט אַרויס פון מויל: — „טייערינ־קע, זאָגן זאָגסטו דריי סענט, און מיינען מיינסטו דאָך דריי דאָלער... מיטן

גרעסטן פאַרגעניגען... איך בין אַ ביזנעסמאַן, יו נאָו, ביי מיר איז אַ פּרינציפּ אַזאַ. גיוו און טייק... קום, טייערינקע, איך וועל דיך באַגלייטן אַ היים".

מיט צופלאַמטע אויגן און רויטע צוקאָכטע באַקן לויפט זי אַריבער דער צווייטער זייט גאַס. זי שפּרייזט גיך, גיך, און דאָס האַרץ האַמערט אין איר צום טאַקט פון איר גאַנג.

זי וועט זיך מער ניט דערנידעריקן און וועט ביי קיינעם ניט בעטן. זי וועט גיין און גיין ביז וואַנען זי וועט גרייכן איר היים. פלעגט זי דען נישט מיידלוויז אומשפאַצירן מיט אירע חבר׳טעס לאַנגע, לאַנגע שטונדן? און פלעגט זי דען ניט יונגערהייט מעסטן די גאַסן גאַנצע אָוונטן אַט אַזוי סתם אין דער וועלט אַריין?

זי מישט זיך אויס צווישן דעם פיל קעפּיקן עולם, און מיט יונגע דרייסטע טריט שפּאַנט זי אָוועק אין דער ווייט.

שפּעט אין אָוונט איז פרוי װענגראָוו אַריינגעפאַלן אין הויז וואו אַלצדינג איז געשטאַנען פאַרוועבט אין אַ זייער שווערן זאָרג און גרויסן אומעט. די קינדער זיינען צוגעפאַלן צו איר אין ספּאַזמען פון געוויין און געלעכטער. איר מאַן איז געוועזן אויפגערעגט, און אַ ווינקל פון זיין מויל האָט געצוקט. אירע צעפלאַמטע אויגן און איר בלאַס אויסגעצויגענער פּנים האָבן אים דערציילט פון א פיבערדיקער געשעעניש.

— אום גאָטעס־ווילן, ליזאַ, וואָס האָט געטראָפן?

— גאָר ניט האָט געטראָפן, — האָט זי געמורמלט, אַריינפאַלנדיק אין וויג־שטול.

— מיר האָט אויסגעפעלט דריי סענט... לאָז מיר, טייערער, אָפּכאַפּן דעם אָטעם. כ׳וועל דיר דערציילן שפּעטער.

די הויז האָט אויפגעלעבט און אַ פריילעכקייט האָט זיך פאַרשפּרייט אין יעדן ווינקל. די קינדער זיינען געוואָרן אויפגעלייגט און שטיפעריש ווי גאָר ניט האָט געטראָפן. דער מאַן, האָבנדיק אַראָפּגעוואָרפן דעם זאָרג און אומעט פון זיינע פּלייצעס, האָט זיך פאַרנומען מיט די קינדער און אָנגעהויבן לייגן זיי שלאָפן.

די פרוי האָט גערוט אין וויג־שטול אונטערשפאַרנדיק דעם קאָפּ מיטביידע הענט. זי האָט זיך נאָך אַלעס ניט געקאָנט באַפרייען פון דער פיינלעכער געשעעניש. צי האָט זי דאָס געזען אין חלום אָדער זי האָט דאָס דורכגעמאַכט אויפן וואָר? אָט איז זי דאָך אין איר אייגן קעניגרייך, אַרום איר איז דאָך אַלעס אַזוי פאַרביק און אינהאַלטסרייך. די קינדערלעך ציען זיך צו איר ווי פלאַנצן צו דער זון. דער מאַן וואַכט אויף איר מיט צערטלעכקייט און שוץ.

זי זיצט אין אַ זיסער מידקייט און האַלט אירע אויגן צוגעמאַכט, ווען מיט אַמאָל דערשפּירט זי אַ לייכטן ריר איבער אירע האָר און אַ ווייכן גלעט אויפן שטערן. פאַר איר שטייט איר מאַן.

— נו, יעצט, מיין טייערע, וועסטו מיר דערציילן וואָס איז מיט דיר געשען צוליב דריי סענט, וואָס דיר האָט אויסגעפעלט.

זי האָט, אַ באַרואיגטע, גענומען דערציילן.

# איר געליבטער איז אַוועק

(דערציילונג)

די פרוי לוריע, אַ שטאָלטנע און אַ הויכע, איז געשטאַנען אין איר מאַנ׳ס קראַם און געקוקט מיט שטאַרע אויגן אויף איין פונקט. און אַ שווערע זאָרג מיט אַ גרויען אומעט האָט זיך אויסגעלייגט אויף איר לאַנגלעכן פנים.

די טיר האָט זיך געעפנט און מר. לוריע, איר מאַן, איז אַריינגעקומען מיט אַ געמאַכטער מונטערקייט. ער האָט לייכט אַנגענומען זיין פרוי ביים אָרעם, אַריינגקוקט איר אין די אויגן מיט גרויס סימפּאַטיע און לעבהאַפט אַרויסגעזאָגט:

— דיין מאָלצייט איז געווען אַן אויסנאַם ן

— דו ווילסט מיך מאַכן פילן גוט, — האָט זי געזאָגט שטילערהייט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— מיין טייערע, דו נויטיקסט זיך אין רו און צשטרייאונג. פאָלג מיך, טייערע, גיי זיך דורך ערגעץ און אַמוזיר זיך. גיי, זע אַ גוטע פאָרשטעלונג אין אַ טעאַטער אָדער אין אַ מואווי.

— מיט וועמען קען איך גיין צו אַ פאָרשטעלונג ? אַליין ווילט זיך נישט. און ווילי... ווילי איז אַוועק פון מיר.

— אַהאַ, שוין ווידער דערמאָנט זיך אין ווילי׳ן. קאָנסט זיך גאָרניט פאַרגעסן אין דעם באַטריגער דיינעם ?

— רוף אים ניט באַטריגער, איך בעט דיך. דאָס האַרץ טוט וויי! איך פלעג דאָך טיילן מיט אים מיין לעבן און שטרעבן. און מיט אַמאָל, אויס! פאַר־לאָרן געגאַנגען.

— אָבער דו האָסט דאָך , מיך !

— אָ, ווען ניט דו, וואָלט איך איצט אונטערגעגאַנגען. אָבער ער, ער פעלט מיר.

מיט אַן אָנגעשטריינגטער שטיפערישקייט בייזערט זיך כלומרשט דער מאַן :

— אָ דו, צעלאָזענע ווייבל, איז דיר ווייניק איין געליבטער ?

— איך וויל אייך האָבןביידן, ביידן. ער איז דאָך אימער געשטאַנען נאָענט, אַזוי נאָענט צו מיר, און מיטאַמאָל אַזוי פאַרפרעמדט געוואָרן.

— אָבער איך שטיי דאָך אַזוי נאָענט צו דיר ווי אימער. קאָן איך ניט אויספילן דעם פלאַץ פון דיין קאַוואַליער, וואָס האָט דיך פאַראַטן ?

— ניין, ניין, מיין טייערער. איך ליב דיך ווי מיין לעבן, אָבער אים ליב איך גאָר אַנדערש, אַנדערש. איך האָף, אַז דו פאַרשטייסט מיך.

— טייערע מיינע, — האָט דער מאַן פילאָזאָפירט — איז געקומען איינע אַ אינגערע פון דיר און אים אַוועקגענומען. אַזוי איז שוין דער סדר פון דער וועלט.

— אָבער זי האָט דאָך אים אַזוי פאַרפרעמדט פון מיין הויז, זי האָט אים אָנגערעגט אַנטקעגן מיר. איבער דעם ווערט מיין האַרץ אָנגעפילט מיט צער און ווייִ.

— נו, זי שרעקט זיך פאַר דיין גרויסער ליבשאַפט צו אים, און דעריבער באַהאַנדלט זי דיך ווי אַ קאָנקורענטין.

— איך אַ קאָנקורענטין ?... ביי מיר האָט ער דאָך אימער געבליט ווי אַ פלאַנץ אין זונשיין און טוי. און זינט ער האָט זי דערקאַנט גייט דאָך זיין לעבן אין ניוועץ... איך זע ווי ער גאַרט זיך אָפּ, און דער ווייטיק צעוואַקסט זיך אין מיר ווי אַ וואָרצל, וואָס צעשפרייט זיך אין דער טיפעניש פון דער ערד.

— דאָס שטראָפט דיך גאָט דערפאַר וואָס דו ליבסט נאָך איינעם אויסער דיין געזעצלעכן מאַן.

— אַ, מיין טייערערער, פאַרשטייסטו ניט, אַז מיין ליבשאַפט צו אים איז אַנדערש, גאָר אַנדערש פון מיין ליבשאַפט צו דיר ?

— און דיין קאַוואַליערס ליבשאַפט צו יענער פריילין איז דאָך אויך אַזוי אַנדערש, אַנדערש.

— ניין, ווילי׳ס ליבשאַפט צו איר איז בלינד, שטאָק־בלינד.

— און איז דען אונזער ליבע ניט געווען אַזוי שטאָק־בלינד בעת מיר האָבן זיך דערקאַנט און פאַרליבט מיט יאָרן און יאָרן צוריק ?

— אָה, ווי קאָנסטו גאָר פאַרגלייכן איינס צו דאָס אַנדערע ? ער וועט זיך אַרומזען.

— און פון וואַנען ביזטו אַזוי זיכער, אַז ער וועט זיך אַרומזען ? אָט זיינען שוין פאַריבער עטלעכע און צוואַנציק יאָר זינט דו האָסט מיך געפאַנגען און איך האָב זיך נאָך אַלץ ניט אַרומגעזען... דיין פאַסטקע איז מיר ליב און דיין געפענגעניש איז מיר טייער...

דער מאַן דריקט מיט ליבשאַפט זיין פרוי צו זיך. זי פאַרריכט אירע האָר און קוקט אויף אים מיט קינדערשער אָפנהאַרציקייט. מיט אַ שוואַכער שטימע פליסטערט זי אַרויס:

— ווען ניט דו, ווען ניט דיין גרויסע טריישאַפט און וואַכזאַמקייט אי־בער מיר, וואָלט איך ביי דער איצטיקער מינוט געמאַכט אַ ענד צו אַלעס. מיט

אַמאָל האָב איך פֿאַרלאָרן דעם זין פֿון מײַן לעבן. מײַן שטאָלץ האָט זיך אויס־געוועפּט און פּוסט איז אַרום מיר געוואָרן ליידיק.

— דאָס איז דערפֿאַר, מײַן טײַערע, וואָס דו פֿאַרהײליקסט צוויי געטער, מיך מיט ווילין. איך אָבער דין בלויז צו איין גאָט. דו אַליין ביזט דער צוועק פֿון מײַן לעבן און דער תּכלית פֿון מײַן זײַן אויף דער וועלט... דו ביזט אַנ־טוישט, איך ניט.

פֿרוי לוריע שטייט אומבאַוועגלעך. זי איז ווי פֿאַרוועבט אין שאָטנס פֿון אומעט און פֿאַרוויגט אין אַ טרויעריקן חלום. זי מורמלט צו זיך אין דער שטיל:

— איך בין דאָך ביי אים געווען אַלעס אין לעבן. ער פֿלעגט דאָך מיר אַלעס אויסדערציילן און מיר פֿלעגן שטענדיק גיין צוזאַמען... ווי פּלוצלונג דאָס איז געקומען! ווי שנעל עס איז אַוועקגערויבט געוואָרן די פֿרייד פֿון מײַן שטוב, די רואיקייט פֿון אונזער וואַרעמען נעסט...

איר מאַן האָט געקוקט אויף איר. מיט אַ צערטלעכער וואַרימקייט און געזוכט אין געדאַנק אַ גוטן, שטאַרקן וואָרט, ווי זי אויפֿצומונטערן, ווי צו צע־רייסן איר שווערע שטימונג.

— טײַערע מײַנע, קאָנסטו ניט מאַכן שלום מיטן געדאַנק, אַז דאָס איז אַ געזעץ, אַן אײַזערנער געזעץ פֿון דער נאַטור? אַזוי שטייט געשריבן אין דער תּורה: על כן, דאַרום, יעזוב, זאָל פֿאַרלאָזן, איש, דער מאַן' את אביו' זײַן פֿאָ־טער' ודבק באשתו' און זאָל זיך באַהעפֿטן מיט זײַן ווײַב...

— אַזוי, שטייט געשריבן אין דער תּורה? — פֿרעגט זי פֿאַרוואונדערט.

— יע, מײַן טײַערע, פּונקט אַזוי, וואָרט ביי וואָרט, איז אָנגעצייכנט גע־וואָרן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק. און דאָס איז דער ערשטער' גאָר דער ערשטער געבאָט מיט וועלכן די תּורה הויבט זיך אָן.

— הייסט דאָס' איך האָב זיך גענאַרט אַלע יאָרן. מײַן ווילי, מײַן גרעס־טער פֿאַרמעג, דער שוואַרצאַפּל פֿון מײַן אויג, איז ביי מיר געווען בלויז אַ קעסטניק, אַ צײַטווײַליקער קעסטניק. אונזער ליבע היים איז פֿאַר אים געווען בלויז אַ גאַסט־הויז, און איך, איך בין געווען בלויז די מיסעס פֿון דעם גאַסט־הויז.

— יע, מײַן טײַערע. ס'איז די אַלטע געשיכטע פֿון אַ מיסעס מיט אַ באָרדער. אונזער זון איז געווען ביי דיר אַ באָרדער' בלויז אַ באָרדער.

אַ פֿאַרבאָרגענער שמייכל האָט זיך אַ וויקל געטאָן אַרום אירע ליפּן. מיטאַמאָל האָט זי דערזען די ווירקלעכקייט. איר האַנט האָט זיך געשטרעקט צו זײַן אָרעם. זי האָט געזוכט אַ טרייסט אין איר בענקשאַפֿט און אומעט. עס האָט געבענקט אַ מאַמע נאָך איר קינד, אַ געליבטע נאָך איר שיינעם גע־ליבטן...

# בלויז אַ באַגעגניש

(דערציילונג)

הערי גאָלדין האָט געשפּריזט מיט שנעלע טריט דורך דער קאָכיקער גאַס. געשעפט האָט אים געטריבן גיך, גיך...

מיט אַמאָל, אין מיטן געיעג, האָט אים עפּעס אַ צופּ געטאָן ביים האַרץ און אַ הונגער איז אים פּלוצלונג באַפאַלן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט פון גאַנץ פרי אָן גאָרנישט געהאט אין מויל.

זאָל ער זיך נאָכגעבן? פרעגט ער זיך אַליין. זאָל ער דאָ אין מיטן דער־רינען, אין רעכטן ברען, זיך אָפּשטעלן ערגעץ און נעמען עפּעס עסן, אָדער זאָל ער דאָס אָפּלייגן אויף שפּעטער?

„דער טייפל וועט דיך ניט נעמען אַז דו וועסט אַ ביסעלע אַ הונגער טאָן, זאָגט ער צו זיך, האָסט אַזוי פיל צו טאָן, באַשטעלונגען וואַרטן, דאַרפסט אָפּרופן זאַגאָראָדסקין, מוזט נאָך מאַכן אַ דעפּאָזיט און באלד איז שוין צוויי אַזייגער, אַ רענדל אַ מינוט...״

אָבער דער מאָגן, ווי ניט אים מיינט מען, מאָנט און מאָנט. אַלע ווײַלע טוט אים אַזוי אַ ציי ביים האַרצן און אַ נאָג אין די געדערים. אַן אָנשיקעניש, עס שטערט אים די ביזנעס. „קאָנסט זיך ברודערל ניט העלפן?״ טענה׳ט ער צו זיך. די „מאַשין פאָדערט געז און אויל, אַנדערש וועט זי ניט לויפן״.

מיט אַ פאַרדראָס כאַפּט ער זיך אַריין אין אַ דערבייאיקן רעסטאָראַן און זעצט זיך מיט אַן אימפּעט אַוועק ביי אַ טישל.

אַ מיטליאָריקע פרוי מיט אַ שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ האָר קומט צו צו זיין טישל. זי טוט אַ וויש מיטן פאַרטוך די ברעגן פון אירע פינגער און דער־לאַנגט אים אַ קאָרט מיטן ביל־אָף־פער.

ער כאַפּט אַ שנעלן בליק אויף דער גרויסער קאָרט און וואַרפט דאָס באַלד אָפּ פון זיך מיט אומגעדולד.

— אַ באלאָני־סענדוויטש, קאַווע מיט קעיק — באַפעלט ער אויף גיך און טוט אַ מעסט אָפּ די פרוי מיט זיינע בליקן.

מיט אַמאָל צועפענען זיך זיינע אויגן ברייט, און עס רייסט זיך אַרויס פון זיין מויל:

— אום גאָטעס ווילן! קלאַראַ?!

זי האָט אים שוין אַ פּנים פון פריער דערקענט. אַ קוים מערקבאַרע רויטקייט צעגיסט זיך איבער איר פּנים. זי קוקט אים גלייך אין די אויגן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל זי זאָגט.

—העלאו, הערי! וואָס מאַכסטו?

— ווי מערקווירדיק! אַזוי אומדערוואַרטעט זיך געטראָפן! ווי לאַנג איז זינט מיר האָבן זיך ניט געזען? אַ יאָר פופצן, צי אַכצן?... יענער מאַן, וואָס שטייט ביים קעש־רעגיסטער איז דאָס מיין מאַן? שוין לאַנג ווי איר שטייט דאָ?

— מיר האָבן דאָס ניט לאַנג געעפנט, — גליטשן זיך די ווערטער אַרויס פון אירע ליפּן שטיל און ווייך. — דאָס איז שוין דער דריטער רעסטאָראַן וואָס מיר האַלטן אין איין עפענען. עס גייט אונז ניט זייער גוט.. דו קוקסט אויס צו זיין רייך. ביזטו גליקלעך?

— רייך, עס ווענדעט זיך וואָס עס הייסט רייך... אָבער נישט צי פאַרזינדיקן. גליקלעך? קיין פאָלקאָמענער גליק איז נישטאָ, אין ערגיץ נישט... אך! קלאַראַ, (דאָ טוט ער זיך אַ בויג צו איר און פליסטערט איר אין אויער אַריין) גדענקסטו דאָס לעצטע מאָל ווען מיר האָבן זיך געזען? איך טראָג אין זיך נאָך היינט דעם איינדרוק פון אונזער לעצטן קוש...

צוויי רויטלעכע פלעקן קומען אַרויס אויף אירע ווייסע באַקן. זי מאַכט זיך נישט הערנדיק, טוט אַ קוק אין אַ זייטיקן שפּיגעל און פרעגט אים שטיל:

— וואָס מאַכט דיין ווייב און קינד?

— כ׳האָב שוין צוויי קינדער. — זאָגט ער פריידיק אַרויס — אַ פּאָר וואוילע חברה. דער זון געראָטן אין מיר, די טאָכטער —— אין איר, אין דער מאַמען. אַזוי איז דאָס, קלאַראַ... ווער וואָלט זיך דאָס געריכט, אַז מיר זאָלן ווערן אַזוי צושיידט? אַכטצען יאָר זיך נישט זען...

— אַנטשולדיק, — שלאָגט זי אים איבער די רייד, — איך אייל זיך זייער. כ׳האָב א סך צו טאָן. צום אַלעם ערשטן וועל איך צוגרייטן דיין באַשטעלונג.

ער בלייבט זיצן אַליין ביים טישל. ער אָטעמט אַריין אין זיך דעם ריח פון געדעמפּטע פעטע מאכלים. אַרום אים ווירבלט זיך טומעל און גערויש. עלענבויגנס שטויסן זיך צוזאַמען. עס אַרבייטן פלייסיק מעסער, לעפל און גאָפּל. עס בראזגען גלאָז און פאַרצעליי.

ער האָט זיך מיט אַמאָל פאַרגעסן אן אַלעם. זיין פריערדיקער אימפּעט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים. דער געיעג און שפּאַן פון זיין געמיט האָט זיך איינגעשטילט. פאַרגאַנגענע יאָרן טראָגן זיך פאַר אים פאַרביי. אַ בלאַט נאָך

אַ בלאַט פון פאַרשוואונדענע טעג קערן זיך פאַר אים איבער, און עס בליצן אויף פאַר אים ליכט און שיין...

די פרוי מיטן געקרויזטן קאָפּ האָר איז באַלד צוריק געקומען און גע־טראָגן אויף אַ טאַץ זיין עסנוואַרג. זי האָט מיט אַ פיין־געפיל געשמייכלט צו אים און מיט געשיקטקייט פאַנאַנדערגעשטעלט דאָס עסנוואַרג אַרום אים. ער האָט זי געבעטן זיך צו זעצן צו זיין טיש. זי האָט אים אויסגעזען פריש און שמעקנדיק ווי דער פריש געמאַכטער סענדוויטש און ווי דער פענסי קעיק וואָס זי האָט אים ערשט דערלאַנגט.

קייענדיק מיט גרויס אַפּעטיט זיין פּאָרציע שפּייז האָט ער צו איר גע־זאָגט:

— דו ווייסט, קלאַראַ, איך קוק אויף דיר און גלויב ניט מיינע אויגן. דו ביזט די זעלבע קלאַראַ, פּונקט די זעלבע ווי אַמאָל.

— ניין, הערי, — האָט זי ווייך אָפּגעענטפערט, — אַמאָל בין איך געווען נאַריש און צעבאַלעוועט. יעצט בין איך גאָר אַנדערש. כ׳האָב גאָר, גאָר אַנ־דערע אינטערעסן.

— ד ו נאַרסט זיך אָפּ, מיין טייערינקע, — האָט ער אַ לאַך געטאָן און זי ליבלעך אַנגנומען ביים אָרעם. — דו האָסט היינט די זעלביקע אינטערעסן ווי אַמאָל. מער ניט, אַמאָל בין איך געווען דער צענטער פון דיינע אינטערעסן, און יעצט איז דאָס אַן אַנדער מאַנספּאַרשוין.

זי האָט שנעל באַפרייט איר אָרעם פון זיין אָנהאַלט, און ציילנדיק יעדן וואָרט, האָט זי ערנסט אַרויסגעזאָגט:

— אין וואָס איך בין יעצט פאַראינטערעסירט איז אין העלפן מיין מאַן אַ לעבן צו מאַכן פאַר אונז ביידן און פאַר אונזערע צוויי קינדערלעך. איך האָב אויך צוויי קינדערלעך ווי בריליאַנטן.

מיטאַמאָל האָט זי זיך געגעבן אַ שטעל אויף און זיך אַנטשולדיקט. וואָס זי מוז אים פאַרלאָזן. קונדן וואַרטן׳ מען מוז זיי באַדינען. פון דער קע־שענע פון איר פאַרטוך האָט זי אַרויסגעצויגן אַ קליין ביכעלע, אַרויסגעריסן פון דאָרט אַ בלעטל און פאַרצייכנט דערויף דעם פּרייז פון זיין עסנוואַרג.

זי האָט שמייכלענדיק דערלאַנגט אים דאָס שטיקל פּאַפּיר און אים זייער און זייער געבעטן צו ווערן ביי זיי אין פּלאַץ אַן אָפטער אַריינגייער.

ער האָט מיט אַ פריידיקן געמיט אָפּגעטרייסלט פון זיך די ברעקלעך. געוואָרן אומגעדולדיק און זיך ווידער אָנגעהויבן איילן, סכנות נפשות.

# אירע פאָטאָגראַפיעס

(דערציילונג)

— ווילט איר טאָן אַ מצוה? — האָט מיר אונטערטעניק געפרעגט אַ פאַרעלטערטע פרוי מיט טיפע קאַרבן אויפן געלבלעכן פנים און מיט אַש־גרויע שיטערע האָר אויפן קאָפּ.

— יע, איך וויל טאָן אַ מצוה, — האָב איך געענטפערט שטייענדיק הינטער דעם קאָנטער פון מיין אַפּטייק, פאַרטיק צו דינען דער מענטשהייט.

— הונדערט יאָר זאָלט איר לעבן. כ׳וויל איך בעטן אָוועקצושיקן דאָס דאָזיקע פּעקל צו מיין שוועסטער אין פילאַדעלפיע. ס׳איז מיר זייער טייער דאָס פּעקל. אָבער מיין שנור לאָזט מיך דאָס נישט האַלטן. זי וועט דאָס פאַרברענען, זאָגט זי, און אַ שנור טאָר מען נישט דערצאָרענען. איך געפין זיך דאָך ביי איר. ס׳הייסט, געפינען געפין איך זיך ביי מיין זון, אָבער ער איז קיינמאָל נישטאָ אין שטוב. קומט אויס אַז איך געפין זיך ביי זיין ווייב אין שטוב און איך עס איר זאַלץ און ברויט. עלעהיי אַ דינסט, אַ ביליקע דינסט.

אירע הענט מיט די אָדערדיקע פינגער האָבן זיך קאָנוואולסיוו גע־טרייסלט פאַנאַנדערוויקלענדיק אַ קליין בינטל איינגעוויקלט אין אַן אַלטער צייטונג.

— דאָס איז אַ פּעקל מיט בילדער פון מיר און פון מיינע אַלע ליבע. דאָ רופן זיי דאָס פּיקשעס. אין די פּיקטשעס איז מיין גאַנצע לעבנס־באַשריי־בונג, פון אַלעף ביז תאָף. איז אַז איך ספּראַווע זיך מיט דער אַרבייט אין שטוב, זעץ איך זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע, נעם מיר אַרויס די פּיקטשעס און דערמאָן זיך אָן די גוטע צייטן. ס׳דוכט מיר, אַז איך זע זיי אַלעמען און איך רעד זיך דורך מיט זיי און ס׳ווערט מיר פריילעכער אויפן האַרצן. זיץ איך אַזוי אַ לאַנגע צייט און קוויק מיר דאָס האַרץ ביז וואַנעט מיין שנור דערזעט דאָס. און אַז מיין שנור דערזעט דאָס, אַזוי באַהאַלט איך דאָס באַלד און איך כאַפּ זיך ווידער צו עפּעס אַן אַרבייט. אָבער מיין שנור ווערט אויף מיר אין כעס. ניט אַנדערש, זאָגט זי, אַז זי וועט דאָס פאַרברענען אויפן פייער. וויל איך אַוועק־שיקן די פּיקטשעס צו מיין שוועסטער אין פילאַדעלפיע. זי איז נעביך אויך אַ פינצטערע אלמנה. זי קאָן מיר גאָרנישט העלפן, אָבער זי קאָן אויסהיטן די פּיקטשעס. איך וועל שוין, ווי איז מיר, מער נישט זען די טייערע פנימער. ס׳איז מיר פאַרבאָטן צו קוקן אויף זיי.

אירע אויגן האָבן געשפּונען דעם צער פון עלטער. מיט ציטערדיקע הענט האָט זי דורכגעטאַשט די בילדער און פאַרגעשטעלט פאַר מיר יעדן איי־נעם פון אירע טייערסטע.

— צום ערשטן קומען גאָר די עלטערע בילדער, אַראָפּגענומען מיט אַ יאָר פופציק, זעכציק צוריק. אָט איז מיין גאָטזעליקער טאַטע. זעט, ס׳אַראַ שיינער איד. נישטאָ שוין יעצט אַזוינע אידן. געווען אַ דיין ביי אונדז אין שטאָט. אַ דיין איז דאָס זעלבע ווי אַ רב, אַ רב וואָס זאָגט נישט קיין דרשות, נאָר וואָס פּסק׳נט שאלות.

און דאָס איז מיין מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן. אַ דימענטענע אידענע. איך בין ביי איר געווען די מוזינקע. זי האָט מיך ליב געהאַט און טייער געהאַלטן ווי דאָס לעבן. צוויי מענטשן האָבן מיך טייער געהאַלטן און געציטערט איבער מיר. פריער מיין מאַמע און דערנאָך מיין מאַן, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָלן זיי האָבן. נישטאָ זיי מער,ביידע נישטאָ. אַז זיי זאָלן אויפשטיין און אַ קוק־טאָן אויף מיין דאָליע, וואָלטן זיי נאָך אַמאָל געשטאָרבן.

און דאָ זיינען זיי ביידע, מיין טאַטע און מאַמע אויף איין פּיקטשע. זעט ווי שיין זיי קוקען אויס אויף דער עלטער. געהאַט האָבן זיי טאַקע אַ גוטע עלטער, בעסער ווי די קינדער, אַ סך בעסער.

און דאָס איז מיין עלטסטער ברודער עזריאל. נאָך מיין טאַטנס טויט איז ער געוואָרן דער דיין אין שטאָט. ער האָט געקאָנט אי תורה אי חכמה, גערעדט אויף אַלע שפּראַכן.

און דאָס איז מיין צווייטער ברודער, אברהם שלום: אַ בכבוד׳ער איד געווען. און דאָס איז מיין עלטסטע שוועסטער שרה ריווע. זי האָט חתונה געהאַט פאַר יאָסל דעם מלמד, געפירט נעבעך אַן אָרעמען לעבן. גאָט האָט איר אָבער געבענטשט מיט וואוילע קינדער. אָבער וואָס איז די פּעולה? און אוי, האָבן זיי דאָרט געהאַט אין יוראָפּ אַ סוף! אויסגעקוילעט געוואָרן אַלע אין איינעם אין די גרויסע פּאָגראָמען, נישט דאָ געדאַכט...

און דאָס איז מיין שוועסטער פּעסיע פון פילאַדעלפיע, וואָס צו איר וויל איך דאָס אַוועקשיקן די פּיקטשעס. איר זעט? דוכט זיך אַ שיינער פּנים, אַ ליכטיקער, אָבער קיין מזל נישטאָ. אַ פינצטערע אלמנה געבליבן, פונקט ווי איך.

און דאָס איז... דערקענט איר די יונגע פריילין מיט די שיינע רונדע אָרעמס, מיט די גאָלדענע האָר? זי שמייכלט, די זינג־פויגעלע. זי דענקט אַז דער זומער וועט אָנהאַלטן אייביק... דאָס בין איך אַליין. אַ נאַרישע מיידל געווען... קאָוואַליערן האָבן אַרום מיר געטאַנצט, מיך געגעסן מיט די אויגן. אַי, אַי, יאָרן יונגע, יאָרן גרינגע...

און זעט איר דעם שטאָלצן, געוויקסיקן פראַנט מיט די געדיכטע האָר וואָס האַלט די הענט אין די הויזן־קעשענעס ? דאָס איז ער, מיין פאַרשטאָרבע־נער מאַן, איגלוויס. געווען איז ער אַלעמאָל אַ פריילעכער אַזאַ, אַ גלייכער, ווי אויסגעגאָסן פון אַ פאָרם.

און דאָ זיינען מיר שוין ביידע אויף איין פּיקטשע, חתן־כלה, גליקלעך און אויפגעלייגט ווי צוויי טייבעלעך. און אָט שטייען מיר אָנגעלענט איינע אָן אַנדערן, ערשט פאַרהייראַט, דאָס גליק זינגט פון אונז אַרויס... און דאָס איז אונדזער ערשטלינג, דזשייקעלע. אַ טייער קינד געווען, ווי איז מיר צו וואָס שלעכטע חברים קענען דערפירן. בעסער נישט רעדן דערפון.

און דאָס איז מיין צווייטער אינגל. אַ קליינער שטיפער דוכט זיך. ער איז שוין יעצט אַ טאַטע פון קינדער. און איך בין אַ דינסט ביי זיין וויב...

און אָט איז ער, מיין מאַן, ווידער אַמאָל, שוין אין די מיטעלע יאָרן. שוין נישט דער מענטש, נישט דער פּנים. איר זעט? ... דאָס האָט אים דזשייקעלע פאַרקירצט די יאָרן. ווי איז מיר, צו וואָס שלעכטע חברים קאָנען דערפירן...

און דאָס זיינען מיינע צוויי אייניקלעך, אַ געזונט אין זיי. וואוילע קינ־דערלעך. זייער מאַמע אָבער לאָזט זיי נישט צו צו מיר... זי קען מיך נישט פאַרליידן. איר ווייסט דאָך, אַ שנור... און אָפּט מאָל צעשרייט זי זיך אויף מיר און וואַרפט מיר אויף וואָרום זיי דאַרפן זיך לאָזן קאָסטן אויף מיר אַזויפיל געלט. און דעם אמת מעג מען זאָגן, זיי ספּענדן טאַקע אויף מיר געלט.

מיט ציטערנדיקע הענט גיט זי מיר איבער די בילדער צו מאַכן אַ פּעקל דערפון. איך נעם זיך צו דער אַרבייט. דערביי טו איך זי אַ פרעג: צו וואָס ספּענדן זיי אויף איר אַזויפיל געלט.

זי זיפצט זיך אָפּ און ענטפערט מיט אַ ביטערן שמייכל:

— זיי צאָלן פאַר מיר אינשורענס, צאָלען זיי... אַלע מאָל נעמען זיי אַרויס פאַר מיר נייע אינשורענס. זיי זאָגן אַז אַלץ וואָס איז טייער דאַרף מען אינשורן. בין איך ביי איר טייער, הייסט דאָס, ביי מיין שנור. אָבער זי וויל נישט אַנדערש ווי צערייסן די פּיקטשעס, און דאָס איז דאָך די איינציקע טרייסט וואָס מיר איז פאַרבליבן. וויל איך דאָס ראַטעווען. וויל איך דאָס אויך אינשורן. און אוועקשיקן צו מיין שוועסטער אין פילאַדעלפיע.

# ריעלעס־טויט
## (דערציילונג)

— אַ בעלנות פון אַ מענטשן! גייט זיך אַוועק פון גאַנץ פרי אָן, זאָגט ניט וואוהין, ווער, וועמען, און לאָזט מיך איבער אייניקע אַליין צו טענדן דעם סטאָר, די קינדער, די הויז! וואָס טוט זיך דאָס מיט דיר, וואָס? וואו ביזטו פאַרפאַלן געגאַנגען, דו חיים טאַנץ?

דער מאַן, ווי ניט אים מיינט מען, האָט זיך אָנגעשפאַרט אָן אַ פּאָליצע פון קענדי סטאָר, האָט אָפּגעמאָסטן זיין פרוי מיט אַ שניידענדן בליק און אָנגעהויבן עפּעס פאַרצייכענען אויף אַ שטיקל פּאַפּיר.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ דראָהענדע שטילקייט, אַ שטילקייט פאַרן אָנקומען פון אַ שטורם.

די פרוי איז אַריינגעלאָפן אין קיך, אַ מיש געטאָן אַ טעפּל און זיך באַלד צוריקגעקערט. זיך שטייף אַ שטעל געטאָן אין פּאַסאָן, האַלטנדיק בײדע הענט ארום די היפטן, און אָפּמעסטנדיק איר מאַן מיט אָנגעצונדענע אויגן האָט זי אָפּגעפייערט:

— איך פרעג דאָך דיך, דו האָצמאַך, וואו ביזטו פאַרלאָרן געגאַנגען? מיילע, פאַר ווייב און קינד אַרט דיך ניט, אָבער דעם סטאָר, דעם סטאָר, אונ־זער גאַנצע חיונה...

— איך האָב דעם סטאָר אין דער ערד. — ענטפערט דער מאַן מיט אַ פעסטן טאָן און רעכנט עפּעס אויף די פינגער.

— ביזט משוגע געוואָרן? — שרייט אויס מיסעס טאַמאַרקין. — וואָס מיינסטו דו האָסט דעם סטאָר אין דער ערד?

— איך האָב יעצט אַ שאַנס צו מאַכן געלט, אָן דער סטאָר. גרויסע געלט. פאַרשטייסט צי ניין?

— כאַ, כאַ, כאַ! — צעלאַכט זיך היסטעריש די פרוי, — ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן. דו, דו וועסט מיר מאַכן גרויסע געלטער!?... זאָל שוין מיר מיין קאָפּ אַזוי ניט קרענקען. אַז מאַרך אין דיין קאָפּ פאַרמאָגסטו אַזוי פיל ווי אַ טשיקען, און טעמפּ ביזטו ווי אַ שייט־האָלץ, און ביזנעס פאַרשטייסטו ווי מיין פּאָדעשווע...

— אָבער דער מאַן האָט איר נישט געשיינקט קיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט עפּעס געצייכנט, געמעקט און גערעכנט.

— נו, לאָמיך שוין הערן ווי דו וועסט מאַכן די גרויסע געלטער? — פרעגט די פרוי מיט צאָרן.

— איך האָב ערשט געקויפט אַ לאָט, אַ גרויסן באַרגיין.

— האַ, וואָס האָסטו געקויפט?

— אַ לאט, אַ שטיק לאַנד, אַזאַ. באַצאָלט האָב איך דערפאַר פינף הונ־דערט דאָלער, און ווערט איז ער אַ טויזנט.

— אַלע בייזע חלומות! האָסט פאַרטאַכלעוועט דאָס גאַנצענע געלט וואָס מיר האָבן געשפּאָרט דורך יאָרן און יאָרן. וויי איז מיר.

— דו נאַרישע אידענע! דו ווייסט ניט וואָס ביזנעס איז! היינט־מאָרגן פאַרקויף איך דעם לאט און איך באַקום צוריק אונזער געלט מיט אַ גרויסן פּראָפּיט.

— אוי אַ דונער האָט מיך ניט דערשלאָגן!.. היינט־מאָרגן פאַרקויפסטו די סחורה? זאָל מיר מיין קאָפּ אַזוי ניט וויי טאָן! גזלן, ווארום האָסטו זיך ביי מיר נישט אָנגעפרעגט?

דער פרויס פנים האָט זיך אויסגעקרומט פון כעס. די אָדערן אַרום איר האַלדז האָבן זיך אָנגעדראָלן און איר מויל האָט אָנגעהויבן שפּריצן פייער. אויף אירע געשרייען זיינען זיך די קינדערלעך צוזאַמענגעלאָפן און געקוקט מיט צעשראָקענע אויגעלעך אויף טאַטע־מאַמען.

טאַמאַרקין איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און אַנגסטן זיינען אים באַ־פאַלן. אַ פאַרדראָס און חרטה האָבן זיך אָנגעהויבן וויקלען אַרום זיין האַרצן. ער האָט געפּרואווט דורכשטופּן אַ פּאָר ווערטער אין זיין פאַרטיידיקונג, אָבער דער פרויס מויל איז געגאַנגען ווי אויף רעדלעך און אים ניט געלאָזט קומען צום וואָרט.

אין רעכטן מיטן, האָט אַ פּראל אויף געטאָן די טיר און מיט אימפּעט איז אַריין אַ קורץ אידל מיט אַ קורץ געשווירענער בערדל אין אַן אויסגעטראַ־גענעם צעריסענעם רעקל און אַ צעקנייטשטן קאַפּעליש ווייט פאַרקאַשערט אויפן שפּיץ קאָפּ. טאַמאַרקין איז אים אַנטקעגן געלאָפן מיט אויפגעלויכטענע אויגן:

— וואָס הערט זיך, מיסטער קראַוועץ?

— איך האָב פאַר אייך גוטע נייעס, — מאָלט קראַוועץ אין איילעניש און ווישט דעם שווייס פון שטערן. — שוין געפּאַקט דעם קאַסטומער, דעם מיסטער נעכאַמקעס, וואָס האָט זיין הויז אין שכנות מיט אייער לאָט. כ'האָב אַ רעד געטאָן מיט אים אויפן טעלעפאָן, איינס און צוויי, וועגן זיין הויז און דעם לאַט, ס'הייסט, כמעט ווי פאַרקויפט. אָט שוין, אָ באַלד, קומט ער צו אייך רעדן ביזנעס. זעט נאָר, איר זאָלט דאָס ניט פאַרנאַרן. טויזנט דאָלער

זאָלט איר פאַרלאַנגען פאַר דעם לאָט. און איר וועט דאָס באַקומען אויך. שייך באַקומען, אַז איר האָט די אמתע וואַרע, גאָלד מיט זילבער!

— מילא נו, האָט טאַמאַרקין געשטאַמעלט און זיין פנים האָט זיך באַגאָסן מיט פרייד, — און אַז דער קאָסטאָמער וועט מיר, מאָלט אייך, אָנבאָטן אַכט הונדערט דאָלער, וועל איך אים ניט פאַרקויפן?

— אָט הויבט זיך אָן מיט אַ אידן, — היצט זיך דאָס קליין מענטשל, באַלד הויבט דאָס אָן מיט אַ רענדל אַראָפּ, ניט מיט אַ רענדל אַרויף. פאַרגעסט ניט אַז דער לאָט גרענעצט זיך מיט זיין הויז. ער דאַרף האָבן דעם לאָט ווי אום לעבן. אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט טרעפט זיך איין מאָל אין אַ יובל. אַז ניט, וואָלט איך אייך ניט צוגערעדט צו קויפן דעם לאָט. און אַז איר וועט זיך אַראָפּ שאַרן אַ פינף הונדערט שמאָליאַרעס שטייט אייך ניט אָן? וואָס האָט איר מורא, וואָס?

טאַמאַרקין, אַנגערעגט פון פרייד, וואַרפט גנבה'שע בליקן צו זיין פרוי. ער זעט ווי איר אָנגעכמורעטער פנים ווערט ווייכער און איר ביטערקייט ווערט אָפּגעווישט.

— לאָזט דאָס איבער צו מיר, מיסטער קראַוועץ, — זאָגט אַרויס טאַמאַרקין מיט אַ פרייד, — איר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל דעם לאָט ניט פאַרטאַכלעווען...

— און איצט מוז איך לויפן, — מאָלט קראַוועץ מיטן מויל און שפּיליעט צו די קנעפּלעך פון זיין אַלטן רעקל, — מיסטער נעכאַמקעס טאָר מיך דאָ ניט טרעפן. איר האַלט זיך נאָר שטייף ביי די טויזנט דאָלאַרן, אַ סענט ניט וויניקער, איר פאַרשטייט צי ניין? פאַרלאָזט זיך נאָר אויף מיר און איר וועט באַלד אויפגעבן די לויזיקע „קענדי ביזנעס" מיט די ציגאַרעטן (דערביי דערלאַנגט ער זיך פון אַ דערבייאיקער פאָליצע אַ פּעקל ציגאַרעטן). ביי מיר אין דער ריעל עסטייט „גיים" וועט איר מאַכן הונדערטער. שווערע הונדעדטער. (ער פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל און לאָזט אַרויס פון מויל און פון נאָז אַ וואָלקן מיט רויך). נו, האָט מיר אַ גוטן.

מיסעס טאַמאַרקין דערנענטערט זיך צו איר מאַן מיט שטילע ווייכע טריט און קוקט אים צערטלעך אַריין אין די אויגן.

— דייוו, — שטאַמעלט זי אַרויס מיט זאַרגפעליקייט. — דו קוקסט אויס אַזוי פאַרמאַטערט און פאַרהאָרעוועט. אַלבעטשע דו ביזט הונגעריק?

דייוו הערט זיך ניט צו. זיין האַרץ איז פול מיט טריאומף.

— ווי איז מיר, טוט די פרוי אַ פּאַטש מיט די הענט. — דו האָסט דאָך היינט נאָך גאָר אין מויל ניט געהאַט. סאַ נאַכלעסיקייט פון אַ מענטשן. גייט

אַרום אַ פאַרחלשטער און שווייגט. קום שוין צום טיש, איך וועל דיר דער־לאַנגען עפּעס צום עסן.

אין הויז האָט זיך דערשפּירט אַ יום־טוב. די קינדערלעך האָבן גע־טאַנצט אַרום זייער פאָטער, זיך געטוליעט צו אים און געפילט אַז עפּעס אַ חלום פון גליק פלאַטערט אַרום זייערע עלטערן.

— קינדערלעך, — טענהט די מאַמע, — היינגט ניט אַרום דעם טאַטן. ער איז הונגעריק. קום שוין, דייוו, נעם כאַפּ אָפּ דאָס האַרץ. האָסט זיך היינט גענוג אָנגעשמייעט.

— איך טראַכט אַלץ וועגן דעם, — זאָגט טאַמאַרקין אַוועקזעצנדיק זיך צום טיש, — אַז ווען עס וואָלט זיך איצט געמאַכט אַ קאָסטאָמער פאַר אונ־זערע סטאָרקע, וואָלט איך דאָס אים גלייך אַוועקגעגעבן. איך ווייס שוין פון לאַנג אַז איך קען טאָן עפּעס בעסערס און גרעסערס און אַרבייטן לייכטער. וואָס טויג מיר די פּעני ביזנעס אַז איך קען אַרויסגיין אין גאַס און מאַכן פון האַנט צו האַנט אַ פאַר הונדערט דאָלער!

— ביזט אפשר גערעכט — זאָגט די פרוי מיט אויפלעבונג, דערלאַנ־גענדיק דאָס עסנוואַרג צום טיש. — מיר וועלן חלילה ניט פאַרפאַלן גיין, צי מיט דער סטאָרקע, צי אָן דער סטאָרקע. שאַ, עמיצער איז דוכט מיר אַריין אין סטאָר.

— וואוינט דאָ מר. טאַמאַרקין, דער ריעל עסטייט מאַן? — האָט זיך דערהערט אַ שטימע ביים אַריינגאַנג פון סטאָר.

טאַמאַרקין האָט זיך שנעל אויפגעהויבן פון פּלאַץ, אַריין אין סטאָר און זיך ווירדיק פאָרגעשטעלט:

— יע, מיין נאָמען איז טאַמאַרקין.

— און מיין נאָמען איז נעכאַמקעס — האָט דער גאַסט זיך פאָרגעשטעלט. מיסטער קראַוועץ האָט מיר איבערגעגעבן אויפן טעלעפאָן אַז איר ווילט מיך זען וועגן אייער לאָט. מוז איך אייך זאָגן, מיסטער טאַמאַרקין, אַז איר האָט מיך גראַדע געפּאַקט אין דער ריכטיקער צייט. איך נויטיק זיך יעצט זייער אין געלט, און דעריבער וועל איך אייך אַוועקגעבן מיין הויז שפּאָט ביליק, אָבער ווייסט איר ווי ביליק? האַלב אומזיסט.

— וואַרט אַ ווײַלע, מיסטער נעכאַמקעס, — שטאַמעלט טאַמאַרקין און אַ שוואַרצער שאָטן טוט אים אַ רעדל פאַר די אויגן, — עמיצער פון אונז מאַכט דאָ אַ טעות.

— איך מאַך שוין גאָר ניט קיין טעות, — היצט זיך נעכאַמקעס, — וואָס טויג אייך קויפן אַ ליידיקן לאָט, אַז איך וועל אייך פאַרקויפן אַ הויז מיט אַ לאָט צוזאַמען פאַר אַ זייער ביליקן פּרייז. און ווייסט איר ווי ביליק?...

— אָבער מיין פריינט, — פּאַלט אים טאַמאַרקין אַריין אין די רייד, — איך זוך גאָרנישט צו קויפן, איך זוך צו פאַרקויפן אַ לאָט, אַ שיינעם לאָט.

— וואָס ? — חדושט זיך נעכאַמקעס, — איר... איר ווילט מיר פאַר־קויפן אַ לאָט ?

— אָבער דעם לאָט וואָס איך וויל אייך פאַרקויפן, — זעצט פאָר טאַ־מאַרקין מיט אַ ברען, — ליגט ניט ערגעץ אין די הרי חושך, נאָר עס געפינט זיך טאַקע אין אייער נאַכבאַרשאַפט. דער דאָזיקער לאָט גרענעצט זיך מיט אייער הויז.

— וואָס אַ אידן פאַלט איין, —בייזערט זיך שוין נעכאַמקעס, — איך וויל פטור ווערן פון מיין אייגענער צרה, וויל ער מיר איינטיילן נאָך אַ צרה.

— אַנטשולדיקט, — בעט זיך טאַמאַרקין און ער דערפילט ווי דער באָדן גליטשט זיך אים אַרויס פון אונטער זיינע פיס, — מיסטער קראַוועץ האָט מיר פאַרזיכערט אַז איר ווילט פאַרגרעסערן אייער פּראָפּערטי, אַז איר וועט האָבן מער לאַנד, וועט איר דאָס שנעלער קאָנען פאַרקויפן.

— אַזוי גאָר ? — חוזקט נעכאַמקעס, — מיסטער קראַוועץ האָט אייך פאַרזיכערט ? און איר גלויבט אים דעם האַלעדראַניעץ ? איך דאַרף אַזוי האָבן דעם לאָט ווי מיין קינד דאַרף האָבן דעם קייך־הוסט.

— פאַר די לעצטע פאָר יאָר האלט מען מיר אין איין אָנבאָטן דעם לאָט פאַר וויפיל ניט איז. איך האָב דאָס געקאָנט אָוועקנעמען פאַר אַ ציבעלע, אָבער ווער דאַרף דאָס האָבן אַזאַ דאמפּ ? סיידן פאַר אַ סעמעטערי, ווייס איך אויך ניט צי עס טויג זיך אויס. איך וואָלט דערפאַר קיין צעבראָכענעם גראָשן נישט געגעבן...

מיט אַ דריבנעם געלעכטערל לאָזט זיך נעכאַמקעס צום אַרויסגאַנג פון סטאָר, און אַזוי גייענדיק וואַרפט ער אַרויף נאָך עטלעכע שטיינער אויף טאַ־מירקינס צעווייטיקטן געמיט.

טאַמאַרקין ווערט אַרומגעוועבט מיט שאָטענס פון פאַרצווייפלונג. ער קוקט אויף זיין פרוי מיט אַ צעווייטיקטן פנים און זיינע אויגן דריקן אויס בושה און פאַרדרוס.

אַ שווערע שטילקייט צושפרייט זיך נאָך נעכאַמקעס אַוועקגיין.

# פאַרזיכערטע פאַרמעגנס

(דערציילונג)

אַלע אינטערעסן, שטרעבונגען און אַמביציעס פון הערמאַן מירקין זיינען געווען קאָנצענטרירט אויף זיינע צוויי פאַרמעגנס: די הויז און די פרוי. יע, די פרוי איז ביי אים געווען פאַררעכנט אַלס אַ וואויל און נוצלעך אייגנטום, אָבער די הויז האָט ביי אים פאַרנומען גאָר דעם ערשטן פלאַץ. ער האָט געפירט אַ ליבע מיט זיין הויז, און זיך איבערגעגעבן צו איר מיט לייב און לעבן. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכע דריי שטאָקיקע געבײדע געמאַכט פון הילצערנע שפּאָלעס און געדעקט מיט שינדלן. די ווענט געפאַרבט שניי־ווייס; די טירן און ראַמען — גראָז־גרין; פון פאָרענט — אַ שיין גאניקל אַרומגעריגלט מיט אַ קליינער לאָנקע, און פון הינטן אַ קליינטשיק הויפעלע באַוואַקסן מיט גרינע גרעזלעך און אַ פּאָר שוואַכינקע בוימלעך. ער אַליין, מירקין, האָט פאַרנומען דעם ערשטן גאָרן. די אַנדערע צוויי שטאָק האָט ער פאַרדונגען צו שכנים.

זייענדיק נישט מער ווי א געוויינלעכער אַרבעטער האָט מירקין נישט פאַרזוכט פון קיינע גרויסע כבודים אין לעבן. אָן רייכטום, אָן טיטולן און אפילו אָן קינדער, האָט ער נישט געהאַט מיט וואָס צי גלאַנצן אָדער איבער־נעמען זיך. די הויז אָבער האָט אים געבראַכט דעם ערשטן און אײנציקן טיטול אין זיין לעבן: לענדלאָרד. ער ווייסט אַז אין ענגלאַנד ווערט „לאָרד" פאַר־רעכנט פאַר גאָר אַ גרויסן טיטול. און אָבוואָל אַ לענלאָרד איז ווייט פון צו זיין אַ לאָרד, זיינען דאָך ביידע ווערטער פון זעלבן שורש. און דאַריבער ווען אַ שכן אַדרעסירט אים מיטן נאָמען לענדלאָרד, פילט ער זיך געשמייכלט און דערהויבן.

מירקינס גרויסע ליבשאַפט און איבערגעגעבנהייט צו זיין הויז באַוועגט אים אויך צו זיין ליב און איבערגעגעבן צו זיינע שכנים. ער האַלט אין איין שפּרייזן פון איין גאָרן צום צווייטן. דאָ מאַכט ער צורעכט די וואַסער־לייטונג. דאָרט שמירט ער די סופיטן און דאָ לויפט ער גאָר עפּעס איינקויפן אין אַפּ־טייק פאַר דעם שכנס אַ קינד. ער זאָרגט זיך פאַרן געזונט און באַקוועמלעכ־קייט פון זיינע איינוואוינער און פילט צו זיי אַ נאָענטקייט ווי צו אָן אייגענער משפּחה. די שכנים שעצן טאַקע אָפּ זיין טרייהייט און היימלעכקייט. זיי וואוי־נען דעריבער ביי אים לענגער ווי ביי אַנדערע לענדלאָרדס. זיי פילן זיך דאָרטן וואַרעם און באַקוועם.

און אַז מירקין ווערט אויפגעלייגט און וויל זיך אָנטאָן אַ גרויסן תענוג, שפּריצט ער אַריבער די גאַס קעגנאיבער זיין הויז, שטעלט זיך אַוועק אויף דעם אַנטקעגנדיקן טראָטואַר און קוקט אַרויף מיט שטראַלנדע בליקן צו זיין הויז. ער שעפּט נחת און קוועלט־אָן פון זיין ליבלינג. עס דוכט אים, אַז די פיל פענצטערדיקע געביידע שיקט אים אַ ליבלעכן גרוס און שמייכלט צו אים ווי אַ קינד צו אַ טאַטן. „סאַראַ הויך! סאַראַ גרויס!" זאָגט ער צו זיך און זיין האַרץ פלאַטערט פון תענוג. וויפל, אַ שטייגער, קאָן וועגן אַזאַ הויז? — פרעגט ער זיך. אוודאי טויזנט פוד, און אפשר צען טויזנט פוד. און אַזאַ ריז, אַזאַ גיגאַנט געהערט צו מיר, צו מיר, אַ קליין מענטשעלע וואָס וועגט אין־גאַנצן אַ הונדערט מיט פופציק פונט. ער פילט זיך געהויבן און פריילעכער שטאָלץ דרינגט אַריין צו אים אין האַרצן.

אין שאָטן פון דעם הויז פילט זיך מירקין אַרומגערינגעלט מיט זיכער־קייט און באַשיצונג. דאָס איז זיין אָנשפּארונג און פעסטונג וואָס וועט אים באַשירמען פון אַלעם בייז, ווען די גרויע עלטער וועט קומען און ער וועט נישט זיין בכוח צו פאַרדינען אויף זיין אויסקומעניש. ער וועט דאָן זיין פאַר־זיכערט אי מיט אַ דירה, אי מיט אַ שטיקעלע איינקונפט. אין אַ צען יאָר אַרום וועט ער שוין האָבן אין גאַנצן אָפּגעצאָלט דעם מאָרטגעדזש און די הויז וועט שוין ווערן זיינע אַן אייגענע. צו באַפרייען די הויז פון דעם מאָרטגעדזש — דאָס איז זיין העכסטער אידעאַל אין לעבן. די פאַרווירקלעכונג פון אַזאַ אידעאַל איז אָבער ווייט און הימעל־הויך, אַז צייטנווייז גלויבט זיך אים עפּעס גאָרניט אַז אַ מענטש זאָל זיך קענען דערהויבן צו אַזאַ הויכער שטופע פון גליק. אַ קליי־ניקייט, צו האָבן אַ הויז דורכאויס פריי און קלאָר, אַזוי פריי און קלאָר ווי די לופט וואָס ער אָטעמט !... ווער וועט זיך דאָן קענען פאַרמעסטן מיט זיין גליק ?

און ווען מירקין דערהערט אַמאָל די נייעס אַז אַ פייער האָט ערגיץ אַרומגעכאַפּט אַ הויז אין פלאַמען און זי באַשעדיקט אָדער פאַרצערט, דאַן כאַפּט אים אָן אַ גרויל און ער ווערט ווי פאַרגליווערט פאַר שרעק. אָבער באַלד דערמאָנט ער זיך אַז ער איז דאָך פאַרזיכערט אין דער גרעסטער פייער־פאַר־זיכערונג־געזעלשאַפט, וואָס וועט אים באַצאָלן יעדן שאָדן און ער געווינט צוריק זיין קוראַזש. ער דענקט, מירקין, אַז פייער איז די איינציקע געפאַר וואָס לויערט אויף זיין ליבלינג, און דאַריבער, האָבנדיק זיין הויז פאַרזיכערט פון פייער פאַרלוסט, ווייסט ער אַז ער איז שוין באַשיצט און פאַרזיכערט פון אַלע געפאַרן.

חוץ דער גרויסער געביידע, די הויז, וואָס פאַרנעמט ביי אים דעם ערשטן פּלאַץ אַלס ליבלינג, קומט דאָס קלענערע אייגנטום זיינס, די פרוי, וואָס איז אים אויך ליב און טייער, כמעט אַזוי ווי די הויז.

די פרוי איז ביי אים פאַררעכנט ווי אַ זייער געלונגענע נאָכמאַכונג פון זיין הויז׳ אַ שיינע קאָפּיע פון דער גרויסער פּילפּענצטערדיקער געבידע, נאָר אין אַ קלענערן פאָרמאַט.

פון דער פרויס הויכער און שלאַנקער געשטאַלט קוועלט ער אַן און שעפּט תענוג, פּונקט ווי פון דעם הויכן און שיינעם געבוי פון זיין הויז. אירע ווייכע קאַשטאַנענע האָר דערמאָנען אים אין דער שיינער לאַנקע אַרום זיין גאַניק. אירע ליכטיק־בלויע אויגן שמייכלען צו אים ווי די ליכטיקע פענצטער און איר קלאָר־ווייסע הויט פאַרגלייכט ער מיט די שניי־ווייסע ווענט פון זיין הויז.

די פרוי פאַרנעמט ביי אים דעם צווייטן פּלאַץ אַלס ליבלינג אפשר דער־פאַר ווייל זי נויטיקט זיך נישט אין זיין אויפמערקזאַמקייט אַזוי פיל ווי די הויז און ער דאַרף אויף איר פאַרשווענדן וויניקער צייט. קיינער האָט אויך נישט קיין מאָרטגעדזש אויף זיין פרוי און ס׳איז נישטאָ אַרום איר קיין אי־דעאַל פון דאַרפן זי אויסצאָלן אָדער באַפרייען זי פון חובות. ער איז אויך פריי פון צאָלן שטייערן אויף זיין פרוי, און איז נישט פאַרפליכטעט נאָכצוקומען וועגן איר קיינע רעגולאַציעס און קיינע פאַראָרדנונגען פון קיין שטאָטישער פאַרוואַלטונג. קיינע אויפזייער זיינען נישטאָ אויף זיין פרוי חוץ אים...

צייטנווייז אָבער שאַצט ער די פרוי כמעט אַזוי הויך ווי די הויז. דאָס קומט פאָר דערהויפּט אין די שפּעטע אָוונטן, ווען די ערד איז אין שוואַרצן געהילט און די הויז איז ווי אַ שאָטן, גאָר ניט צו דערקענען. גאַס, שטוב און מענטש זיינען איינגעוויקלט אין אַ שטילער מילדער רואיקייט. דאַמאָלס זיצן ביידע, מאַן און פרוי, אויפן גאַניק זי איז אים דאַן ליב און טייער, די פרוי. ער זאָגט איר גוטע רייד און זיין נשמה ציטערט נאָך איר.

איינמאָל באַשליסט ער, ער מוז אויך זיין פרוי פאַרזאָרגען און פאַר־זיכערן פּונקט ווי ער האָט פאַרזיכערט זיין הויז. ער רופט צו זיך דעם זעלבן אַגענט וואָס האָט אים פאַרזיכערט זיין הויז פון פייער. ער רעדט זיך מיט אים צונויף וועגן זיך צו אינשורן. ער מאַכט אַן אָפּמאַך אַזאַ מיט אַ גרויסער פאַר־זיכערונגס געזעלשאַפט, אַז אויב עס וועט מיט אים עפּעס טרעפן אַן אומ־גליקס־פאַל, זאָל די פרוי זיין באַוואָרנט און באַשיצט אויפן גאַנצן לעבן.

אַזוי האָט מירקין געלעבט גליקלעך און צופרידן מיט ביידע באַזיץ־אייגנטומס: די הויז און די פרוי. זיין לעבן און שטרעבן איז געווען באַלויכטן מיט אַ יום־טובדיקער פייערלעכקייט, ביז ס׳איז אָנגעקומען די גרויסע דעפּ־רעסיע. און זאַכן האָבן זיך מיט אמאָל אָנגעהויבן ענדערן.

צום ערשט האָט איינער פון זיינע לאַנג־יאָריקע שכנים פאַרלוירן זיין שטעלע, אַריינגעזעסן אַ פּאָר חדשים אָן דירה־געלט און זיך אַרויסגעצויגן.

דאָס איז געווען אַ שווערע געשעעניש פאַר מירקינען. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ פאָטער, וועמעס קינד ווערט עפּעס נישט מיט אַלעמען. מיט אַ שווערן געמיט האָט ער גענומען און אויפגעהאָנגען אַ שילד ביים הויז־אַריינגאַנג „צימערן צו פאַרדינגען". איז געווען זיכער אַז די דירה וועט באַלד פאַרנומען ווערן און זיין ליבלינג וועט קומען צו זיך. אָבער באַלד האָט זיך אויך דער צווייטער שכן אַרויסגעצויגען.

דאָ איז שוין מירקין גאָר אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. אויף אַזוינס האָט ער זיך קיינמאָל נישט געריכט. ער האָט שוין אַרויסגעהאָנגען נאָך אַ שילד אויף דער צווייטער טיר פון אַריינגאַנג. ביידע שילדן קוקן צו אים ווי צוויי טיפע וואונדן וואָס יאָטרען זיך, שמאַרצן און בעטן: ראַטעוועט!

„אַזוינע שיינע צימערן וועלן לאַנג נישט פוסטעווען", פּרואווט זיין פרוי אים טרייסטן. ער וויל איר אויך צוגעבן מוט און טוט אַ זאָג מיט שטאַרקייט: „זאָל נאָר קומען די ריכטיקע פּערזאָן. איך וועל נאָך אַרונטערלאָזן אַביסל די רענט... מען וועט דאָס אויסכאַפּן... ס'קאָן דאָך אַזוי נישט אָנהאַלטן. אוממעגלעך..."

אָבער נישט קוקנדיק אויף אַלע זיינע ערוואַרטונגען רופט זיך קיינער נישט אָפּ. עס שלעפּן זיך לאַנגע מאָנאַטן; שוין פאַריבער אַ יאָר, און ביידע גאָרן שטייען פוסט און פאַרלאָזן. מירקין און זיין פרוי זיצן איינינקע אַליין אין דער גרויסער און אויסגעליידיקטער הויז. די טירן זיינען אָפן. ער גייט פון איין חדר אין דעם אַנדערן און פון דעם לעצטן צימער אין דרויסן און ווידער צוריק. גרויס און פרעמד און נאַקעט שטייען די ליידיקע צימערן. עפּעס ווי אַן אָפּגעדעקטע שאַנד שרייט אַרויס פון די אָפענע טירן און פענצטער.

מירקין פילט ווי אַ טאַטע וואָס זיין איין און איינציקע טאָכטער ווערט פאַרזעסן אין איינזאַמקייט און פאַרלאָזנקייט... דערצו ווערט ער נאָך פאַראָרעמט און פאַרשולדיקט.

און אָט שיקט אים רופן צו זיך דער פּרעזידענט פון דער באַנק. ער נעמט מירקינען אויף אַ פאַרהער און רעדט צו אים האַרבע דיבורים: וואָרום צאָלט ער נישט, מירקין, די פּראָצענטן אויפן מאָרטגעדזש, און וואָס וועט זיין מיטן קרן, און וואָרום פאַרנאַכלעסיקט ער צו דעקן די שטייערן? דער באַנקיר, אַ באַלייבטער, אַ זאַטער, מיט אַ גלאַט ראַזירטן פנים און גרויסן רונדן שטערן, ליינט זיך אָן ברייטלעך אויפן רוקן פון זיין ווייכן שטול, און הערט אויס דעם דאַרן קליינטשיקן מירקינען. עפּעס גלויבט ער אים יאָ און גלויבט אים ניט... טאָקע דעפּרעסיע. טאָקע צימערן נישט פאַררענטע. אָבער דאָך ווען דער איד זאָל נאָר וועלן וואָלט ער געקאָנט אַלעס גוט מאַכן. גוט, ער, דער באַנקיר, וועט שוין צוּוואַרטן מיטן קרן, אָבער די פּראָצענטן, די פּראָצענטן

מוזן באַצאָלט ווערן. וועגן וואָס האַנדלט זיך דאָ מישטיינס געזאָגט גאָר אין גאַנצן? עטלעכע געציילטע מיזעראַבלע דאָלאַרן... ס׳איז דאָך אַזוי פיל געלט פאַראַן, אַזוי פיל... וואו ער וואַרפט אַרום זיך מיט אַן אויג ליגען דאָך גרודעס מיט געלט... אַן עק... ער, דער פּרעזידענט, וועט אים געבן אַ שאַנס אויף נאָך צוויי מאָנאַטן... און אויב מירקין וועט דורך דער צייט נישט באַצאָלן די פּראָצענטן, מוז ער זיך אַרויסציען פון הויז. אַ באַנק איז נישט קיין צדקה אינסטיטוציע...

„ווי אַזוי איז דאָס פאַרגעקומען?״ פרעגט זיך מירקין אַרויסגייענדיק פון דעם באַנקיר. „איך בין דאָך געווען אַזוי געטריי און איבערגעגעבן דעם הויז. געוואַכט איבער איר, געהיט זי פון שווערע שולדן, געשיצט זי פון פייער פאַרלוסט (געדענקט האָב איך, נאַרישער מענטש, אַז פייער איז די איינציקע געפאַר וואָס לויערט אויף מיין ליבלינג). איך בין דאָך געווען אַזוי זיכער מיט איר, דער הויז, אַזוי אָנגעלייגט זיך אויף איר. געדענקט אַז זי איז פעלזןשטאַרק, אַז זי וועט מיך באַשירמען און באַשיצן אויף דער עלטער... און צום סוף זאָל זי, מיין האַדאָוואַניע מיך אַזוי אַנטוישן און פאַרראַטן... ניין, אוממעגלעך...״

מיט באַנייטע קרעפטן האָט זיך מירקין גענומען אַנאַנסירן און זוכן בעלנים פאַר זיין ליבלינג הויז. ער האָט מיט גרויס אַנשטרענגונג קוים פאַרדונגען איין גאָרן. אָבער דער שכן האָט אים איין מאָנאַט געצאָלט און דעם צוויטן נישט, און — אויס הויז. די באַנק האָט ענדלעך ביי אים צוגענומען די הויז. ער האָט דערפילט ווי דער באָדן האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער זיינע פיס. ביי אים איז צוגענומען געוואָרן די פרייד פון לעבן און אויסגעלאָזן האָבן זיך זיינע אַמביציעס.

די פרוי מיט איר שטענדיקער וואַכזאַמקייט און איבערגעגעבנהייט צו אים, האָט אים געטרייסט, אָבער זיך אַליין איז איר נישט געלונגען צו טרייסטן. זי האָט זיך דערפילט אָרימער און הילפלאָזער פון אים. איר איז באַפאַלן אַ ווייטאָג אַזאַ,וואָס האָט גענאָגט און געברענט איר לייב טאָג און נאַכט.

דער ווייטאָג האָט זיך צעוואַקסן אין איר האַרצן ווי אַ ווארצל אין דער ערד און ער צעשפרייט זיך אין אַלע קעמערלעך פון איר אינגעווייד. איר פנים איז געוואָרן פאַרצערט און אירע אויגן האָבן זיך איינגעגראָבן אונטער איר שטערן.

און איינמאָל האָט זיך מירקין אַרומגעזען אַז זיין צוויטע פאַרמעגן, די פרוי, איז אויך עפעס נישט מיט אַלעמען, אַז איר געבוי ווערט פאַרקלעגערט און איינגעשרומפּן. ער האָט דערשמעקט געפאַר. זי קען אים נאָך, חלילה, אפשר אויך פאַרלוירן גיין... אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עפעס אַ

באַנקיר האָט זיך ווידער אָנגעזעצט אויף אים און וויל אָוועקנעמען זיין צוויי־טע געביידע, פונקט ווי ער האָט אַוועקגענומען די ערשטע...

„אָבער דאָס איז דאָך גאַזלאָוואַיע", האָט ער געזאָגט צו זיך. „אויף מיין פרוי בין איך דאָך קיינעם נישט שולדיק קיין פּראָצענטן און קיינע שטייערן. זי איז דאָך אינגאַנצן מיינע, אָן אייגענע געביידע. ס'איינציקע וואָס איז מיר געבליבן. קיינער טאָר זי ביי מיר נישט אָוועקנעמען...

ער האָט גערופן דאָקטוירים און איינגעלייגט די וועלט צו ראַטעווען זי, צו פאַרהאַלטן זי ביי זיך. אָבער גאָרניט האָט געהאָלפן. זי האָט אויסהויכט איר לעצטן אָטעם אין זיינע אָרעמס.

זיינען מענטשן געקומען אין שטוב, א סך מענטשן, פרעמדע מענטשן, און צוגענומען האָבן זיי פון אים זיין צווייט פאַרמעגען...

פאָרנדיק צוריק פון בית־עלמין איז מירקין פאַרבייגעפאָרן זיין געוועזענע הויז. ער האָט אַרויסגעקוקט פון טעקסי און דערזען אַ צובראָכענעם גאַניק, אויסגעשלאָגענע פענצטער, פאַרפּאַטשקעטע ווענט, און טירן פאַרשלאָגענע מיט ברעטלעך.

ער האָט זיך געזעצט שבעה און געזאָגט קדיש נאָךביידן: נאָך דער הויז און דער פרוי.

זיצנדיק שבעה, אין זיין איינזאַמקייט, האָט ער איבערגעמישט אַ סך בלעטער פון זיין פאַרגאַנגענעם לעבן, און שווערע געדאַנקען האָבן זיך געשפּאַרט אין זיין מוח. ער האָט דאָך געמאַכט קאָנטראַקטן מיט גרויסע פאַרזיכערונגס געזעלשאַפטן צו פאַרזיכערן זיינע ביידע פאַרמעגענס, די הויז און די פרוי. און צום סוף...

# ענדלעך האָט ער אַ וואַקעישאָן

(אַ מעשה׳לע פון אַ דראָגיסט)

צו די טויזענטער שטאָפן און מעדיקאַמענטן, וואָס דער דראָגיסט דאַרף האַלטן אין סטאָק, קומען צו אַלע טאָג נייע אויסגעטראַכטע פּאַטענטירטע אַרטיקלען (פילע פון זיי ווערטלאָזע מאַכערייקעס), וואָס ווערן געפאָדערט פון קונדן און אויך פאַרשריבן פון דאָקטוירים. אַ דראָגיסט קען קיינמאָל נישט האָבן גענוג פון אַלעס און ער מוז אַלע ווײַלע אַנטלייען עפּעס פון אַ נאָהענטן דראָגיסט.

די ווערטער „עפּעס אַנטלייען" האָט אַ ספּעציעלע באַדייטונג פאַר דעם דראָגיסט און ווערט באַנוצט אין די אַפּטייקן מער ווי אין ירגענד וועלכער אַנדערער ביזנעס אָדער פּראָפעסיע. אָט די ברידערלעכע באַציאונג איז איינע פון די געוויינלעכע געשייהענישן ביי כמעט יעדן דראָגיסט, אפילו ביי קאָנ־קורענטן.

דער דראָגיסט סלאָווקין, וועמעס אַפּטייק איז געווען נאָענט צו מיינער, האָט נישט געהאַלטן פון אַנטלייען אָדער אַרויסהעלפן אַ קאָלעגע, וואָס נוי־טיגט זיך אין עפּעס אַ שטאָף.

„ווען אימיצער קומט אַריין צו מיר אין סטאָר נאָך אַ מעדיצין, מעג ער זיין אַ דאָקטאָר, אַ דראָגיסט, אָדער אַזוי אַ מענטש, מוז ער באַצאָלן דעם פולן פּרייז. נישטאָ קיין ברודערשאַפט" — פלעגט ער זאָגן.

אין אַ פאַל פון אַ נויט, פלעג איך זייער אָפט, אַריינלויפן צו אים אין סטאָר קויפן דעם נויטיקן שטאָף און אים באַצאָלן וויפיל ער פלעגט פאָדערן. ביי אַזוינע געלעגנהייטן פלעגט מיר אויסקומען צו שטודירן מיין קאָלעגע און צו באַטראַכטן זיין כאַראַקטער און זיין אַרט לעבן. זיין האַנדל איז נישט בלויז געווען פאַר אים אַ מיטל צו לעבן, נאָר דער הויפּט־ציל און צוועק פון זיין לעבן. די אַטמאָספערע פון זיין געשעפט, זיינע מעטאָדן און עקאָנאָמישע אינ־טערעסן זיינען געווען פאַר אים דער איין־און־איינציקער אינטערעס אין דער וועלט.

זיין אַפּטייק פלעגט ער אָנפירן מיט גרויס חשק און איבערגעגעבנהייט, שעפּענדיק די גרעסטע הנאה פון איבערקוקען אַ ליסט פון וואָרע און פון אָפּ־קלינגען דעם קעש רעדזשיסטער. ווען עס פלעגט אים געלינגען צו קריגן פון האָלסעילער אַ האַלבן דאָזן אַרטיקלען פריי מיט אַ דריי־דאָזנדיקן אָרדער, פלעגט ער גאָר אַריין אין העכסטער באַגייסטערונג.

די איינציקע זאַך וואָס איז אים געווען פרעמד אין זיין אַפּטייקערשער קעניגרייך, איז געווען די אַפּטייקערשע וויסנשאַפט און קונסט. דאָס אויספילן רעצעפּטן, וועלכע האָבן אין זיך אַנטהאַלטן דעליקאַטע, קאָמפּליצירטע פּראָב־לעמען, האָט גאָרניט אַפּעלירט צו זיין געשמאַק. ער האָט קיין שום חשק נישט געהאַט אַנצושטרענגען זיין מוח פאַר אַזוינע זאַכן. איך האָב אים איין מאָל געטראָפן פאַרשוויצט און אין אַ צושטאַנד פון אומגעדולד און אויפרעגונג. ער האָט געהאַלטן אין פאַרפערטיקן אַן עמאַלשאַן (דאָס איז אַזאַ געמיש, וואָס פאַרבינדט בוימעל מיט וואַסער און וואָס פאָדערט קענטניש און געשיקטקייט). די דאָזיקע מאַניפּולאַציע איז אים אָבער אויף קיין אופן נישט געלונגען. ווען איך בין צו אים אַריין, האָט ער שוין געהאַלטן אין מאַכן דאָס צום דריטן מאָל מיט דעם זעלבן רעזולטאַט. דער בוימל פלעגט זיך אַלע מאָל אָפּטיילן פון דעם וואַסער און אַרויפשווימען פון אויבן. ער האָט פאַרדאַמט דעם דאָקטאָר, וואָס האָט דאָס פאַרשריבן, און געשאָלטן די מעדיצינישע און אַפּטייקערשע פּראָפעסיע.

אַ צווייטן מאָל איז ער שטאַרק אין כעס געווען אויף דער מעטרישער סיסטעמע, וואָס שטעלט אים אין אַ פאַרלעגנהייט און צוטומעלט זיין געדאַנק. געוויינלעך פאַרשרייבט דער דאָקטאָר די מאָס און וואָג אין דער אַזוי־גערו־פענער אַפּטייקערשער סיסטעמע, אייניקע דאָקטוירים אָבער פאַרצייכענען וואָג און מאָס אין דער מעטרישער סיסטעמע. דאָס פאָדערט פון אַפּטייקער, וואָס האָט געוויינלעך בלויז איין סאָרט וואָג און מאָס, צו אויסרעכענען און איבערזעצן פון איין סיסטעמע און דער אַנדערער.

„פאַרוואָס", האָט ער געטענהט צו מיר, „דאַרף איך אומזיסט און אומ־נישט ברעכן מיין קאָפּ אויף אַזאַ רעטעניש ווי דעציגראַם און מיליגראַם? אויף וואָס פאַר אַ כאַלעריע דאַרף מען די נייע מעטאָדע און וואָס האָב איך דערפון? ניט אַנדערש ווי דער דאָקטאָר וויל זיך שפּילן אין באַהעלטעניש".

מיסטער סלאָווקין האָט ניט געהאַלטן קיין קלוירק, אָדער אַן אַרויס־העלפער אין זיין אַפּטייק. אַזוי האָט ער זיך געפירט נישט כדי איינצושפּאָרן געלט, נאָר צוליב דעם וואָס יעדער שטיקל אַרבייט אין זיין קרעמעל איז גע־ווען פאַר אים אַ פאַרגעניגן, און ער האָט דאָס נישט געקענט פאַרגינען עמיצן אַנדערש.

זייענדיק אַליין אַ לעבעדיקער טייל פון זיין געשעפט, האָט מיסטער סלאָווקין זיך קיינמאָל נישט געקענט אָוועקרייסן פון דעם. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרלאָזן די פיר ווענט פון זיין אַפּטייק, ווייל דאָס איז געווען זיין היים, זיין טעמפּל, און זיין אַמוזירונגס־פּלאַץ. האָבן אַ פרייעם טאָג פאַר זיך, איז געווען פרעמד צו זיין נאַטור און געדאַנק. כאָטש ער איז געשטאַנען אין רעכטן

מיטן פון דער קאַכיקער ניו יאָרק, איז די שטאָט געווען אַזוי פרעמד פאַר אים ווי פאַריז אין פראַנקרייך אָדער פעקין אין כינע.

„איניקע פון מיינע באַקאַנטע״, — האָט ער אַמאָל צו מיר געזאָגט, — „שטרעבן צו מאַכן אַ רייזע קיין יוראָפּ אָדער צום אָריענט. איך אָבער האָב גלוסטונג צו אַרויסלאָזן זיך אַמאָל אויף אַ טור איבער אונזער אייגענער, גרויסער, קאַכיקער שטאָט ניו יאָרק, פון וועלכער איך הער און לייען אַזוינע וואונדערבאַרע און מערקווירדיקע זאַכן... איך בין נייגעריק צו זען אַזאַ וואָלקן קראַצער ווי די וואולוואָירט געבידע, אָדער צו באַזוכן דעם אַקוואַריום און אַרויפשטייגען צום שפּיץ פון דער „סטעטשו אָוו ליבערטי״. איך וואָלט אויך געוואָלט אַרויס אויף אַ שפּאַציר אויף גרענד קאָנקארס און ריווערסאַיד דראַיוו. מענטשן זאָגן, אַז דאָס זיינען די גרויסאַרטיקסטע און שענסטע גאַסן אין דער וועלט. און אָט די אַלע אינטערעסאַנטע פּלעצער קען מען דאָך דערגרייכן מיט איין ניקל קאַר־פּעיר, און אָנצוקוקן אָט די אַלע אַנטיקן וועט דאָך מיר נישט נעמען מער ווי עטלעכע שטונדן, דאַן וועל איך זיך גלייך קענען אומקערן צו מיין אַפּטייק.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, איז מיסטער סלאָווקין אַריינגעקומען אין מיין אַפּטייק מאָדנע פאַרפּוצט מיט אַ הוט אויפן קאָפּ און אַ מאַנטל אויף די פּלייצעס. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען אַליין, אָפּגעטיילט פון זיין געשעפט. זיין לאַנגזאַמער גאַנג און רואיקייט איז געווען אומנאַטירלעך און טשיקאַווע. ער האָט מיר שעמעוודיק אַ זאָג געטאָן, אַז ער האָט אַ האַלבן טאָג וואַקעישאַן.

„עס איז מאָדנע״, האָט ער געמורמעלט מיט אַן אומצופרידענעם טאָן, „אָט דעם וואַקעישאַן האָט אויף מיר אַרויפגעצוואונגען מיינער אַ פּלימעניק, אויך אַ דראָגיסט. ער איז געקומען צו מיר אין סטאָר און מיך פּשוט פון דאָרט אַרויסגעטריבן. אַזאַ חרפּה!״

„נו, נו,״ האָב איך אים גראַטולירט: „ענדלעך וועט איר כאַפּן אַ קוק אויף ריווערסאַיד דראַיוו און שפּאַצירן אויף גרענד קאָנקארס...״

ער האָט אַרונטערגענומען זיין הוט און זיין מאַנטל, אַריינגעגאַנגען אין הינטערשטן צימער פון סטאָר און זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט.

„צו זיין אָפנהערציק מיט אייך״, האָט ער שמייכלנדיק געזאָגט, „האָב איך נישט דעם מינדעסטן חשק אַרומצושלעפּן זיך איבער די גאַסן פון שטאָט ווי אַ טרעמפּ אָדער אַ לויפער. וואָס וועל איך האָבן דערפון, וואָס? איך וועל שוין בעסער איבערזיצן דאָ ביי אַ שטונדע (דערביי האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער) און נאָך דעם גיין צוריק צו מיין אַרבייט... איך זע, אַז איר מאַכט אייער אייגענע מאַגנעזיע, אויב אַזוי, קען איך אייך פאַרשפּאָרן געלט אויף

ציטריק־עסיד, ווייל איך קויף דערפון אַ גאַנצע פעסל... דאָס דערמאָנט מיך אָן די נאַפטאַלין קייקעלעך, וועלכע איך האָב אויך באַשטעלט אויפן באַרעל. איך וועל איך קענען פאַרקויפן וויפיל איר וועט דאַרפן. איר וועט איינשפּאָרן אַ פּעני אויף יעדן פונט... זאָגט מיר, מיט וועלכע דזשאבערס האַנדעלט איר ?... באַנדיטן וואָס זיי זיינען... איר זאָלט האַלטן אַן אויג אויף די פּרייזן וואָס זיי שטעלן... איך האָב געהערט, אַז „ארגאָט״ איז געוואָרן טייערער. אַ גוטע זאַך וואָס איך האָב אָנגעגרייט דערפון אַ פּאָר גאַלאָנס...״

אָט אַזוי האָט מיסטער סלאַווקין פאַרבראַכט זיין וועקעישאָן אין הינ־טערשטן צימער פון מיין אַפּטייק.

# אַ היימישער פעלדשער
(מעשה׳לעך פון אַ דראַגיסט)

אַ פעלדשער, אַ רוסישער אימיגראַנט, איז געוואָרן איינער פון מיינע איבערגעגעבנסטע קונדן. ער פלעגט אָפט אַריינקומען אין מיין אַפּטייק איינצוקויפן זיינע נויטיקע געווירצן און מעדיצינען. איך האָב געוואונען זיין העכסטן צוטרויען, האָט ער מיר געזאָגט, צוליב אַ קליינע פלעשעלע „מינט־דראַפּס״ (ספּירט אוו פּעפּערמינט), וואָס איך האָב אים אַמאָל פאַרקויפט. די זעלבע שטאָף, ווען ער פלעגט קויפן ערגעץ אַנדערש איז געווען בלויז גרין אָדער כמעט אָן אַ קאָליר. אָבער מיין שטאָף האָט געהאַט דעם אמתן טונקל־גרינעם קאָליר, פּונקט אַזוי ווי ער פלעגט קריגן אין דער עכסטער רוסישער אַפּטייק. צו זיין אויפריכטיק צו אַ קלעגע, האָב איך אים ערקלערט, אַז דער קאָליר פון די טראָפּנס האָט נישט געהאַט קיין שייכות צו דער מעדיצינישער שטאַרקייט, ווייל דער טונקל־גרינער קאָליר איז געקומען פון דורכווייקן עטלעכע פּעפּערמינט בלעטלעך אין דער שוין פאַרטיקער מעדיצין מיט דער אַבזיכט צו מאַכן דעם קאָליר. אָבער ער האָט מיינע ווערטער נישט גענומען ערנסט און האָט אַלץ געטענה׳ט, אַז ער ווייסט גענוי אַז וואָס טונקעלער דער קאָליר, אַלץ שטאַרקער איז די מעדיצין.

זיין באַקאַנטשאַפט אין מעדיצין איז, פאַרשטייט זיך, געווען זייער באַגרענעצט. שרייבן האָט ער כמעט נישט געקאָנט. דאָך האָט ער אויפגעהאַלטן אין זיין זכרון אַ סך נעמען פון היילונגס־מיטלען און מעדיקאַמענטן פון אַלט פרענקישע צייטן, נעמען פון קאַרעניעס, קערנדלעך, וואָרצלען און געווירצן. אויך אייניקע כעמישע שטאָפן און פאַרשידענע אייגענע געמאַכטע פּאַטראַווועס מיט וועלכע ער פלעגט היילן פאַרשידענע ווייטאָקן און קראַנקהייטן. די נעמען פון די פאַרשיידענע דראָגס פלעגט ער מיאוס פאַרגרייזן און פאַרדרייען אַזוי, אַז צום אָנפאַנג האָב איך גאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס ער וויל. נאָר מיט דער צייט בין איך צוביסלעך באַקאַנט געוואָרן מיט זיינע אייגנאַרטיקע טערמינען און רעצעפּטן.

פון אַלע דראָגס האָט ער ליב געהאַט ספּעציעל צוויי מינים, וועלכע ער האָט באַטראַכט אַלס די גרעסטע היילונגס־מיטלען פאַר יעדן ווייטאָג און קראַנקהייט וואָס באַפאַלט די מענטשן. די צוויי דראָגס האָט ער אָנגערופן נאַטקאַ בראָמאַטקאַ (נאַטריום בראָמייד) און קאַלידאַט (קאַלידיום אַיאַדאַיט). ווען

איך האָב אים אויסגעטיילט אָט די צוויי מעדיצינעשע שטאָפּן, פּלעגט ער זיי האַלטן אין די הענט מיט אָפּשיי און קוקן אויף זיי מיט אַזאַ דרך ארץ ווי זיי וואָלטן געווען ווערטפולע ברילִיאַנטן. נאָכדעם פלעגט ער זיי פאַנאַנדערטיילן אין עטלעכע קעסטעלעך און פלעשלעך, וועלכע ער פלעגט אַרומטראָגן מיט זיך.

ער האָט גאַנץ אָפּט ליב געהאַט זיך צו באַרימען מיט זיין געלערנט־קייט אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, וועגן זיין טאַלאַנט און קראַפט צו היילן, און וועגן די גוטע רעזולטאַטן און פּאָפּולאַריטעט, וואָס ער האָט דער־גרייכט אין דער אַלטער היים, אין רוסלאַנד.

„איר האָט אפשר געהערט פון אָקים לאָצבין, דער גרויסער פריץ און ביליאָנער אין אוקראַינע? נו, אָט דער אקים לאָבצין האָט זיך געדאָקטאָרט אַ סך יאָרן. ער האָט געליטן פון אַ מאָדנער קרענק וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט אויסגעפונען וואָס דאָס איז. ענדלעך האָבן די גרויסע ספּעציאַליסטן ערקלערט זיין צושטאַנד האָפּנונגסלאָז, און ער איז געווען גרייט צו שטאַרבן. דאַן האָט שוין אימיצער אים דערציילט וועגן מיר, און אין אַ פיינעם פרי־מאָרגן האָב איך דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע מיט אַן איינלאַדונג, אַז איך זאָל שנעל קומען צופאָרן צו אים. מען וועט מיך גוט באַלוינען. בין איך אַוועק איבער אַ לאַנגער שטרעקע קיין אוקראַינע. איך האָב געגעבן אַ קוק אויף זיין פּנים, אַריינגעקוקט אים אין די אויגן און איך האָב באַלד געוואוסט וואָס מיט אים איז. האָב איך צו אים אַזוי געזאָגט: „איך קען דיך היילן, אָבער דו מוזט פאָלגן וואָס איך וועל דיר הייסן. ווען איך נעם דיך אין מיינע הענט אַריין, ווערסטו אויס מעכטיקער פריץ אָקים לאָצבין, נאָר אַ פּשוטער „בשר ודם". אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט: „איך וועל דיך פאָלגן ווי אַ שקלאַף".

איך האָב דאַן געגעבן די „קאַלידאַט" קוראַציע און האָב אים אויך גע־הייסן קייען ראַשע־פּיסטעס (קאַסיאַ פּיסטולאַ) און ריבאַרבערום. עטלעכע שטונדן שפּעטער האָב איך אויסגעריבן זיין קערפּער מיט „גאַרטשיצני אסיד" און ביינאַכט האָב איך אים געגעבן אַ גרויסע פּאַרציע ענגלישע ביטער־זאַלץ. איך האָב אים גערייניקט, פאַרשטייט איר מיך, אויסווייניק און אינווייניק. אויף מאָרגן האָב איך געשטעלט פּיאַווקעס הינטער זיינע אויערן כדי זיי זאָלן אַרויסציִען די שלעכטע בלוטן פון אים. נאָכדעם האָב איך אים אויסגעמישט אַביסל טאַבאַק־פּודער מיט זומפּ־וואָרצלען (וועראַטרום). ער האָט עס געשמעקט און געניאָסן אַ גאַנצן טאָג. אויפן דריטן טאָג האָב איך אים געהייסן זיך אַריינ־לייגן אין הייסע וואַסער און זיך גוט אויסשוויצן. באַלד נאָכדעם האָב איך אים געשטעלט זעקס און דרייסיק באַנקעס אויף זיין פּלייצע. אויפן פערטן

טאָג האָב איך אים דערלאַנגט אַ שנאַפּס געמישט מיט פעפער און אים גע־שטעלט אונטער דער קוראַציע פון נאַטקאַ בראַמאַטקאַ.

אויפן פינפטן טאָג האָט ער מיך אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן, און צו מיר אַזוי געזאָגט: „איך לייד מער נישט קיין ווייטאָקן און פיל זיך ווי אַן ערשט־געבוירן קינד. איר זייט מיין ערלייזער". עטלעכע טעג שפּעטער איז מיין מיסיע דורכגעפירט געוואָרן. ער איז געווען געזונט און איך בין געווען גרייט צו פאָרן אַהיים, געבענטשט און אָנגעלאָדן מיט אַ סך ווערטפולע מתנות. דער פריץ אַליין און זיין גאַנצע הויזגעזינט האָבן מיך באַגלייט פון הויף. ער האָט מיר אַריינגעזעצט אין זיין גרויסע קאַרעטע, געפירט פון דריי פערד און געטריבן פון זיינע דינער.

„יעס, סער, אין יוראָפּ דאָרטן, האָט מיין שטערן געשיינט מיט כבוד און גלאַנץ. דאָרטן בין איך געווען פון אויבן, און דאָ בין איך פון אונטן, אַ גאָרניט. מען זאָגט מיר, אַז דאָ קען איך נישט פּראַקטיצירן ביז איך וועל נישט גיין אין סקול און דורכמאַכן די עקזאַמענס. אָבער איך בין דאָך שוין דורכ־געגאַנגען אַ סקול, פיר און זעכציק יאָר אמתע סקול, און אין דער סקול האָב איך געלערנט זאַכן וואָס מען קען זיך קיינמאָל נישט אויסלערנען אין איר־גענד וועלכן קלאַס. אָבער דאָס, זאָגט מען מיר, רעכנט זיך נישט. אַ יונגער צוציק איז דורכגעגאַנגען עפּעס אַ סקול, און ער האָט דאָס רעכט צו פּראַק־טיצירן מעדיצין, כאָטש ער ווייסט נישט וואָס מעדיצין איז און האָט קיינמאָל נישט פאַרזוכט דעם טעם דערפון. איך האָב איינמאָל געפרעגט איינעם פון די דאָקטוירים, וואָס עס איז געווען זיין ערפאַרונג מיט בראַמאַטקאַ, מיט כינינע, האָט ער געצוקט מיט די אַקסלען. איך האָב געפרעגט אַ דענטיסט אויב ער האָט ווען געהאַט גוטע רעזולטאַטן מיט קאַיאָפּוטנאַיע מאַסלאָ פאַר ציין ווייטאָק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געהערט פון דעם".

דער פעלדשער האָט אָפּט ליב געהאַט צו ציען אַ פאַרגלייך צווישן די יוראָפּייאישע און די אַמעריקאַנישע אַפּטייקן. און זעלבספאַרשטענדלעך, זיי־נען די יוראָפּייאישע אַפּטייקן געווען פאָלקאָם צום העכסטן גראַד און די אַמע־ריקאַנישע אַפּטייקן זיינען בלויז קאַריקאַטורן.

„וואו איז דאָ דער צוטרוי און הויכער רעספּעקט, וואָס דער יוראָפּיי־אישער מאַן האָט אַמאָל געהאַט צו אַן אַפּטייק? פאַרוואָס איז דאָ די אַפּטייק געזונקען צו דער מדרגה פון אַן אייז־קרים פאַרלאָר אָדער אַ קענדי־סטאָר? פאַרוואָס האָט איר אַרויסגעוואָרפן פון די פענצטער די קאָלירטע גלאָובס, וואָס זיינען געווען פון אייביק אָן דער סימבאָל פון אַן אמתע אַפּטייק? אַנ־שטאָט דעם שטעלט איר אויס אין זעלבן פענצטער סיגאַרעטלעך, שפּיל־קעסט־

לעך און פאָטאָגראַפישע געצייגען! וואָס האָט איר געטאָן מיט אַלע דראָגס, מיקסטוראָס און טינקטוראָס, וועלכע זיינען אַזוי פּראָמינענט אויסגעשטעלט געווען אין די פּאַליצעס אין שיינע פלאַשן מיט גאָלדענע אויפשריפטן, וואָס האָבן געשיינט און געפינקלט דערציילנדיק דער וועלט וואָס אייער ארבעט באַדייט? און ווי קומט איר אויס אָן אַ לאַבאַראַטאָריע, וואו איר דאַרפט קאָכן, צושטויסן און צעמאָלען אייערע דראָגס? איז דען די קליינינקע באַד־רום, הינטער אייער סטאָר אַ פּלאַץ פאַר אַ כעמישער לאַבאַראַטאָריע, וואו איר דאַרפט צוגרייטן די אַמוניציע צו פאַרניכטן קראַנקהייטן?

ער איז אויך געווען היציק צו קריטיקירן די מאָדערנע רפואות, וועל־כע זיינען פרעמד געווען צו זיין אַלט־מאָדישן מעדיצינישן קאַטאַלאָג. ער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט די פּאָפּולערע אַמעריקאַנישע מעדיקאַמענטן, און אויך נישט מיט דעם אַמעריקאַנער שטייגער פון צוגרייטן רעצעפּטן.

„אַז מיר רעדן שוין וועגן רעצעפּטן, וואָלט איך וועלן וויסן פאַרוואָס האָט איר דאָ אויפגעהערט צו קייקלען די שיינע, רונדע פּילן, און פאַרוואָס האָט איר אַדאָפּטירט אַזעלכע גלעזערנע קוילן (קאַפּסולס)? ווער איז דאָס דער מיסטער אַספּירין און וואָס זיינען זיינע מעלות וואָס ער קען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון באַרימטן כינין? און וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז דאָס די מאַגנעזיאַ־קו, וואָס יעדער איינער, וואָס ליידעט פון מאָגען, טרינקט דאָס איר מילך (מילק אָוו מאַגנעזיאַ)?

זיין הויפּט קריטיק איז געווען געצילט קעגן די אַמעריקאַנער דאָק־טוירים. דאָ, ביי מיר אין דראָג סטאָר, האָט ער מיט אַ פולער מויל געשאָטן פונקען פייער, וויצן און סאַרקאַסטישע ווערטלעך אויף זייער רעכנונג.

„זאָגט מיר, איך בעט אייך — פאַרוואָס זיינען די היגע דאָקטוירים אַזוי פאַרקאָכט אין צושניידן דעם קערפּער פון אַ פּאַציענט? פאַרוואָס האָבן זיי געמאַכט אַזאַ גרויסע ביזנעס פון שניידן מאַנדלען און שלעפּן ציין? פאַרוואָס מאַכט מען דאָ נישט קיין געזעץ אַז יעדער כירורג זאָל האָבן זיין אייגע־נעם בית־עולם, וואו ער זאָל קענען באַגראָבן זיינע קרבנות, און זאָל דער עולם טאַקע וויסן ווער פון זיי איז דער גרעסטער בוטשער!

אוי, ווען דער ווירדיקער פּראָפעסאָר אַפּאַנאַסעף וואָלט אויפגעשטאַנען פון זיין קבר און דערזען די שאַרלאַטאַן־מיקראָבן וואָס האָבן זיך דאָ איינגע־פלאַדיעט אין דער דאָקטאָרישער פּראָפעסיע!...

# ער זוכט דעם סוד פון אייביקן לעבן

(דערציילונג)

ער איז געווען אַן ערנסטער, אינטעליגענטער טיפּ מענטש. ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט אַריינצוקומען אין מיין אַפּטייק, פלעגט ער ליב האָבן אַריינציען מיך אין אַ שמועס וועגן די מעלות און ווירקונגען פון פאַרשיידענע מעדיצינען אויפן מענטשלעכן קערפער. ער פלעגט זיך מיט פלייס צוקוקן ווי איך מיש צוזאַמען רעצעפּטן, און מיט גרויס רעספּעקט האָט ער געקוקט אויף די פאַרשידענע פלעשלעך, סלויעקלעך און קעסטעלעך אין וועלכע עס געפינען זיך די אומציילן רפואות. איבערהויפּט איז ער געווען פאַראינ־טערעסירט צו זען ווי די כעמישע שטאָפן ענדערן זיך און וואָס פאַר אַ קונצן די וויסנשאַפט מאַכט אין די ענדערונגען און בייטונגען פון קאָלירן.

ער פלעגט אָפט באַדויערן זיין שיקזאַל, וואָס האָט אים נישט באַווי־ליקט צו ווערן אַן אַפּטייקער. „ווען איך וואָלט געהאַט דאָס גליק צו קאָנען אַריינגעמען אין זיך דאָס אומגעהויערע וויסן וועגן אַלע קרייטיכער, זאמען, קאָרעס און אַלע אַנדערע היילונגס מיטלען, וולכע ווערן צוזאַמענגעבראַכט פון אַלע עקן וועלט און מיט וועלכע די וויסנשאַפט באַנוצט זיך פון עגיפּטישע צייטן אַן ביזן היינטיקן טאָג” —

„נו, איז וואָס־זשע וואָלט איר אויפגעטאָן?” האָב איך אים געפרעגט.

„אָ, איך וואָלט געמאַכט פאַרשיידענע עקספּערימענטן, און אפשר וואָלט זיך מיר איינגעגעבן צו געפינען דעם סוד נאָך וועלכן מענטשן יאָגען זיך צו דערגיין זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן”.

„וואָס איז דאָס אַזוינס, אויב איך מעג פרעגן?”

„איך מיין דעם געטראַנק פון אייביקן לעבן, אָט דעם וואונדערבאַרן מיטל, וואָס וועט אָפּווישן פון דער ערד די שרעק פון אַלע לעבעדיקע — דעם טויט”.

„און איר זייט דאָס אַזוי זיכער, אַז דאָס אייביקע לעבן וואָלט געווען אַזאַ גליק פאַר דער מענטשהייט? באַטראַכט איר אונזער לעבן פאַר אַזוי גוט, אַז איר וואָלט עס געוואָלט פאַראייביקן? און וואָס איז מכח די פון אונז, פאַר וועמען דער טויט איז אַ דערלייזער פון אַלעליידן? זיינען דען נישטאָ צווישן אונז אַזעלכע, וואָס זיינען אַזוי אויסגעמאַטערט פון דעם „לעבנס־געטראַנק”,

אַז זיי קאָנען זיך נישט דערוואַרטן אויפן נאַטירלעכן טויט און רייסן גאָר אַליין איבער די קייט פון לעבן דורך זעלבסט־מאָרד?"

ער האָט מיט אומגעדולד אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט און היציק געענטפערט:

„אָט די אַלע רייד, אַז דער טויט ברענגט רו און דערלייזונג, איז בלויז אַ מעשהלע מיט וועלכע מען זוכט צו פאַרמינדערן די גרויסע שרעק. דער טויט איז אונזער שונא יעדע מינוט פון אונזער לעבן. מיר מאַכן אָן אָנשטעל, אַז מיר זיינען פאַרהאַוועט און עס גייט אונז נישט אָן אונזער דערנעענטערונג צום טויט. אָבער טיף אין אונזערע הערצער, אין אונזערע נשמות לויערט אָן אָן אויפהער די מורא פאַרן פינצטערן טויט, וועלכער שוועבט איבער אונז. אינדירעקט פאַראורזאַכט ער אַלע אונזערע ליידן, אומגליקן און פאַרברעכנס, זעלבסטמאָרד אַריינגערעכנט.

„איך בין זיכער, אַז דאָ, צווישן אַלע אייערע קרייטיכער וואָס געפינען זיך אויף די פּאָליצעס און אין די שופלאָדן, ליגט ערגיץ דער רעצעפּט פון דעם אייביקייט־געטראַנק. דאָס איז די גרעסטע אַנטפּלעקונג אויף דער וועלט, וואָס וועט אַמאָל אַרויסגעבראַכט ווערן אין דער עפנטלעכקייט נאָך פילע עקספּערימענטן און געדולדיקן וואַרטן. ערגעץ־וואו וועט אַמאָל אַ כעמיקער זיך אָנשטויסן אויף אָט דער גרויסער אַנטפּלעקונג — און מענטשן וועלן לעבן אייביק".

ער האָט גערעדט מיט היץ, מיט געפיל. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט ענטוזיאַזם און זיין זוכנדיקער בליק האָט געברענט מיט נייגעריקייט.

„אַז מיר האַלטן שוין ביי דער טעמאַ פון אייביקייט", האָב איך באַמערקט, „וועט אייך אפשר אינטערעסירן צו וויסן, אַז עס איז דאָ אַ געוויסע מעדיצין מיטן נאָמען „דאָס אייביקע לעבן". עס באַשטייט פון אַ ווילדע פלאַנצונג. די מעדיצינישע אייגנשאַפטן דערפון זיינען נאָך ווינציק וואָס באַקאַנט און אפילו אין דער מעדיצינישער וועלט ווייס מען נישט פון וואַנען דער נאָמען נעמט זיך".

זיין אינטערעס האָט זיך אָנגעצונדן. „אַ נאָמען מיינט זייער אַ סך", האָט ער געזאָגט.

ער האָט מיך געבעטן איך זאָל אים ווייזן די פלאַנצונג און אויך וואָס די ביכער האָבן צו זאָגן וועגן דעם.

איך האָב אויסגעזוכט אַ קליין ביסל פון דער פלאַנצונג צווישן מיינע אַלטע קרייטיכער. דאַן האָב איך נאָכגעקוקט אין בוך און אויסגעפונען אַז דאָס רופט זיך אין לאַטיין „אַנטענאַריאַ מאַרגאַריטאַציאַ", אין פראַנצויזיש: „אימאָרטעלל", אין ענגליש: „לאַיף עווערלעסטינג". אין בוך איז געווען אַ

מאַגערע באַשרייבונג וואָס האָט בלויז איבערגעגעבן, אַז עס איז אַ פלאַנצונג אַזאַ, וואָס בליט אין אויגוסט. אָבער דער פאַקט, אַז אויך אין פראַנצויזיש הייסט עס „אימאָרטעללע״ (אומשטערבלעך) האָט ביי דעם יונגן מאַן געוועקט די נייגעריקייטע און אינטערעס. ער האָט נאָך אַמאָל פאַרזיכטיק איבערגעקוקט די באַשרייבונג אין בוך און ווידער באַטראַכטענדיק די פלאַנצונג האָט ער עפּעס פאַרשריבן ביי זיך אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. און אַ פריילעכער איז ער אַרויס פון קראָם.

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז דער יונגער מאַן ווידער אַריינגעקומען צו מיר. איך האָב שוין געהאַט לאַנג פאַרגעסן אַן אונזער געשפּרעך, אָבער ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ לאַנגן און אינטערעסאַנטן באַריכט וועגן דעם ענין, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט. ער האָט זיך געשאַפן אַ געניויען באַגריף, האָט ער געזאָגט, וועגן דער פלאַנצונג. אין אַ האָלסעיל דראָג־סטאָר האָט ער געקראָגן עטלעכע פרישע קרייטיכער פון דעם מין. דערצו, האָט ער גע־זאָגט, האָט ער צוגעמישט נאָך אַ וויכטיקן פּראָדוקט, און איצט איז ער גרייט צו מאַכן זיינע עקספּערימענטן. פאַרלויפיק גיט ער עס איין, אין קליינע ביס־לעך, זיינעם אַן אַלטן, אָפּגעשוואַכטן פעטער.

מיט אַ צייט שפּעטער איז ער נאָך אַמאָל אַריינגעקומען און מיר מיט־געטיילט די גוטע בשורה, אַז זיין עקספּערימענט ווייזט וואונדערבאַרע רע־זולטאַטן. זיין פעטער ווערט קרעפטיקער און ביסלעכווייז קערט ער זיך צו־ריק צו אַ געזונטן, נאָרמאַלן צושטאַנד. עס האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און פון אַלע ערוואַרטונגען האָט זיך אויסגעלאָזן אַ בוידעם. זיין פעטער איז אינגיכן אַוועק אויפן עולם האמת.

מיין באַקאַנטער אָט אָבער באַשלאָסן צו ווידמען זיין לעבן צו דער גרויסער זאַך. ער האָט אָנגעהויבן צו שטודירן כעמיע. ער איז געווען אי־בערצייגט, אַז מיט דער גאַנצער אַרמיי פון וויסנשאַפטן וואָס עקזיסטירן צו פאַרהיטן קראַנקהייטן, ווי אַנטיסעפּטיקס, קאַרעקטיווס, רעסטאַרייטיווס, באַל־זאַמס, קאַרדיאַלס און פילע אַנדערע מיטלען, מוז ערגעץ ליגן באַהאַלטן אַ פאַרבאָרגענער סוד, אַ מיטעל, וועלכער וועט באַפרייען די מענטשהייט און פאַרטרייבן פון דער ערד, די שרעק פון אַלע שרעקן — דעם טויט.

# די טראָפּנס פון הייליקן רפאל

(דערציילונג)

אַ הויכער, אַביינערדיקער פאַרשוין מיט אַן איינגעבויגענע פּלייצע, שלייכט ער אַריין שטיל און פּאַמעלעך אין אַפּטייק און מאַכט צו די טיר נאָך זיך, אפילו דאַן ווען ער געפינט די טיר ברייט צעעפנט. ער קוקט זיך אויף קיינעם און קיין זאך נישט אום, אפילו ניט אויף מיר, דעם אַפּטייקער, גלייך ווי דאָס אַרומיקע גייט אים גאָר ניט אָן. ער ציט אַרויס פון קעשענע אַ פּאַרזיכטיק־צונויפגעלייגטן שטיקל פּאַפּיר, אַן אויסשניט פון אַ ציימונג. ער דערלאַנגט דאָס מיר שטום אָן ווערטער, און שטייענדיק אומבאַוועגלעך וואַרט ער געדולדיק און קוקט אַראָפּ צום דיל.

דער ציימונגס־אויסשניט איז, ווי געוויינלעך, אַן אַדווערטייזמענט וועגן אַ פּאַטענטירטן מעדיצין וואָס רופט זיך, אַ שטייגער, „די טראָפּנס פון הייליקן אַנטאָניוס" און וואָס פאַרשפּרעכט צום געברויכער באַנייטע כוחות, יוגנט קראַפט און לעבנס־לוסט.

— ליידער — זאָג איך, קנייטשענדיק מיט די פּלייצעס, — ליידער האָב איך נישט אַזאַ מעדיצין, קיינמאָל נישט געהערט דערפון.

פאַרזיכטיק נעמט ער צוריק דאָס שטיקעלע פּאַפּיר, לעגט דאָס צונויף און באַהאַלט דאָס טיף אין קעשענע, און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט פאַרלאָזט ער די אַפּטייק.

אין אַ שטיקל צייט אַרום באַווייזט ער זיך ווידער פאַר מיר אין אַפּטייק, ווידער ציט ער אַרויס אַן אויסשניט פון ציימונג וואו ס'איז אַנאָנסירט אַ נייער פּעטענט מיטן קלינגנדיקן נאָמען „מאַקס בער טשעמפּיאָן פּילן". ער דערלאַנגט דאָס מיר, קוקט אַראָפּ צום דיל און שווייגט שטום ווי אַ פיש.

— קיין מאָל נישט געהערט פון אַזאַ מיטל, — זאָג איך אים ווידער־אַמאָל דערלאַנג אים צוריק דאָס פּאַפּירל.

ווידער פאַרשווינדט ער דורכן טיר. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום קומט ער מיט אַ שפּאָגל־נייעם פּאַפּירל וואו ס'איז געדרוקט אַ רעקלאַמע וועגן אַן אַנטדעקונג וואָס רופט זיך „לעבנס־בלום־באַלזאַם".

דער אויסדרוק „ליידער נישטאָ" וואָס פאַלט אַרויס פון מיין מויל, האַלט אים נישט אָפּ פון צו קומען נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל. ער זוכט צו באַקומען אַזוינע מיטלען וואָס רופן זיך „דאָס שעמענדיקע רויטקייט פון יוגנט"

„טאַנטע מאַריעס שפּראַצנדיקע קערנדלעך", „ליב מיך עליקסיר", „פּאַלקאַ־מענער־מאַן געטראַנק", „ברויזנדער־פייער טאַבלעטן", „מוטער רחלס באַלזאַם", „סאַמעט־הויט־קרעם".

טאָג און נאַכט זוכט ער און נישטערט, דער טשיקאַגאָער פּאַרשוין, ער באַגערט צו באַקומען אויסטערלישע מאַטעריאַלן, אויפצוטאָן אַזוינס וואָס קאָן נישט אויפגעטאָן ווערן. ער פּערזאָניפיצירט מיט זיך אַ פּראָדוקט פון אַמאָל, אַמאָל, פון יענער צייט ווען מענטשן האָבן געגלויבט אין מיסטעריעזע איבער־בייטונגען, אין אותות און מופתים. ער איז אָבער פּאַרט היינט־וועלטיק, דע־ריבער זוכט ער צו באַקעמפן די ביטערע ווירקלעכקייט נישט דורך שפּרע־כערס, זנאַכערס אָדער באַבקעס, נאָר דורך פּעטענט־מעדיצינען.

איין מאָל, אין אַ שיינעם טאָג, האָט זיך מיר פאַרגלוסט אויסצוגיין, דאָס הייסט נעמען זיך די פרייהייט, אַרויס פון אַפּטייק־געפּענקעניש און גיין זען די וועלט. דאָס איז אַ גרויסע פּאַסירונג אין לעבן פון אַן אָרימען אַפּטייקער, אַ לוקסוס אַזאַ וואָס מען קען זיך זעלטן פאַרגינען.

פאַר דער געלעגנהייט האָב איך באַשטימט מיט אַ טאָג פריער אַ רע־גיסטרירטן קלערק, און גלייך ווי ער האָט זיך באַוויזן אויף מיין שוועל, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן מיין הוט און מיין ראָק און בין אַרויס אויף דער פריי. מיין האַרץ האָט געפּלאַטערט מיט פרייד און פייערלעכקייט, איך בין פריי, פריי אויף אַ גאַנצן גרויסן טאָג.

שפּעט אין אָונט בין איך געקומען צוריק אין מיין לאַגער און זיך ווידער געשטעלט אויף מיין פּאָסטן. איך האָב אויסגעהערט אַ באַריכט פון דעם קלערק וועגן אַלץ וואָס ס'איז פאַרגעקומען דורכן טאָג. צווישן אַנדערע פּאַסירונגען פון טאָג האָט ער מיר דערציילט מיט אַ געלעכטער:

— אַ מאַן איז אַריינגעקומען אַהער, אַ מאַן מיט אַן אויסגעבויגענער פּלייצע און מיט אַ שטעקל אין האַנט, און געוואָלט האָט דער מאַן האָבן די טראָפּן פון „דעם הייליקן רפאל". האָב איך לאַנג נישט געטראַכט און צוזאַמענ־געמישט פאַר אים אין אַ קליין פלעשעלע עטלעכע מינים וואָס איז מיר נאָר געקומען צום האַנט. האָב אָנגעקלעבט דערויף אַ צעטל „דעם הייליקן רפאלס טראָפּן" און אים גערעכנט דערפאַר אַ דאָלאַר מיט אַ פערטל.

איך האָב דעם קלערק שטאַרק אויסגערעדט פאַר דעם און אים ער־קלערט אַז איך פיר נישט מיין האַנדל אויף אַ סיסטעמע פון נאַרעריי. עס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן אונז אַ שאַרפע דיסקוסיע אויף דער טעמע פון פּראָפע־סיאָנעלע עטיק.

— עטיק, שמעטיק! — האָט מיין געהילף זיך אויסגעלאַכט — מען קויפט דאָס פאַר אַ פעני אַ דוצנד. טוען נישט דאָקטוירים די זעלבע זאַך?

פארבלענדן זיי נישט אפט מאל די אויגן פון זייערע פאציענטן דורך לעכער־לעכע און פאלשע רעצעפטן? און באצוועקן זיי נישט דאס זעלבע וואס איך האב באצוועקט? ערשטנס, כדי צו באקומען באצאלט, און צווייטנס כדי צו שטארקען באטריבטע הערצער מיט א ביסעלע האפנונג און קוראזש.

— פאר מיר איז געשטאנען א סילועט פון א מענטשן — אזוי האט מיין געהילף פארגעזעצט זיין פארטיידיקונג — א צוקלעמטער נפש, וואס האט גע־זוכט עפעס אן אנהאלט אין זיין געפאלנקייט, וואס האט געלעכצט נאך א רפואה פאר זיין צעוויטאקטן לייב און שווערן געמיט. ווארום אנטווישן זיין האפנונג און בארויבן אים פון זיין גלויבן? —

איך בין באשטאנען דערויף אז באטראג איז באטראג נישט קוקנדיק אויף קיינע פיינע רייד; און נארערייי קאן נישט גע׳כשרט ווערן מיט קיינע שיינע פראזן. און צוגאנגען זיינען מיר זיך ווי אלע דעבאטאנטן צוגייען זיך: יעדער איינער איבערצייגט נאך מער ווי פריער אז ער האלט אין ארענדע דעם ריינעם כשרן און איינציקן אמת...

אין א קורצער צייט ארום האט זיך דער מאן מיטן שטעקל ווידער בא־וויזען פאר מיר. דאס מאל האט ער מיך גאר אינגאנצן נישט באמערקט, זיין בליק האט געזוכט עמיצן אנדערש. ער האט געקוקט צום ארייגאנג פון היג־טערשטן צימער און א ווארטשע געטאן:

— א וואו איז דער מאן?

— איך בין א מאן. — האב איך זיך געווערטעלט.

— „ניין, איך וויל זען א יענעם מאן, דעם ריכטיקן אפטייקער“. און געקוקט אביסל אויף א זייט ווי ער וואלט בייז געווען.

איך ענטפער אים אבער גוטמוטיק:

— נישטא אצינד א יענער מאן; איך פארנעם יעצט זיין פלאץ.

ער איז געשטאנען שווייגנדיק, די ליפן צוזאמענגעצויגען, און געקוקט צום דיל.

— א שאד! א שאד! — מורמעלט ער, נישט אויפהויבנדיק די אויגן, — יענער מאן האט מיר גוט צוגעטראפן.

נאך א קורצן ישוב הדעת נעמט ער ארויס פון טאש א קליין פלעשעלע, קוקט און קוקט דערויף, דערנאך זייט ער ארויס צווישן די ציין:

— איך וויל באקומען נאך אמאל אזא פלעשעלע מיט טראפן.

איך נעם דאס פלעשעלע אין האנט אריין און לייען איבער דעם אויפ־שריפט: „די טראפן פון הייליקן רפאל“. איך בין געווארן געפלעפט, געדרייט דאס פלעשעלע פון אלע זייטן און נישט געוואוסט ווי זיך צו באגייען.

דער מאן מיטן שטעקל האט א פנים באמערקט מיין פארלעגנהייט. גאר

אַז צערעמאָניעס נעמט ער אַרויס ביי מיר דאָס פלעשל פון האנט און לייגט דאָס אַריין צוריק אין קעשענע. ער האָט שוין מיר דערקאָנט, הייסט דאָס, אַז איך קאָן נישט און ווייס נישט.

— ווען קאָן איך אים דאָ זען דעם אַפּטייקער? — פרעגט ער מיט אַ בייזער.

איך מאַך שלום מיט מיין שיקזאַל און ענטפער אים אַז ס׳איז נישט באַשטימט ווען דער אַפּטייקער וועט דאָ נאָך אַמאָל זיין, ער קומט אַריין אַהער פון צייט צו צייט.

אַז אַנטוישטער האָט ער אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ און אָנלייענדיק זיך אויפן שטעקל האָט ער זיך מיט שווערע טריט געלאָזט צום טיר.

# די רויטע טראָפּן

(דערציילונג)

דער דאָקטאָר האָט זיך אָנגעלענט אויפןווענטל פון זיין שטול און שפּי־לענדיק זיך מיט זיין בלייפעדער האָט ער געמיטלעך ערקלערט צו זיין פּאַציענט:

— פאַראַן ביי יעדן מענטשן אינווייניק אויף דער לינקער זייט (ציינט אויפן האַרצן) אַ מאַשינקעלע אַזאַ. האָט אָט די מאַשינקעלע אַ פּאָמפּע, וואָס האַלט אין איין פּאָמפּן בייטאָג און ביינאַכט ,שבת און יום־טוב. ביי אייך פּאָמ־פּעט די מאַשינקעלע נישט זייער רעגלמעסיק. זי טוט איר אַרבעט אַביסעלע צו האַסטיק, און דעריבער אָטעמט איר טאַקע אַביסעלע צו האַסטיק.

דער פּאַציענט, מיסטער פּוטערפּאַס, אַ הויכער, אַ שווער־לייביקער, מיט לאַכעדיקע אויגן־גריבעלעך, ווישט אַרום דעם שווייסיקן פּנים און פרעגט דעם דאָקטאָר:

— און וואָרום זאָל די דאָזיקע מאַשינקע מאַכען ביי מיר אַזאַ מין האַרי־אַפּ דזשאָב? וואָס איילט זי זיך, וואָס?

— די מאַשינקע וויל אייך נאָכטאַנצען. — ענטפערט דער דאָקטאָר געלאַסען. — זי איילט זיך דערפאַר, ווייל איר איילט זיך. איר האַוועט און שמאַיעט און יאָגט זיך און קאָכט זיך, וויל די מאַשינקע נישט אָפּשטיין פון אייך.

— נו, דאָקטאָר־לעבען, דאָ איז דאָך אַמעריקע, אַלע יאָגען, יאָג איך אויך; אַז איך וועל נישט יאָגען, וועט אַן אַנדערער מיך איבעריאָגן און איך וועל בלייבן אַן אַ קנעלונג.

— גיט געפערלעך, — מאַכט אַוועק דער דאָקטאָר מיטן האַנט — ווען איר וואָלט נישט אַזוי שטאַרק געשוואויבלט און געגריבעלט וואָלט איר בלויז אַריינגעכאַפּט אַביסעלע ווייניקער. שוין גענוג געכאַפּט. וויפיל איז דער שיעור?... אָבער דאָס איז בלויז איין סיבה וואָרום אייער מאַשינקעלע מאַכט אַזאַ האַרי־אַפּ דזשאָב. פאַראַן נאָך אַ סיבה.

— וואָס נאָך, דאָקטאָר? לאָמיך הערן.

— די אַנדערע סיבה איז, וואָס איר טראָגט אַ צו שווערן פּעקל אויף אייער לייב. אַביסעלע צופיל פעטס האָט איר אָנגעקליבן אַרום אייער בויך. כדי צו ספּראַווען זיך מיט אַזאַ שווערער משא, מוז אייער האַרץ אַרבייטן אָווער־טאַים. דעריבער סאָפּעט איר אַזוי הילכיק און אָטעמט אַזוי אָפּט.

— אדרבא, דאָקטאָר, גיט מיר עפּעס אַ מעדיצין דערצו. איך וועל אייך באַדאַנקען...

— נישטאָ קיין מעדיצין דערצו, מיין פריינט. איר דאַרפט נאָר נישט

נאָכגעבן דעם יצר־הרע און עסן וואָס ווייניקער. מיידט אויס פון עסנוואַרג אַלע פעטס און זיסע מאכלים, און פון אייערע געטראַנקען די אייז־קריעם סאָ־דאַס מיט די ביר. איר דאַרפט פאָרן אויף אַ פאַרם און עסן נאַטירלעכע שפּייזן, פרוכט און גרינס, ספּינאַטש, סעלערי, קרויט און בוריקעס. אָט דאָס זאָל זיין אייער עסן, מיין פריינט, דאָס אַליין, און די געדעמפּטע זאַדיקעס און געפילטע קישקעס.

— אוי, דאָקטאָר, פאַרוואָס קומט דאָס מיר אַזאַ אַפּקומעניש? גיי באַ־גראָב זיך לעבעדיקערהייט אויף אַ פאַרם, האָב נישט מיט וועמען אַ פּינאָקל צו מאַכן, עס גראָז ווי בהמה, בלאָנקע זיך אַרום אַ הונגעריקער, אַ פאַרשמאַכ־טער, ווייט פון אַ מאַרק, פון אַ שטאָט, ווייט פון אַ באָד, פון אַ שפּיטאָל און פון אַ דאָקטאָר...

דער דאָקטאָר זיצט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, קוקט אויף זיין פּאַ־ציענט און שמייכלט געמיטלעך. ער טראַכט אַ מינוט און זאָגט אַרויס:

— דאָס וואָס איר טראַכט פון וואַקאַציע מיט אַ דאָקטאָר איז אַ גאַנץ גוטער געדאַנק. די פאַרם געפינט זיך דאָך מסתמא אַ פּאָר מייל ווייט פון אַ דאָקטאָר, זאָלט איר זיך יעדן טאָג אַרויסלאָזן אין וועג און גיין און גיין מיילען־לאַנג ביז וואַנען איר וועט דערגרייכן דעם דאָקטאָרס הויז. דאַן זאָלט איר זיך פאַרקירעווען אויף צוריק — אַריינגיין צום דאָקטאָר איז נישט נויטיק — און ווידער גיין און גיין ביז וואַנען איר וועט קומען בשלום צוריק צו דער פאַרם.

— און וואָס איז מכוח זען דעם דאָקטאָר? — וואונדערט זיך פּוטערפּאַס.

— איר דאַרפט אים גאָרנישט זען, דעם דאָקטאָר. — וואָס איר דאַרפט — איז גיין אַהין און גיין צוריק. מאַכט אַ לאַנגן שפּאַציר אָן דאָקטאָריע.

דער פּאַציענט קוקט אויפן דאָקטאָר מיט אַ פאַרשענדן בליק, לעגט אויפן טיש אַרויס אַ געלט־פּאַפּירל און פרעגט טראַגיש:

— נישטאָ שוין פאַר מיר גאָר קיין מעדיצין, ניטאָ? נאָך וואָס־זשע בין איך געקומען אַהער, נאָך וואָס?

— אַלראַיט, — האָט דער דאָקטאָר אַ שמייכל געטאָן — איך וועל אייך געבן אַזוינע טראָפּנס...

מיט די ווערטער האָט דער דאָקטאָר פאַרשריבן פאַר אים אַ רעצעפּט אין לאַטיין. באַדייט האָט דער רעצעפּט: אַביסעלע צוקער־וואַסער אָפּגע־פאַרבט אויף רויט מיט מאַלינעס זאַפט... און פאַרזאָגט האָט אים דער דאָק־טאָר צו נעמען דערפון פינף ראָפּן אין וואַסער דריי מאָל אַ טאָג אַ האַלבע שטונדע נאָכן עסן.

שוין אַ פּאָר וואָכן ווי מיסטער פּוטערפּאַס בלאָנקעט זיך אַרום אַן איינ־

זאַמער אויף דער פאַרם צווישן בוימער, בלעטער, גראָזן, פויגלען, בינען, בהמות און עופות. די זון בליצט אים גלייך אין די אויגן אַריין, באַקט אים און קושט אים און באָדט זיין גוף און נשמה אין ליכט און פייערלעכקייט.

ער פילט עפּעס אַזוי מאָדנע און טשיקאַווע. זיך קוים אַרויסגעריסן פון דעם גרויס־שטאָטישן בראַזג און טאַראַראַם, פון שטענדיקן גרילץ און געפּילדער פון די טרוימייטענדיקע אויטאָמאָבילן, טראַסקענדיקע טראָקס, און דזשעזיקע סאַקסאָפאָנס, און אַריינגעפאַלן מיט אַמאָל אין אַ שטילער, פאַנטאַס־טישער קעניגרייך פון בערגלעך און טאָלן פאַרטונקען אין גרינס, וועלדער און פעלדער וואָס דופטן מיט אַזוינע מחיהדיקע ריחות, בוימער און צווייגען וואָס שטייען שמונה עשרה, שאָקלען זיך מיט אַ פרומקייט און שעפּטשען שטילע תפלות צום באַשעפער פון דער וועלט. ער לייטערט זיך דאָ אין זיסער רו און ער איז ווי פאַרשכורט פון דער פרישער און שמעקנדיקער לופט.

דער קאָנטראַסט פון שטאָט און פאַרם האָט אים צום אָנפאַנג גאָר צו־דרומשקעט און צעמישט. ס'האָט זיך אים עפּעס גאָר נישט געגלויבט אַז אַזוינע צוויי אַנטקעגנגעזעצטע אומגעבונגען זאָלן זיך געפונען אויף דער זעל־בער ערד. אים דוכט זיך אַז דאָ איז גאָר אַן אַנדער וועלט, אַ יענע־וועלט.

אַלע טאָג דערמאָנט ער זיך אָן די שטאָטעשע געשעפטן און פּראָיעקטן, וואָס רופן און לאָקן אים צו זיך. ער וויל לויפן פון דאַנען און אַוועקיאָגן זיך צוריק אין שטאָט אַריין. אָבער באַלד דערמאָנט ער זיך אָן דער מאַשינקעלע וואָס געפינט זיך אין דער לינקער זייט, וואָס פירכעט אַביסעלע צו־שנעל און מאַכט אַ האַרי־אָפּ דזשאַב. ער דערשרעקט זיך און בלייבט איבער נאָך אויף אַ וואָך.

ער צווינגט זיך מיט אַלע כוחות אָפּצוהיטן דעם דאָקטאָרס באַפעלן. ער שפּרייזט אַרום טאָג און נאַכט. ער עסט פּראָדוקטן פון דער ערד, פרוכט פון די בוימער, אייער ערשט־געלייגטע פון די טשיקנס און מילך ערט־אויס־געמאָלקן פון דער קי. אָבער מער פון אַלעס היט ער אָפּ די מעדיצין צו נעמען. נאָך יעדן עסן קוקט ער פרום אויפן זייגער און ווען די האַלבע שטונדע גייט פאַריבער טריפט ער פאַרזיכטיק אַריין אין אַ לעפל וואַסער פינף טראָפּן פון דער רויטער מעדיצין, שלינגט דאָס אַרונטער און ער דערפילט, אַז די אַרבעט פון דער מאַשינקעלע פאַרבעסערט זיך...

אין זיין מוח קומט פאָר אַ מישמאַש פון אַלערליי אַנטקעגנגעזעצטע געדאַנקען און סברות, וואָס שלאָגן זיך און אַמפּערן זיך איינע מיט די אַנדערע. צייטנווייז דוכט זיך אים, אַז ער מאַכט זיך לעכערלעך. וואָס טוט זיך דאָ מיט אים, וואָס? ער, אַ יוסטער באַלעבאָס, אַ ביזנעסמאַן, בלאָנקעט זיך דאָ אַרום ווי אַ פּוסט־און־פּאַסניק, צווישן בהמות, מיט הינער, קאָטשקעס, און שלייעט

זיך אַרום גאַנצע טעג צווישן גרעזלעך און בוימלעך. צי איז ער משוגע, צי חסר דעה?

דאָ פֿאַרקוקט ער זיך אין דער ווייטער ווייטקייט, וואָס פֿירט צו אַן אַנ־באַשטימטן ערגעץ... אַלץ איז פֿאַרטונקען אין גרינס. אַלץ רייצט מיט קלאַנג, מיט דופט און פֿאַרב. דאָס אויג קאָן זיך גאָר ניט אָנזען און די נשמה פֿרייט זיך אָן ווערטער. דאָ איז דאָס אמת׳ע לעבן, זאָגט ער צו זיך, דאָ און נישט דאָרטן אויף די ברוקירטע גאַסן, וואו עס ברענט און שרפֿהט אַן אייביקע שלאַכט...

ער לאָזט זיך גיין און גיין איבער פּוסטע פֿעלדער און וויסטע וועלדער. ער באַמערקט, אַז ס׳גייט זיך אים אַ סך לייכטער ווי פֿריער, דאָס בייכל איז ביי אים אַ היפּש ביסל איינגעפֿאַלן און די משא אויפֿן לייב איז אים פֿיל לייכ־טער צו שלעפּן. ער פֿילט ווי עפּעס אַ שימעל האָט זיך פֿון אים אָפּגעשאָקלט. ער פֿאַרגייט ערגעץ אין אַ וועלדל און דערזעט פֿאַר זיך אַ גרויס קעניגרייך פֿון בוימער. יעדער בוים זעט אויס ווי צו דער חופּה געפֿירט, יעדער צווייג — אַ קראַנץ פֿון בלומען. פֿויגעלעך פֿירן אַ פֿריילעכן שמועס און אַ היישעריק גרילצט ערגעץ אין די גראָזן. עס שמעקט מיט יום־טוב און פֿייערלעכקייט. אפֿשר, טראַכט ער, זאָל איך אויפֿגעבן דעם קאָכעקן האַנדל, איבערלאָזן די שטאָט מיט איר ווילדן געדראַנג און גרילצנדיקן געפּילדער און זיך באַזעצן דאָ אין דעם פֿאַר׳כּשופֿ׳טן גן־עדן? אפֿשר?

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז מיסטער פּוטערפּאַס געקומען צוריק אין שטאָט אַריין און זיך גלייך אַריינגעוואָרפֿן אין טומלדיקן לעבן, ווי גאָר נישט געווען און גאָר נישט געזען. יעדער איינער פֿון זיין פֿאַמיליע און באַקאַנטע האָט באַוואונדערט זיין גוטן אויסזען און זיין אויסגעפּרעסטן גלאַטן גוף. יעדער איינער איז נייגעריק געווען אויסצוגעפֿונען ווי אַזוי איז דאָס אים געלונגען אָפּטרייסלען פֿון זיך די שווערע פֿעטס און אויסאיידלען זיין קערפּערלעכן געבוי.

— פֿאַראַנען דערצו אַזוינע זיסע רויטע טראָפּן, — אַזוי ערקלערט פּוטערפּאַס פֿאַר זיינע צוהערער דעם סוד פֿון זיין אומבייט — אַ דאָקטאָר האָט דאָס מיר פֿאַרשריבן; געהייסן נעמען פֿינף טראָפּן דריי מאָל אַ טאָג נאָכן עסן. נו, נו, פֿרעגט שוין גאָרניט... שוין איין מאָל טראָפּן! ס׳ווירקט ווי אַ כּישוף... אָבער די טראָפּן מוז מען נעמען אויף אַ שטילער פֿאָרם, אַזוי זאָגט דער דאָק־טאָר.

# די קראַפט פון וואָרט

(דערציילונג)

שפּעט אין אָוונט. אַ שווערע מאַטערניש און מידקייט איז געווען, ווי בליי, צוגאָסן איבער מיין קערפּער. איך בין געווען פאַרפייניקט פון אַ לאַנגען טאָג שווערער אַרבייט אין אַפּטייק, וואו איך בין געווען אָנגעשטעלט אַלס דער איינציקער קלוירק. דער אייגנטימער האָט זיך יענעם טאָג געלאָזט וואויל־גיין און איז „אויסגעגאַנגען".

פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך געשטאַנען אויף די פיס, געשמאיעט, געלאָפן, געוואַשן דעם דיל, געווישט דעם שטויב פון די פּאָליצעס, גערופן דאָקטוירים, פאַרפּאַרטיקט רעצעפּטן, געקנאָטן זאַלבן, גע־קייקלט פּילן, געשמירט, געריבן, געוואַשן, באַנדאַזשירט; צו דער זעלבער צייט האָב איך אויך פאַרקויפט סטעמפּס, געשריבן אַדרעסן, גערופן שכנים צום טעלעפאָן, אויסגעהערט שווערע הערצער, געטרייסט, געגעבן עצות, און געדינט — געדינט דער מענטשהייט אויף אַלע כלים.

איך בין געווען ערשעפּט, און אַלע ווײַלע האָב איך אויפגעהויבן מיינע בליקן צום זייגער און אומגעדולדיק אַרויסגעקוקט אויף דער שעה, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין דערנענטערן מיך צו באַפרייען.

ענדלעך האָט געשלאָגן צוועלף. די ערלייזונג איז געקומען. איך האָב אויף שנעל אַרויפגעכאַפּט מיין הוט און מאַנטל און שוין געוואָלט אויסלעשן די גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן, ווען פּלוצלונג האָט זיך די טיר ברייט צע־עפנט און צוויי אויסגעפּוצטע פריילעכע יונגן זיינען אַריינגעקומען און געהייסן זיך דערלאַנגען אַ פּעקעלע טשואינג־גאָם.

איך האָב זיי אויף שנעל דערלאַנגט די סחורה און אַרויסגעקוקט אויף זייער אָפּשייד. אָבער זיי האָבן זיך נישט געאײַלט אָוועקצוגיין. איינער פון זיי האָט מעשה־ספּאָרט אַ רוק געטאָן זיין פלאַכן קאַפּעליושל אָן אַ זייט, זיך דערנענטערט צו מיר, אַ וואונק געטאָן מיט אָן אויגל און וואויל־יונגעריש אַ זאָג געטאָן:

— כ'וויל עפּעס אַ מיטעל פאַר אַ קאָלד, אַ לייכטן קאָלד.

— אַ קאָלד אין נאָז, אין האַלדז? וויל איך טרעפן.

ער דערנענטערט זיך צו מיר גאַר נאָענט, רוימט מיר אַ סוד אין אויער

אריין, און קוועלט מיט גרויסע הנאה. קענטיק, ער שטאָלצירט מיט זיין אויפ־טו, דער יונגער בחורל.

פאַר מיינע קונים, וואָס עפנען פאַר מיר אויף זייערע הערצער אָנגע־לאָדן מיט אַנגסט און ווײ, ברענג איך אימער טרייסט און ערמוטיקונג. מיין באַנעמונג צו יעדן איינעם, וואָס קומט צו מיר אָנגעזאָפּט מיט שווערע שמערץ און מאַטערניש, קום איך אַנטקעגן מיט ווערטער פון קוראַזש און דערקוויקונג. אָט דעם שטאָף ערמוטיקונג טייל איך אימער אויס מיט אַ פולער האַנט. וואָרים, זאָג איך צו זיך אַליין, די הילף און ערלייכטערונג, וואָס דו, אַלס אַפּ־טייקער, קענסט געבן דער ליידנדער מענטשהייט, איז דאָך אַזוי נישטיק, אַזוי קליין — טאָ דערלאַנג זיי כאָטש אַ ביסעלע קוראַזש.

אָבער איצט, צוועלף אַזייגער ביינאַכט, שטייענדיק אַליין אָנגעלאָדן מיט מידקייט און אומגעדולדיקייט, האָט זיך מיין טרייסט־וואָרט אויסגעוועבט און פאַרשוואונדן ערגיץ אויפן טייפלס אינזל... איך בין געשטאַנען פאַרביטערט און באַטריבט. דער וואויל־יונגערישער אויסדרוק פון דעם יונגן פראַנט האָט מיך נאָך מער אויפגערייצט און אַרויסגערופן אין מיר פאַרדראָס.

— וואָס מיינסטו, — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעזאָגט אין אַ האַרבן טאָן, און איך האָב זיך דערביי פאַרוואונדערט אויף זיך אַליין: ווי קומט צו מיר אַזאַ שטרענקייט, — וואָס מיינסטו, איך זאָל דיר געבן עפּעס אַ מיטל צו אַ פאַרקילונג? וואָס דענקסטו זיך? מעגסט וויסן, יונגער מאַן, אַז דו ביזט אַ חולה, דו באַגרייפסט גאָר נישט די באַדייטונג פון דיין קראַנקהייט. דו מוזט זיך ווענדן צו אַ דאָקטאָר, אַ גוטן, אָרענטלעכן דאָקטאָר. דו דאַרפסט זיך באַ־וואפענען מיט א סך אויסדויער און געדולד, ווייל דאָס קורירען זיך פון דער חולאת וועט געדויערן אַ היפּשע צייט. בלויז אויף אַזאַ אופן קענסטו זיך צו־ריק קערן צו דיין נאָרמאַלן צושטאַנד. אַנדערש בלייבסטו פאַרקריפּלט אויפן גאַנצן לעבן...

אָבער דאָ האָט זיך עפּעס געטראָפן, עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב קיינ־מאָל נישט דערוואַרטעט אָדער פאַראויסגעזען. דער מונטערער און לעבנס־לוסטיקער בחור איז מיט אַמאָל בלאַס געוואָרן און זיך אַ שאָקעל געטאָן הין־און־הער. האָט זיין רעכטע האַנט צוגעדריקט צום שטערן און מיט דער לינקער האַנט האָט ער געזוכט עפּעס אָן וואָס צו אָנהאַלטן זיך. אַ פּאָר סעקונדן האָט ער זיך געוואָקלט, און פּלוצלונג — אַ פּראַל געטאָן אויפן דיל און געבליבן ליגען שטום אָן באַוועגונג.

אויף אַ מינוט בין איך געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט און נישט געקענט מאַכן קיין טראָט.

— וואָס האָט איר געטאָן צו אים? — האָט זיין חבר פאַרצווייפלט אויס־געשריגען, — איר האָט דאָך אים דערהרג׳ט אויף טויט!

איך האָב אַרונטערגענומען מיין הוט און מאַנטל, האָב זיך אָנגעבויגען און אָנגעהויבן אים שאָקלען און רייבן. אָבער אומזיסט. ווי אַ טויטער קערפּער איז ער געלעגען אויפן דיל, און איך האָב נישט געקענט מערקן אין אים קיין צייכן פון לעבן. איך האָב געהייסן דעם פריינט זיינעם מיר העלפן אַרי־בערטראָגן אים אין דעם הינטערשטן צימער פון אַפּטייק. דאָרטן האָב איך זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט. איך האָב אָנגעשטרענגט אַלע מיינע קרעפטן און קענטענישן צו ברענגען אים צוריק צום באַוואוסטזיין. כ׳האָב צוגעלעגט שמעקאַכצן צו זיין נאָז, געשטופּט טראָפּנס צווישן זיינעציין, גע־ריבן אים מיט אַלערליי שטאָפן. איך האָב אים געדריקט, געגלעט און געשמירט. פאַרשוווּנדן מיט אַמאָל, ווי דורך אַ כשוף, איז מיין מידקייט, שלעפעריקייט און שווערקייט.

ענדלעך האָט ער געעפנט די אויגן, ווילד און צעמישט זיך אַרומגע־קוקט. זיין פריינט האָט אים אָנגעפאַנגען צו גלעטן און מונטערן. צוביסלעך האָט ער זיך אויפגעהויבן מיט אָנשטרענגונג און שווערקייטן. זיין פּנים איז געווען גראָ, ווי אַש, זיינע אויגן — האַלב־פאַרמאַכט, זיין קערפּער געבויגן, זיין מוט צעבראָכן, און זיינע הענט און ליפּן האָבן געציטערט ווי אין קאָנוואול־סיען. ער האָט זיך הילפלאָז אָנגעלענט אויף די אָרעמס פון זיין פריינט. שטיל און פּאַמעלעך, מיט שוואַכע און ציטערנדע טריט האָבן זיי זיך געלאָזן צום אַרויסגאַנג.

דעם מאָל האָב איך פאַרשלאָסן די אַפּטייק שפּעט, שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. ביזן ווייסן טאָג אַריין בין איך געלעגן אויף מיין בעטל און קיין אויג נישט צוגעמאַכט. איך האָב געטראַכט פון דעם כּוח פון אַרויסגערעדטן וואָרט, פון דער קראַפט פון דער מענטשלעכער צונג.

אַ וואָרט, אַ שוואַכער וואָרט קייקעלט זיך אַרויס פון מיין מויל. דער קלאַנג טראָגט זיך אַוועק אויף די כוואַליעס פון לופט אָן אַ באַטרעף, אָן אַ פאַרנעם, דערגרייכט עפּעס אַ מענטשלעכן אויער. און דאָרטן, אין יענעם אויער, פאַרוואַנדלט זיך מיט אַמאָל דאָס נישטיקע וואָרט אין אַ שאַרף פון אַ שווערד, טוט אַ שניט דאָס האַרץ און צערייסט דעם געוועב פון גאַנצן מענטש־לעכן געבוי...

אָבער מיט דעם זעלבן כּוח פון וואָרט — אַזוי האָב איך ווייטער גע־שפּונען מיינע געדאַנקען — קען מען דאָך דערפרייען, אַנשטאָט דערשלאָגן; בויען, אַנשטאָט צעשטערן; מיט דער זעלבער קראַפט פון דער צונג קען איך

דאָך ברענגען א רפואה, אַ וואוילע רפואה, וואָס זאָל היילען, אנשטאָט פאַר־גיפטן; דערקוויקן, אנשטאָט דערשטיקן.

דאָס וואָרט, דאָס וואָרט! וואָס פאַר אָ וואונדערלעכער פּיל דאָס איז: עס קען דאָך אי היילען, אי סמ׳ען. ווי פאָרזיכטיק מען דאַרף דאָס זיין מיט אַזאַ פּיל.

און אַנשלאָפן געוואָרן בין איך צולעצט מיט אַ באַשלוס, אַ פעסטן באַ־שלוס:

לאָמיך פאַרקאָכן גוט די דאָזיקע רפואה פון וואָרט און לאָמיך דאָס אי־מער האַלטן אין „סטאָק״, צולייגט אין די קעסטעלעך פון מיין האַרצן און פאַר־זאַמעלט אין די גריבעלעך פון מיין צונג. און לאָמיך זי צעטיילען, די דאָזיקע רפואה, מיט אַ פולער האַנט, פראַנק און פריי יעדן איינעם פון מיינע באַזוכער אין אַפּטייק. מען דאַרף דאָך די דאָזיקע מעדיצין ביים האָלסעילער נישט קויפן און מען מוז אויך פאַר דעם קיין רענט נישט צאָלן...

# ספעציאַליסטן

(מאָנאָלאָג)

דורך צייטונגס אַרטיקלען און אויף דער ראַדיאָ האַלט מען אין איין פּרעדיקען, אַז יעדער מענטש דאַרף זיך פּעריאָדיש לאָזן אונטערזוכן פון אַ דאָקטאָר, און אַוודאי דאַרף מען זען דעם דאָקטאָר ווען מען באַמערקט אַז עפּעס אַן אומאָרדענונג וואָס קומט פאָר אין מענטשלעכן קערפּער. נו, האָב איך געפאָלגט די עצות און בין צוויי יאָר צייט כסדר געגאַנגען צו דאָקטוירים און צו גרויסע ספּעציאַליסטן.

און וואָס איז דער רעזולטאַט? די אומאָרדענונג אין מיין קערפּער, איז געבליבן די זעלבע ווי געווען, און אַלס צוגאָב בין איך געוואָרן שטאַרק נערוועז מיינע צײן זיינען אומזיסט אַרויסגענומען געוואָרן, מיינע אָפּגעשפּאָרטע פאַר דאָלאַר אַוועקגענומען און מיינע כוחות זיינען ערשעפּט. מען האָט מיך אַרומגעשיקט פון איין דאָקטאָרס אָפיס צום צווייטן. איך בין באַהאַנדלט געוואָרן ברוטאַל און ערנידעריקט געוואָרן ביז דער העכסטער שטופע. איצט האָב איך רעוואָלטירט קעגן אַלע דאָקטוירים און וויל זיי מער נישט קענען.

מיט צוויי יאָר צוריק האָבן מיינע אויגן אָנגעהויבן באַווייזן מאָדנע קונצן; עפּעס שוואַרצע פלעקן האָבן געשוועבט פאַר מיר אַראָפּ און אַרויף און זייער אָפט פלעגן מיינע אויגן אָנהויבן צוקן און טרערן. אָט די ערשיינונג האָט דערשיטערט מיין גאַנץ וועזן. אין מיין פאַנטאַזיע זיינען דורכגעלאָפן שוידערלעכע בילדער. דער געדאַנק, אַז איך וועל דאַרפן פאַרברענגען מיין גאַנצן לעבן אין פינצטערניש האָט מיר פאַרביטערט די יאָרן.

אם ענדע האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און כח, בין אַוועק צו דעם נאָענסטן מעדיצינער ד״ר בלענק, און מיט אַ ציטערנדיק האַרץ אים אויסדערציילט מיינע אַלע צרות. ער האָט אונטערזוכט מיינע אויגן, און איך האָב געקאָנט זען נאָך אים נאָך, אַז ער בלאָנדזשעט וועגן דעם עצם פון מיין חלאת. ענדליך, האָט ער באַשלאָסן מיך צו שיקן צו אַן אויגן־ספּעציאַליסט ד״ר פּעניפּעקער, און ער האָט מיר פאַרזאָגט צו ברענגען אים דעם רעפּאָרט פון דעם ספּעציאַליסט, כדי ער, ד״ר בלענק, זאָל קענען אויף מיר דערנאָך גוט אַכטונג געבן.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער געמאַכטער אַפּוינטמענט מיטן

ספעציאַליסט איז געווען צו דער מינוט, האָב איך דאָך געדאַרפט אָפּזיצן ביי אים אין אָפּיס לאַנגע שטונדן, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פּאַציענטן, האַלב בלינדע און גאַנץ בלינדע. די גאַנצע אַטמאָספערע פון אָפיס האָט אויף מיר שרעקליך געווירקט; מיין האַרץ איז געגאַנגען כּאַדאַראַם. אַם ענדע האָט מען מיך אַריינגענומען אין די קדשי קדשים פון דעם גרויסן אויגן־ספּעציאַליסט. ער האָט מיך באַטראַכט מיט אַן ערנסטער מינע און שנעל געפרעגט מיין נאָמען.

בקצור, דער אויגן־ספּעציאַליסט האָט מיך אָפּגעשיקט צוריק צו ד״ר בלענק און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז מיין צושטאַנד פון די אויגן מוז זיין אַ רעזולטאַט פון אַ ניערן־קראַנקייט און דעריבער ראָט ער מיר צו באַזוכן אַ נירן־ספּעציאַליסט. ד״ר בלענק, האָט אויסגעפילט דעם באַפעל פון אויגן־ספּעציאַליסט און מיך געשיקט צו אַ גרויסן נירן־ספּעציאַליסט, ד״ר פלאַקים. דער באַרימטער נירן־ספּעציאַליסט האָט מיך גענומען אויף אַ לאַנגען פאַרהער, און איידער וואָס ווען, האָט ער מיך געשיקט צו ד״ר סטיקער, אַ ספּעציאַליסט אויף נעמען עקס־שטראַלן. נאָכדעם ווי איך בין דורכגעגאַנגען פאַרשידענע טעסטן און עקזאַמענס עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, האָט מיר דער שטראַלן־ספּע־ציאַליסט, ד״ר סטיקער, געשיקט צוריק צו ד״ר פלאַקים, דעם נירן־ספּעציאַ־ליסט, ד״ר סטיקער, געשיקט צוריק צו ד״ר פלאַקים, דער נירן־ספּעציאַ־ליסט האָט מיך איבעראַנייס אונטערזוכט איינמאָל און נאָך אַמאָל, און האָט באַשטימט, אַז, כאָטש די נירן זיינען ביי מיר נישט פון בעסטן סאָרט, דאָך זיינען זיי נישט אויף אַזויפיל קראַנק צו פאַראורזאַכן די אויגן־קראַנקייט. ער האָט דעריבער אַדרעסירט מיין אויגן־קראַנקייט צו מיינע שלעכטע ציין, און דעריבער, האָט ער, באַשלאָסן, אַז מיין רפואה מוז קומען דורכן דענטיסט.

ד״ר פּוליט, דער דענטיסט האָט מיר דערקלערט, אַז אַזוי ווי ער האַלט שוין דערביי, וואָלט ער געוואָלט מאַכן אַ גרינדלעכן דזשאַב; וועט ער דערביי־בער אַרויסנעמען אַלע ציינער פון מיין מויל און אַריינשטעלן אַ שפּאָגל־נייעם סעט פון די בעסטע און שענסטע ציינער. נאָך לאַנגע מאַטערניש אויפן דענ־טיסט שטול בין איך באַגליקט געוואָרן מיט אַ מויל נייע ציינער; אָבער מיינע אויגן זיינען געבליבן אלץ אין דעם זעלבן צושטאַנד ווי געווען.

איך האָב זיך ווידער געווענדעט צו ד״ר בלענק, און דער ד״ר האָט איצט אַנדעקט, אַז איך לייד פון אַ שטאַרקן, נערוועזן צוזאַמענברויך, וואָס איז אָן ספק די אורזאַך פון מיין אויגן־קראַנקייט. און ער האָט מיר געהייסן זיך ווענדן צו ד״ר דוליטל, דעם גרויסן ניוראַלידזשיסט.

דער ד״ר דוליטל, האָט מיך געשטעלט אונטער פאַרשידענע סאָרטן „טהירד דיגרי״ מאַנעוורעס. ער האָט מיך געהיילט מאַנאַטן־לאַנג און האָט צום סוף איינגעזעען, אַז מיינע נערוועזן זיינען שוין אַביסל איינגעשטילט און

אַז ער איז צופרידן מיט די רעזולטאַטן. ער קאָן אָבער ווייניק וואָס טאָן פאַר מיין אויגן־קראַנקייט, ווייל דאָס איז נישט זיין ספּעציאַליטעט, ער האָט דע־ריבער מיר אַן עצה געגעבן צו פאָרן אין באַלטימאָר צו ד״ר סאַוויטש אַ גרויסן אויגן־ספּעציאַליסט, וואָס וועט מעגלעך, מיר קאָנען העלפן.

אָבער איצט איז מיין גאַנצער פאַרמעגען ערשעפּט און איך בין גע־בלייבן אַ צעבראָכענער שאַרבן.

# אינהאַלט:

# מיכל קאַפּלאַנס „פּאַנאָראַמע פון פּאַרציייטיקע אידישע שריפטן״

## פון ב. באָטווינִיק

אין איינער פון די געביידעס פון דעם ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט, נומער 51 וועסט פערטע סטריט, אין האַרץ פון גרינוויטש ווילעדזש, אויף אַ שיינענדיקן מעשענעם שילד (איינגעפּאַסט אויף אַ טיר), שטייט שוין איינגעגראַווירט דער נאָמען פון מיכל קאַפּלאַן — אַ באַקאַנטער און געאַכטעטער נאָמען אין דער אידישער ליטעראַרישעד משפחה. אויף דעם נאָמען האָט דער ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט געגרינדעט אַ ביבליאָטעק פאַר סטודענטן — מתמידים פון חכמת ישראל. די ביבליאָטעק, אין דעם אויבן־דערמאָנטן רחבות־דיקן ליכטיקן אוניווערזיטעט־צימער, באַשטייט פון קאַפּלאַנס קאָלעקציע פון זעלטענע אידישע ספרים, טויזנטער אין צאָל. „מיכל קאַפּלאַנס קאָלעקציע״ — אַזוי הייסט טאָקע די ביבליאָטעק, אַזוי אין אָנגעשריבן אופן שילד ביים אַריינגיין.

כדי צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גייסטיקע לעבנס־אַרבעט אָט־די ביבליאָטעק איז, דאַרף מען אַריינקומען אַהין, פאַרברענגען טעג, און דאַן וועט מען זיך ערשט באַקענען בלויז מיט די פּאָדער־בלעטער פון דעם גרויסן אוצר, — אַן אוצר סיי אין גייסט, סיי אין מי, און סיי אין געלט. גרויסע גבירים טוען עס זעלטן מיט אַזאַ ברייטקייט ווי אונזער מיכל קאַפּלאַן האָט עס געטאָן.

דער ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ קאַטאַלאָג פון דעם ביכער־אוצר אין בוך־פאָרם — רעדאַגירט פון מיכל קאַפּלאַן.

דאָס בוך הייסט, „פּאַנאָראַמע פון פּאַרציייטיקע אידישע שירפטן״, — און באַשטייט פון העכער דריי הונדערט זייטן, מיט קונסט־צייכענונגען פון פּאַרצייטן, און איז אין פאָרמאַט באַלד אַזוי די גרויס און וואָגיק ווי אַ גמרא.

און קאַפּלאַן האָט זיך ניט באַנוגנט אָוועקצוגעבן זיינע גייסטיקע אוצרות דער מענטשהייט, כדי אידן, גויים און גוי׳אישע אידן זאָלן קענען אַריינקוקן אין דעם אידישן שאַפן פון פאַר טויזנטער יאָרן. ער האָט געוואָלט אַז די וואָס קענען ניט קיין העברעאיש און אידיש, זאָלן כאָטש וויסן אויף וואָס פאַר אַ ווערק זיי קוקן, וויפיל אידישער גייסט עס איז דאָ אין דעם ווערק. האָט ער זיך ניט באַנוגנט מיט אַ געוויינלעכן קאַטאַלאָג וואָס אַ ביבליאָטעק פאַרמאָגט,

נאָר ער האָט געשאַפן אַ קונסט־ווערק, אַ בוך וואָס דערקלערט, אילוסטרירט און פירט אייך פאַרביי און אַדורך דער פאַרבן־רייכער אידישער „פּאַנאָראַמע פון אַלטע שריפן".

„פּאַנאָראַמע", — אַ געלונגענער נאָמען פאַר אַ געלונגענעם בוך וועגן אַ געלונגענעם און אַלמענטשלעכן אויפטו.

פון זיין ספרים־קאָלעקציע (וואָס באַשטייט פון פיר טויזנט פאַרשיי־דענע זעלטענע עקזעמפּליאַרן) האָט מיכל קאַפּלאַן אויסגעקליבן איין טויזנט זעלטענע ביכער און מאַנוסקריפּטן. ער האָט זיי שטודירט, באַאַרבעט און באַשריבן אין דעם גרויסן פאָליאַנט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „פּאַנאָראַמע פון פאַרצייטיקע שריפטן". און ווייל זיין אַרבעט איז באַצוועקט פאַר סטודענטן און פּראָפעסאָרן, אמת׳ע גויים און אידישע גויים, האָט ער דאָס בוך געשריבן אין ענגליש. בלויז די נעמען פון די דערמאָנטע ביכער זיינען געדרוקט אין העברעאיש, אידיש, לאַטיין און גריכיש.

אויף דעם פאָדער־בלאַט ווערט אָנגעוויזן, אַז אין דעם בוך ווערן גע־געבן ביבליאָגראַפישע נאָטיצן און דערקלערונגען פון טויזנט פון די גאָר עלטסטע ביכער און מאַנוסקריפּטן פון דער מיכל קאַפּלאַן קאָלעקציע, און פון רעפּראָדוקציעס פון דריי הונדערט שער־בלעטער פון די גאָר אַלטע ספרים.

דריי הקדמות קומען צום אָנפאַנג פון בוך, פון ראָבערט ב. דאונס — דירעקטאָר פון די ביבליאָטעקן פון ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט, פון אַברהם י. קאַטש — עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דעם אידישן קולטור־פונדאַמענט פון נו־יאָרקער אוניווערזיטעט און פון דעם מחבר און שאַפער פון דער קאָ־לעקציע — פון מיכל קאַפּלאַן אַליין.

ד״ר דאָונס זאָגט:

„די מיכל קאַפּלאַן ביבליאָטעק פון העברייאיקאַ און יודאַאיקאַ, וואָס איז אין דעם יאָר פון 1942, שטעלט מיט זיך פאָר אַ לעבנסלאַנגע ענטוזיאַס־טישע זאַמלונג פון אַן אינטעלעקטואַלן ביכער־ליבהאָבער, אַ קאָלעקציע פון אוצרות פרעזענטירט פון אַ גוטהאַרציגן נדבן. זיין שטענדיקער אונטערנע־מונגס־גייסט פאַר די לעצטע פערציק יאָר, האָט צוזאַמענגעבראַכט אַ קאָ־לעקציע פון זעלטנהייטן, וואָס ווערן געשאַצט פון ביכער־ספּעציאַליסטן אַלס איינע פון די גאָר באַרימסטע אויף דעם דאָזיקן געביט. ד״ר קאַפּלאַנס באַ־שלוס אָװעקצוגעבן זיין קאָלעקציע אין אַ פּאָלקס־אינסטיטוציע, מאַכנדיק דער־מיט דעם אוצר פריי פאַר אַלע לייענער וואָס זיינען ראוי צו נוצן די דאָזיקע ביכער, איז אַ באַדייטנדיקעביישטייערונג פאַר געלערנטקייט. פאַר אַ שטאָט, ווי ניו־יאָרק, וואָס איז שוין אַזוי רייך אין אידישער ליטעראַטור, האָט איצט ד״ר קאַפּלאַן צוגעטראָגן אַ באַדייטנדיקן קוואַל פון אַמאַליקע און היינטיקע

אוצרות. דער קאַטאַלאָג, וועלכער איז אַן און פאַר זיך אַן אויסטערלישער און אויסערגעוויינלעכער בייטראָג, פאַרמאָגט אַ ספּעציעלן אינטערעס און ווערט פאַר ביבליאָגראַפערס.

פיר טויזנט ביכער שטעלן מיט זיך פאָר קאַפּלאַנ׳ס ביבליאָטעק; אַ טויזנט פון זיי זיינען זעלטנהייטן — באַשטייענדיק פון זעקס הונדערט און פופציק העברייאיקאַ און אַ דריי הונדערט און פופציק — יודאַאיקאַ״.

אין דער מער־אויספירלעכער פאַררעדע פון „אידישן קולטור־ פונ־ דאַמענט״ פון ד״ר קאַטש, זיינען דאָ פאָלגנדיקע האַרציקע ווערטער וועלכע כאַראַקטעריזירן קאַפּלאַנען פאַרטרעפלעך:

ד״ר מיכל קאַפּלאַן, אַ פּאָעט און אויטאָר, איז אידל און פשוט אין זיין כאַראַקטער ער שטעלט מיט זיך פאָר זייער פיל פון דעם גייסט פון זיין ביכער־קאָלעקציע.

און איצט, לאָמיר ציטירן עטלעכע האַרציקע ווערטער מיט וועלכע קאַפּלאַן שטעלט פאַר די וואונדערלעכע ״פּאַנאָראַמע״ פון אידישן דענקען, וויסן און מאָראַל. אונטער דעם נאָמען „אַ הערלעכע פאַרזאַמלונג, פאַנגט אָן קאַפּלאַן מיט דעם פאָלגנדיקן טיף־רירנדיקן פּאַראַגראַף:

אין דער דאָזיקער שווערער צייט, ווען עס דוכט זיך, אַז אָט ווערט פון דער גאַנצער מענטשהייט אַש און שטויב, ווען די פינצטערע כוחות האָבן זיך פאַרנומען אין אַ ברוטאַלן קאַמף קעגן די כוחות פון ליכט און ציוויליזאַציע, דערלויב איך זיך אָפּט אָרונטערצואוואַרפן פון זיך די שווערע משא וואָס דריקט מיין האַרץ, און איך גיב זיך איבער צו דער ליבלעכער קאַמפּאַניע פון אַ הערלעכער פאַרזאַמלונג. דאָס איז אַ רואיק־שטילע אַסיפה פון אַלט־פאַרצייטיקע זעלטענע העברעאישע ספרים, וואָס איך האָב געזאַמלט מיט ליבע און איבערגעבנהייט פאַר פילע יאָרן. אָט די נאָבעלע אַנטיקן וואָס זיינען פאַרבליבן פון מיין פאָלקס פאַרגאַנגענהייט לייכטן מיט אַ הערלעכער פּראַכט, באַרואיקן מיין געמיט און ברענגען מיר שטונדן פון גייסטיקער פרייד.

דאַן הויבט איר אָן מיטגיין איבער דעם פּאַנאָראַמע־בוך מיט אייערע בליקן, געדאַנקען, געפילן און מיט אַלע חושים וואָס איר פאַרמאָגט. איר ווערט פאַרכאַפּט פון דער רייכקייט און שיינקייט וואָס קאַפּלאַן האָט אויסגעשטעלט פונעם פאַרמעגן פון אונזער פאָלק. איר שפּאַצירט דורך די אַלע געשיכטע יאָרן וואָס זיינען באַפאַרבט מיט אַלערליי לשונות לויט די לענדער וואו אידן האָבן געשאַפן.

איר זעט אַ סך מאַנוסקריפּטן, גרויסע ווערק וואָס זיינען קינסטלעריש געשריבן מיטן האַנט. איר זעט בריוו פון אַמאָליקע רבנים; איר זעט די גאַנצע אידישע חכמה און מאָראַל צונויפגעזאַמלט פון אַלע עקן פון דער וועלט

— פון אַלע תקופות פון דער מענטשלעכער געשיכטע, אויף וועלכער דער אידישער גייסט האָט געלייגט זיין שטעמפּל פון מאָראַל און צניעות.

איר קוקט אויף די הייליקע ספרים, די טיפע פילאָזאָפישע און וויסנ־שאַפטלעכע ביכער, און איר פילט די צייט פון מתן־תורה. איר דערפילט וואָס פאַר אַן איינפלוס ס'האָט געהאַט אויף דער וועלט דער מאָמענט פון מתן־תורה אין דער מדבר, ווי עס ווערט וויזיאָנירט אין אונזער תורה. ביי אונז אידן האָט דער מתן־תורה־מאָמענט קיינמאָל ניט אויפגעהערט. תורה, חכמה, מאָ־ראַל, דרוש און חקירה, און אַלערליי פאָרמען, זיינען כסדר געשאַפן געוואָרן אין אַלע פינצטערע און ליכטיקע יאָרן. איר זעט עס זייער דייטלעך ווען איר קוקט אַריין אין דער „פּאַנאָראַמע פון פאַרצייטיקע שריפטן".

מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן אַז דער דאָזיקער אויפטו, וואָס איז דורכאויס גייסט, האָט אויך גשמיות'דיקע ווערטן. אַ נשמה מוז האָבן עפּעס גשמיות אין וואָס צו האַלטן זיך, ווי אַ ספר תורה מוז האָבן די סאַמעטענע מענטעלע מיט דער גאָלדענער קרוין אויף די עצי־חיים.

די קאָלעקציע, ווי ד"ר דאָונס שטרייכט אונטער אין זיין פאָררעדע, האָט גענומען אַ לעבן־לאַנג אויפצוזאַמלען. די קאָלעקציע ווערט געשאַצט פון ביכער ספּעציאַליסטן אין דעם ווערט פון פופציק טויזנט דאָלער. יעדן יאָר וועט דער אָפּשאַץ פון דער זאַמלונג גרעסער און טייערער, ווייל פילע פון די ביכער (אינקאַנאבולא און האַלב־איקאַנאבולא) זיינען שוין מערער ניטאָ ערגעץ אויף דער וועלט.

צווישן אונזערע אידישע ליטעראַטן און פּאָעטן האָט מען פאַר אַ גאַנץ היפּשער צייט געפרעגט איינע די אַנדערע: „וואו איז ערגעץ מיכל קאַפּלאַן?" מיכל קאַפּלאַן, איינער פון דעם אַמאָליקן „פאַראיין ליטעראַטור", פון די יונגע פּאָעטן, אין די יאָרן 1909—1914, איז פאַרשוואונדן פון די קיבעצאַרניעס.

די אַמאָליקע ליטעראַרישע קיבעצאַרניעס זיינען אונטערגעגאַנגען, אָבער מיכל קאַפּלאַן איז דאָ. ער האָט דורך די אַלע יאָרן עפּעס אויפגעטאָן, עפּעס געבויט. ער האָט זיין שאַפן, זיין מי, זיין גייסט, און אַלעס גוטעס וואָס ס'איז אין אים דאָ, באַהעפט מיט די אָבות — מיט אונזערע ליטעראַרישע אָבות פון אַלע צייטן, און מיר האָבן אים פּלוצלינג דערזען ביי זיין אויפדעקן „די פּאַנאָראַמע פון פאַרצייטיקטע אידישע שריפטן".

**ב. באָטווייניק**

# מײַן פֿרײַנט — דאָס בוך

עס איז פֿאַראַן בײַ מענטשן אַזאַ זאַך װי אַ דורשט נאָך געזעלשאַפֿט־לעכקייט, אַ דורשט זיך צוזאַמענקומען מיט פֿרײַנט, און אױב עס זײַנען נישטאָ קיין פֿרײַנט, איז כאָטש קומען אין געזעלשאַפֿט מיט פֿרעמדע מענטשן. דאָס איז אַ נאַטירלעכער מענטשלעכער פֿאַרלאַנג, װאָס װען געהעריק צופֿרידן געשטעלט, ברענגט דאָס מיט זיך תּענוג און צופֿרידנקייט. אָבער די דערפֿילונג פֿון אַזאַ פֿאַרלאַנג פּונקט װי די דערפֿילונג פֿון יעדן אַנדער פֿאַרלאַנג, דאַרף זײַן מיט אַ מאָס, און מען טאָר זיך דערמיט נישט איבערזעטיקן.



װי טײַער און ליב עס איז מיר מײַן פֿרײַנטס געזעלשאַפֿט, איז אָבער פֿאַראַן אַ גראַד ביז װאַנען איך קאָן מיט אים רעדן און פֿאַרברענגען. און װען דער פֿאַרלאַנג קומט צו בלײַבן מיט זיך אַלײן, און מײַן פֿרײַנט װײסט דאָס נישט און

פאַרשטייט דאָס נישט, דאַן פאַרוואַנדעלט זיך דער געניאָסענער תענוג אין אַן אַפּקומעניש. ווייל איך וועל דאָך נישט זאָגן צו מיין פריינט : גענוג. איך בין מיט דיר זאַט. זיץ איך אָדער שטיי, פאַרברייננג מיט אים ווייטער און ווייטער. איך הער נאָך און נאָך רייד, איך לאַנגווייל זיך און מאַטער זיך. ווי אַנדערש איז אָבער דער פאַל מיט מיינע ביכער־פריינט ! איך לאָד זיי איין צו זיך ווען נאָר איך וויל. איך שעפּ פאַרגעניגן פון זייער געזעלשאַפט וויפיל איך קאָן, און איך צעשייד זיך מיט זיי אויף אַ ליבלעכן אופן ווען נאָר איך קריג דעם פאַרלאַנג. קיין פאַרדראָס, און קיין באַליידיקונג.

אין אַלערליי צייטן, פריידיקע, אָדער חלילה, זייער ביטערע, עפן איך אויף מיין צויבער־שלאָס, מיין ביבליאָטעק, און איך ווער גלייך אַרומגערינגלט מיט פריינט, שטילע, ליבע פריינט ! זיי באַגריסן מיך אָן פאַלשקייט, זיי רעדן צו מיר אָן ביטערניש. זיי פאַרגלעטן די קנייטשן פון מיין שטערן און שטילן דעם אומרו פון מיין האַרץ. איך האָב אַ ליבשאַפט צו מיינע ביכער, אַ ליבשאַפט וואָס הענגט גאָר ניט אָפּ פון דעם פאַרגעניגן וואָס זייער אינהאַלט פאַרשאַפט מיר. לאָמיר זיך מודה זיין. איניקע פון די ביכער מיט וועלכע איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט געשיידט, זיינען גראָדע יענע וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געלייענט, נאָר אין וועלכע איך האָב פון צייט־צו־צייט בלויז לייכט אַריינגעקוקט און איבערגעלעזן אַ פּאָר שורות. איך בין צו־פרידן מיטן באַוואוסטזיין, אַז דאָרטן איז באַהאַלטן גוטער אינהאַלט, און אַז ווען נאָר איך וועל זיך ווענדן צו זיי, וועלן זיי מיך זעטיקן מיט אַלעם גוטן.

ווי קליין און ווי פּראָסט איז דער אויסקוק פון בוך אָבער וויפיל גרויסע זאַכן דאָס אַנטהאַלט אין זיך ! ווי לייכט דאָס איז אין האַנט צו האַלטן, און וויפיל וואָגיקע ענינים דאָס טראָגט אין זיך. ווי נישטיק דאָס קוקט אויס צו עמי־הארצים, און ווי אומגעהויער־וויכטיק דאָס איז צו דענקענדיקע מענטשן !

די ביכער זיינען פאַר מיר פּערזענלעכקייטן, לעבעדיקע מענטשן. אין יעדן זאַץ און פּאַראַגראַף זע איך פאַר זיך די געשטאַלט פון דעם פאַרפאַסער. מיר דוכט זיך אַז ער שמייכלט צו מיר און באַגריסט מיך. און מעג איך אפילו נישט עפענען דאָס בוך פאַר אַ לאַנגער צייט, אַ יאָר, פינף יאָר, צען יאָר, פרייד מיך דאָס אויסזען פון בוך. עס באַגייסטערט מיך דער געדאַנק אַז איך האָב דאָס גרייט און נאָענט צו זיך, און איך קען טרינקען דערפון יעדע מינוט וויפיל איך וויל. ניט אַזוי איז דער פאַל מיט די ביכער וואָס איך ליי פון ביבליאָטעק : זיי זיינען אויך פריינט, אָבער, מיר דוכט, ווייטע פריינט. זיי זיינען אויך לע־בעדיקע מענטשן, אָבער נישט קיין אייגענע מענטשן.

כדי אַנצוהאַלטן וואַרימע און ליבלעכע באַציאונגען פון פריינט צו פריינט איז גאָר ניט נויטיק צו האַלטן און איך רעדן און שמועסן צווישן זיך

אָן אויפהער. אמת׳ע פריינטשאַפט דריקט זיך אָפּט מאָל אויס אַ סך מער אין גיין זייט ביי זייט און שטיל שווייגן. יעדער איינער מעג זיך דערביי פאָלגן זיין אייגענעם געדאַנקען־גאַנג, און דאָך הנאה האָבן פונם באַוואוסטזיין פון פריינטס נאָענטקייט.

פונקט אַזוי פיל איך זיך אין דער אָנוועזנקייט פון מיינע ביכער־פריינט, וואָס בליקן צו מיר אַרויס פון ביכער־שראַנק מיט שיינענדיקע פנימער און שווייגן שטיל. אייניקע קוקן צו מיר ווי גאָר נאָענטע פריינט, און אייניקע ווי גוטע באַקאַנטע, אָבער אַלע, אַלע, שטייען פאַרטיק צו טיילן זיך מיט מיר מיט דאָס שענסטע און בעסטע וואָס זיי פאַרמאָגן.

ניט נאָר דער אינהאַלט פון בוך איז מיר ליב און טייער, נאָר אפילו דאָס אויסערלעכע אויסזען פון בוך איז מיר וואויל און ליב. אַ שיינער איינבונד איז דאָך פונקט ווי אַ שיינע קלייד. דער לעדערנער בונד, אָפּט מאָל גע־שטעמפּלט מיט גאָלדענע בוכשטאַבן, דאָס קלאָר ווייסע פּאַפּיר, אָפּט מאָל פאַר־געלבט פון הונדערט־יאָריקן געברויך, די סימעטריש געשניטענע בלעטער, די אַרומיקע פיר־עקיקע ברעגן, און ועל כולם דער געטאָקטער האַלב־קיילעכ־דיקער רוקן פון בוך, (דער רוקן פון אַ בוך דאָס איז דאָך דער פנים זיינער!) דאָס אַלץ שמייכעלט צו מיר מיט ליכטיקייט און קלאָרקייט, פונקט ווי צאַרטע לעבעדיקע געשטאַלטן.

איך צעעפן מיין ביכער־שראַנק און איך ווער באַהערשט פון נחת געפילן. וויפיל מוח און האַרץ דאָ ליגט וויפיל געניאַליטעט, גייסטרייכקייט און קלוג־שאַפט דאָ איז צונויפגעקליבן. די ביכער רעדן צו מיר שטיל, שטיל; רעדן און שווייגן.

צייטנווייז עפן איך אַ בוך און לייען מיט אַ סדר קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל. צייטנווייז לאָז איך מיין אויג פאַלן וואו עס מאַכט זיך, אַ פּאַראַגראַף דאָ און אַ פּאַראַגראַף דאָרט. און צייטנווייז בלעטער איך דאָס בוך גלאַט אַזוי זיך. איך מאַך דאָס צו און עפן דאָס אויף. איך צערטל די בלעטער און שפּיל זיך מיטן איינ־בונד. וויל איך הערן, רעדט דאָס צו מיר. וויל איך נישט — שווייגט דאָס שטיל. געבענטשט זאָל זיין דער גרעסטער אוצר וואָס דער מענטש פאַרמאָגט — דאָס בוך.

# מיין פאָרוואָרט

איך בין אַ זאַמלער פון ספרים־אוצרות.

אַלס זון פון עם הספר קלייב איך און זאַמל דעם ספר, דעם אור־אַלטן ספר, אויף וועלכן עס זיינען מערקבאַר די פינגער־צייכנס פון פילע פאַרגאַנגענע דורות, פון הונדערטער יאָרן צוריק.

שוין יאָרנלאַנג אַז איך קלייב די זעלטענע בענדער מיט חשק און פייערלעכקייט. אָט די נאָבעלע רעשטלעך פון מיין פאָלקס־פאַרמעגן וואָס שיינען מיט זייער ליכט און גלאָריע, זיי ברענגען מיר טרייסט און פרייד אין מינוטן פון פאַרצווייפלונג, ברענגען מיר גייסטיקן גענוס און באַפרידיקונג אין די שטונדן פון גרויער אַלטעגלעכקייט.

אין דער איצטיקער שטאָק־פינסטערער עפּאָכע, ווען די כוחות פון פינסטערניש האַלטן אָן אַ בלוטיקע מלחמה מיט די כוחות פון ליכט און ציוויליזאַציע, בלעטער איך די ספרים פון אונזער אַלטערטום, אונזערע קולטורעלע רייכטימער, און מיין געמיט ווערט געהיילט, געשטאַרקט און דערהויבן. איך פאַרפיר געשפּרעכן מיט אונזערע חכמים, פילאָזאָפן און פּאָעטן פון אַמאָל. מיר דוכט, איך זע ווי זיי טרעטן אַרויס פון די בלעטער, ווי זיי דערנענטערן זיך צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט און ברענגען מיר באַרואיקונג פון געמיט און טיפן גלויבן. מיר דוכט, אַז איך פאַרנעם זייער פרידלעכקייט און גלייכגעוויכט און איך ווער באַזעלט מיטן גייסט פון אויסדויער און געדולד.

אין די איצטיקע שווערע מאָמענטן פון יאוש און גרויל, ווען די וועלט איז איינגעטונקען אין רשעות און פאַרברעכן, ווען מיר ווערן געיאָגט און געטריבן אין חלל פון דער וועלט אונטער די בייטשן פון שנאה, קנאה, אומרעכט און פאַראורטייל, דינט מיר די אַלטע קאָלעקציע פון מיין פאָלקס־שאַפן אַלס אַ קוואַל פון וואַנען איך שעפּ האָפענונג און נחמה. מיין האַרץ טאַנצט פון פרייד ווען איך וויקל פאַנאַנדער די אַלטע מגילות און ספרים, ווען איך דערפיל אין מיינע פינגער דעם גרוי־אַלטן פּאַפּיר און פאַרמעט פון אַ דריי־פיר הונדערט יאָר צוריק, וואו ס׳איז פאַרקערפּערט די ווילנס־ענערגיע און שאַפונגס־קראַפט פון מיין פאָלק. איך ווער אַזוי אַריינגעטאָן אין די אָריגינעלע שריפטן פון עבר, אַז איך פאַרגעס אין דעם איצטיקן תוהו־ובוהו, אין דער גייסטיקער ירידה פון היינט. פאַר מיינע אויגן שוועבן דורך

בלאָט נאָך בלאָט די ליטעראַרישע און קולטורעלע שאַפונגען פון אי־דישן פאָלק, דורכגעדרונגען מיט אמונה און בטחון פאַר די געטראָטענע און געטריבענע, מיט גלויבן און האָפענונג פאַר די פאַרוואונדעטע און געליטענע.

ווי פינסטער די נאַכט זאָל ניט זיין, — און עס איז, דוכט מיר, נאָך קיינמאָל אַזוי פינסטער ניט געווען, — שטראַלט צו מיר פון די ביכער אַרויס אַ ליכט פון אונזער אייגנאַרטיקן כוח און גייסט, אַ ליכט וואָס האָט אונז אַלע מאָל דעם וועג באַלויכטן און געפירט אונז פון יאוש צו האָפענונג, פון כאַאָס צו אַ ניי לעבן.

אין די ביכער זיינען פאַרזאַמלט די שענסטע און גרעסטע טרעגער פון אונזער קולטור. דאָ זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן די גרונט־פעסטונג פון חכמה און מוסר, פון גערעכטיקייט און יושר. דאָ איז אַ ציוויליזאַציע וואָס דריקט אויס דעם גייסט פון אַ פאָלק וואָס האָט תמיד געקעמפט פאַר די פרינציפּן פון גוטסקייט און אָפּפערוויליקייט. דאָס זיינען אונזערע כלי־זין, אונזערע פעסטונגען וואָס שטייען אין דער ערשטער ליניע פון אונזער ניט דורכגעבראָכענער שוץ־וואַנט.

די אידעלע גרונט־מאָטיוון וואָס שלענגלען זיך דורך די אַלע ביכער, דער אָדלער־קוק פון אונזערע נביאים, דענקער און חכמים, זייער עקזאַלטירטער גרימצאָרן קעגן ברוטאַלע כוחות און זייער הויכע קאָנצעפּציע פון גערעכטיקייט, — דאָס זיינען אונזערע צייגנישן, אונ־זערע וויזעס וואָס וועלן עפענען פאַר אונז אַלע טירן, דאָס איז אונזער מעכטיק געווער וואָס וועט איינגעמען די וועלט.

איך בלעטער די גרויסע ספרים־בענדער פון אַלטערטום און איך זאַפּ אין זיך אריין די געזעצן פון סיני, די ליריק פון תהלים, די פי־לאָזאָפיע פון רמב״ם, די עטיק פון בחיי. איך וואַרף מיינע בליקן אויף די פאַרשיידענע אַלטע אויפשריפטן און אויטאָגראַפן ביי די זייטן פון די בלעטער, אויף די מערקבאַרע פינגער־צייכנס, אויף די פילע באַמער־קונגען און פאַרצייכענונגען אין פאַרצייטיקע האַנטשריפטןביים אָנהויב און סוף פון יעדן באַנד, און אין שאָטן פון די לאַנגע דורות דערוועקט זיך אין מיר אַ ווילנס־קראַפט צו טראָגן ווייטער און ווייטער די גרויסע ירושה פון אידישער קולטור און שאַפונג.

כאָטש די ספרים האָבן איבערגעטראָגן אויף זיך חורבנות און שטורעמס פון יאָרהונדערטער, זיינען דאָך די אַלע בענדער פאַרטרעפ־לעך פרעזערווירט און ניט געמינערט. פילע פון זיי זיינען עד היום באַפעסטיקט אין זייערע אָריגינעלע איינבינדונגען. דאָס פּאַפּיר איז גלאַט, פריש און גלאַנציק, ווי ערשט נעכטן פון דרוק אַרויס. עס איז

אַ טריאומף פאַר אונזער אַריכת ימים און פאַר דער אייביקייט פון געדרוקטן וואָרט.

פאַרזאַמלט זײַנען אין מײַן ביכער־שראַנק די טיפסטע דענקער און די באַדײַטנדסטע פּערזענלעכקייטן פון אונזער פאָלק, די גלענצנדסטע און שענסטע טרעגער פון אונזער קולטור. איך שטיי פאַר דער פאַרזאַמלונג פון די גרעסטע תלמידי חכמים, וואָס פירן די מלוכה פון געדאַנק, און מיך באַהערשט אַן אומבאַשרײַבלעכער געפיל. מײַן פאַרשטעלונג טראָגט מיך אַוועק אויף די פליגלען פון דויער און אייביקייט.

איך באַטראַכט די ביכער ניט ווי זיי זײַנען באַשאַפן געוואָרן פאַר מײַן צײַטווײַליקער צופרידנקייט, נאָר ווי אַ הייליקע ירושה וועלכע איז געגעבן געוואָרן צו מיר כדי איבערגעבן זיי צו די קינפטיקע דורות.

איך שטיי פאַר די קולטורעלע רײַכטימער, מיט ערפורכט, און איך מאַך פּלענער ווי צו פאַרזיכערן זייער עקזיסטענץ ווען איך וועל האָבן געענדיקט מײַן אַרבעט אויף דער ערד.

# תורה, נביאים וכתובים

(תנ״ך)

## דער תנ״ך איז 395 יאָר אַלט

איינגעטיילט אין זיבעצן בענדער, זייער קליינעם פאָרמאַט. איט־לעכער באַנד אַנטהאַלט דורכשניטלעך אַרום 300 זייטן. — געדרוקט פון רובערטוס סטעפאַנוס, אַ קריסטלעכער דרוקער, „אין דער גרויסער שטאָט פאַריז, די מוטער פון פראַנקרייך״, אין יאָר ש״ד (1544).

ספר ישעיה

שנדפס במצות רוברטו סטפנוש ובביתו בחדש אדר שנת ש״ד לפ״ק פה פאריש העיר הגדולה והאם בצרפת ·

Prophetia Isaiæ.



עמי עשו

ספר ירמיהו

שנדפס במצות רוברטו סטפנוש ובביתו בחדש אב שנת ש״ד לפ״ק פה פאריש העיר הגדולה והאם בצרפת ·

Prophetia Ieremiæ.



עמי עשו

די צוויי שער־בלעטער, אויבן רעפּראָדוצירט, שטעלן מיט זיך פאַר כמעט די ריכטיקע גרויס פון תנ״ך. — דער שער־בלאַט (רעכטס) לעזט זיך ווי פאָלגט: ספר ישעיה, שנדפס במצות רוברטו סטפנוש ובביתו בחודש אדר שנת ש״ד לפ״ק פה פאריש העיר הגדולה והאם בצרפת. (דערנאָך פאָלגט אַ מיניאַטור־צייכונג פון אַ גרויסן פאַרצווייגטן בוים, אונטער וועלכן עס שטייט אַ מאַן און שטרעקט אויס זיין האַנט צו דערגרייכן די פרוכט פון דעם בוים). — די ראשי תבות „עמי עשו״ באַדייטן: עזרי מעם ה׳ עושה שמים וארץ.

דער תנ״ך — דאָס איז די העכסטע דערציילונג פון דער וועלט און פון אירע ברואים. דאָ וויקלט זיך פאַנאַנדער אַ פּאַנאָראַמע פון וועלט־שאַפונגען און פון צייט־באַוועגונגען. אויף אַ גרויסן לייוונט זעען מיר דאָ די

מענטשן־קינדער שפּילן זייערע קליינלעכע ראָלן אויף דער שטענדיקער בינע פון דער מענטשלעכער היסטאָריע. דאָ זעען מיר דעם שוואונג, דעם אויפגאַנג און דאָס פאַלן פון קעניגרייכן. דאָ זעען זיך זייערע מעכטיקע קעניגן און פירער, אַנטנומען פון שטויב און פאַרוואַנדלט אין שטויב. דאָ דריקט זיך אויס דער גאַנצער תמצית פון לעבן; אַלע מענטשלעכע האָפענונגען, דערגרייכונגען און דורכפאַלן.

ווי נישטיק און קלעגלעך זיינען אַלע פילאָזאָפישע ביכער מיט זייערע אַלע מליצות, חקירות און בויך־סברות אין פאַרגלייך מיטן תנ״ך, דעם ספר הספרים! נאָכן תנ״ך איז נישט צוגעטראָגן געוואָרן קיין ניי־וואָרט, קיין ניי אידייע, קיין נייער ביטראָג צו דעם סכום פון עטישן וויסן, צו דער לערע פון מאָראַל און ריכטיג־לעבן.

דער תנ״ך, דאָס איז די מאַגנאַ־קאַרטאַ פון אַלע מענטשן אין אַלע צייטן. קיין זאַך האָט זיך אין דעם בוך נישט פאַרענדערט אינם משך פון די לעצטע דריי טויזנט יאָר. וואָס דער ספר איז פון אימער געווען, דאָס איז ער איצט; און דאָס וואָס ער איז איצט, איז ער פון אימער געווען. און אַזוי וועט דער ספר פאַרבלייבן. עס איז נישט פאַרן מענטשן צו אורטיילן די ביבל. עס איז פאַר דער ביבל צו אורטיילן דעם מענטשן. די ביבל איז אימער געווען און וועט אימער פאַרבלייבן דאָס אייביקע בוך פון אייביקן גאָט אין די הענט פון אייביקן פאָלק.

די ביבל איז איבערזעצט געוואָרן אין טויזנטער פאַרשידענע שפּראַכן און דיאַלעקטן, אין אַלע לשונות פון אַלע פעלקער וואָס באַוואוינען די ערד. דירעקט אָדער אומדירעקט איז אַלץ, אַלץ באַאיינפלוסט פון דער ביבל. אין דעם משך פון דרייסיק הונדערט יאָר איז די ביבל געווען און איז פאַרבליבן דאָס וויכטיקסטע, דאָס פּאָפּולערסטע בוך פון דער וועלט אָן קיין שום קאָנקורענץ פון ערגעץ נישט און פון קיינעם נישט.

קיין אַנדער ספר איז נישט פאַרשפּרייט אַזוי ווייט און אַזוי ברייט איבער דער וועלט, און קיין אַנדער בוך האָט נישט אַזוי באַאיינפלוסט דעם מענטשלעכן געדאַנק, ווי אונזער אידישע ביבל אויף וועלכן עס איז געבויט די מענטשלעכע מאָראַל און די ציוויליזאַציע פון לאַנגע דורות. מיט דעם תנ״ך האָט דאָס אידישע פאָלק צוגעטראָגן דעם גרעסטן חלק צום סכום פון דער מענטשלעכער קולטור, אָדער ציוויליזאַציע.

דער תנ״ך איז דער פאַר־עקסעלאַנץ פון דער אַזוי־גערופענער עטישער לערע. דאָ ווערט געלערנט די פאַרהייליקונג פון אַרבעט און רו, די הייליגקייט פון קערפּער און פון דער נשמה; די ריינקייט פון פאָלק און פון דער משפחה; פון מאַן און ווייב און פון איינצלנעם מענטשן. דאָ ווערט אינסטרו־

אירט ווי צו רעגולירן אונזער אויפפירונג פאַר אונזער אייגענעם וואוילזיין און פאַרן וואוילזיין פון אונזערע מיט־מענטשן; ווי צו אַכטונג געבן אויף שוואַכע און אָרעמע, אויף אלמנות און יתומים; ווי צו אָפּהיטן אַ שבועה, ווי צו דערפילן אַ צוזאָג, ווי צו אָפּשטויסן דאָס שלעכטע און צוציען דאָס גוטע; ווי צו שטאַרקן זיך און דערהויבן זיך צו אַ בעסערער און שענערער מדרגה. דער תנ״ך איז אָבער נישט אַ וועלכער עס איז מוסר־ספר. ניין, דאָס איז אַ גאַנצע ציוויליזאַציע, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס דער גייסט פון אַ פאָלק, וואָס איז אַלע מאָל געשטאַנען אין אוואַנגאַרד פון קאַמף פאַר גערעכטיגקייט און פרייהייט.

דער כוח פון תנ״ך ליגט נישט אין דעם וואָס ער איז אַזוי גרויס געטלעך, נאָר אין דעם וואָס ער איז אַזוי טיף־מענטשלעך. דאָ הויבט זיך אַרויס יענער באַרימטער פסוק: גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין (גאָטס) אייגן געשטאַלט. און נאָך אַ פסוק: איר זאָלט זיין אַזוי הייליק ווי איך (גאָט) בין הייליק.

דער תנ״ך באַשטייט פון פיר און צוואַנציק באַזונדערע ספרים, וואָס זיינען פאַרפאַסט געוואָרן אין דעם משך פון הונדערטער יאָרן פון אַ צאָל גרויסע גייסטער, מענטשן מיט אומגעהויער גרויסע טאַלאַנטן, פאָלקס־פירער, געזעצגעבער, פּאָעטן, דענקער און היסטאָריקער.

אין דער ביבל געפינען זיך אַלע פאָרמען פון ליטעראַטור, פון דעם איינפאַכסטן פּראָזע־סטיל ביז צו דער העכסטער ליריק. דאָ געפינען זיך דערציילונגען, באַלאַדן, לעגענדעס, לירישע געזאַנגען, קלאָג־לידער, פּאָל־קלאָר, דראַמען, דיאַלאָגן, מאָנאָלאָגן, אַלעגאָריעס, פאַבלען, רעטענישן, שפּריכווערטער, מעשות, ביאָגראַפיעס, רעדעס, בריוו, תפלות, לויב־געזאַנגען, פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען, וכוחים, שטראָף־ווערטער און אַזוי ווייטער. אַלעס, אַלעס געפינט זיך אין דער גרויסער ליטעראַריש־ענציקלאָפּעדישער קאָלעקציע פון די פיר און צוואַנציק ביכער.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער אידעאַליזם פון דער ביבל, אַזוי אויך די וואונדערלעכע פּאָעטישע באַשרייבונג פון דער נאַטור, די הויכן פון ליריק וואָס זיינען הויפּטזאַכלעך אויסגעדריקט אין תהלים און אין שיר השירים.

די ביבל צייכנט זיך אויך אויס מיט אַ הויכן אָפּטימיזם, מיט אַ בטחון, פרייד און טיפן גלויבן אין ד שפּעטערע קומענדע צייטן (באחרית הימים).

די פּערזאָנען וועלכע ווערן דערמאָנט אין דער ביבל זיינען אַממערסטן באַקאַנט, באַוואוסט צו יעדן און צו אַלעמען. זייערע מעשים ווערן אָפּגעהיט אין דער געדעכעניש פון דער גאַנצער מענטשהייט.

די צענליקע עפּיזאָדן און פּאַסירונגען וואָס קייטלען זיך אין תנ״ך זייַנען ניט גלאַט אַזוי זיך שיינע מעשה׳לעך, גוטע מעשה׳לעך. נאָר זיי פאַרקערפּערן מיט זיך דערהויבענעביישפּילן, אַלעגאָרישע לערעס, ווי צו לעבן און געדייען, ווי צו באַהערשן זיך און דערהויבן זיך צו אַ מדרגה פון גאַנצקייט (שלמות) און פאַלקאָמענהייט.

עס זייַנען פאַראַן אַ סך מענטשן וואָס האַלטן הייליק די ביבל אָבער זיי לייענען זי קיינמאָל ניט. דאָס בוך ליגט ערגעץ פאַרשטויבט אויף אַ פּאָליצע און ווערט קיינמאָל נישט צעעפנט. דאָס איז נישט דער ריכטיקער וועג. נישט אַזוי דאַרף געהאַלטן ווערן אַ בוך, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין טויזנטער שפּראַכן צו אַלע פעלקער און מענטשן פון דער וועלט. נעמט דאָס בוך אַרויס פון צייט־צו־צייט. קוקט אַריין אַהין און לייענט דאָס ווי אַ בוך, און איר וועט אַלע מאָל דערשטוינט ווערן פון באַגייסטערונג. איר וועט דאָרט אַלע מאָל אַנטדעקן עפּעס נייעס, עפּעס אויסערגעוויינלעכעס, וואָס איר האָט גאָר פריער נישט באַמערקט און דערפון נישט געוואוסט.

## צוויי זעלטענע עקזעמפּליאַרן פונעם תנ״ך

### געדרוקט אין 1544

צוויי תנ״ך׳ן — צוויי אור־אַלטע גרויסע און ווירדיקע ספרים, ביידע פון זעלבן אינהאַלט און זעלבן פּאַרנעם, נאָר אין פאַרשידענע פאָרמאַטן און איינבונדן. דאָס זייַנען צוויי עקזעמפּליאַרן פון זעלבן ספר הספרים, צוויי פאַליאַנטן וואָס פאַרקערפּערן אין זעך דעם העכסטן און הייליקסטן אויסדרוק פון דער גאַנצער וועלט און פון גאַנצן באַשאַף.

די דריי־פיר הונדערט יאָר וואָס זייַנען פאַרגאַנגען זינט די צוויי ספרים האָבן זיך געדרוקט האָבן גאָר קיין שליטה נישט געהאַט אויף זייער אויסערלעכן צושטאַנד. די בלעטער ווי פאַרמעט שטאַרק, דער טינט גלאַנציק שוואַרץ, דער זאַץ — סימעטריש שיין, די אותיות פיין געשניצט, די ראַנדן ברייט געפורמט. אַלץ איז אויסגעאַרבייט מיט פיינעם געשמאַק, ווירדיק און מאַיעסטעטיש. אַלץ זויבערער און לויטער ווי ערשט פון דרוק אַרויס.

די וויכטיקע דערפינדונג פון בוך־דרוקעריי איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס בייפאַל פון אונזער עם־הספר. אונזערע גדולי הדור האָבן גלייך אָפּגעשאַצט די גרויסע מעלות פון דער נייער דערפינדונג. עס האָט נישט גענומען לאַנג און דאָס דרוקן פון הייליקע ספרים האָט ביי אונז דערגרייכט די העכסטע מדרגה סיי אין קוואַליטעט און סיי אין קוואַנטיטעט. אונזערע פילע קולטורעלע און גייסטיקע אוצרות זייַנען גלייך איבערגעגאָסן געוואָרן אין די

נייע פיינע כלים, שיינע געדרוקטע ביכער און ספרים. די ספרים האָבן זיך גענומען פאַרמערן פון טאָג צו טאָג און זיי זיינען געוואָרן צוגענגלעך צו אַלע יעניקע וואָס האָבן געדורשט נאָך תורה און חכמה און האָבן ניט געקענט שטילן זייער דורשט, ווייל די געשריבענע ספרים זיינען געווען זייער טייער און כמעט אוממעגלעך צו באַקומען.

ספֶר יְשַׁעְיָה

נדפס במצות רוברטוס סטפנוס ובביתו בחדש תשרי שנת רצ״ט לפק

פה פריש העיר הגדולה והיא בצרפת:

Prophetia Isaiæ.




PARISIIS.

Ex officina Roberti Stephani, typographi Regii.

M. D. XXXIX.

עֹשׂו עֹמִי

Cum priuilegio Regis.

און דאַן איז באַשטימט געוואָרן צו נוצן געשריבענע ספרי תורה'ס, לויט דעם אַמאָליקן שטייגער, בלויז ביים דאַווענען בצבור. אָבער פאַר דעם אידנס

געוויינלעכן פּריוואַטן געברויך זיינען געשאַפן געוואָרן חומשים און תנ״ך׳ן וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין אַ גרויסער צאָל מיט אַ זעלטענער שיינקייט און פיינעם געשמאַק.

די קאַטוילישע קירך וואָס האָט דעמאָלט באַהערשט די וועלט, האָט זיך אָבער גאָר גיך מתקנא געווען אין דעם דערפאָלג פון די אידישע דרוקערייען, אין באַלד איז פאַר אידן איינגאַנצן פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרמאָגען אייגענע דרוקערייען. עס האָבן זיך אָבער דאַן געפונען אייניקע קריסטן, חסידי אומות העולם, וואָס האָבן זיך גענומען דרוקן אידישע ספרים און זיך איבערגעגעבן דערצו מיט לייב און לעבן. די זעצער און קאָרעקטאָרס פון זייערע דרוקערייען זיינען באַשטאַנען דורכאויס פון אידן, תלמידי חכמים, וואָס האָבן גוט געקאָנט דעם פאַך און האָבן אָנגעפירט געטריי, מיט גרויס איבערגעגעבנהייט די „מלאכת הקודש״ אָדער „מלאכת שמים״, ווי זיי האָבן אָנגערופן זייער דרוק־אַרבייט.

בײדע אור־אַלטע און זעלטענע תנ״ך׳ן זיינען גלענצנדע פּראָדוקטן פון דער בליהונג־עפּאָכע פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע. בײדע תנ״ך׳ן זיינען געדרוקט געוואָרן דורך פּראָמינענטע קריסטלעכע דרוקער, גרויסע אידן־פריינט, וואָס זיינען באַרימט אין דער היסטאָריע פון אידישער דרוקעריי.

דער ערשטער און עלטסטער תנ״ך וואָס פאַרשיינט מיין ספרים אַלמער איז געדרוקט געוואָרן אין פּאַריז דורך דעם גוט באַקאַנטן קריסטלעכן דרוקער, ראָבערטוס סטעפאַנוס. דער פּאַריזער תנ״ך — דאָס איז אַ זעלטן שיינע טי־פּאָגראַפישע אויסגאַבע געדרוקט מיט גרויסע קלאָרע אותיות און מיט ברייטע ראַנדן אַרום דעם זאַץ אויף אַן אַריסטאָקראַטישן פאַרנעם. דאָס ערשטע וואָרט פון יעדן ספר פון די פינף חומשים איז אייגעראַמט אין אַ פּרעכטיקער שיינער רעמעל (באָרדער) וואָס איז אַ קונסט־ווערק פון אַמאָליקע און היינטיקע צייטן.

די פּאַריזער אויסגאַבע פון תנ״ך האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין יאָר 1539 און זיך געענדיקט אין יאָר 1544. דער חומש איז גראַדע געדרוקט גע־וואָרן עטלעכע יאָר שפּעטער נאָך דעם ווי די ספרים פון נביאים וכתובים האָבן זיך אָפּגעדרוקט.

דאָ ווערט רעפּראָדוצירט אַ פאָטאָגראַפישע קאָפּיע פונם שער בלאַט פון פּאַריזער חומש. די העברעאישע אויפשריפט אויפן שער בלאַט לעזט זיך אין אידיש ווי פאָלגט: „פינף חומשים פון דער תורה. געדרוקט דורך ראָבער־טוס סטעפאַנוס אין דעם ניין און צוואַנציקסטן יאָר פון דער הערשאַפט פון דעם מעכטיקן קעניג, אונזער האַר און קיסר, פראַנציס ירום הודו. דאָס איז דער יאָר ש״ג (1543), דאָ אין דער גרויסער שטאָט פּאַריז, די מוטער פון פראַנק־רייך״.

די איבערזעצונג פון פראַנצויזישן טעקסט לעזט זיך אין אידיש ווי פאָלגט: „פינף ביכער פון געזעץ: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר, דברים. שטאָט פּאַריז. ווערקשטאָט פון ראָבערט סטעפאַן, קעניגליכער דרוקער. יאָר 1543".

די ראשי תבות „עמי עשו", וואָס זיינען געדרוקט, אונטן פון שער בלאַט, באַדייטן: „עזרי מעם ה' עושה שמים וארץ".

געבונדן איז דער פּאַריזער תנ"ך אין הילצערנע ברעטער באַצויגן מיט ווייסן לעדער. דער איינבאַנד איז באַצירט מיט רעשטלעך פון אַמאָליקע זילבערנע שלעסער מיט מעשענע שפּיצן ביי די ברעגן.

דאָ און דאָרט זיינען פאַרצייכנט אויף די בלעטער די נעמען פון אַמאָליקע אייגנטימער וואָס האָבן שטאָלצירט מיט דער זכיה וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זייער גורל צו באַזיצן אַן אייגענעם תנ"ך. זיי האָבן, ווי עס ווייזט אויס, זיך געשפּיגלט אין דער פּראַכטפולער, שיינער אויסגאַבע און נישט געלאָזן קיין שפּרינקעלע פּאָלען דערויף.

דער צווייטער אור־אַלטער תנ"ך, איז אויך אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר, אָבער שוין גאָר פון אַן אַנדער שניט סיי אין וואָג, סיי אין מאָס.

אָט דער וואונדערלעך שיינער און גיגאַנטישער תנ"ך געהערט צו יענע בארימטע תנ"ך אויסגאַבן וואָס ווערן אָנגערופן מיטן נאָמען „מקראות גדולות". צוויי גרויסע שטעט, וויניציע און באַזעל, האָבן זוכה געווען אַרויסצוגעבן פון זיך די גרויסאַרטיקע „מקראות גדולות". דער תנ"ך שטעלט מיט זיך פאָר די באַזעלער אויסגאַבע וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם באַרימטן קריסטלעכן דרוקער לודוויג קעניג אין יאָר שע"ח (1618).

דער באַזעלער תנ"ך „מקראות גדולות" נעמט אַריין אין זיך דריי תרגומים און אַ סך פירושים, ווי פירוש הרד"ק (ר' דוד קמחי), פירוש משה קמחי, פירוש רש"י, פירוש הרמב"ן, פירוש הרלב"ג, פירוש ר' סעדיה גאון, פירוש ר' אברהם בן עזרא, פירוש ר' יעקב בעל הטורים, די פירושים פון ר' אברהם פריצול און רבי ישעיה, ילקוט שמעוני, קב ונקי. צום סוף קומט אַ זייער לאַנגע און פולזייטיקע אָפּהאַנדלונג וועגן דער גרויסער מסורה. דאַן קומט אין דער לאַטיינישער שפּראַך אַ גרויסאַרטיקער אַרטיקעל וועגן דער העברעאישער שפּראַך פון דעם באַרימטן קריסטלעכן געלערנטן יאָהאַן בוקסטאָרף.

אויסער די סך פירושים פאַרמאָגט דער באַזעלער תנ"ך אַ סך גרויסע און וויכטיקע מעלות וועלכע קאָנען ריכטיק אָפּגעשאַצט ווערן פון גרויסע געלערנטע און ביבל פאָרשער. וועגן אייניקע פון די מעלות שפּרעכט זיך אויס דער דרוקער אויפן שער־בלאַט מיט די פאָלגענדע ווערטער:

והמקראות מנוקדים ונמסרים על פי דרכי קדמונינו, אותיות תלויות וקטנות וגדולות ועקומות ונקוד שרבה על הכתב, וכתב שרבה על הנקוד, וסתומות ופתוחות, ונכתב ולא נקרא, ונקרא ולא נכתב, ואותיות מנוזרות...

כדי אויפצוקלערן דעם באַדייט פון די אויבן־דערמאָנטע ווערטער פאַר־דערט זיך אַ ביבלישער שטודיום.

דער תנ״ך „מקראות גדולות" אַנטהאַלט אַרום פינף טויזנט זייטן פון גרעסטן בויגן־פאַרמאַט, און איז געדרוקט מיט אַזאַ פיינקייט און עלעגאַנץ אַז עס דערפרייט דעם גייסט און דערקוויקט דאָס אויג פון יעדן בוך־ליבהאָבער.

איינגעבונדן איז דער גיגאַנטישער תנ״ך אין שווערע דיקע טאָוולען געמאַכט פון האַרטן קאַרטאָן, אַזוי האַרט און שטאַרק ווי מאַסיווע הילצערנע ברעטער.

די באַשרייבונג פוןביידע זעלטענע תנ״ך־ן איז נישט גענוגנד צו געבן אַ פולן באַגריף פון זייערע אויסערלעכע און אינערלעכע געשטאַלטן און קוואַ־ליפיקאַציעס. מען דאַרף די ספרים אין האַנט האַלטן, צו עפענען זיי און אַריינ־קוקן אַהין כדי צו דערפילן דעם הייליקן ציטער וואָס גייט דורך איבער די גלידער בעת מען קומט אין באַרירונג מיט אַזוינע פּרעכטיקע דריי־פיר הונ־דערט־יאָריקע פאַליאַנטן.

---

## באַמערקונגען צום שער־בלאַט וואָס איז דאָ רעפּראָדוצירט

1. דער שער־בלאַט איז פון ספר ישעיה, איינער פון די 24 ספרים פון אונזער תנ״ך, וואָס האָט דערגרייכט צו מיר אין באַזונדערע בונדן.

2. די אויפשריפטן אויפן שער־בלאַט זיינען געמאַכט געוואָרן פון אַמאָליקע אייגנטימער, וואָס האָבן פאַרמאָגט דעם ספר הונדערטער יאָרן צוריק.

3. די העברעאישע אויפשריפט, וואָס איז אויבן געדרוקט, לעזט זיך אין אידיש ווי פאָלגט: ספר ישעיה, געדרוקט לויט דער פאַראָרדענונג פון רובערטוס סטעפאַנוש (אַ באַוואוסטער קריסטליכער דרוקער) אין חודש תשרי אין יאָר רצ״ט לפק (1539), דאָ אין פּאַריז די גרויסע שטאָט, די מוטער פון פראַנקרייך.

4. די ראשי תבות עמ״י עש״ו באַדייטן: „עזרי מעם ה' עושה שמים וארץ".

5. די איבערזעצונג פון דעם לאַטייניש טעקסט לעזט זיך אין אידיש ווי פאָלגט: פּראָפעט ישעיה. — פּאַריז. — עקס — אָפּיצער רובערטי סטעפאַני — קעניגלעכער דרוקער. — 1539. — געדרוקט מיט קעניגלעכער דערלויבעניש.

# חמשה חומשי תורה

אשר נדפסו על ידי רוברטוס סטפניוס יצו בשנת תשע ועשרים למלך האדיר
אדונינו המלך פרנקיסקוס יר״ה היה שנת ש״ג לפרט פה פרי״ש
העיר הגדולה והיא כנרשת

# Quinque libri legis.

Genesis. Exodus. Leuiticus. Numeri. Deuteronomium.




PARISIIS.
Ex officina Roberti Stephani, typographi Regii.
M. D. XLIII.

עֵשׂוֹ עֵמִי

בראשית

גערדרוקט אין 1522

דער ספר איז געדרוקט אין ווענעציע, אינם יאָר 1522 (שנת רפ"ב). דער זעלבער ספר, הייסט דאָס, איז געהאַלטן געוואָרן אין די הענט פון יענעם דור וואָס האָט געלעבט אין דער עפּאָכע פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און אין דער צייט פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע. וויפיל אידישע אויגן האָבן דאָ אַריינגעקוקט, און וויפיל פינגער־צייכנס זיינען דאָ אָפּגעשטעמפּלט!

וויפיל דורות, אידישע דורות האָבן דאָס איבערגעגעבן פון האַנט־צו־האַנט ביז דאָס איז אריינגעפאַלן אין מיין האַנט?! וויפל אידישע קינדער האָבן דערפון ארויסגעליינט די זעלבע ווערטער מיטן זעלבן נגון: אין פסוק שטייט, בראשית, מאַכט רש״י, אָמר רבי יצחק, האָט רבי יצחק געזאָגט — — —

עס קאָן גראָדע געמאָלט זיין אַז מיינער אָן עלטער־עלטער זיידע האָט אפשר מיט הונדערטער יאָרן צוריק אויך געהאַלטן דעם זעלביקן ספר אין זיין האַנט... וואָס וואָלט איך נישט אָוועקגעגעבן צו דערוויסן זיך, ווער איז ער געוועזן, מיין עלטער־עלטער זיידע, מיט פיר הונדערט יאָר צוריק? וואו האָט ער געלעבט, אין וועלכן לאַנד און אין וועלכער שטאָט? וואָס האָט ער געזאָגט, און וואָס האָט ער געטאָן? אפשר האָט ער אויך אַריינגעקוקט אין דעם זעלביקן בלאָט פון רש״י־בוך וואו איך קוק אַריין, און אַרויסגעלייענט האָט ער פון דאָרטן די זעלבע ווערטער מיטן זעלבן נגון: אין פסוק שטייט, בראשית. מאַכט רש״י, אמר רבי יצחק, האָט רבי יצחק געזאָגט — — —

דאָ ליגט פאַר אונז דאָס ערשטע בלעטל פון דעם ערשטן פירוש אויפן ערשטן פסוק פונם ערשטן ספר בראשית, וואָס איז דער ערשטער טייל פון דעם ערשטן בוך וואָס איז געגעבן געוואָרן פון אונזער ערשטן פאָלק ישראל צו אַלע איבעריקע פעלקער פון גאַר דער וועלט.

קוקט זשע אַריין אין דעם דאָזיקן בלעטל און לייענט פון דאָרטן אַרויס די ווערטער. זאָגט מיט חשק, מיטן נגון, און פאַרטייטשט טאַקע די ווערטער, אָט אַזוי אָ: אין פסוק שטייט, בראשית. מאַכט רש״י, אמר רבי יצחק, האָט רבי יצחק געזאָגט, לא היה צריך להתחיל את התורה, די תורה האָט זיך דאָך גאָר אָנדערש ניט באַדאַרפט אָנהויבן, אלא, נאָר, מהחודש הזה לכם, מיטן פסוק „החודש הזה לכם״, שהיא מצוה ראשונה, ווייל דאָס איז די ערשטע מצוה, שנצתוו בה ישראל, וואָס איז פאַרזאָגט געוואָרן צום פאָלק ישראל. ומה טעם, פאַרוואָס זשע, הייסט דאָס, פתח בבראשית, הויבט זיך אָן די תורה מיט בראשית?

אַזוי פרעגט רש״י אַ קשיה, די ערשטע קשיה אויפן ערשטן פסוק פון חומש; און ער פאַרענטפערט דאָס באַלד מיט אַ תירוץ וואָס אין זיך גאָר אַ שיינעם איינפאַל.

קוקט־זשע גוט אַריין אין דער סדרה און זאָגט געשמאַק און מיט חשק אַלע צוזאַמען, זאָגט־זשע נאָך אַמאָל און טאַקע נאָך אַמאָל, גענאַרניקעס איר:

אַיי, אַי, אַי, אַי, אַי, אין פסוק שטייט: בראשית. מאַכט רש״י, אָמר רבי יצחק, האָט רבי יצחק געזאָגט — — —

# „אידן דאַרפן ברענגען קרבנות“


ויקרא

אל משה וידבר יהוה אליו מאהל מועד
לאמר: דבר אל בני ישראל ואמרת אלהם
אדם כי יקריב מכם קרבן ליהוה מן הבהמה
מן הבקר ומן הצאן תקריבו את קרבנכם:
אם עלה קרבנו מן הבקר זכר תמים יקריבנו
אל פתח אהל מועד יקריב אתו לרצנו לפני
יהוה: וסמך ידו על ראש העלה ונרצה לו
לכפר עליו: ושחט את בן הבקר לפני יהוה
והקריבו בני אהרן הכהנים את הדם וזרקו
את הדם על המזבח סביב אשר פתח אהל
מועד: והפשיט את העלה ונתח אתה
לנתחיה: ונתנו בני אהרן הכהן אש על
המזבח וערכו עצים על האש: וערכו בני אהרן
הכהנים את הנתחים את הראש ואת הפדר:
על

אָט אַזוי־אָ האָט מיין רבי מיט מיר אָנגעהויבן לערנען חומש, דעם חומש ויקרא.

— וואָס לערנט איר היינט, קינדערלעך?

— חומש!

— וואָס איז דער טייטש, חומש?

— פינף.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פינף? פינף בייגל פאַר אַ גראָשן?

— ניין, פינף הייליקע ספרים זיינען פאַראַן אין אונזער הייליקער תורה.

— ווי הייסן זיי, די ספרים?

— בראשית, איז איינס. שמות, איז צוויי. ויקרא, איז דריי. במדבר, איז פיר; און דברים איז פינף.

— פון וואָס פאַר אַ ספר הויבט איר אָן לערנען חומש?

— פון ספר ויקרא.

— ווארום הייבט איר אָן פון ויקרא?

— ווייל אין חומש ויקרא שטייט געשריבן ווי צו ברייגגען קרבנות.

— ווער דארף ברייגגען קרבנות? די גויים?

— ניין, אידן דאַרפן ברייגגען קרבנות.

— ווארום דאַרפן אידן ברייגגען קרבנות?

— ווייל קרבנות זיינען הייליק צו גאָט.

— און ווער איז נאָך אַזוי הייליק צו גאָט?

— אידישע קינדער זיינען אויך הייליק צו גאָט.

— זאָגט־זשע, קינדערלאַך, וואָס איז דער טייטש ויקרא?

— ויקרא — און ער האָט גערופן.

— ווער האָט גערופן? דער שמש האָט גערופן אין באָד אַריין?

— ניין, גאָט האָט גערופן.

— צו וועמען האָט גאָט גערופן?

— אל — צו, משה — משה.

— און וואָס שטייט דאָרט ווייטער געשריבן?

— וידבר, און ער האָט גערעדט; אדוני — גאָט, אליו — צו אים; מאוהל מועד, פון אוהל מועד; לאמור, אַזוי צו זאָגן.

— אַזוי צו זאָגן צו וועמען? צו די גויים?

— ניין, אַזוי צו זאָגן צו די אידן.

— וואָס האָט גאָט געהייסן זאָגן צו די אידן? זיי זאָלן עסן קרעפּלעך?

— ניין, גאָט האָט געהייסן זאָגן צו די אידן זיי זאָלן ברייגגען קרבנות.

— ווארום דאַרפן אידן ברייגגען קרבנות?

— ווייל קרבנות זיינען הייליק צו גאָט.

— און ווער איז נאָך אַזוי הייליק צו גאָט?

— אידישע קינדער זיינען אויך אַזוי הייליק צו גאָט.

— זאָגט־זשע, קינדערלאַך, הויך, אויפן קול: חזק, חזק ונתחזק!!

— חזק, חזק, ונתחזק!!

# שאלות ותשובות

## געדרוקט אין 1519

**פון די ווייטסטע מדינות האָט מען זיך געווענדעט צום מהרי״ק מיט שאלות וועגן פאַרשידענע רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אנגעלעגנהייטן. רבי קולונס אָנטשיידונגען האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון רבנישן געזעץ. זיינע באַשלוסן (פּסקים) ווערן אָנגענומען אַלס ענטגילטיק.**

ברוך ארון המציאות אשר לא

[illegible] כרוך כלולה

בבקיאותיו ובכלכוליו · זה הגאון מהר״ר יוסף קולון זצ״ל ·

אשר זכה הרבים בתשובתיו והאיר עיני ישראל בחדושיו ·

[illegible]

[illegible]

[illegible]

[illegible]

[illegible]

בקריה דכת [illegible]

[illegible]

תחת

[illegible] :

אין די אויבן־רעפּראָדוצירטע שורות (אין דער פאָרם פון אַ דריי־עק) ווערן פאַרגעשטעלט פאַרן לייענער, אין פאַרביקע לויב־ווערטער, דער אויטאָר פון בוך, דער גאון יוסף קולון צוזאַמען מיטן קריסטלעכן דרוקער, דניאל באָמבערג, „פון דער גרויסער און פרעכטיקער שטאָט ווענעציע״ וואו דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן. דאַן קומט דער דאַטום שנת רע״ט (1519) ווען די שיינע מלאכה האָט אָנגעפאַנגען „אונטער דער ממשלה פון די הויכע הערשאַפטן״. דאָס שיינע פיר־קאַנטיקע רעמל (באַרדער), וואָס באַצירט דעם טעקסט, איז ווי ס׳ווייזט אויס גאָר באַזונדער אַרויסגעקלעפּט געוואָרן אויפן שער־בלאַט מיט עטלעכע הונדערט יאָר שפּעטער פון איינעם, אַן אַמאָליקן אייגנטימער און ליבהאָבער פון דעם ספר.

## אַן אויסצוג פון בוך:

(איינער פון קלענסטע בריוו פון דער קאָלעקציע)

**צום משכיל אשר, דעם זון פון יהודה, שלום!**

עס האָט דערגרייכט צו מיר דער געשריי פון דיין מוטער, מייטע, און איר טענה אַז דו האַלטסט איין ביי זיך איר האָב און גוטס, וואָס איז גאָר ניט לויט די כללים פון געזעץ און יושר, און אַז דו ווילסט ניט גיין מיט איר צו אַ דין תורה אין דער שטאָט וואו זי געפינט זיך, נייערט דו ווילסט זי צווינגען גיין מיט דיר צום משפט אין אַן אַנדער שטאָט. הכלל דו באַהאַנדלסט דיין מוטער ווי זי וואָלט געווען גאָר אַ פרעמדע פרוי, ניט ווי דיין מאַמע. וואונדערט מיך זייער וואָס דו האָסט פאַרגעסן אויפן וויכטיקן געבאָט פון כבוד אב ואם וואָס שטייט פאַרשריבן אין אונזער הייליקער תורה. סטייטש, ווען אַ פרעמדער מענטש וואָלט אויפגעפאָדערט דיין מאַמען גיין צו אַ דין תורה אין אַן אַנדער שטאָט, וואָלסטו זיך דאָך געדאַרפט מיען פון אירעטוועגן און גיין מיט איר אהינצו כדי זיין איר צו הילף. הייינט ווי אזוי קאָנסטו זיך באַגיין אַזוי אכזריות׳דיק און פאַראורזאַכן דיין מוטער אַזונע בזיונות.

אונזערע חכמים האָבן דאָך אַזוי שטאַרק פאַרזאָגט אַז מען זאָל זיין געהיט ניט צו ברענגען אַ פרוי צו קיין בזיון. על אחת כמה וכמה ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ מוטער. אַן אייגענע מוטער.

דערום בין איך אויף דיר גוזר אַז אין דעם משך פון צוועלף טעג נאָך דעם ווי דו וועסט באַקומען די דאָזיקע שריפט מיט מיין זיגל, זאָלסטו קומען אַהערצו אין דער שטאָט פּאַוויאַ, וואו דיין מוטער געפינט זיך, און זאָלסט זיך שטעלן פאַרן געריכט. און אויב דו האָסט חלילה אַ פאַרדאַכט אויפן היגן בית דין, זאָלסטו זיך אויסקלייבן דיינים און אייגענע מענטשן אַלס פאַרטרעטער, און דיין מאַמע וועט אויך אויסקלייבן עמיצן צו פאַרטרעטן אירע אינטערעסן. און די ביידע פאַרטרעטער וועלן אויסקלייבן אַ דריטן פערזאָן אַלס בורר.

דו זאָלסט אָבער ניט וואַגן באַמיען דיין מאַמען צו פאָרן ערגעץ אַנדערש, נייערט דו זאָלסט קומען קיין פּאַוויאַ. און דו זאָלסט זיך ניט שטעלן אַנטקעגן מיין גזרה, כדי דו זאָלסט זיך חס ושלום ניט אָפּבריען אין די הייסע קוילן פון שטראָף פאר עובר זיין איינעם פון אונזערע הייליקע געזעצן. און זאָל זיין פרידן.

פון מיר, דער יונגער, יוסף דער זון פון רב שלמה קולון.

**אויסצוג פון טעקסט:**

אַ שאלה מיט אַ תשובה

איך חכם, דער זון פון יחיאל הכהן, פון דער שטאָט פּאַוויאַ, ווענד זיך צו אייך גרויסער געלערטער און לערער, מיט אַ וויכטיקער פראַגע וועגן מיין פרוי, וואָס איז ארייננעפאַלן אין טיפעניש פון גרוב און איז אַראָפּ געזונקען צו אַ נידעריקן גרונד. מיינע געדאַנקען זיינען צומישט, מיין האַרץ פאַרקלעמט און איך גיי אַרום ווי אין אַן עולם התוהו. פינסטערניש וויקלט מיך אַרום און איך זע ניט קיין ליכטיקייט אַרום מיר.

און אַזוי איז אין מיין צעווייטאָקטן מוח איינגעפאַלן אַ מחשבה אַרויסצוטראָגן מיין אומגליק אין דרויסן, און פאַנאַנדערוויקלען מיין פּיין אין דער עפנטלעכקייט. זאָל אַ קלאָרע ליכטיקע אויג אריינ־בליקן אין מיין בלוטנדע האַרץ; זאָל אַן אויער אָנגעשפּיצט מיט מיטלייד פאַרנעמען מיין טיפן קרעכץ, און זאָל אַ קלוגער לויכטנדער מוח מיר דערקלערן גאָטס געזעצן, יענע געזעצן וואָס טראָגן אַריין ליכטיקייט צו די וואָס זיצן אין דער פינסטערניש, און וואָס ברייננען פאַרגיטיגונג צו שווערע הערצער און נידעריקע געמיטער.

און אַזוי ווענד איך זיך צו אייך, גאָטס־געזאַלבטער האַר פון אונ־זער פאָלק, צו אייך רבי יוסף, דער זון פון שלמה קולון, אַ מאַן וואָס דער גייסט פון גאָט שוועבט אויף זיין פנים און וואָס אמת און שלום שפּילן אויף זיינע ליפּן. איך קום צו אייער הויכן כבוד, דעם שטאָלץ פון אונזער הייליקער תורה, מיט אַ געבעט וועגן מיין צווייטער העלפט, די העלפט וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פון גלייכן וועג. אפשר וועט רעכטפערטיק זיין אין אייערע הערלעכע אויגן אַריין צו קוקן אין מיין ביטערער לאַגע און אַרויסטראָגן מיין אורטייל אין דער ליכטי־קייט. ווארום איך ווייס דאָך, אַז איר אורטיילט זאַכן מיט יושר און גערעכטיקייט און איר גלייכט אויס שטרויכלונגען ווי אַ מלאך פון גאָט.

און זאָל ניט ברענען אייער גרימצאָרן אויף מיר דערפאַר, וואָס איך בין אייך מטריח צו העלפן מיר טראָגן מיין שווערע משא. ווייל פון דעם אויבערשטן איז דאָך אייך אָנפאַרטרויט געוואָרן די שליחות צו באַלערנען די קינדער פון ישראל, די קינדער פון צער און וואָגל. איך האָף און גלויב, אַז איר וועט געפינען אַ מעגלעכקייט צו טאָן מיט מיר גנאָד און צו זעטיקן מיין דורשט נאָך וויסן און פאַרשטאַנד.

בעט איך אייך, מיט מיטלייד נייגן אייער אויער צו מיר, אויס־הערן מיין שאלה און פארנעמען מיין געבעט. איך וועל פאַר אייך אַרויסברייגנען דעם גאַנצן ענין. איך וועל אייך אויסדערציילן אַלס וואָס האָט מיט מיר געטראָפן, פון אַלף ביז תיו. איך וועל קיין זאַך ניט באַהאַלטן און ניט פאַרבאַרגן פון אייך.

און דאָס איז וואָס איך וויל אייך דערציילן.

מיין פרנסה באַשטייט אין דעם וואָס איך פאַרדינג זיך צו די הערשאַפטן וואָס געוועלטיקן אויף אונזערע איינוואוינער, און איך גיי אַרום אין שטאָט און איך זאמל די שטייערן. מיין פרוי אָבער וויל ניט ליידן די טואָכץ מיינע. זי האָט מיר געשטעלט אַ פאָדערונג אַז איך זאָל אויפגעבן די דאָזיקע פרנסה. זי האָט מיט מיר איינגעטענה׳ט, טאָג איין טאָג אויס, און איך האָב זיך צו איר ניט צוגעהערט. און אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען אַ קריגערייַ צווישן אונז, ביז ס׳איז געקו־מען יענער טאָג ווען איך האָב געטרונקען פון דעם ביטערן כוס, וואָס האָט פאַר׳סם׳ט מיין רוהיקן לעבן.

דאָס האָט געטראָפן מיטאָק־צייט ר״ח אדר אין יאָר ר״ל (1470). איך בין געזעסן ביים טיש און געלערנט אידישקייט מיט מיין יונגער טאָכטער. מיט אַמאָל הויבט זיך אויף מיין פרוי פון איר פּלאַץ, נעמט צענויף די זילבערוואַרג מיט איר צירונג און גייט אַרויס פון הויז. זייענדיק פאַרטאָן אין לערנען מיט מיין טאָכטער, האָב איך קיין זאַך ניט באַמערקט. אַ ביסל שפּעטער פרעג איך מיינע טעכ־טער, אַ וואו איז זייער מאַמע; זאָגן זיי מיר, אַז זי איז אַרויסגעגאַנגען פון הויז פירנדיק ביים האַנט דאָס קליין מיידעלע מיינס וואָס איז פיר יאָר אַלט. מיין האַרץ האָט מיר גלייך אַ זאָג געטאָן אַז דאָ איז עפּעס פאַרגעקומען.

גיי איך אַרויס און איך זוך מיין פרוי אין די אַרומיקע אידישע הייזער און איך געפין זי ניט אין ערגעץ. פאַלט מיר איין א מחשבה אריינגיין צו דער גויע, די שכנה וואָס וואוינט גלייך לעבן אונז, וואָס וואַשט פאַר אונז וועש, נייט פאַר אונז קליידער און שטריקט פאַר אונז זאָקן. טראַכט איך, לאָמיר אַריין גיין צו יענער גויע און זען, אפשר געפינט זי זיך דאָרטן.

קום איך צו צו יענער הויז און געפין די טיר פאַרשלאָסן. קלאַפּ איך אָן. גייט אַרויס דער מאַן פון יענער גויע. אָבער דערזעהנדיק מיך האָט ער אויף שנעל געוואָלט צו מאַכן די טיר. אָבער איך האָב זיך מיט גוואַלד אַריינגעשטופּט אין הויז אַריין. אינווייניק האָב איך דער־

זען דעם הויפּטמאַן און צוויי באַאַמטע פון דער שטאָט, אַ גלח און עטלעכע גויעס און צווישן זיי, זיצט מיין פרוי און האַלט מיין יונגסטע טאָכטער אויף איר שויס. פרעגט מיך דער הויפּטמאַן: „איז דאָס דיין פרוי?" זאָג איך, יאָ, זאָגט ער צו מיר: דו זאָלסט וויסן אַז דיין פרוי איז איצט באַהערשט מיט אַ נייעם גייסט. זי וויל זיך שמד'ן. מיר האַלטן איצט אין צוזאַמענריידן זיך מיט איר. מיר ווילן זי ניט צווינגען, נאָר מיר זוכן אויסצוגעפינען איר ריכטיקע שטעלונג צו דער זאַך. זי איז פריי צו טאָן ווי איר האַרץ גלוסט".

דערהערנדיק די ווערטער איז מיר איינגעפאַלן דאָס האַרץ און איך האָב געבעטן, זיי זאָלן מיר דערלויבן דורכריידן זיך מיט מיין פרוי אין אידיש. האָבן זיי דאָס מיר דערלויבט מיט דעם תנאי, אַז איך זאָל צו איר ריידן גוטע רייד און ניט בייזערן זיך. האָב איך צו איר גערעדט און זי געפרעגט, ווי קומט זי אַהער און פאַרוואָס גייט זי ניט אַהיים? האָט זי מיר געענטפערט: „דאָ בין איך און דאָ פאַרבלייב איך. איך וועל מער ניט זיין די פרוי פון דעם וואָס גייט אַרום צווישן אַרימעלייט און רייסט פון זיי די הויט". האָב איך זיך געבעטן זי זאָל רחמנות האָבן אויף מיר און די קינדער, און זי זאָל צוריקומען. איך האָב איר צוגעזאָגט צו טאָן אַלס וואָס זי פאָדערט פון מיר, אָבער זי האָט מיר געענטפערט אַז זי האָט מער ניט קיין צוטרוי צו מיר, ווייל איך האָב זי שוין אָפּגענאַרט עטלעכע מאָל. דאַן האָב איך ביי איר געפרעגט וואָרום וויל זי פאַרשלעפּן מיט זיך אונזער קליינע טאָכטערל? זאָגט זי צו מיר: „נעם זיך דיין טעכ־טערל און גיי". האָב איך גענומען דאָס קינד אויף די הענט און בין געבליבן שטיין ווי צעמישט. רופט זיך אָפּ דער הויפּטמאַן און זאָגט צו מיר אַזוי: דו זאָלסט זיך ניט זאָרגן פאַר דיין פרוי, ווייל קיין גוואַלד וועט צו איר ניט געטאָן ווערן. מיר וועלן זיך באַגיין מיט איר גוט און שיין. מיר וועלן זי' פריער פון אַלץ אַוועקפירן אין אַ פלאַץ וואו די פרומע נאָנעס געפינען זיך און וואוהין קיין מאַן קאָן ניט צוקומען. דאָרט וועט זי זיין מיט זיך אַליין פערציק טעג מיט פערציק נעכט. אַזוי באַגייען מיר זיך מיט די וואָס ווילן פאַרבייטן זייער גלויבן, כדי אויספּרובן זיי און אויסגעפינען זייער גייסטיקן צושטאַנד.

האָב איך זיך צעוויינט און בין אַוועק אהיים מיט אַ צובראָכן האַרץ. איז מיין עלטסטע טאָכטער מיר אַרויסגעקומען אַנטקעגן, און איך האָב איר דערציילט פון דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט אונז

געטראָפן. די טאָכטער איז גלייך אָװעקגעלאָפן צו דער מוטער און האָט פאַר איר געװיינט און געבעטן זי זאָל קומען צוריק צו אונז. אָבער די מוטער האָט זי אַװעקגעשיקט פון זיך. דאַן איז מיין טאָכטער אַװעקגעלאָפן צו איינער אַ באַרימטער פרוי, אַ גרויסע פערזענלעכ־קייט און ביידע זיינען געקומען צו מיין פרוי און האָבן איינגעטענה׳ט מיט איר, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן.

באַלד איז מיין פרוי אַװעקגעפירט געװאָרן אין דער באַגלייטונג פון זיבן גוייעס און צווי באַדינער צו דער װאוינונג פון די העכסטע נאָנעס, װעלכע זיינען אין גאַנצן אָפּגעזונדערט פון אַלע מענער. קיין מאַן אין דער װעלט, זאָגן זיי, קאָן דאָרט ניט אַריינקומען, אויסער אַ דאָקטאר אין פאַל פון אַ קראַנקהייט. און אויך דער דאָקטאר קען קומען אהינצו בלויז מיט דער דערלויבניש פון דעם הויפּטמאַן און פון דער אויפזעהערין.

דאָרט איז די פרוי אָפּגעװען אַ גאַנצן טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט. אָבער אין דערפרי האָט זי געשיקט רופן דעם הויפּטמאַן און זי האָט אים דערציילט אַז איר האַרץ װערט איר צעריסן, און זי מוז זיך גלייך צוריקקערן אַהיים, װייל איר מאַן איז אַ כהן, און אויב זי װעט זיך דאָ געפינען עטװאָס לענגער האָט זי מורא אַז לויט דעם אידישן דין װעל איך זי מער אין שטוב ניט אַריינלאָזן.

דערװייל איז געקומען אַהין, דעם זעלבן פרימאָרגן, מיינער אַ פריינט מיטן נאָמען זלמן, און ער האָט געבעטן דעם אויפזעהער אַרויסגעבן אים די חפצים װאָס מיין פרוי האָט מיט זיך גענומען. זאָגט צו אים דער אויפזעהער: ניט נאָר די זאַכן װעלן אייך צוריק־געקערט װערן, נאָר אויך די פרוי װעט באַלד צוריקקומען צו אייך. און דער אויפזעהער האָט מיך באַלד געשיקט רופן און מיר דערציילט פון אַלץ װאָס האָט געטראָפן. און געזאָגט האָט ער צו מיר אַזוי: „זע נאָר, דו זאָלסט זי ניט דערצאָרנען און ניט שטראָפן. כאָטש דיין פרוי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט פאַר דיר קיין מורא ניט, פון דעסטװעגן בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט זיך מיט איר באַגיין איידל און גוט. איך גיי נאָך אַמאָל זיך דורכריידן מיט איר און אויספרעגן זי אין דער אנװעזנהייט פון עדות װעגן איר ענטגילטיקן באַשלוס“. — און אַזוי האָט ער געטאָן

און אין אָװנט פון דעם זעלבן טאָג האָט זיך מיין פרוי צוריק־געקערט אין מיין הויז. זי זיצט אין אַ װינקל פון חדר און װיינט

שטילערהייט און בעט ביי גאָט ער זאָל איר פאַרגעבן די זינד און ער זאָל פאַרלייכטערן איר שווערן געמיט.

און דאָס איז די טרויעריקע און צאַרנדיקע געשעעניש וואָס האָט מיך געטראָפן. ווי אַ קנעכט וואָס קוקט אַרויף צו זיין האַר, אַזוי קוק איך אַרויס צו אייער אויגן־בליק וואָס שפּיגלט אין זיך אָפּ די הערלעכע ליכט פון אונזער תורה. און איך בעט אייך אַרויסברייינגען אייער פּסק־דין צו איז פאַרבאָטן צו מיר די פרוי און איך דאַרף זיך פון איר דערווייטערן, אָדער איר זינד קאָן פאַרגעבן ווערן און איך מעג זיך צו איר דערנענטערן. און אַזוי ווי איר וועט אַרויסטראָגן אייער אורטייל אַזוי וועל איך זיך באַגיין און איך וועל קיין האָר ניט אָפּ־טרעטן פון אייערע קלוגע רייד.

און זאָל אייך גאָט שטאַרקן און באַגליקן צו טאָן גערעכטיקייט צו אונזערע ברידער, און צו לערנען תורה מיט אונזער פאָלק ישראל. דאָס איז דער וואונש פון אייער באַדינער וואָס וואָגט זיך צו אונטער־שרייבן זיין נאָמען.

## ענטפער פון מהרי״ק

לויט דעם בריוו שטעלט זיך אַרויס אַז אין דער פרוי איז אַריין אַ צייטווייליקע משוגעת. דער צוועק פון איר אָוועקגיין פון הויז איז ניט געווען קיין נייגונג צו זנות און אויך ניט קיין נויגונג צו שמד, נאָר אַ דערווידערונג און אַ להכעיס־געפיל קעגן איר מאַן. עס ווייזט אויס אַז דורך די אָנדערטהאַלבן טעג וואָס זי איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון מענער און פרויען וואָס האָבן געהיט אירע טריט, און קיין מאַן האָט קיין מעגלעכקייט ניט געהאַט אַריבערטרעטן איר שוועל און באַגיין מיט איר עברה. ווי עס זעט אויס איז זי געווען אַרומגע־רינגלט מיט פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, ווי דער הויפּטמאַן, דער גלח, די שטאָט באַאַמטע, די גויישע שכנים און פרויען נאָנעס. דאָס זיינען דורכאויס אַזוינע מענטשן פאַר וועלכע אויסגעלאַסנהייט איז אַ זינד, כמעט ווי ביי אונז.

עס דאַרף אויך גענומען ווערן אין באַטראַכט אַז זי איז ניט געווען געפאַנגען ביי די גוים מיט גוואַלד, נאָר זי איז דאָרטן געווען פריי צו קומען און גיין. אין אַזאַ צושטאַנד ווען עמיצער וואָלט זי באַ־פאַלן מיטן אַבזיכט צו פאַרשוועכן, וואָלט זי געקענט אַנטלויפן אָדער רופן נאָך הילף. דערפאַר מוזן מיר קומען צום שלוס אַז עס איז גאָר ניטאָ אויף איר קיין פאַרדאַכט פון זנות, און זי איז ריין אין דעם הינזיכט.

(דאָ פאָלגט אַ זייער טיפע און לאַנגע אָפּהאַנדלונג אויף אַכט גרויסע זייטן וועגן די געזעצן וואָס באַציען זיך צו אַזאַ געלעגנהייט. עס ווערן ציטירט פון תלמוד אַ סך עהנלעכע פּאַסירונגען און פאַרשונגען. נאָך דעם ווי עס ווערן אַרויסגעזאָגט אַלערליי השערות און עס ווערן געצויגן פּאַסנדע שלוסן ווערט דער ענין פאַרענדיקט מיט די ווערטער):

מען קאָן דעריבער מיט זיכערהייט באַשטימען אַז ווען דער ענין שמד וואָלט ניט געווען פאַרוויקלט, וואָלט דער מאַן אָן ספק געמעגט וואוינען מיט איר פונקט ווי געווען, אפילו ווען ער איז אַ כהן, ווייל קיין אַנדער זינד, אויסער איר שמד־פאַרלאַנג איז דאָ ניט באַגאַנגען געוואָרן.

און אויך דער שמד־פאַרלאַנג איז איר באַפאַלן ניט דורך דעם וואָס זי האָט פאַרגעצויגן צו איבערבייטן איר גלויבן, נאָר דורך דעם וואָס זי האָט זיך צוקריגט מיט איר מאַן און זי האָט געוואָלט אים טאָן צו להכעיס. דאָס הייסט, עס איז איר באַפאַלן אַ רוח שטות. זי האָט קיין זאַך ניט געטאָן, נאָר גערעדט און אַזוי ווי זי האָט יעצט שטאַרק חרטה אויף איר נאַרישקייט, און זי ווערט אויך גענוג באַשטראָפט דורך דער חרפה וואָס זי טראָגט אויף זיך, דורך דער שאַנד וואָס זי פילט פאַר די קינדער און פאַר לייטן, מוזן מיר דאָס אַלס נעמען אין באַטראַכט און קומען צום אויספיר אַז זי איז גענוג באַשטראָפט געוואָרן, אַז איר זינד דאַרף פאַרגעבן ווערן און אַז זי איז כשר צו איר מאַן, צו איר פאָלק און צו איר גאָט.

### אויסצוג פון טעקסט:

איר האָט מיך אויפגעפאָדערט אַרויס צו קומען פון מיין שטיל־שווייגענעש און צוגעבן מיין שוואַכע שטימע צו די לייבן־שטימען פון אונזערע גרויסע רבנים און חכמים, וואָס זייער קלענסטער פינגערל איז גרעבער ווי מיינע לענדן. אַ סך פון די חשוב׳ע רבנים האָבן שוין אַרויס געזאָגט זייערע טיפע סברות און הויך־געשעצטע מיינונגען, וועגן דער געשעעניש מיט דער מיידל טויבע.

צו דער דאָזיקער מיידל האָט זיך דערנענטערט אַ בחור מיטן נאָמען נחשון, און אין אַ פינסטערער נאַכט, אין דער אנוועזנהייט פון צוויי עדות, האָט ער זי מקדש געווען צו זיך פאַר אַ ווייב. גייען זיך פונאַנדער אין דעם ענין די גדולי התורה. דער זאָגט אַז זי איז זיין געזעצלעכע פרוי, און יענער זאָגט ניין.

בין איך אַ סך מאָל אויפגעפאָדערט געוואָרן אַרויס צו זאָגן מיין שוואַכע דעה וועגן דעם דאָזיקן ענין, און אויסקריצן דאָס אויף לוחות.

אָבער איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן דערפון איבער אַלערליי טעמים. ראשית וויל איך זיך יעצט נישט אַריינלאָזן אין די רוישיקע וואַסערן פון פּלפּול און הלכה; ווייל זייענדיק אַ שוואַכער שווימער, קאָן איך נאָך פאַרפּלייצט ווערן איבערן האַלז אין די גרויסע ברויזנדע כוואַליעס. והשנית, האָב איך מורא געהאַט, טאָמער וועל איך מיט מיינע רייד און מיט מיין פּעדער אָנרירן דעם כבוד פון עמיצן וואָס האָט אַרויסגעזאָגט אַ פאַרקערטע מיינונג ווי איך. ווייל עס זיינען דאָך פאַראַן אַ סך חלוקי דעות. איינער לערנט דעם פּשט אַזוי, און יענער אַנדערש.

צום סוף אָבער, האָב איך מער ניט געקאָנט איינשטיין אָנטקעגן די אַלע אָנפּראַלן און געבעטן די וואָס קומען צו מיר פון אַלע זייטן, און איך האָב באַשלאָסן צו לאָזן וויסן אויך מיין שוואַכע דינע שטימע. אָבער איך וועל זיך ניט אַריינלאָזן אין אַ טיפן ווירבלענדיקן שטראָם, נאָר איך וועל שעפּן פון שטילן קוואַל וואָס פון זיינע וואַסערן טרינקען די פּאַסטוכער מיט די שאָף.

האָב איך דעריבער גוט אַריינגעקוקט אין דעם ענין, און נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז עס זיינען געווען דערביי צוויי כשר׳ע עדות, קאָן איך ליידער ניט געפינען קיין שום תרופה און באַפרייאונג פאַר דער מיידל טויבע, אויסער אַ גט. מיין מיינונג באַגרינד איך אויף די פאָלגנדע מעכטיקע זיילן פון אונזער הייליקער תורה.

(דאָ פאָלגט אַ לאַנגע אָפּהאַנדלונג, אויף פיר זייטן פון בוך, מיט אַלערליי ציטאַטן און מיינונגען פון גאונים און פּוסקים וואָס האָבן באַהאַנדלט ענלעכע פאַלן. נאָך דעם ווי דער גאון מהרי״ק פירט דורך אַ סך הכל פון די אַלע פאַרגעבראַכטע אויסצוגן, שטעלט ער אין גאַנצן אַוועק אין אַ זייט די פראַגע פון דין און געזעץ און ער נעמט אָן גאָר אַן אלגעמיין מענטשלעכע שטעלונג צו דער געשעעניש. ער זעצט פאָר זיין דערקלערונג מיט פאָלגענדע ווערטער):

איר טוט אַ גוטע זאַך דערמיט וואָס איר פאַרטיידיקט דעם בחור נחשון און איר זענט פאַר אים אַ מליץ יושר. ווייל קיין גרויסן פאַרברעך איז ער דאָך ניט באַגאַנגען. ווי ס׳ווייזט אויס איז דער בחור זייער פאַרליבט אין דער מיידל. ווייסן מיר דאָך אַז „עזה כמות אהבה״ (דערפאַר זאָגט מען דאָך „שטערבלעך פאַרליבט״). מיר ווייסן אויך אַז „אהבה מקלקלת השורה״ — די ליבע איז פאַרפירעריש. און דערמיט וואָס דער בחור האָט זי מקדש געווען אין מיטן נאַכט, האָט ער ניט באַצוועקט צו טאָן קיין רשעות און קיין

נידערטרעכטיקייט. ווארום דאָס איז דאָך געטאָן געוואָרן מיט דער צושטימונג פון דער מיידל.

און דאָס וואָס דאָס מיידל בייט יעצט איבער אירע פריערדיקע רייד, און זי זאָגט אַז דאָס איז בלויז געווען אַ שפּיל אַזאַ, איז, וויל איך זאָגן, אַז אַזוי שפּילט מען זיך ניט. דאָס אַרונטערלאָזן אַ לאַנגע פאָדים דורכן פענסטער כדי מקבל צו זיין א קדושין פינגערל דאָס איז ניט קיין שפּילכל.

זאָלט איר טאָקעריידן צו דער מיידלס פאָטער און באַוועגן זיין הארץ ער זאָל געבן זיין צושטימונג צו דעם זיווג. זאָגט אים אין מיין נאָמען און אין דעם נאָמען פון מענטשן וואָס זיינען חשוב'ער פון מיר, אַז ער זאָל ניט פאַראומווירדיקן גאָטס הייליקן געבאָט. זאָל ער פאַרמאַכן די מיילער פון זיינע מיטמענטשן, און ער זאָל ניט מאַכן זיין נאָמען און דעם נאָמען פון זיין טאָכטער צו שאַנד און צו שפּאָט.

זאָגט אים אַז די זעלבע מעשה האָט זיך געטראָפן צו רבי עקיבא מיט דער טאָכטער פון כלבא שבוע. דאָס איז אַן אַלטעגלעכע פּאַסירונג, און ס'איז ניטאָ גאָר קיין שום נייס אונטער דער זון.

דערמאָנט אים אויך דאָס וואָס אונזערע חכמים האָבן געזאָגט: בעסער איז צו וואוינען אין דער גרעסטער אָרימקייט מיט אַ באַ־שערטן, איידער צו וואוינען אין רייכטום אָפּגעזונדערט פון באַ־שערטן. און זאָל ער ניט אַרומזוכן קיין גליקן, קיין גרויסקייטן און רייכטימער.

און יעדער איינער וואָס האָט אַ רוהיקן און שטילן געמיט וועט אים עצה'נען צו טאָן אַזוי, און ניט אַריינלאָזן זיך אין קריגערייען און ליידנשאַפטן. און זאָל זיין שלום על ישראל.

און זאָל מיין אמתע עצה און אויפריכטיקע מיינונג אָנגענומען ווערן צו גוטן, און זאָל קיין שטרויכלונג צו קיינעם זיך ניט טרעפן. און זאָל אונזער פאָלק ישראל אויפגעריכט ווערן, און זאָל אונזער לאַנד צוריק אויפגעבויט ווערן. ווי עס בעט און טוט תפלה מיין וויניקייט.

געשריבן אין דער שטאָט פּאַדוא (איטאַליע) יום ה' פרשה ויחי שנת רע"ה (1515).

2

איך האָב מקבל געווען אייער חשוב'ן בריוו און איך האָב נאָכ־געטראַכט וועגן דעם אידן וואָס האָט געהייראָט אַ צווייטע פרוי

ביים לעבן פון זיין ערשטער פרוי. איר שרייבט אַז איר האָט בדעה אַרונטערנעמען פון אים די עברה צוליב דעם וואָס זיין ערשטע פרוי האָט איינגעשטימט צו זיין צווייטער הייראַט.

לויט מיין אַרימער מיינונג טאָר מען אויף דער צושטימונג פון זיין ערשטער פרוי גאָר ניט בויען. און דאָ וועל איך גלייך איבערגיין אויף אַ ענלעכן פאַל וואָס האָט ניט לאַנג געטראָפן, וואו דער גאון ר׳ ניסים גרונדי האָט גענומען פונקט אַזאַ שטעלונג. די מעשה איז געוועזן אַזוי:

ראובן האָט געהייראַט אַ פרוי אין פראַנקרייך וואו עס הערשט אין פול קראַפט דער חרם דרבנו גרשון (מען זאָל ניט הייראַטן קיין צוויי פרויען ביי זייער לעבן. דערנאָך איז דער מאַן אַוועקגעפאָרן קיין קאַסטיליע וואו עס איז ניט אָנגענומען דעם חרם דרבנו גרשון און דאָרט וויל ער הייראַטן אַ צווייטער פרוי. גייען זיך פונאַנדער אין דעם ענין אונזערע רבנים. איין צד באַהויפּטעט אַז ווי באַלד זיין ערשטע הייראַט איז געווען אין פראַנקרייך וואו מען טאָר ניט הייראַטן צוויי פרויען בלייבט ער אימער אונטער דעם פאַרבאָט. דער צווייטער צד באַהויפּטעט אַז זייט ער האָט זיך באַזעצט אין אַן אַנדער לאַנד וואו עס עקזיסטירט ניט קיין פאַרבאָט צו הייראַטן נאָך אַמאָל, מעג ער דאָס טאָן, אויב ער פילט זיך בכוח צו ערנערן צוויי פרויען, און, הויפּטזעכלעך, אויב ער קאָן צוקריגן די פולע צושטימונג פון זיין ערשטער פרוי צו זיין צווייטער הייראַט.

אַצינד לאָמיר זיך אַביסל אַריינטראַכטן אין דעם ענין.

(דאָ פאָלגט אַ לאַנגע אָפּהאַנדלונג אויף עטלעכע זייטן פון בוך, וואו עס ווערן ציטירטביישפּילן פון תלמוד און פוסקים, און וואו עס ווערט אויך אַרומגערעדט די וויכטיקייט פון דעם חרם דרבנו גרשון. דערנאָך צו־גלידערט פאַנאַדער דער אויטאָר די מעגלעכקייט פון דער ערשטער פרוי׳ס צושטימונג און ער זאָגט אַזוי:

וויסנדיק ווי געהאָרכזאַם די מערסטע פרויען זיינען צו זייערע מע־נער און ווי אונטערטעניק זיי פאָלגן אויס זייערע מענערס באַפעלן קאָנען מיר ניט צוגעבן קיין גרויסע באַדייטונג צו דער פרויס צו־שטימונג, ווייל עס איז מעגלעך אַז דער מאַן האָט אויסגעאיבט אויף דער פרוי זיין מאַכט און ער האָט זי געצוואונגען צו געבן איר צושטי־מונג צו זיין צווייטער הייראַט.

אָבער ס׳איז גאָר מעגלעך אַז דער אמת׳ער צוועק פון דעם חרם דרבנו גרשום איז געווען ניט אַזוי צו באַשיצן די פרוי ווי צו באַשיצן

דעם מאַן, ער זאָל ניט דאַרפן אויסשטיין קיין קריגערייען און צאַנקע־רייען אין זיין הויז. און אויב אַזוי האָט די צושטימונג פון דער פרוי קיין שום באַדייטונג ניט, און דער מאַן קאָן כלל וכלל ניט באַפרייט ווערן פון דעם חרם.

די אונטערשטע שורה איז עס האָט גאָר קיין ווערט ניט דער זכות וואָס איר געפינט אויפן מאַן דערפאַר וואָס ער האָט באַקומען די צושטימונג פון זיין ערשטער פרוי צו זיין צווייטער הייראַט.

די עברה איז דערפון ניט קלענער געוואָרן.

# ספר התפוח

## געדרוקט אין 1519

פון אברהם בר׳ חסדאי הלוי. געדרוקט 1419, אין װענעציע, איטאַליע, דורך דעם קריסטלעכן דרוקער, דניאל באָמבערג. „אַ בוך וועגן אַן עפּל און וועגן דאָס לעבן נאָכן טויט צו באַפרייען דעם מענטשן פון בלאָטע און קויט״. אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע מכוח נשמה, מכוח דאָס אייביקע לעבן און דאָס ניט־מורא־האָבן פאַרן טויט. איבערזעצט געוואָרן פון אַראַביש, מיט אַ קורצן פאָרוואָרט, פון אברהם, זון פון חסדאי, הלוי, באַרימטער פּאָעט פילאָזאָף און איבערזעצער פון די בעסטע אַראַבישע ווערק. (געלעבט אין דעם ערשטן האַלב פון דעם דרייצנטן יאָרהונדערט).

### אויסצוגן פון טעקסט:

אין יענער צייט האָט געלעבט אַ גרויסער דענקער, חכם און קע־נער פון אַלע קלוגשאַפטן און וויסנשאַפטן, מיטן נאָמען אַריסטאָטעל.

און ער איז קראַנק געוואָרן, אַריסטאָטעל, מיט אַ שווערער קראַנקהייט וואָס פירט צום טויט. האָבן זיך פאַרזאַמלט פילע חכמים און זיינען געקומען באַזוכן דעם גרויסן חולה.

האָבן זיי אים דערזען האַלטנדיק אַן עפּל אין האַנט און שמע־קנדיק דערפון. ער איז געווען זייער אָפּגעצערט און אויסגעמאַ־טערט פון די טויטלעכע שמערצן. דאָך האָט זיין פּנים געשיינט מיט גליקזעליקייט און צופרידנהייט. ער האָט פריידיק באַגריסט זיינע באַזוכער און געפרעגט וואָס זיי מאַכן.

האָבן זיך זיינע פריינט זייער פאַרוואונדערט און געזאָגט צו אים: אונזער האַר! אַז מיר האָבן לכתחילה דערבליקט דיין שוואַכן אויסזען, האָבן מיר זיך זייער דערשראָקן און די הערצער זיינען אונז איינגעפאַלן. אָבער אַז מיר זעען ווי דיין פּנים שיינט מיט צו־פרידנהייט, זיינען מיר דערמוטיקט און געשטאַרקט געוואָרן. האָט אַריסטאָטל געלאַכט און געזאָגט צו זיי: דענקט ניט אַז מיין פריי־

לעכקייט קומט דערפון וואָס איך האָף אַז איך וועל בצול פון טויט. די וויטאָקן זיינען שרעקלעך. איך ווייס אַז איך גיי שטאַרבן, און עס איז גאָר ניטאָ די קראַפט אין דער וועלט אָפּשטעלן דעם טויט. איך וואָלט שוין לאַנג געווען אויסגעגאַנגען, ווען ניט דער עפּל אין מיין האַנט, וואָס שטאַרקט מיך מיט זיין גוטן ריח און וואָס פאַר־לענגערט אַביסל מיינע טעג אויף דער ערד. וואָרום מיין ערדישער וועזן ציט זיך צום געשמאַקן ריח פון דעם ערדישן עפּל און דאָס דערהאַלט צייטווייליק מיין ערדישן לעבן.

אָבער צופרידן בין איך און גליקלעך וואָס מיין נשמה וועט זיך באַלד אָפּשיידן פון דעם ערדישן קערפּער און וועט פאַרלאָזן די פאַר־קערטע וועלט. זייט וויסן אַז דער קערפּער איז צוזאַמענגעשטעלט פון עטלעכע עלעמענטן. און די עלעמענטן וועלן זיך באַלד פונאַנדער־טיילן און פונאַנדער פאַלן ווי ליים און בלאָטע. די נשמה אָבער באַ־שטייט פון בלויז איין עלעמענט וואָס איז אומשטערבלעך און לעבט אייביק. דאָס איז די נשמה וואָס געוועלטיקט איבער דעם קערפּער, וואָס קאָן אונטערשיידן פון גוטס ביז שלעכטס, וואָס אָנערקענט איר באַשעפער און קאָן זיך אַליין.

האָט זיך אָפּגערופן איינער אַ תלמיד מיטן נאָמען שאָמום און געזאָגט האָט ער צו אַריסטאָטל: אַז דו האָסט צו אונז געטאָן אַזוי פיל וואוילטאָטן און געלערנט מיט אונז גרויסע קלוגשאַפטן, שפּרייט־זשע ווייטער אויס דיין גנאָד אויף אונז און טרייב אַרויס פון אונזער געמיט די שוואַרצע מורא פון טויט און די גרויסע שרעק פאַרן ענד. און זאָל אונזער גורל ניט זיין ווי דער גורל פון יענע וואָס וואַנדערן אין דער פינסטערניש און וואָס ווייסן ניט פון קיין שטרעבונג אויף ווייטער און פון קיין האָפנונג אויף שפּעטער. עפן אויף פאַר אונז דעם סוד פון לעבן און טויט. באַווייז אונז אַז די ענד פירט צו גליקלעכ־קייט און דער אָפּשייד ברענגט רואיקייט און פרידלעכקייט. דאַן וועלן אונזערע געמיטער דערפרייט ווערן און אונזערע הערצער וועלן זיך שטאַרקן.

האָט אַריסטאָטל געענטפערט און געזאָגט צו זיינע תלמידים: ביז מיין לעצטן אָטעם וועל איך פאַרזעצן מיין לערע צו אייך. און כדי אויפצוהאַלטן מיינע לעצטע קרעפטן וועל איך אַלץ אָנהאַלטן דאָס שמעקן פון זיסן עפּל ביז וואַנען מיינע רייד וועלן זיך ענדיקן. און אַז איר וועט באַגרייפן גוט דעם געגענשטאַנד און איר וועט איינזאַפּן מיין געדאַנקען־גאַנג וועט מיין מי זיין באַלוינט און מיין געצאָלטס פאַרגיטיגט.

האָבן זיך זיינע תלמידים דערנענטערט צו אים און אים אין קאָפּ געקושט. און אַריסטאָטל האָט געזאָגט צו זיי:

ערשטנס וויל איך פרעגן פון אייך צי זענט איר איינשטימיק מיטן געדאַנק אַז די פילאָזאָפיע איז די העכסטע וויסנשאַפט וואָס איז געגרינדעט אויף די זיילן פון אמת און גערעכטיקייט און וואָס שיידט־אָפּ דעם מענטש פון דער חיה?

האָבן די תלמידים געענטפערט: מיר זיינען זיכער דערין.

האָט אַריסטאָטל ווייטער געפרעגט ביי זיי: איצט קומען מיר צו דער צווייטער אָנפראַגע: צי ווייסט איר פון דעם פעסטגעשטעל־טען געזעץ אַז די נשמה מוז ווען עס איז פאַרלאָזן דעם ליימענעם קערפּער און זי מוז זיך באַהעפטן מיט דעם העכסטן גייסט פון דער אייביקער געטלעכקייט.

האָבן די תלמידים געענטפערט: אויך דאָס באַגרייפן מיר.

האָט אַריסטאָטל צו זיי געזאָגט: איז דען ניט קלאָר צו אייך אַז דער ליימענער גוף זעלבסט הערט ניט, זעט ניט און פאַרשטייט ניט, אַז די אַלע פונקציעס ווערן אויסגעפירט פון דער נשמה וואָס אנטלייט צו דעם קערפּער איר ענערגיע און פייאיקייט? און דאָס האַלט אָן אַזוי לאַנג ביז וואַנען די נשמה געפינט פאַר נויטיק צו האַלטן זיך אין קערפּער. אָבער באַלד ווי די נשמה שיידט זיך אָפּ, אַזוי צעפאַלט דער קערפּער ווי אַן ערדענע כלי?

און דאַן האָט אַריסטאָטל פאַרגעזעצט:

ווי איך האָב אייך פריער דערקלערט, לעכצט דער קערפּער, וואָס באַשטייט פון מאַטעריע, נאָך מאַטעריעלע לוסטן און פאַרגע־ניגענס ווי עסן, טרינקען און טאָן די זעלבע וואוילטאָגן נאָך וועלכע עס גלוסטן בהמות און חיות. די נשמה אָבער לעכצט נאָך העכערע פאַרגעניגנס, ווי לערנען קלוגשאַפטן און וויסנשאַפטן, ווי פאָרשן, למשל, דעם גאַנג פון דער זון און די פּלאַנעטן, ווי פעסט־שטעלן די פונקציעס פון גייסט און מאַטעריע.

ווען דער מענטש דערהויבט זיך צו דער מדרגה פון פולקאָ־מענהייט טוט ער זיך אויס פון זיינע צייטווייליקע קערפּערלעכע פאַרגעניגנס און גיט זיך אין גאַנצן איבער צו דער פאַרפיינערונג און באַרייכערונג פון זיין נשמה וואָס איז אַ טייל פון געטלעכקייט און לעבט אייביק. באַגרייפנדיק די נויטיקייט פון זיין צייטווייליקן קער־פּער און די גרויסקייט פון זיין אייביקער נשמה, פילט אַזאַ מענטש קיין זאָרג און קיין מורא ווען ער דערגרייכט דעם צושטאַנד פון

טויט; דאָס הייסט, וועןביידע קעגנזייטיקע געגנשטאַנדן, דער גוף און די נשמה, האַלטן זיךביים פונאַנדערשיידן און אָפּטיילן.

נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט קומען מיר צום שלוס אַז אַנשטאָט צו מורא האָבן פאַרן טויט, דאַרפן מיר זיך גאָר פרייען דערמיט און מיר דאַרפן אויפנעמען דעם נייעם צושטאַנד מיט דער גרעסטער צופרידנהייט, אַ צושטאַנד ווען די נשמה באַפרייט זיך פון איר ליימענעם צודעק און זי באַהעפט זיך מיט דער אייביקייט און געטלעכער גליקזעליקייט.

עס איז פאַראַן אַ סך צו לערנען וועגן דעם ענין און צו באַ־שיידן די פּרטים דערפון. און דאָס אַלץ וועט איר געפינען אין די אַכט פילאָזאָפישע ביכער וואָס איך האָב פאַרפאַסט. און הויפּט־זעכלעך וועט דאָס אייך דערקלערן מיין בוך, וואו איך באַהאַנדל דעם מהות פון דער מענטשלעכער נשמה און אירע פונקציעס: ווי אַזוי זי איז באַהעפט מיטן גוף, ווארום זי איז פאַרהיילן פון אונ־זערע אויגן, צי זי איז באַשאַפן געוואָרן פריער פון גוף אָדער צו־זאַמען מיטן גוף, און ווי זי זעצט פאָר איר עקזיסטענץ נאָך דעם ווי זי פאַרלאָזט דעם גוף. און אַז איר וועט אַריינקוקן אין יענעם בוך און איר וועט איינזאַפּן זיין תוך וועלן אייך קלאָר ווערן די וועגן פון אייביקן לעבן און  איר וועט וויסן און פאַרשטיין ווי צו גיין אין גלייכן וועג און ניט אָפּנייגן זיך רעכטס אדער לינקס.

האָבן זיך אָפּגערופן די תלמידים פון אַריסטאָטל און אַזוי געזאָגט: אונזער גרויסער לערער און וועג־ווייזער! מיר בעטן דיך אונז אָנצוצייגן וועלכע וויסנשאַפט איז די גרעסטע און וויכטיקסטע צו דערהויבן דעם מענטשן צו אַ הויכער שטופע פון קלוגשאַפט און גערעכטיקייט.

האָט אַריסטאָטל זיי געענטפערט:

פון אַלע חכמות און וויסנשאַפטן איז פילאָזאָפיע די העכסטע און די הערלעכסטע צו באַלויכטן דעם מענטשנס וועג און צו פירן אים צו פולקאָמנהייט. דורך דער פילאָזאָפישער וויסנשאַפט ווערן פעסטגעשטעלט די פונדאַמענטן פון אַלע אונזערע נייגונגען און טאַטן. דורך דער פילאָזאָפיע קען מען זיך דערקונדיקן וועלכער וועג איז גלייך און וועלכער איז קרום, וואָס איז ריכטיק און וואָס איז פאַלש, און ווי צו באַקעמפן פאַלשע סברות און אומגעלומפּערטע באַהויפּטונגען וואָס איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. די פילאָ־זאָפישע וויסנשאַפט איז פונקט ווי אַ נוצלעכער געווירץ וואָס ווערט

געגומען פאַר אַ רפואה צו היילן און פאַרלייכטערן אַלערליי שמערצן און ווייטאָקן.

איך האָב די אַלע געגנשטאַנדן אויך באַהאַנדלט אין מיין בוך וועגן דער נאַטור, וואו איך פאַרש דעם שטאַנד פון ערד און הימל, דעם גאַנג פון דער זון און די פלאַנעטן, פון דער לבנה און די שטערן; אויך דאָרט רייד איך אַרום די צוויי באַזונדערע וועלטן, די נשמה און דעם קערפער, וואָס זיינען בלויז צייטווייליק צוזאַמען באַהעפט, אָבער וואָס דאַרפן זיך מיט דער צייט פונאַנדערגיין און צעשיידן. און ווי איז דער נשמה וואָס האָט ניט קיין קראַפט צו אויפהויבן זיך פון די גראָבע קערפערלעכע לוסטן און ליידנשאַפטן...

ביי די ווערטער האָבן זיך ביים גרויסן פילאָזאָף די כוחות אויסגעלאָזן. דער עפל איז אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט, און שטיל און רואיק איז אים די נשמה אויסגעגאַנגען און זיך אָפּגעשיידט פון זיין קערפער. און זיינע תלמידים זיינען דאַן צוגעפאַלן צו אים און אים געהאלזט און געקושט. און זיי האָבן געזאָגט: זאָל דיין גרויסער גייסט זיך דערהויבן און באַהעפטן מיט די גייסטער פון די גרויסע פילאָזאָפן. און זאָל דיין נשמה אַריינגיין אין דעם גרויסן אוצר פון די גרעסטע און שענסטע נשמות, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ ווירדיקער און גערעכטיקער פערזאָן ווי דו ביסט ביים לעבן געווען.

## פסקים וכתבים

### געדרוקט אין 1519

„פסקים וכתבים" פון ישראל בן פתחיה איסרלין (אויך באַקאַנט מיטן נאָמען „אשכנזי"), גרעסטער תלמודישער געלערנטער אין די דייטשע לענדער באַרימטער פוסק, אַנערקענטער אויטאָריטעט און פירער פון זיין דור. (געבאָרן 1395, געשטאָרבן 1460).

געדרוקט אין יאָר 1519 דורך דעם קריסטלעכן דרוקער דניאל באמבערג אין ווענעציע, איטאַליע.

פאַרגלייכנדיק דאָס בוך מיט אַן עהנלעכע קאָפּיע וואָס געפינט זיך אין דעם ניו־יאָרקער אידיש־טהעאָלאָגישן סעמינאַר, האָט דער שרייבער אַנטדעקט די פאָלגנדע „אויסבעסערונגען" אין דעם אויבן־פּאָטאָגראַפירטן שער־בלאַט.

די בוכשטאַבן רע"ט, וואָס זיינען אויבן געצייכנט, זיינען צוגעשריבן געוואָרן מיטן האַנט. רע"ט איז אָבער דער ריכטיקער יאָר אין וועלכן דאָס בוך איז געוואָרן געדרוקט.

די צייכנונג וואו עס איז אויסגעמאָלט אַ האַמער וואָס צושפּליטערט אַ שטיין (כפטיש יפוצץ סלע) געהערט ניט אַהער. ווי עס ווייזט אויס, האָט אַ

# פסקים וכתבים

של מהר״ר ישראל נדפסו על ידי
דניאל בומבירגי״ן





פלייסיקע האַנט פון א פריערדיקן אייגענטימער אַרויסבאַקומען די צייכנונג פון ערגעץ אַן אַלטן בוך און דערמיט באַצירט דעם שער־בלאַט פון זיין באַליבטן ספר. די צוויי שורות, געשריבן אין רוסיש, אונטער דער צייכנונג

באַדייטן: „דורכגעגאַנגען דורך דער צענזור דעם 31 דעצעמבער 1837 פון רבי נח ראַבינאָוויץ".

נאָך די גרויסע אידן־פאַרפאָלגונגען און שחיטות אין עסטרייך (אין יאָר 1421„ אין וועלכע זיין מוטער איז געפאַלן אַ קרבן, איז איסרלין אַנטלאָפן קיין איטאַליע, וואו ער האָט פלייסיק פאָרגעזעצט זיין שטודיום אין אידישע ווי־סנשאַפטן. עס האָט אים אָבער געצויגן צו דעם לאַנד פון זיין געבורט; און עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער זיך צוריק געקערט קיין ניושטאָט, עסטרייך, וואו ער איז פאַרבליבן ביז דער ענדע פון זיין לעבן.

דאָ האָט איסרלין געגרינדעט איינע פון די גרעסטע ישיבות וואוהין עס האָבן זיך געצויגן פון אַלע עקן וועלט הונדערטער תלמידים נייגעריק צו זיצן ביי די פיס פון דעם תלמודישן גאון און צו פאַרנעמען־די תורה פון זיין מויל.

פון נאָנט און פון ווייט האָבן אויך געשטראָמט צו אים אָנפראַגן וועגן אַלערליי שווערע און צווייפלהאַפטע שטעלן אין רעליגיעזע און ציווילע געזעצן. ער איז אימער געשטאַנען אין בריוו פאַרבינדונגען מיט די גייסטיקע פירער פון זיין דור, ווען עס איז געווען שווער צו פאַנאַנדער קלויבן זיך אין די פאַרצווייקטע דינים, ווידערשפּרעכנדע פּסקים און פּראָבלעמען פון אידישקייט. איסרלינ׳ס תשובות צייכנען זיך אויס מיט זייער שאַרפזין און לאָגישן שכל. ער פאַלט ביי זיך ניט אַראָפּ פאַר גרויסע נעמען און אויטאָריטעטן. זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פאַרמאָגן אייגנאַרטיקייט, פעסטקייט און אַ מוטיקע שטעלונג.

איסרלין רעדט מיט ביטערער פאַראַכטונג וועגן די יעניקע רבנים וואָס זוכן אימער אויסצוטייטשן די דינים אויף אַ האַרבן אונקאָמפּראָמיסלעכן שטייגער, כדי דורך דעם אַרויפצווינגען זייערע באַשלוסן אויף צו ציען אויפ־מערקזאַמקייט צו זיך.

כאַראַקטעריסטיש איז איסרלינ׳ס באַשלוס, אַז פאַר משומדים אָדער זינדיקע אידן, וואָס האָבן חרטה און ווילן זיך צוריק קערן צו אידישקייט, דאַרף געמאַכט ווערן ווי מעגלעך־לייכטער דער וועג צוריק. ווארום דער צו־ריק־קער צו אידישקייט — אַזוי באַגרינדעט איסרלין זיין באַשלוס — ברייגנט מיט זיך אַ סך פאַרפאָלגונגען אוןליידן, און עס מיינט אויך דאָס אַנטזאָגן זיך פון פילע פריייהייטן און פאַרגעניגנס. דאָס דאַרף פאַררעכנט ווערן אַלס אַ שווע־רער קרבן וואָס דער בעל תשובה ברייגנט צו אידישקייט. און דאָס איז אַ גענוגנדער זכות צו פאַרגעבן אים פאַר זיינע פריערדיקע אָפּנייגונגען.

פון די אַנדערע שאַפונגען פון ישראל איסרלין איז ווערט צו דער־מאָנען אייניקע פּיוטים אָדער תפלות וואָס ער האָט אין פאַרפאַסט אין פאַרשידענע צייטן.

דאָס בוך „פּסקים וכתבים", וואָס זיין שער־בלאַט איז אויבן רעפּראָ־דוצירט אַנטהאַלט 267 שאלות און תשובות, און שטעלט מיט זיך פאָר אַ טייל פון ישראל איסרלינ׳ס שאַפונגען. די מערסטע פון זיינע שריפטן אויפן זעלבן געביט געפינען זיך אין דעם צווייטן ספר זיינעם, „תרומת הדשן", וואָס פאַר־נעמט אויך אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער רבנישער ליטעראַטור.

ביי היינטיקע צייטן קאָן מען זיך קוים פאָרשטעלן אַז אַ אידישער גייס־טיקער פירער, וואָס האָט אונטער זיך ניט קיין שום מאַכט אויסער אַ מאָראַ־לישע קראַפט, די גערעכטיקייט פון אידישן דין, זאָל קאָנען אַרויסגעבן אַ שטרייגנגען באַפעל און זיין זיכער, אַז דאָס וועט אויסגעפאָלגט ווערן פונקט ווי אַ באַפעל פון אַ הערשענדן שטאַאַט־באַאַמטן.

די פאָלגנדע פיר בריוו פון ישראל איסרלין אילוסטרירן זיין אָנערקענטע אויטאָריטעט ניט נאָר אין רעליגיעזע נאָר אויך אין ציווילע אנגעלעגנהייטן.

פיר בריוו גענומען פון בוך „פסקים וכתבים".

1

צו דער פרוי הענדיל, די אלמנה פון פלטיאל קאַץ.

מען גריסט זיך ניט מיט קיין פרוי, און אוודאי דאַרף מען זיך ניט גריסן מיט אַזאַ פרוי ווי דו. צו מיין אויער האָבן דערגרייכט שלעכטע ידיעות וועגן דיר, פרוי הענדיל. איך הער אַז דו האָסט זיך אָפּגעקערט פון גלייכן וועג און האָסט זיך גענומען אויף קרומע סטעזשקעס. דו זוכסט צו באַרויבן דעם תלמיד חכם, ר׳ יוחנן פון זיין גאַנצן אייגענטום, און צוליב דעם לייקענסטו דעם אמת און זאָגסט פאַלשקייטן. דיין אייגענער קרוב, יחיאל קאַץ, וועלכער איז גוט באַקאַנט אַלס פאַרטרויענסווערטער פערזאָן האָט מיר דערציילט דעם אמת וועגן דיר. און אפילו די שריפט וואָס איז פאַרבליבן פון דיין גאָטזעליקן מאַן באַשטעטיקט אַז דו רעדסט ליגנערישע רייד.

עס איז גוט באַוואוסט אַז דיין מאַן האָט עדות געזאָגט פאַר זיין טויט אין דער אנוועזנהייט פון מענטשן אַז ער האָט זיך ביים לעבן קוים געקאָנט דערנערן, און אַז ער לאָזט איבער נאָך זיך אַ מינדערוועדטיקע ירושה. קומסטו צוגיין און פאַרכאַפּסט דאָס איי־גענטום פון דיין מאַנס פעטער, ר׳ יוחנן, און מיט אַ קופּערנעם שטערן און גרויסער חוצפּה טענה׳סטו אַז דיין מאַן האָט דאָס דיר איבער־געלאָזן אַ ירושה.

און כדי צו באַוואָרענען זיך אַז דיין גזלה און רויב זאָל ניט צוגענומען ווערן פון דיר, ווילסטו זיך פאַרבינדן מיט אַ מאַן מיט שטאַרקע עלנבויגנס און ווילסט אים אָוועקגעבן דעם אָנגערויבטן פאַרמעגן אַלס נדן, און אַזוי דענקסטו וועסטו זיך אַרויסדרייען פון גערעכטיקייט. האָסטו אָבער אַ גרויסן טעות, דו פרוי הענדיל!

(דאָ פאָלגן אַ סך שטעלן פון תלמוד און מדרש וואו עס ווערן דער־מאָנט ענלעכע פאַלן און וואו דער דין זאָגט זיך אַרויס אַנטקעגן אַזוינע טאַטן).

דערפאַר גיב איך אַרויס אַנטקעגן דיר אַ האַרבע גזרה מיט אַ חרם און איך רוף אויס, אַז קיין מאַן אין דער וועלט צי פון דער מדינה, צי פון אַן אנדערע, זאָל ניט וואגן דיך צו הייראַטן און זאָל זיך ניט דערלויבן אָוועקנעמען פון דיר אַלס נדן אָדער אַלס געשאַנק אפילו קיין איין איינציקן פאָדים פון דעם וואָס דו האָלטסט אין דיין רשות.

און אויב דו וועסט זיך ניט אָפּרופן אויף מיין בריוו אין דעם משך פון צוויי חדשים, דאַן בלייבט מיין גזרה אין פולער קראַפט אויף ווייטער, און קיינער זאָל ניט דערוועגן זיך צו פאַרבינדן מיט דיר.

און צו יענע שלעכטע מענטשן, וואָס ריידן דיך איין צו באַגיין אַזאַ שענדלעכן טאַט, רוף איך און זאָג: דערלאַנגט ניט אייערע הענט צו זינדיקע און שולדיקע. שטיצט ניט די האַנט וואָס וויל באַגיין אַ פאַרברעכערישע טאַט, ווייל דערמיט באַגייט איר אַליין אַ פאַרברעכן און איר זענט ווערט צו פאַרשאָלטן ווערן מיט די שטאַרקס־טע קללות.

פון מיר, דער יונגער, ישראל איסרלין.

2

צו דער פרוי הענדל, אויב יושר איז מיט דיר, זיי געבענטשט.

איך האָב דערהאַלטן דיין בריוו וואו דו וואונדערסט זיך זייער פאַר מיין שאַרפער שטעלונג און פאַר מיין פאַרוווערן דיך צו הייראַטן. מיינע שטאַרקע ווערטער, זאָגסטו, טוען דיר זייער ווייט און דו לייקענסט דיין שולד. זאָג איך דיר אַז איך האָב געשעפּט מיינע ידיעות פון פאַרטרויענסווערטע קוועלן; און איך האָב דאָ ערשט

באַקומען נאָך צושריפטן וועגן דער זעלבער זאַך פון באַגלויבטע מענטשן וואָס באַשטעטיקן דיין שולד.

ווען מיך וואָלט ניט געאַרט פאַר דיין געלט, וואָלט איך דיך אויפ־געפאָדערט קומען צו פאָרן אַהער און זיך שטעלן פאַר מיר צום דין. אָבער איך בין זייער אָפּגעהיט ניט צו פאַראורזאַכן קיינעם קיין אומ־זיסטע הוצאות, דעריבער באַגיי איך אויף דיר מיין גזרה אַז דו טאָרסט זיך ניט דערנענטערן צו קיין מאַן אין דער וועלט ביז וואַנען דו וועסט זיך ניט שטעלן צום משפט מיט ר׳ יוחנן פאַר די רבנים פון אייער שטאָט.

און אין דער זעלבער צייט שיק איך אויך דורך אַ שליח אַ באַזונדער שריפט צו ר׳ יוחנן וואו איך פאַרזאָג אים ער זאָל זיין צוגעגרייט צום משפט. און אויב ער וועט ניט אויספאָלגן מיינע רייד און ער וועט ניט גיין מיט דיר צו אַ דין תורה, דאַן ביזטו פריי פון מיין גזרה און חרם.

און איך וועל, מיט גאָטס הילף האַלטן מיינע אויגן אָפן און איך וועל זיך דערקונדיקן ווער פון אייך נייגט זיך אָפּ פון גלייכן וועג.

פון מיר, דער יונגער, ישראל איסרלין.

3

צו ר. מ.

אַ מעכטיקע אָנקלאַגע איז צו מיר דערגרייכט געוואָרן פון דיין שטאָט־מאַן דוד מאיר, פאַר דיין גרויזאַמע האַנדלונג צו אים. עס שטעלט זיך אַרויס אַז באַלד ווי ער האָט זיך באַזעצט אין נורענבערג האָסטו גענומען אים פאַרפאָלגן און דערנידעריקן. דו האָסט אים געמסרט צו די הערשאַפטן וועגן שטייערן, האָסט אויף אים אויס־געטראַכט בלבולים און אָנגעפירט אינטריגן. איבער דיין העפטיקער בייזוויליקייט איז ער געצוואונגען געוואָרן אויסגעבן זיין גאַנצן האָב און גוטס כדי צו לעשן דעם פייער וואָס דו האָסט אַרום אים אָנגעצונדן. אַלע ווייסן אַז דער מאַן, דוד מאיר, איז אַ תם וישר, עהרלעך און באַשיידן, און אויסער דיר און דיין כנופיא האָט ער ניט קיין שום שונאים אין דעם גאַנצן ארומיקן געגנט.

איך האָב אין מיין רשות שטאַרקע באַווייזן וואָס באַשטעטיקן דיין שאַנד־טאַט, אפילו דער שטאָטישער קאַנצלער, מייסטער מארטין, האָט איבערגעגעבן וועגן אַ געשפרעך וואָס ער האָט געהאַט מיטן הויפטמאַן, אין וועלכן דער הויפטמאַן האָט אים פאַרטרויט אַז אַ

רייכער איד פון נורענבערג (מיינענדיק דיך) האָט אים באַאיינפלוסט צו פאַרפאַלגן דעם אידן דוד מאיר און צו פאַרביטערן אים דאָס לעבן.

און דיין פאַרברעך איז געגאַנגען נאָך ווייטער און ווייטער. ווען דער קרבן, אַ דערשלאָגענער, צודריקטער האָט שוין מער ניט גע־קאָנטביישטיין זיין בראָך, און ער האָט געוואָלט פאַרלאָזן די שטאָט נורענבערג, האָסטו, מורא האָבנדיק פאַר זיין מעגלעכער נקמה, אויסגעטראַכט אויף אים אַ נייעם שם רע אַז ער איז פון זינען אַראָפּ און אַז מען מוז אים בינדן און פאַרהאַלטן ער זאָל כלומרשט קיינעם ניט קאָנען שאַדען.

אַז איך האָב דערהערט פון דעם גרויסן אומרעכט וואָס איז גע־טאָן געוואָרן צו אַן אומשולדיקן מענטשן, איז מיר דאָס האַרץ איינגע־פאַלן פון פאַרדרוס און מיין געמיט איז פאַרביטערט געוואָרן. און איך, אַ זייטיקער צוהערער, בין אַזוי גערירט געוואָרן פון דער ביי־זער טאַט דיינער, היינט ווי פילט שוין דער וואָס לעבט דאָס אַליין דורך, און וואָס ווערט באַרויבט פון זיין עהרע און פאַרמעג?!

לאָז איך דיר וויסן, אַז הגם די גאַנצע שטאָט וואַגט ניט צו נעמען קיין שטעלונג אין דעם פאַל איבער דיין רייכטום און איינפלוס, שטעל איך זיך ביי דער זייט פון דעם באַרויבטן און געפייניקטן; און איך בין אויף דיר גוזר דו זאָלסט גוט מאַכן די עולה און נבלה וואָס דו ביזט באַגאַנגען. די געזעצן פון אונזער הייליקער תורה זיינען אַנטקעגן דיר, און אין קאַמף מיט דער תורה וועט דיר נישט ביי־שטיין קיין רייכטום, קיין איינפלוס און קיין תקיפות.

פון מיר, ישראל איסרלין.

4

פרידן צו אייך, ווירדיקע פירער פון דער אידישער געמיינדע, נורענבערג!

דער ווײ־געשריי פון אייער שטאָט־מאַן דוד מאיר איז האַרצ־רייסנד, און דער אומרעכט וואָס איז געטאָן געוואָרן צו אים דורך דעם רייכן ר. מ. שרייט צו די הימלען.

מיר איז גוט באַקאַנט אַז ר. מ. איז ביי אייך אַ תקיף, אַז ער איבט אויס אויף אייך זיין מאַכט און איר האָט מורא אים צו ווידערשפּע־ניקן. אָבער דאָס טאָר אַזוי ניט זיין. איך בין אויף אייך גוזר מיט דער גאַנצער שטרענקייט פון דעם אידישן דין אַז איר זאָלט טאָן גערעכטיקייט.

זאָל יעדער איינער פון אייך אָנגורטן זיינע לענדן און מיר אויסדערציילן דעם גאַנצן אמת וועגן דעם ענין. זאָל יעדער איינער שריפטלעך פארצייכענען פאַר זיך אַלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט אין פאַרבינדונג מיט דעם טרויעריקן פאַל. און עס זאָלן מיר צוגעשיקט ווערן די אַלע שריפטלעכע באַווייזן און אייער עדות זאָגן.

און אַזוי וועט פעסטגעשטעלט ווערן די אונשולד פון ר׳ דוד מאיר און די רשעות פון דעם אונמענטש. און אזוי וועלן מיר מיט גאָטס הילף אויפקלערן דעם ענין און אָפּווישן דעם שאַנד־פלעק און גרוילטאָט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן אין אייער קהלה. און שלום זאָל זיין צו אידן!

ווי עס ווינטש דער יונגער ישראל איסרלין

## פרקי אבות

### געדרוקט אין 1521

# פרקי אבות עם פירוש הרב הגדול

### המובהק רבינו משה בר מימון ז״ל: נדפס על ידי דניאל בומבירגי מאנווירשה בשנת רפא לפק פה

# ויניציאה

אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר, גמרא־פאָרמאַט, אַ ספר, וואָס איז אַלט 418 יאָר, געדרוקט אין ווענעציע, איטאַליע, אין רעכטן מיטלאַלטער, בשנת רפ״א, אָדער 1521, דורך דעם קרסטלעכן דרוקער דניאל באמבערג, וועלכער האָט באַרייכערט די אידישע ליטעראַטור מער ווי אירגענד וועלכער אַנדער דרוקער אין דער אידישער געשיכטע.

דאָס איז אַ גרויס מאָנומענטאַל ווערק, אַ וועגווייזער פון אידישער עטיק און מאָראַל, אונזער אַלט־באַקאַנטער פּרק (פּרקי אבות), מיט אַ פּירוש פון משה בן מימון (רמב״ם), אונזער קעניג אין דער מלוכה פון געדאַנק. און אויסער דעם רמב״ם׳ס פּירוש אַנטהאַלט דער זעלטענער באַנד אויך, אַלס הקדמה, די גרויסע מייסטערווערק שמונה פרקים להרמב״ם.

# מורה נבוכים

## געדרוקט אין 1553

געדרוקט, 1553, אין סאביוניטא איטאַליע, דורך קורנילאָו אַדעלקינד. אַנטהאַלט 378 זייטן, איינגעטיילט אין דריי חלקים און אין 178 פרקים. דאָס איז די ערשטע און רייכסטע אויסגאַבע פון דעם באַרימטן בוך מיט די דריי גוט־
באַקאַנטע פרושים: שם־טוב, אפודי און קרשקש.

דאָס בוך הויבט זיך אָן מיט פאָלגנדע הקדמות און אַריינפירן:

1. אַן אויספירלעכער און באַלערנדער אינהאַלט־פאַרצייעניש (פאַרנעמט 12 קאָלומס), וואו עס ווערט איבערגיגעבן דער הויפט־געדאַנק פון יעדן פרק.
2. אַ פאַרטייטשונג פון אַלע פילאָזאָפישע ווערטער און באַגריפן וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך. (פאַרנעמט 33 קאָלומס).
4. אַ פאָרוואָרט מיט אַ ליד פון דעם מפרש (דערקלערער) ר׳ שם טוב.
5. נאָך אַ פאָרוואָרט, אין דער פאָרם פון אַ ליד פון דעם מפרש ר׳ אשר קרשקש.
6. אַ לאַנגער פילאָזאָפישער אַריינפיר פון שמואל אבן תבון, וועלכער האָט אי־בערזעצט דאָס בוך פון אַראַביש.

משה בן מימן (רמב״ם), גרעסטער אידישער דענקער פון אַלע צייטן, באַרימטער אַרצט, גרויסער פילאָזאָף און גאון אין אַלזייטיקן וויסן און פאַרשן, וואָס איז געשטאַנען אויפן שפיץ פון חכמת היהדות און האָט פאַר־שפרייט די מעכטיקע פליגל פון זיין געדאַנק איבער דעם גאַנצן ווייטערדיקן גאַנג פון דער אידישער קולטור. (געבוירן 1135 — געשטאָרבן 12004).

דער פלאַץ דערלויבט אונז ניט צו געבן אפילו אַ קורצע ביאָגראַפיע פון דעם גרעסטן אידישן ריזן־גייסט אָדער אַ באַשרייבונג פון זיינע ווערק. אום צו שאַפן כאָטש אַ שוואַכן באַגריף פון דעם פיל־פאַרביקן לעבן פון אונזער גרעסטן גאון, וועלן מיר זיך באַנוגענען מיט איבערגעבן אַן אויסצוג פון אַ בריוו וואָס דער רמב״ם האָט געשריבן צום איבערזעצער פון זיינע ווערק, שמואל אבן תבון. דער בריוו גיט אונז אַן אינטערעסאַנטן בילד פון דעם רמב״ם׳ס באַשעפטיקונג אַלס פראַקטישער אַרצט און וועגן זיין שטעלע אין דעם סולטאַנס הויף.

בעת אבן תבון האָט געהאַלטן ביים איבערזעצן דעם „מורה נבוכים״ האָט ער זיך געקליבן פאָרן צום רמב״ם, כדי זיך מיט אים אַן עצה האַלטן וועגן אַ סך פרטים פון דער אַרבעט. דער רמב״ם האָט אים אָפגעהאַלטן פון דער נסיעה שרייבנדיק אים אַזוי:

„איך מעלד דיר פאָראויס אַז עס וועט דיר ניט געלינגען צו פאַרבריינ־גען מיט מיר ביחידות קיין איין איינציקע שעה, ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט.

„אָט איז מיין סדר היום: איך גופא וואוין אין מצרים, און דער סולטאַן — אין אַל־קאַהיר. דאָס איז אַ מהלך פון בערך צוויי תחום שבת׳ן. לויט דער

הויף־עטיקעט בין איך מחויב יעדן פרימאָרגן מאַכן דעם סולטאַן אַ באַזוך. אין פאַל ווען ער גופא, אָדער ווער פון זיינע פרויען און קינדער איז קראַנק, פאַר־ברענג איך אין אַל־קאַהיר אַ האַלבן טאָג. איך מוז אויך היילן דעם סולטאַנ׳ס


מורה נבוכים

נצב פירושו בעדת אל בקרב אלהים

קראַנקע שרים און דינער. בכלל מוז איך יעדן פרימאָרגן, אפילו ווען אַלץ איז אין אָרדנונג, פאַרברענגען אין אַל־קאַהיר. איך קום אַהיים שפּעט בייטאָג שטאַרק אויסגעהונגערט. דאָרט וואַרט שוין אויף מיר אַ גרויסער עולם, מוסול־מאַנער און אידן. צווישן זיי אנשים חשובים, שרים און אָנגעשטעלטע, אויך אַ סך פונם פשוט׳ן המון, סיי פרעמדע, סיי באַקאַנטע.

„איך קריך אַראָפּ פון אייזל און איך נעם זיך צו די קראַנקע. איך הויב אָן אויספרעגן יעדן באַזונדער און פאַרשרייב זיי הייל־מיטלען. די מענטשן גייען אַוועק און אַנדערע קומען אָן. אַזוי ביז צוויי בייגאַכט און נאָך שפּעטער. פון גרויס מידקייט ליג איך אין בעט, און ליגנדיק מאַך איך נויטיקע דערקלערונגען...

„הכלל איך האָב די גאַנצע וואָך ניט די מעגלעכקייט צו ריידן מיט אַ בן ישראל ביחידות פּנים אל פּנים קיין וואָרט, חוץ שבת. דעמאָלט קומען צו מיר נאָכן דאַווענען די מיטגלידער פון דער קהלה און איך גיב זיי איבער אַלע נויטיקע פאָראָרדנונגען אויף דער גאַנצער קומענדיקער וואָך".

דער „וועגווייזער פאַר די פאַרבלאָנדזעטע" איז דאָס וויכטיקסטע בוך אין דער גאַנצער אידיש־פילאָזאָפישער ליטעראַטור. דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ מאָנומענטאַלע ווערק וואו דער רמב"ם, אַ קעניג אין דער ממשלה פון געדאַנק, האָט זיך אַנטפּלעקט אין דעם גאַנצן שוואונג פון זיין געניוס און מייסטערשאַפט. דאָ האָט דער רמב"ם אַריינגעדרונגען אין דעם תוך און תמצית פון רעליגיע מיט אַ טיפן פאָרשער געדאַנק און אַן אַדלער־בליק וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין שום אויטאָריטעטן און גרעניצן אויסער די גרעניצן פון שכל און ליבשאַפט צום אמת.

מיט דעם „מורה נבוכים" האָט די אידישע מיטל־אַלטערלעכע פילאָזאָפיע דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון אנטוויקלונג. דאָס בוך איז איבערזעצט געוואָרן אין אַלע וויכטיקסטע קולטורעלע שפּראַכן און האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויף דער מיטל־אַלטערלעכע אידישער און קריסטלעכער דענקער־וועלט.

### אויסצוג פון דער הקדמה צום „מורה נבוכים":

השם יתברך ווייסט ווי איך האָב זיך געשראָקן אָנצושרייבן דעם דאָזיקן ספר. ווייל דאָ רעדט זיך וועגן געהיימניספולע ענינים, וועגן וועלכן עס איז נאָך ניט פאַרפאַסט געוואָרן ביי אידן אין דער גאַנצער צייט פון גלות אַזאַ ענלעכער ספר. איז ווי זאָל איך זיך אונטערנעמען צו טאָן אַזאַ זאַך?

עס איז פאַראַן אַ פּסוק אין תהלים: „עת לעשות לה׳ הפרו תורתך". דאָן איז אויך פאַראַן דער מאמר חז"ל: „וכל מעשיך יהיו לשם שמים". אָט אויף די דאָזיקע צוויי פּרינציפּן האָב איך זיך געשטיצט ביים שרייבן געוויסע פּרקים פון דעם דאָזיקן ספר.

און שליסלעך בין איך אַזאַ מענטש, אַז ווען עס נעמט מיך דריקן אַ געוויסער ענין און איך קאָן ניט געפינען קיין אַנדער עצה ווי נאָר אויפווייזן דעם אמת וואָס פּאַסט זיך אפשר בלויז פאַר אַ העכערן מענטשן (הגם עס פּאַסט ניט פאַר צען טויזנט פּראָסטע מענטשן), באַשליס איך צו זאָגן דעם אמת פאַר דעם איינעם. און איך לייג גאָר ניט קיין אַכט דערויף וואָס יענע גרויסע מאַסן וועלן מיך טאַדלען. איך וויל אַרויסראַטעווען יענעם העכערן מענטשן פון שקר,

אין וועלכן ער זינקט, און אַרויספירן אים פון זיין בלאָנדזשעניש, ביז ער וועט ווערן פולקאָם געהיילט.

## אויסצוג פון בוך „מורה נבוכים״:

מיט יאָרן צוריק האָט מיר איינער אַ חכם געשטעלט אַ גרויסע פראַגע: לויט דער תורה קומט דאָך אויס אַז גאָט האָט געוואָלט אַז אדם זאָל זיין גלייך צו אַלע אַנדערע באַשעפענישן, דאָס הייסט אָן שכל און אָן געדאַנק. ערשט ווען אדם האָט געזינדיקט האָט ער באַקומען שכל און פאַרשטאַנד, וואָס איז אונזער חשוב׳סטע אייגנשאַפט. הייסט דאָך אַז די שטראָף איז גאָר געוועזן אַ טובה פאַר אדמ׳ען, ווייל ער האָט דורך דעם באַקומען שכל און פאַרשטאַנד, אַזוינס וואָס ער האָט פריער גאָר ניט פאַרמאָגט. דאָס קומט דאָך אויס פונקט ווי מען דערציילט דיר אַ מעשה פון איינעם וואָס האָט צעהוליעט און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פליכטן, און דערפאַר איז ער באַלוינט געוואָרן דערמיט וואָס זיין וועזן איז געענדערט געוואָרן אויף בעסער. עס האָט זיך אים, הייסט דאָס, געלוינט צו זינדיקן. קוקט דאָס ניט אויס זאָנדערבאַר קרום?

דערויף האָבן מיר אים געענטפערט אַזוי: דו לייען ניט די תורה מיט אויבערפלעכלעכע געדאַנקען, פונקט ווי מען לעזט אַ געשיכטע אָדער אַ ליד. טראַכט זיך גוט אַריין אין דעם, און דו וועסט זען אַז דעם שכל האָט אדם באַקומען באַלד ווי ער איז באַשאַפן געוואָרן פיל פריער איידער ער איז באַגאַנגען דעם חטא. ווארום גלייך צום אָנפאַנג ווערט דאָך געזאָגט: „בצלם אלהים ברא אותו״, וואָס באַדייט אַז גאָט האָט געגעבן דעם מענטשן שכל און אינטעליגענץ. דערנאָך האָט גאָט גערעדט צו אים און אים געגעבן זיין געבאָט. נו, אַ געבאָט ווערט דאָך ניט געגעבן צו בהמות אָדער צו דום־קעפּ וואָס האָבן קיין שכל ניט. אָבער דערנאָך ווען אדם איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין גשמיות׳דיקער ליידנשאַפט איז די געזונטע אַנאַליטישע קראַפט פון זיין פאַרשטאַנד אָוועקגענומען געוואָרן פון אים, און די גראָבע תאוה האָט פאַרנומען דעם הערשנדן פלאַץ אין זיין כאַראַקטער־גאַנג.

און אַזוי איז דאָס געקומען אַז דער באַגריף פון שיין און מיאוס וואָס איז פריער געווען גאָר פרעמד צו אים, האָט מיט אַמאָל אָנגע־פילט זיין באַוואוסטזיין. „ותפקחנה עיני שניהם וידעו״, און די אויגן פון ביידן האָבן זיך געעפנט און זיי האָבן דערקענט (די נאַקעטקייט פון דעם מענטשלעכן קערפּער).

פרעגט זיך: האָבן זיי דען פריער ניט געזען דאָס זעלבע? זיי האָבן דאָך ניט געליטן פון בלינדקייט וואָס האָט זיך ביי זיי מיט אַמאָל אויסגעהיילט. דאָס מיינט אָבער אַז די זאַכן וואָס האָבן פריער אויסגעקוקט צו זיי גאַנץ נאָרמאַל און אנשטענדיק, האָבן איצט אָנגעהויבן אויסקוקן צו זיי מיאוס און אָפשיילעך. און געטראָפן האָט דאָס ניט דערפאַר וואָס זיי זיינען קלוג געוואָרן, נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן נאָכגעגעבן זייער תאוה און געענדערט זייער ריכטונג; און דערפאַר האָט זיך ביי זיי געשאַפן אַ נייע אייגנשאַפט, דורך וועלכע, גאַנץ געוויינלעכע זאַכן האָבן אָנגענומען אין זייערע אויגן גאָר נייע געשטאַלטן.

און דאַן ווען אדם האָט געענדערט זיין לעבנס־וועג און ער האָט אָנגעהויבן שטרעבן צו זאַכן פון וועלכע ער האָט זיך געדאַרפט דערווייטערן, איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון גן־עדן...

# מקנה אברהם

(די דערווערבונג פון אברהם)

**געדרוקט אין 1523**

פון אברהם דע־באלמעס (געשטאָרבן 1524). באַרימטער מעדיצינער, וויסנשאַפטס־מאַן און שפּראַכן־קענער. הויפּטזעכלעך אויטאָריטעט אין דערקלערן די גרונט־טערמינען פון דער העברעאישער שפּראַך.

דאָס בוך אַנטהאַלט אַ פאַרצווייגטע פילאָלאָגישע אַרבעט אויף דעם פעלד פון העברעאישער גראַמאַטיק, געשריבן אין העברעאיש און אין לאַטיין. דע־באַלמעס ווייזט אָן אַז דאָס ווערק איז פאַרפאַסט געוואָרן ניט נאָר פאַר אידן נאר אויך פאר אנדערע פעלקער. דער אינטערעס אין דער העברעאישער שפּראַך האָט זיך אין יענער צייט שטאַרק פאַרשפרייט אין די קריסטלעכע געלערנטע קרייזן, און דערפאַר איז די ערשיינונג פון „מקנה אברהם" געווען אַ וויכטיקער ביישטייער צו אידישער וויסנשאַפט.

אין דעם בוך גיט דער פאַרפאַסער אויך אַ היסטאָריש־קריטישן איבערבליק וועגן דער אנטוויקלונג פון דער העברעאישער גראַמאַטיק. ער ווייזט דאָרט אַרויס גרויס פארשטענדעניש אין פאַרטייטשן העברעאישע ווערטער און אין דערקלערן אַלע ניואַנסן און ריכטונגען פון דער העברעאישער טערמינאָלאָגיע.

**אויסצוג פון דער הקדמה צו „מקנה אברהם":**

דאָס זיינען די רייד פון גאָטס קנעכט אברהם, דעם זון פון הייליקן מאָיר דע־באלמעס,

נאָך דעם ווי גאָט האָט מיך געשטראָפט און פאַרטריבן פון מיין נעסט, מיין פרידן צשטערט און מיינע קינדער פאַרלאָרן, בין איך פארוואָרפן געוואָרן אַהער אין דער שטאָט ווענעציע. אומזיסט האָב איך דאָ געזוכט אַ צוטריט צו עמיצן וואָס איז פאַרשטענדלעך און באַלערענד. קיינער זוכט גאָר ניט קיין חכמה און וויסן. יעדער איינער שטרעבט נאָר צו פאַרגרעסערן זיין האָב און פאַרמעג.

האָב איך געזאָגט צו זיך אַזוי: אז דיינע אייגענע שטייען דיר פון ווייט, גיי זוך אַ ליכט ביי פרעמדע לייט. אַז פאַרשטויסן ביזטו פון דיין אייגן הויז, גיי וואַרף זיך אין אַ פרעמדער שויס. איז מיר געקומען אַנטקעגן דניאל באמבערג, אַ קריסט, אַ הויכגעשעצטער אידעאַליסט. און כאָטש די פיס פון זיינע עלטערן זיינען אונטערן סיני ניט געשטאַנען, לויכטן אָבער זיינע טהועכצן ווי די ליכט פון הימל. דאָס איז דער האַר וואָס פארווענדט זיין פארמעג אויף צו דרוקן אונזער תורה, משנה און גמרא, וואָס האָט אויסגעלערנט אונזער הייליקן לשון און געמאַכט דערפון גאָלדענע קרוינען פאַר אונזער ליטעראַטור צו פאַרשפרייטן ליכט און צו מאַכן בלינדע זעענדיק.

און ער, דניאל באמבערג, האָט פאר מיר געעפנט די אוצרות פון זיין ליבנסווירדיקייט און מיך געמאַכט עסן די פרוכט פון זיין טייערקייט. ער האָט מיך אָנגעשטעלט צו פאַרפאַסן אַ ספר וואָס זאָל דופטן כאשכול הכופר. אַ גראַמאַטיק פון דער הייליקער שפּראַך, דעם גרויסאַרטיקן לשון פון אונזער תנ״ך; אַ ווערק וועגן דקדוק מיט שכל געפלאַנט, אַ חכמה וואָס איז אַזוי ווייניק באַקאַנט. דעם לשון נוצט יעדער ווי אַזוי אים געפעלט; מ׳שרייבט און מען לייענט פאַרגרייזט און פאַרשטעלט. און די געלערנטע גויים וואָס ווילן לערנען אונזער לשון, דענקען אַז ביי אונז איז די ליכט פאַרלאָשן.

האָב איך דעריבער אָנגעגורט מיינע לענדן און מיט דעם אַלמעכטיקנס הילף זיך גענומען צו דער גרויסער מלאכה. איך האָב פאַרפלאַנצט אין שיינע רייהען די אַלע פרעכטיקע בלומען און גלוסטיקע רויזן פון אונזער הייליקן לשון און אויסגעשטאָט א שיינעם גאָרטן ווי גאָט ברוך הוא, דער באַשעפער, שפּאַצירט ארום און רעדט צום פאָלק ישראל און צו אלע אנדערע פעלקער אויף דער ערד דעם לשון פון די עשרת הדברות און די זעהונגען פון אונזערע נביאים. און זאָל זיך אנטפלעקן פאר דער וועלט די שענסטע פון אלע יונגפרויען, די אידעלע פרינצעסין וואָס רופט זיך לשון הקודש, די אויסגעטיילטע און אויסדערוויילטע שפּראַך.

# חדושי בבא בתרא

(פאַרשוּנגען אין דער גמרא בבא בתרא)

## געדרוקט אין 1525

**פון משה בן נחמן (רמב״ן), אַרצט פון פראָפסיע, אויטאָריטעט אין חכמת ישראל, טיף־גלויביקער און פיינפילנדער דענקער און מיסטיקער, באַגייס־טערטער תורה־דערקלערער און גרויסער פאָרשער אויפן תלמודישן געביט (געבוירן אין 1195 אין אַראַגאַן, שפּאַניע, געשטאָרבן אין 1270 אין ארץ־ישראל)**

**געדרוקט, 1525, אין ווענעציע (איטאַליע) דורך דעם קריסטלעכן דרוקער דניאל בראָמבערג. דער גאַנצער ספר אז געדרוקט אין רש״י כתב, און איז געזעצט צו 2 קאָלומס אויף יעדער זייט. דאָס שיינע פּירקאַנטיקע רעמל וואָס באַצירט דעם טעקסט פון שער־בלאַט איז ניט געדרוקט געוואָרן צוזאַמען מיטן טעקסט, נאָר איז, ווי ס׳ווייזט אויס, באַזונדער אַרויפגעקלעפּט געוואָרן אויפן שער. דער דרוקער, דניאל בראָמבערג, אַלס אויסנאָם פון אַלע אַנדערע דרוקער פון יענע עפּאָכע, פלעגט ניט באַצירן זיינע שער־בלעטער מיט קיינע דרוק־צייכנונגען און באַפּוצונגען. דערפאַר האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, איינער אַ ליבהאָבער פון דעם ספר אויסגעשניטן אַ רעמל פון אַן אַנדער דרוקעריי און דאָס אַרויפגעקלעפּט אויפן אויבן־רעפּראָדוצירטן שער־בלאַט.**



חידושי בבא בתרא מהרב הגדול הרמבן ז"ל

נדפס בבית האדון דניאל בומבירגי שנת רפ"ה לפ"ק • ובראותינו התועלת הנמשך למעיינים בזה הספר
ברשימת סכום הדפים על כל דיבור ודיבור שהרב ז"ל מתחיל בו להקשות ולפרש • לכן כיוננו סכום
הדפים על כל דיבור ודיבור באיזה דף הוא ע"פ סדר סכום הדפי' של תלמודינו זה שהדפסנו
ומי שאין לו תלמודינו זה יבין כפי סכום התלמוד שיש לו כדי להקל מעלת
הטורח לבקש ובסירכה לראות ולעיין איזה דיבור בנקל ימצא
מבוקשו וזה כי כוונתנו איננה אלא להועיל לכת המעיינים
והמשתדלים במלאכת שמים :

א סך פון די געניאַלע מעלות און גרויסע דערגרייכונגען פון דעם גרעסטן אידישן געלערנטן און דענקער רמב״ם, שפּיגלט זיך אָפּ (אין אַ פּיל־קלענערער

מאָס) אין דער הויך באַגאַבטער פּערזענלעכקייט פון רמב״ן. אָבער דעם רמב״ם׳ס באַציאונגען צום לעבן און צו רעליגיע איז גאָר אַנדערש פון דעם רמב״ן׳ס באַציאונגען. דער רמב״ם פּלייסט זיך צו באַווייזן אַז די אידישע אמונה איז געבויט אויף פעסטע יסודות פון לאָגיק און שכל. ביים רמב״ן אָבער איז די אמונה אַן אַנטפּלעקונג פון טיפן געטלעכן סוד פון וועלכן דעם מענטשנס שכל קען גאָרניט משיג זיין.

דער ספר „חדושי בבא בתרא״ איז אַ פּירוש אויף דער גמרא בבא בתרא און אַנטהאַלט 218 זייטן (טייטש־חומש פאָרמאַט). דאָ ציינט דער רמב״ן אַרויס זיין חריפישן מוח און גלענצנדע דיאַלעקטיק. ער האָט אָבער גרויס דרך ארץ פאַר די ראשונים (די פריערדיקע אויטאָריטעטן). אין זיין שטודיום פון תלמוד פאַסט זיך דער רמב״ן קורץ, באַגרינדנדיק און פעסטשטעלנדיק פאַרשי־דענע טיילן פון הלכה (געזעץ) אויף אַ קלאָרן און סיסטעמאַטישן שטייגער.

אַן אויסצוג פון טעקסט:

> דער אידישער דין פון „דיני דמלכותא דיני״ (דאָס געזעץ פון אַ רעגירונג איז געזעץ וואָס מוז אויסגעפאָלגט ווערן) באַציט זיך נאָר אויף אַזוינע געזעצן וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרן פון געזעצ־לעכע רעגירער וואָס האָבן די צושטימונג פון פאָלק. אויב אָבער אַ קעניג אָדער גלאָט אַזוי אַ הערשער, פירט איין אַ ברוטאַלן אָדער ניט־יושר׳דיקן געזעץ וואָס איז גאָר ניט אין איינקלאַנג מיט די אַלגעמיינע מענטשלעכע באַנעמונגען און באַגריפן, דאַן איז אַזאַ געזעץ ניט געזעצלעך.

אַזאַ פאַל האָט ערשט געטראָפן אין אַ לאַנד וואו די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג צו קאָנפיסקירן די פאַרמעגנס פון אידן וואָס עמיגרירן פון לאַנד. איינער אַ איד האָט אָפּגעקויפט פון דער רעגירונג די קאָנפיסקירטע פאַרמעגנס אונטער דעם אויסרייד פון דיני דמלכותא דיני. אָבער די פּראָמינענטע פראַנצויזישע רבנים האָבן גלייך אַרויסגעגעבן אַ פּסק־דין אַז דער געזעץ פון „דיני דמלכותא דיני״ קען גאָרניט אָנגעווענדעט ווערן אין אַזאַ פאַל, ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ ניט־געזעצלעכער קאָנפיסקאַציע, וואָס איז גזילה.

וואָרעם די אידן האָבן פונקט אַזאַ רעכט צו אַרויספאָרן און אַריינפאָרן אין אַ לאַנד אַזוי ווי אַלע אַנדערע מענטשן. דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער געזעץ פון יושר און רעכט. און אויב אַ רעגירונג שאַפט אָפּ אַזוינע פונדאמענטאַלע געזעצן און נעמט זיך אויף די ברוטאַלע וועגן פון קאָנפיסקאַציע, איז אַזאַ רעגירונג ניט באַרעכטיקט צו געניסן פון אונזער אידישן כלל: „דיני דמלכותא דיני״.

# ספר המפואר

(פון רבי יהודה כלץ — קאַלאַץ)

### געדרוקט אין 1537

**געדרוקט, 1537, דורך אליעזר בר׳ גרשום שונצין (סאנטשינא) אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אַנטהאַלט 544 זייטן. — ספר המפואר (וואָס רופט זיך אויך ספר המוסר) פון באַגאַבטן מאָראַליסט און מאַן פון הויכן באַרוף, יהודה כלץ (קאלאץ). געלעבט אין אַלזשיר אַרום דעם 15־טן יאָרהונדערט.**




יהודה כלץ האָט געשטאַמט פון אַ באַרימטער אידישער פאַמיליע אין שפּאַניען. נאָך דעם גרויסן גרוש האָבן זיינע עלטערן זיך באַזעצט אין אַלזשיר, וואו דער אויטאָר איז אויפגעבראַכט געוואָרן און זיך אַנטוויקלט. פאַרנעמענדיק

די שטעל פון עטיקער און פּרעדיקער. דאָ האָט ער אויך געשאַפן זיין גרויס ווערק „ספר המפואר״, געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל ביי דער ערשטער און באַרימטסטער אידישער דרוקער־משפחה שונצין (סאָנטישא). דאָס שער־בלאַט פון דעם בוך איז דאָ רעפּראָדוצירט.

פון בוך רעדט אַרויס דער גייסט פון אַ הויך־באַגאַבטער פּערזענלעכקייט, וואָס רופט צו טאָן גערעכטיקייט און יושר, צדקה און פרומקייט, מוסר און דרך־ארץ. דער אויטאָר באַשטימט דאָ די הויפּט־יסודות פון מענטשלעכער מאָראַל און עטיק. ער רעדט דאָ אַרום די נויטיקסטע מענטשלעכע לעבנס־פּראָבלעמען: די באַציאונגען פון מענטש צו גאָט, צו זיינע עלטערן, צו זיין פרוי און קינדער, צו פריינט און מיטמענטשן, פעסטשטעלנדיק די מדות וואָס לויט זיי דאַרף יעדער אָרנטלעכער און מאָראַליש־ריינער מענטש זיך נוהג זיין אין לעבן.

געשריבן איז דאָס ווערק אין אַ קלאָרער, לייכט־פאַרשטענדלעכער שפּראַך. דער טאָן איז האַרציק און ווייך. עס הערט זיך אומבאַגרעניצטע ליבע און רחמנות צו אַלץ וואָס לעבט.

דאָ און דאָרט דערציילט דער אויטאָר אַ פאַנטאַסטישע מעשה׳לע, אַרויסגענומען פון אַלטע אידישע קוואַלן, וואָס אילוסטרירט די גרויסע מאָראַלישע לערעס און וואָס גיט אַ גוטןביישפּיל צו נאָכפאָלגער.

ווי מיט אַ כיון האָט דער פאַרפאַסער אויסגעקליבן אַזוינע מעשה׳לעך וואָס שטעלן מיט זיך פאָר וואונדערלעכע צויבער־לעגענדעס, פול מיט נסים ונפלאות. זיי זיינען אָבער אַלע שיין געשריבן און בלאַנקען מיט זייערע געשפּיצטע איינפאַלן.

## מעשה׳לעך פון ספר המפואר

### 1. אַ שוואַרצער שטן פון אַ מענטשן

אַ גרויסער תנא האָט אַמאָל ארומגעוואַנדערט אויף אַ בית־עלמין; ווען פּלוצלונג האָט ער פאַר זיך דערזען אַ מענטשן שוואַרץ ווי די ערד, וואָס בויגט זיך אונטער אַ שווערער משא, טראָגנדיק גרויסע קלעצער אויף זיינע פּלייצעס.

האָט אים דער תנא אָפּגעשטעלט און געפרעגט: זון מיינער, וואָרום טוסטו אַזאַ שווערע אַרבעט? אויב דו ביסט אַן אומגליקלעכער קנעכט און דיין האַר צווינגט דיר צו אַרבעטן אַזוי שווער, וועל איך דיך אויסלייזן פון אים און איך וועל דיך באַפרייען. און אויב דו ביזט אַ גרויסער אָרימאַן וועל איך דיר העלפן און וועל פאַרלייכטערן דיין לאַגע. האָט אים די שוואַרצע געשטאַלט געענטפערט: „לאָז מיך אָפּ, מיין האַר, ווייל איך טאָר זיך ניט אָפּשטעלן״. פרעגט אים ווייטער דער תנא: „ווער ביזטו? אַ מענטשן־קינד, אָדער, חלילה,

אַ שד ?" ענטפערט די שוואַרצע געשטאַלט: „איך בין אַמאָל געווען אַ מענטש, און אַז איך בין געשטאָרבן, בין איך פאַר'משפט געוואָרן צו טראָגן די גרויסע קלעצער, מאַכן אַ פייער און זיך אַליין פאַרברענען יעדן טאָג". האָט דער תנא אים ווייטער געפרעגט: „וואָס איז געווען דיין אַרבעט און מיט וואָס האָסטו זיך פאַרזינדיקט ?" האָט געענטפערט די שוואַרצע געשטאַלט: „ביים לעבן בין איך געווען אַ זאַמלער פון שטייערן. פלעג איך די רייכע באַגיטיקן, און די אָרימע פלעג איך באַרויבן און דערשטיקן. איך האָב אויך פאַרגוואַלדיקט עמי־צענס אַ כלה־מיידל, וואָס האָט זיך געגרייט צו דער חופה". האָט אים ווידער געפרעגט דער תנא: „ווייסטו ניט, צי איז פאַראַן פאַר דיר אַ תשובה, אַ דערלייזונג ? קענסטו זיך ניט מיט עפּעס אויסקויפן ?" און ווידער ענטפערט די שוואַרצע געשטאַלט: „האַלט מיך נישט אָפּ, ווייל איך קען נאָך מער באַ־שטראָפט ווערן. ניטאָ פאַר מיר קיין תשובה, און איך ווייס ניט פון קיין דער־לייזונג. איך האָב אָבער געהערט זאָגן, אַז ווען איך וואָלט געהאַט אַ זון וואָס וואָלט געזאָגט נאָך מיר איינמאָל קדיש, וואָלט איך אפשר געהאָלפן געוואָרן".

און דער תנא האָט אויסגעפונען, אַז קיין זון האָט ער ניט איבערגעלאָזן נאָך זיך, נאָר עס איז פאַרבליבן נאָך אים אַ שוואַנגערע פרוי מיטן נאָמען שושמירא, און קיינער ווייסט ניט וואָס פון איר איז געוואָרן. און דער נאָמען פון זיין שטאָט איז אַלדוקאָ.

האָט זיך דער תנא געלאָזן אין וועג. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען איבער מדינות און שטעט ביז ער האָט דערגרייכט די שטאָט אַלדוקאָ. ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגן אויף יענעם מענטשן, און אַלע האָבן אים געענטפערט: „זאָל ער דאָרט פוילן אין פינסטערן גיהנום". האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף דער פרוי, און מען האָט אים געענטפערט: „זאָל פאַרמעקט ווערן איר נאָמען און איר געדעכעניש פון דער וועלט". האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויפן זון, און ער האָט אויסגעפונען, אַז ער איז אַ ווילדע בריאה און אַ גראָבער קערל, וואָס איז אפילו ניט גע'מל'ט געוואָרן.

האָט דער תנא גענומען דעם יונג צו זיך און ער האָט געפּרוּווט מיט אים עפּעס לערנען. אָבער דער יונג האָט גאָרניט געקענט אויפנעמען. האָט דער תנא געפאַסט פערציק טעג, און ער האָט תפלה געטאָן צו גאָט און געבעטן הילף. האָט אַ שטימע גערופן צו אים און געזאָגט: „הער זיך אויף צו פייניקן. טו וואָס דו קענסט !" האָט דער תנא אָנגעגורט זיינע לענדן און זיך ווידער גענומען צום יונג. ער האָט אים אויסגעלערנט אַלף־בית און קריאת־שמע לייענען און בענטשן נאָכ'ן עסן. דערנאָך איז דער יונג געגאַנגען אין וואַלד, אויסגעהאַקט אַ סך האָלץ און דאָס געבראַכט אין שטאָט אַריין. דאָ האָט ער דאָס געצונדן

און געברענט אין די וואוינונגען פון אָרימע מענטשן; און אַזוי האָט ער גע־טריבן די קעלט פון די הייזער און געבראַכט אַהין וואַרימקייט.

שפּעטער איז דער יונג געקומען אין בית־מדרש, און ער האָט געזאָגט קדיש נאָך זיין פאָטער. און אין דער זעלבער נאַכט האָט זיך דער פאָטער באַוויזן צו דעם תנא אין חלום און געזאָגט צו אים אַזוי: „זיי געאַכטעט און געבענטשט, דו גרויסער מענטש דו האָסט מיר היינט אַרויסגעצויגן פון גיהנום און מיך באַפרייט פון מיינע ליידן, זאָל דיין גוטע טאַט דיר אַנטקעגן קומען, ווען דו וועסט אין גן־עדן קומען״.

און דער תנא האָט געזאָגט: „זאָל זיין געבענטשט דער נאָמען פון גאָט!״.

## 2. דער גוי וואָס האָט געלערנט פון דער בהמה

איינער אַ פרומער איד האָט געהאַט אַ בהמה, מיט וועלכער ער פלעגט יעדן טאָג אַקערן זיין פעלד, אָבער ווען עס פלעגט קומען שבת, פלעגט ער זי לאָזן רוען.

אַ צייט שפּעטער האָט דער איד פאַרלאָרן זיינע גיטער און ער איז געבליבן אַ גרויסער אָרימאַן. האָט ער געמוזט די בהמה פאַרקויפן, און אַ גוי האָט זי אָפּגעקויפט. דער גוי האָט אויך גענומען אַקערן מיט דער בהמה, אָבער אַז עס איז געקומען שבת האָט די בהמה ניט געוואָלט גיין אין דער סאָכע. האָט דער גוי גענומען שלאָגן די אָרימע באַשעפעניש און ער האָט זי שיער ניט דער׳הרג׳עט, אָבער די בהמה האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. ווען דער גוי האָט דערזען, אַז ער קען מיט איר גאָרניט מאַכן, איז ער אַוועק צום אידן און געזאָגט: „קום, נעם צוריק דיין בהמה. זעקס טעג האָב איך מיט איר געאַרבעט, און אַז עס איז געקומען שבת, האָט זי זיך אַוועקגעלייגט אונטערן יאָך און זי האָט ניט געוואָלט טאָן קיין אַרבעט. איך האָב זי געשלאָגן, שיער ניט גע׳ממית׳ט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן״.

דער איד, פאַרשטייענדיק דעם באַדייט דערפון, איז צוגעקומען צו דער בהמה און האָט איר אין אויער אַריינגעזאָגט: „טייערע בהמה מיינע, אַז דו ביזט געווען ביי מיר האָסטו אָפּגעהיט שבת. אָבער אַז איך האָב פאַרלאָרן מיין פאַרמעגן, געווען געצוואונגען דיך פאַרקויפן צו אָט דעם מאַן, וועלכער איז ניט קיין איד, בעט איך דיר אַז דו זאָלסט טאָן דעם ווילן פון דיין נייעם האַר״.

געווען איז עס אין אַ שבת׳דיקן טאָג; איז ווי נאָר דער איד האָט דאָס לעצטע וואָרט אַרויסגעזאָגט, האָט די בהמה זיך אויפגעשטעלט און איז געווען גרייט צו אַרבעטן. האָט דער גוי געזאָגט צום אידן: „זאָג מיר, וואָס האָסטו אַריינגעזאָגט דער בהמה אויפן אויער? ניט אַנדערש, אַז דו האָסט אָפּגעטאָן אַ כישוף אַזאַ״.

האָט דער איד אים איבערגעזאָגט וואָס ער האָט געערדט צו דער בהמה.

ווען דער גוי האָט דאָס דערהערט, האָט ער געזאָגט צו זיך: „מה דאָך די בהמה, וואָס האָט ניט קיין שכל און קיין פאַרשטאַנד, האָט אָנערקענט דעם געבאָט פון איר באַשעפער. היינט איך, געשאַפן אין פורעם און געשטאַלט פון גאָט מוז דאָך אודאי אָנערקענען זיין געבאָט״.

גלייך נאָכדעם איז ער געוואָרן אַ איד און האָט זיך פאַרטיפט אין דער תורה. שפעטער איז ער באַקאַנט געוואָרן מיטן נאָמען חנינא בן דוסא״.

## 3. דער פאַרשטעלטער אָרימאַן

אַמאָל איז געווען אַ רייכער מאַן וואָס פלעגט זיך פאַרשטעלן פאַר אַן אָרימאַן. ער האָט געטראָגן אָרימע קליידער און האָט זיך געהאַלטן קליין און נידעריק. דעם גאַנצן טאָג פלעגט ער זיצן מיט די אָרימע לייט אין בית מדרש און פלעגט זיך צוהערן צו די וואָס לערנען תורה.

רבי עקיבא איז איינמאָל געזעסן אין דעם זעלבן בית מדרש און ער האָט דערציילט צו זיינע מקורבים אַז ער האָט צו פאַרקויפן אַ טייערן פערל. ווען דער פאַרשטעלטער אָרימאַן האָט דערהערט די רייד פון דעם חשוב׳ן רבי׳ן, האָט ער אַרויסגעזאָגט זיין חשק צו זען דעם פערל און צו דערוויסן זיך דעם פרייז דערפון. רבי עקיבא האָט דאָס אים געוויזן. ווען דער איד האָט דאָס באַטראַכט, האָט ער געבעטן רבי עקיבא׳ן צו גיין מיט אים אַהיים און דאָרט וועט ער אים באַצאָלן וויפל דער פערל איז ווערט.

כאָטש רבי עקיבא האָט געדענקט אַז דער אָרימאַן מאַכט שפּאָס, איז ער דאָך געגאַנגען מיט אים. אָבער ווען זיי זיינען געקומען צום הויז, האָט רבי עקיבא דערזען ווי עס זיינען אַרויסגעקומען באַדינער און האָבן דעם מאַן אַריינגעפירט אין הויז און אים אַוועקגעזעצט אויף אַ גאָלדענעם שטול. נאָכדעם האָבן זיי געבראַכט וואַסער און געוואַשן זיינע פיס. דער מאַן האָט געהייסן זיין הויפּט דינער ער זאָל אַרויסנעמען געלט און באַצאָלן רבי עקיבא׳ן פאַרן טייערן פערל. דערנאָך האָט ער דעם פערל צעשטויסן און דעם שטויב אַריינגעטאָן אין אַ מעדיצין. רבי עקיבא האָט דאָס אַלץ צוגעזען און ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט.

דער פאַרשטעלטער אָרימאַן האָט געהייסן גרייטן צום טיש, און רבי עקיבא האָט געגעסן מיט אים. ווען זיי האָבן געענדיקט עסן, האָט רבי עקיבא געזאָגט צום בעל־הבית: „איך זע אַז גאָט האָט דיך געבענטשט מיט גרויס עשירות, וואונדערט מיך אויך דיר וואָס דו דערנידעריקסט זיך אַזוי און דו זיצט אין בית מדרש מיט אָרימע אומגליקלעכע מענטשן״.

„רבי — האָט דער בעל הבית געענטפערט — א מענטש איז ניט מער ווי אַ צובראָכן שערבל, און זיין לעבן איז ווי אַ פאַרבייגענדער שאָטן. געלט איז קיילעכדיק און האַלט זיך ניט אויף איין אָרט. דערום געפעלט מיר צו זיצן מיט אָרימע מענטשן, כדי איך זאָל זיך ניט האַלטן גרויס מיט מיין רייכטום. און טאָמער וועל איך אַמאָל ווערן אַן אָרימאַן, וועל איך זיך פילן גאַנץ היימיש צווישן די אָרימע לייט. און אויסער דעם גלויב איך, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, סיי אָרים, סיי רייך. מיר אַלע האָבן איין פאָטער אין הימל״.

# שאלות און תשובות

## געדרוקט אין 1545

פון ניסים רונדי (באַוואוסט אַלס דער ר״ן). באַרימטער רב אין באַרצעלאָנאַ (שפּאַניע), מעדיצינער און אַסטראָנאָמער, דערקלערער פון תלמוד און גרעסטער אויטאָריטעט פון רבנישער וויסנשאַפט פון זיין צייט. (געבאָרן 1340, געשטאָרבן 1380).

אויסער זיינע פילע פרושים און דערקלערונגען אויף ש״ס, דורך וועל־כע ער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין דער גאַנצער תלמודישער וועלט, האָט דער ר״ן אויך אָנגעשריבן וויכטיקע פילאָזאָפישע ווערק וואו ער פאַרטיפט זיך אין די פאָרשונגען פון רמב״ם און אבן עזרא.

דער באַרימטער יצחק בן ששת (ריב״ש) איז געוועזן אַ געטרייער תלמיד פון ר״ן. דער ריב״ש דערמאָנט זיין גרויסן רבין מיט לויב און אַכטונג אין אַ סך פון זיינע תשובות.

דער ר״ן האָט אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס אויף דעם גאַנצן שפּאַ־נישן אידנטום און אויך אויף די אַלע אידישע קהלות פון די אַרומיקע לענ־ער. שאלות זיינען געפלאָסן צו אים, — דעם קוואַל פון תורה און חכמה פון דער גאַנצער וועלט. — פון פראַנקרייך, איטאַליע, אַפריקע און פּאַלעסטינע האָט מען זיך געווענדעט צו אים מיט אַלערליי אָנפראַגן און פּראָבלעמן. און זיינע שאלות און תשובות שפיגלט זיך אָפּ דאָס גאַנצע לעבן פון יענער עפּאָכע.

ר׳ ניסים גרונדי האָט אין זיין לעבנס־צייט אָנגעפירט אַ קאַמף אַנט־קעגן די קבלה שטרעמונגען און משיח באַוועגונגען, וואָס האָבן זיך אָנגע־הויבן פאַרשפּרייטן און פאַרצווייגן. ער האָט אויסגעדריקט זיין פאַרדריסלעכע דערווידערונג צום רמב״ן פאַר אוועקגעבן אַזוי פיל פון זיינע כוחות צו קבלה און מיסטיציזם.

אין זיינע פאַרשידענע דערקלערונגען האָט זיך דער ר״ן אויסגעצייכנט מיט פעסטקייט פון זיינע איבערצייגונגען. און אָבוואָל ער איז געוועזן פאַר־

זיכטיק מיט זיינע אויסדריקן, האָט ער דאָך זיך ניט אָפּגעשטעלט פון אָנ־ווענדן אַנטקעגן די מיינונגען אפילו פון אַזוינע אויטאָריטעטן ווי דער רש״י און דער רמב״ם.

אַרום און אַרום האָט ניסים גרונדי אָנגעשריבן אין זיין קורצן לעבן ביי אַ טויזנט שאלות און תשובות. אָבער בלויז 77 פון זיינע דערקלערונגען האָבן אונז דערגרייכט. זיי זיינען געזאַמלט און געדרוקט געוואָרן פון אַ אידישן געלערטן אין רוים וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ דרוק מאַשין אין שותפות מיט נאָך אַ אידן און אַ קריסט.



# שאלה

אין אונזערע מקומות געפינט זיך איינער אַ איד אַ תקיף, גוט באַקאַנט אין אַלע אַרומיקע שטעט מיט זיין שלעכטסקייט און אכזריות. ער היט ניט אָפּ קיין אידישע געבאָט, טוט עפּענטלעך אַלערליי עברות, און איז אויך אַ מסור און פאַרעטער צו זיין פאָלק. האָט זיך געטראָפן אַז דער דאָזיקער פאַרדאָרבענער מענטש האָט געוואָרפן זיין בליק אויף דער שיינער מיידל לאה, אַ הילפלאָזע יתומה. דערזעענדיק אַז ער קאָן זי ניט באַקומען מיט גוטן, איז ער אַוועק צום העכסטן שטאָט באַאַמטן און האָט אים געגעבן אַ גרויסן כאַבאַר צו העלפן אים דער־גרייכן זיין צוועק. האָט דער פּריץ געשיקט רופן צו זיך דאָס מיידל לאה און ער האָט זי געצוואונגען צו הייראַטן דעם שלעכטן מענטשן. דאָס מיידל האָט ביטער געוויינט און גערופן נאָך הילף, אָבער קיי־נער האָט איר ניט געקענט העלפן. דער פּריץ זעלבסט האָט פעסט געהאַלטן דער מיידל׳ס האַנט ביז וואַנען דער אונמענטש האָט אַרויפ־געטאָן אויף איר פינגער אַ קדושין פינגערל און ער האָט זי מקדש געווען.

אין אַ קורצער צייט אַרום ווי דער יידאַק האָט זיך אַנגעזעטיקט מיט זיין קרבן, איז ער גאָר אַוועק פון איר און זי פאַרלאָזן ווי אַ לעבעדיקע אלמנה. דערביי האָט ער נאָך צוגענומען פון איר אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט, איבערלאָזנדיק זי נאַקעט און באָרפיס.

געפירט פון זיינע פאַרברעכערישע נייגונגען האָט דער אונמענטש געהאַלטן אין איין אַרומרייזן אין די אַרומיקע שטעט און דערפער. דאָ האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט איינער אַ פאַרהייראַטער פרוי וועמען ער האָט פאַרנאַרט און אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג, און גע־צוואונגען האָט ער די פרוי צו פאַרלאָזן איר געזעצלעכן מאַן און קומען צו אים. און זיי האָבן געוואוינט צוזאַמען.

מיט דער צייט האָט זיך דער לומפּ אַזוי פאַרפלאָנטערט מיט זיי־נע קרומע וועגן אַז ער איז אַריינגעזעצט געוואָרן אין געפענגניס דורך דעם זעלבן באַאַמטן וואָס האָט אים פריער אונטערשטיצט.

איז די פרוי לאה געקומען צו דעם באַאַמטן און זי האָט פאַר אים געוויינט און געבעטן ער זאָל איר העלפן צו באַפרייען זיך פון דעם מנוול. דער באַאַמטער איז גערירט געוואָרן פון איר דערציילונג און ער האָט חרטה געהאַט דערויף וואָס ער האָט פריער געגעבן שוץ צו דעם

נידערטרעכטיקן פערזאָן. ער האָט מיטלייד געהאַט מיט דער אָרימער פרוי און איז געווען גרייט צו טאָן פאַר איר אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך און וואָס איז אין איינקלאַנג מיטן אידישן דין.

דער געמיינער מענטש אָבער אַנטזאָגט זיך צו באַפרייען די פרוי פון זיין רשות, און אונטער אַלערליי אויסריידן וויל ער איר ניט געבן קיין גט.

אין פאַרבינדונג מיט דער אנגעלעגנהייט בעטן מיר אייך, מורנו ורבנו, צו נעמען אין באַטראַכט דעם פאָלגנדן צושטאַנד:

די אידישע קהלה פון אונזער שטאָט האָט דורכגעפירט אַ החלטה (באַשלוס) אז אין אַלע אונזערע פירונגען און אנגעלעגנהייטן זאָלן מיר זיך האַלטן ביי די פאַרשריפטן פון רמב״ם, אויספאָלגנדיק אַלע זיינע פסקים און פאָדערונגען, און אַזוי ווי דער רמב״ם האָט באַשטימט אַז מען קאָן ניט הייראַטן קיין פרוי סיידן זי גיט דערצו איר פולע צושטי־מונג; און אז מען קאָן צווינגען אַ מאַן צו געבן אַ גט זיין פרוי אויב די פאַראָרדנונג איז ניט דורכגעפירט געוואָרן, ווען מיר צווינגען דעם דאָזיקן שלעכטן מענטשן צו באַפרייען די פרוי לאה דורך געבן איר אַ גט.

דער לומפּ אָבער האַלט אַלץ אין טענה׳ן אַז אין זיין פאַל האָבן מיר קיין רעכט ניט דורכפירן דעם רמב״ם׳ס באַשלוס. ווייל ראשית, זאָגט ער, איז ער גאָר פון אַן אַנדער שטאָט וואו ס׳איז גאָר ניט אָנגענומען געוואָרן קיין באַשלוס צו פירן זיך לויט די פאַרשריפטן פון רמב״ם. והשנית, זאָגט ער, אַז אפילו אין אונזער שטאָט איז דער באַשלוס דורכגעפירט געוואָרן נאָך דעם ווי ער האָט געהייראַט מיט דער פרוי לאה. און דערפאַר, באַהויפּטעט ער, גילט דאָס גאָרניט אין זיין פאַל.

בעטן מיר אייך, אונזער לערער און פירער, אַרויסטראָגן אין דער ליכט אייער באַשלוס צו קאָנען מיר זיך אָנהענגען אויפן גרויסן בוים — דעם רמב״ם — און באַצאָלן דעם אונמענטש מיט דער געצאָלט, דאָס הייסט, צו קאָנען מיר דעם אונמענטש צווינגען צו באַפרייען די פרוי לאה וועמעס רעכט ער באַרויבט און פאַרגוואַלדיקט, אָדער מיר האָבן קיין רעכט ניט דערצו?

## תשובה

אויב עס איז ווירקליך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער מאַן האָט מיט גוואַלד אַרויפגעצוואונגען אויף איר פינגער דעם קדושין־רינג,

אַזוי ווי איר דערציילט מיר אין אייער בריוו, דאַן האָט זיין „הרי את מקודשת לי־״ גאָר קיין ווערט ניט. ווייל עס איז ניט כדת משה וישראל. און אַזוי דריקן זיך אויס אונזערע חכמים (דאָ פאָלגט אַ לאַנגע ציטאַטע פון תלמוד).

נאָך אַמאָל דערקלער איך, אַז אויב זי איז געצוואונגען געוואָרן צו הייראַטן דעם מאַן אַנטקעגן איר פרייען ווילן, דאַן האָט ניט די הייראַט קיין שטאַנדהאַפטיקייט.

אויב אָבער דער מאַן האָט זי מקדש געווען ניט געצוואונגענער־הייט און זי האָט פון אים אָנגענומען די קדושין מיט איר פרייען ווילן, דאַן קאָן מען אים ניט צווינגען צו גט׳ן די פרוי, מעג ער זיין ווי שלעכט און פאַרדאָרבן. אַ פשיטא, אַז דעם רמב״ם׳ס פאַרשריפטן זיינען אָנגענומען געוואָרן ניט פון דער אידישער קהלה פון וואַנען ער קומט, נאָר פון דער קהלה פון וואנען זיין פרוי קומט. און על אחת כמה וכמה אַז די תקנות זיינען אָנגענומען געוואָרן ערשט אַ צייט שפּעטער נאָך זייער הייראַט, און ניט פריער.

## שאלה

אַ פרוי מיט איר טאָכטער, אַ זעכצן־יאָריקע מיידל, זיינען באַ־איינפלוסט געוואָרן פון זייערן אַ קרוב, אַ גיריקן און גייציקן פער־זאָן, צו געבן אים זייער צוזאָג, אַז די מיידל זאָל קיינמאָל קיינעם ניט הייראַטן ביז וואַנען זי וועט באַקומען פון אים, דעם קרוב, אַן דער־לויבניש דערצו. דער צוזאָג איז געמאַכט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ נדר וואָס דאָס מיידל האָט אויף זיך גענומען, און דאָס איז געשריבן און גע׳חתמ׳עט געוואָרן אין דער אנוועזנהייט פון עדות. און דערפאַר האָט ער איר פאַרשפּראָכן צו באַשיצן זי און אַכטונג געבן אַז זי זאָל ניט מאַכן קיין שלעכטן אויסוואַל און זי זאָל ניט אריינפאַלן אין אַ צרה.

און אַזוי האָט זיך דער כתב געלעזן:

„מיטן גאַנצן האַרצן און מיט לייב און לעבן נעם איך אַן אויף זיך אַ פאַרבאָט ניט צו דערנענטערן זיך און ניט צו באַפריינדן זיך מיט קיין מאַן אין דער וועלט, סיידן מיט אַזאַ מאַן וואָס וועט אויס־דערוויילט ווערן פאַר מיר פון מיין מוטער און פון מיין קרוב, דער און דער. און כדי צו פאַרהיטן עס זאָל ניט טרעפן אַז עמיצער זאָל מיך מקדש זיין און דערנאָך מיר איבערלאָזן אן עגונה, לאָז איך וויסן דער וועלט אַז איך נעם אויף זיך אַ נדר און א שבועה אַז איך פאַר־

פליכטע זיך פון קיין מאַנסביל אין דער וועלט קיין שום הנאה האָבן, ניט פון זיין געלט און ניט פון זיין גוף, אָן דער דערלויבניש פון מיין מוטער און מיין קרוב, דער און דער. און אויב עמיצער וועט זיך דאָך דערנענטערן צו מיר און מסדר קדושין זיין, זאָלן אַזוינע קדושין זיין בטל און נישטיק, אָן שום ווערט און באַדייט, מיט דעם אויס־נאַם פון יענע קדושין וואָס וועלן מיר דערלויבט ווערן פון מיין מוטער און מיין קרוב, דער און דער. אויף דעם דאָזיקן נדר טאָר איך קיינמאָל קיין חרטה ניט האָבן און צו קיינעם קיין טענות ניט האָבן. די דאָזיקע שריפט איז געמאַכט געוואָרן אין דעם און דעם טאָג, מאָנאַט און יאָר. און דערויף חתמ'ע איך מיין נאָמען. און אַלץ איז דאָ אמת און ריכטיק ווי ס'קער צו זיין".

פון דאַן איז פאַריבער אַ היבשע צייט. און ס'האָט פּאַסירט אַז דאָס מיידל האָט זיך באַקאַנט מיט אַ וואוילן בחור, וועלכער איז אויך זייער געפעלן געוואָרן דער מיידלס מוטער. און אַזוי ווי מען איז זיך אַלע געפעלן געוואָרן האָט מען זיך געווענדעט צום קרוב ער זאָל געבן זיין צושטימונג דערצו און ער זאָל דערלויבן דער מיידל צו טאָן דעם שדוך. אָבער דער קרוב רירט זיך ניט פון פּלאַץ. ער וויל גאָר ניט וויסן פון דער מיידלס אויסדערוויילטן און ער וויל ניט באַפרייען זי פון איר נדר. עס העלפן ניט קיין שום טענות און מענות.

האָט זיך דאָס מיידל געווענדעט צו די היגע רבנים מיט אַ גע־בעט צו באַפרייען זי פון דעם שווערן נדר וואָס זי האָט אויף זיך גענומען, זי באַהויפּטעט יעצט אז בעת זי האָט זיך אונטערגעשריבן אויף יענער שריפט, האָט זי דעם מינדסטן באַגריף ניט געהאַט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך. זי האָט געדענקט אַז זי האָט זיך פאַרפליכטעט צו באַקומען אַן דערלויבניש בלויז פון איר מוטער, אָבער ניט פון קיין אַנדערן.

גייען זיך אין דעם ענין פונאַנדער די רבנים פון אונזער מדינה. איינער זאָגט, אַז ווי באַלד דעם קרוב'ס נעגאַטיווע באַציהונג איז אַ שטערונג צו דער גרויסער מצוה פון פריה ורביה (פּרוכטפּערן זיך און מערן זיך), קאָן מען אויף דעם סמך בטל מאַכן דעם נדר און באַפרייען דאָס מיידל פון איר שבועה. דער צווייטער זאָגט אַז די מצוה פריה ורביה איז געגעבן געוואָרן בלויז צום מאַן און ניט צו דער פרוי, און דעריבער קאָן מען ניט צונישט מאַכן אַזאַ האַרבן נדר וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ שבועה און מיט אַ חרם.

בעטן מיר אייך, גרויסער רבי, ארויסזאָגן אייער מיינונג וועגן דער אנגעלעגנהייט.

## תשובה

ר׳ ניסים גרונדי הויבט אָן זיין ענטפער מיט טיפן פּלפּול און אַ לאַנגער חקירה וואָס פאַרנעמט עטלעכע זייטן פון בוך וועגן דער שטאַרקייט און וויכטיקייט פון אַ נדר און אַ שבועה. דאַן רעדט ער ארום די מצוה פון פּריה ורביה וואָס בציט זיך לויט זיין מיינונג, צו מאַן אַזוי ווי צו דער פרוי. ער ציטירט פאַלן פון תלמוד וואָס האָבן אַן עהנלעכקייט דערצו. און דערנאָך ווען ער צעגלידערט די דערמאָנטע פּאַסירונג, פאַרענדיקט ער זיין פּסק־דין מיט די פאָלגענדע ווערטער):

די רבנים דאַרפן שיקן רופן צו זיך דעם קרוב און אַריינטענה׳ן מיט אים און בעטן אים ער זאָל ניט לייגן קיין שטרויכלונגען אויפן וועג פון דער מיידל און ער זאָל אויפגעבן זיין האַרטנעקיקייט און איינגעשפּאַרטקייט. און זאָל די מוטער מיט דער מיידל אים איבערצייגן וואָס פאַר אַ גוטע געלעגנהייט עס שטייט פאַר דער מיידל. און זאָלן זיי אים באַגיטיקן ווי וויט זיי קענען, און אויב ער פאָדערט פון זיי געלט זאָלן זיי דאָס אים געבן. ווייל עס איז זייער א גרויסער אסור צושטערן אַ נדר מיט אַ שבועה. נאָר אויב די אַלע זאַכן וועלן אויסגעפּרובירט ווערן אָן דערפאָלג און קיין געבעט און קיין כאַלוינונג וועט אויף אים קיין ווירקונג ניט האָבן, דאַן זאָל די מיידל גלייך דערויף, אין זיין אנוועזנהייט, בעטן די רבנים אַז זיי זאָלן זי באַפרייען פון איר צוזאָג. און די חשוב׳ע רבנים מעגען דאַן, אין דער אנוועזנהייט פון דעם קרוב, אַראָפּנעמען פון איר דעם נדר און איר מתיר מאַכן צו טאָן וואָס איז פאַר איר ריכטיק, גוט און נוצלעך.

אבער נאָכאַמאָל, ווידערהאָל איך, אַז עס איז אַ סך בעסער אַז מען זאָל קומען מיט אים צו אַן אויסגלייך.

# מאזני לשון הקודש

(די וואָג־שאָלן פון לשון קודש)

**געדרוקט אין 1546**

געדרוקט, 1546, דורך דעם קריסטלעכן דרוקער דניאל באמבערג, אין ווענעציע. — 84 זייטן, קליינער פאָרמאַט.

אברהם אבן עזרא (געבאָרן 1092, געשטאָרבן 1167) פיל־פאַרביקער שאַפער, פילזייטיקער, באַגאַבטער פּאָעט, מיסטיקער, פילאָזאָף, אסטראָלאָג, מאַטעמאַטיקער, הומאָריסט, שפּראַך־פאָרשער און ביבל־דערקלערער.

# ספר מאזני לשון הקדש

## שחבר החכם הגדול רבי אברהם
## בר מאיר הספרדי יזו המכונה
## בן עזרא בעיר רומי

נדפס בבית דניאל בומבירגי
בשנת שו לפק כח

# ויניציאה

אבן עזרא הויבט אָן דאָס ווערק מיט אַ געשיכטלעכן איבערבליק ווי אזוי ס׳האָט זיך אַנטוויקלט די העברעאישע שפּראַך ביי אידן, ער דערלאַנגט דאָ אַ פולן רייסטער פון אַלע אידישע שפּראַך־פאָרשער, וואָס האָבן געלעבט ביז זיין צייט. און אַזוי לעזט זיך דער אינטערעסאַנטער רייסטער:

„דאָס זיינען די גרויסע חכמים און זיילן אויף וועלכע עס שטיצט זיך די געביידע פון חכמת הדקדוק. גאָט זאָל זיי באַלוינען פאַר זייער גוטער אַרבעט און פאָרשונגען פון לשון קודש. גאָט זאָל מיט זיי טאָן גנאָד פאַר דעם גרויסן גנאָד וואָס זיי האָבן געטאָן מיט אונזער הייליקער שפּראַך.

„דאָס זיינען די נעמען פון אונזערע עלטסטע טוער און שעפער פון דקדוק:

„אין גאָר דער ערשטער ריי שטייט רב סעדיה גאון פון פיתום (עגיפּטן), וואָס האָט אויסגעוועבט דעם ספר האגרון און די ספרים

לשון עברית און צחות. דאַן קומט אַ גרויסער חכם פון ירושלים, וואָס זיין נאָמען איז ניט באַקאַנט, וואָס האָט פאַרפאַסט אַכט ספרים וועלכע לויכטן ווי ברילּיאַנטן. נאכהער קומען די פאָלגנדע שפּראַכן־קענער:

„רבי אדונים בן תמים, וואָס האָט פאַרפאַסט אַ ספר וועגן דער קרובה׳שאַפט פון אַראַביש און העברעאיש. און רבי יהודה בן קאריש וואָס האָט אָנגעשריבן אַ טייער ווערק מיטן נאָמען אב ואם. און רבי מנחם בן שרוק פון שפּאַניע וואָס האָט אונז געבראַכט טרייסט און פרייד מיט זיין שרייבן. און רבי אדונם בן לברט פון דער שטאָט פעץ, וואָס האָט אַריינגעבראַכט גרויסע אויפטועכצן און אויסבעסערונגען אויפן געביט פון אונזער שפּראַך־קענטשאַפט. און רבי יהודה בן דוד פון פעץ, וואָס רופט זיך חיוג, דער גרויסער דענקער און מייסטער, וואָס האָט מיט גרויס קענטשאַפט אָנגעשריבן פיר וויכטיקע ספרים און אריינגעטאָן אין זיי די חכמה פון גאָט. און אונזער האַר, רבי האי גאון, וואָס האָט צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע זאַמלונג פול מיט שיינקייט און פּראַכט. און רבי יונה אבן־גנאַח, דער אַרצט פון קאָרדאָווא, וואָס האָט געשאַפן זיבן גרויסע און חשוב׳ע ווערק.

„דאַן קומט רבי שלמה בן גבירול וואָס האָט אויסגעוועבט אַ שיינעם געזאַנג אין פיר הונדערט פערזן, וועמעס ווערט מען קען גאָרניט אָפּשאַצן מיט קיין זילבער און קיין גאָלד. און רבי שמואל הנגיד פון קאָרדאָווא וואָס האָט געשאַפן מיט זיין פעדער אַזוינע טייערע ווערק וואָס שטייען העכער פון אַלע אויסגערעכנטע ווערק. און רבי משה הכהן פון שפּאַניע וואָס האָט קלאָר געמאַכט די חכמה פון דקדוק און האָט צוגעגעבן דערצו זאַכן פון וואָס די ערשטע האָבן גאָרניט געוואוסט. און רבי דוד דער דיין וואָס איז אויך צוגע־שטאַנען צו די שפּראַכן־פאָרשער און האָט געשאַפן זיין ספר מלכים. און רבי יהודה, דער זון פון בלעם, מיט זיינע קליינע זאַמלונגען. און רבי יצחק בן ישיש, דער ספרדי, מיט זיין ספר צרופים. און רבי לוי, זון פון אל־תכאן, מיט זיין ספר המפתח.

די אַלע ספרים זיינען געשריבן געוואָרן אין העברעאיש און אין אַראַביש.

„און איצט, שטייענדיק ביי מיין אָנפאַנג פון מיין אַרבעט, טו איך בעטן דעם, וואָס האָט גאָרניט קיין אָנפאַנג, ער זאָל מיר באַ־לייכטן די סטעזשקע פון מיין האַרצן און ער זאָל מיר וויזן דעם וועג פון אמת און וויסן“.

אין די עראינערונגען פון דעם גרויסן געלערנטן און קאָפּ־מענטש אברהם אבן עזרא, וואָס ער האָט געשריבן אין זיין לעבן איז פאַרצייכנט אַזאַ צופאַל:

אברהם אבן עזרא האָט אַמאָל געררייזט איבערן ים און מיט אים זיינען געפאָרן 15 פון זיינע תלמידים. אויף דער זעלבער שיף האָבן זיך אויך געפונען פופצן מענטשן ליידאַקעס און נישטען. איין טאָג האָט זיך אויפן ים אויפגעהויבן א מוראדיקער שטורם, די כוואַליעס האָבן געוואָרפן די שיף הין און הער. עס האָט זיך געפילט, אַז אָט אָט גייט די שיף אונטער. כדי צו פאַרלייכטערן דעם גאַנג פון דער שיף, איז נויטיק געווען צו באַפרייען די שיף פון איר שווערער משא. צוליב דעם האָט דער שיפס־קאַפּיטאַן פאַראָרדנט אַריין ווארפן אין ים אַ העלפט פון די פאַסאַזשירן וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער שיף. דערויף האָט דער חכם אבן עזרא געענטפערט דעם קאַפּיטאַן — דיין פאַראָרדנונג איז נויטיק, ווייל ס׳איז גלייכער אַז א העלפט פון אונז זאָלן שטאַרבן איידער אלע זאָלן אומקומען. לאָמיר וואַרפן גורל ווער עס זאָל אריינגעוואָרפן ווערן אין ים און ווער עס זאָל בלייבן אויף דער שיף. דער גורל זאָל פאַרקומען אויף אַזאַ אופן: אַלע דרייסיק מענטשן זאָלן זיך אויסשטעלן אין איין שורה און מיר וועלן אָנהויבן ציילן פון איינס ביז ניין און דער ניינטער וועט מוזן געוואָרפן ווערן אין ים אַריין. דערנאָך וועלן מיר ווידער אָנהויבן פון אָנהויב שורה און ווידער וועט דער ניינטער אַריינגעוואָרפן ווערן אין ים. אַלע האָבן צעגעשטימט צום פאָרשלאָג. און זיי האָבן געזאָגט צום חכם אבן עזרא: דו פאַרשטייסט און ווייסט ווי די זאַך דורכצופירן, דעריבער דאַרפסטו אָנפירן מיטן גורל. אבן עזרא האָט דאַן אויסגעשטעלט די רייזענדע אין א ריי אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז ווען עס איז געקומען צום ניינטן האָט דאָס געטראָפן איינעם פון די ליידאַקעס ביז זיי זיינען אַלע אריינגעוואָרפן געוואָרן אין וואַסער. דאקעגן אלע זיינע תלמידים זיינען געראַטעוועט געוואָרן. פרעגט זיך, ווי אַזוי האָט ער דאָס דערגרייכט?

דער ענטפער: צושטעלט האָט ער די רייע אין אַזאַ אָרדנונג: צום אָנפאַנג האָט ער אַוועקגעשטעלט 4 תלמידים און נאָך זיי 5 ליידאַקעס נאָך דעם 2 תלמידים און 1 ליידאַק; 3 תלמידים און איין ליידאק, איין תלמיד און 2 לייי־דאַקעס, 2 תלמידים און דריי ליידאַקעס איין תלמיד און צוויי ליידאַקעס, 2 תלמידים און איין ליידאַק.

## ספר צחות בדקדוק

(קלאָרקייט אין גראַמאַטיק פון אברהם אבן עזרא)

**געדרוקט אין 1546**

**פיל־פּאַרביקער שאַפער, באַגאַבטער פּאָעט, פילאָזאָף, אַסטראָנאָם, הו־מאָריסט, שפּראַך־פאָרשער און ביבל־דערקלערער (ווערט אָנגערופן דער פאָטער פון אַלע תנ״ך־מפרשים). — געדרוקט, 1546, דורך דעם קריסט־לעכן דרוקער, דניאל באמבערג, אין וועניציע. — 124 זייטן, קליינער פאָרמאַט.**

# ספר צחות בדקדוק

### שחבר החכם הגדול רבי אברהם
ב״ר מאיר הספרדי יצ״ו המכונה
בן עזרא

נדפס בבית דניאל בומבירגי
בשנת ש״ו לפ״ק כה

# ויניציאה

**דאָס ביכל „צחות בדקדוק״ שטעלט מיט זיך פאָר אַ וויכטיקן קוואַל פון שפּראַך־וויסנשאַפט אויפן געביט פון העברעאישער פילאָלאָגיע. אבן־עזרא, וועלכער האָט דערהויבן די וויסנשאַפט פון שפּראַך־פאָרשונג צו אַ גרויסער הויך, מאַכט דאָ קלאָר די כללים פון גראַמאַטיק, שטעלט פעסט די אייגנשאַפטן פון אלף־בית מיט די נקודות און באַשפּרעכט דעם געבוי פון שמות און פועלים. מיט אַ צוגאַנג פון אַן ערשטקלאַסיקן געלערנטן דעקט דאָ אויף דער באַרימטער אויטאָר די כללים און געזעצן פון דקדוק. נאָך עד היום ווערט דאָס ביכל באַנוצט מיט גרויס דערפאָלג פון אַלע אידישע מדקדקים און ביבל־פאָרשער פאַר נוצלעכער אינפאָרמאַציע. די סטודענטן פון העברעאיש האָבן געשעפּט און שעפּן פון אבן עזרא׳ס גייסטיקע עשירות און טיפער קענטשאַפט פון עטימאָלאָגיע, וואָס דריקט זיך אויס אין די צוויי צווילינג־ווערק „צחות בדקדוק״ און „מאזני לשון הקודש״. ביידע ביכער טראָגן ניט נאָר דעם שטעמפּל פון פאָלקאָמענהייט, נאָר אויך פון אינערלעכער און אויסערלעכער שיינקייט.**

אויסצוג פון אריינפיר צום ספר „צחות בדקדוק״:

אַזוי ווי דעם מענטשנס נשמה איז באַשאַפן געוואָרן אין דער געשטאַלט פון גאָט, אַזוי זיינען אויך די אייגנשאַפטן פון דעם מענטשנס נשמה ענלעך צו די אייגנשאַפטן פון גאָט.

די ערד איז פונקט ווי אַ פינטל אין מיטן פון אַ קרייז, און די אַלע תנועות (באַוועגונגען) אין באַצוג צו דער ערד קומען פאָר אין דריי פאַרשידענע אופנים: ערשטנס, די תנועה פון אונטן אַרויף; דאָס איז די באַוועגונג פון פייער און לופט. צווייטנס, די תנועה פון אויבן אַראָפּ; דאָס איז די באַוועגונג פון וואַסער און ערד. און דריטנס, די תנועה וואָס איז ניט פון אויבן און ניט פון אונטן, נאָר אַרום און אַרום דער ערד. דאָס איז די באַוועגונג פון די הימלישע ספערן און פלאַנעטן.

ענלעך דערצו זיינען אין אונזער לשון קודש די דריי הויפּט־תנועות (נקודות), פון וועלכע עס ווערן צונויפגעשטעלט אַלע אַנ־דערע תנועות. ערשנס, קומט די תנועה וואָס רופט זיך חולם, וואָס ווערט באַצייכנט מיט אַ פינטל פון אויבן. דערנאָך קומט די תנועה וואָס רופט זיך „חיריק״, וואָס דריקט זיך אויס מיט אַ פינטל פון אונטן. און דאַן קומט דער פּתח, וואָס זיין פּלאַץ איז ניט פון אויבן און ניט פון אונטן (הגם איבער געוויסע אורזאַכן שטעלט מען דאָך דעם פּתח אונטערן בוכשטאַב).

דאָ פאָלגט אַ טיפע פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונג וועגן די תנועות אָדער די נקודות וואָס ווערן געברויכט אין העברעאיש.

## הומאָריסטישע לידער

### שלים־מזל

איך בין אַזאַ לא יוצלח,
וואָס האָט גאָרניט קיין גלייכן
צו וואָס איך וועל זיך נעמען
גיסט זיך דאָס אויס אין טייכן...

כ׳זאָל האַנדלען מיט תכריכים
וואָלט קיינער ניט געשטאָרבן,
וואָלט ליכט געווען מיין סחורה,
וואָלט קיינמאָל נאַכט געוואָרן.

## מיין מאַנטל

מיין מאַנטל איז מיט לעכער פול,
נאָר ס׳איז ניט קיין חסרון.
ס׳קאָן זיין אַ זיפּ. ס׳קאָן דורכזיפּן
די מיסט פון ווייץ און קאָרן.

ביינאַכט צעשפּרייט איך פאַר מיין טיר
דעם מאַנטל ווי אַ פּעכער.
די שטערן לויכטן דאָרט אַריין
און שמייכלען דורך די לעכער...

## פאַרשלאָסן די טיר

קום איך אין דער פרי צום גביר,
הער איך: אויסגעפאָרן.
קום איך אין אָוונט, זאָגט מען מיר:
אַנטשלאָפן ערשט געוואָרן.

אָט איז ער פאַרנומען שטאַרק,
און אָט אַוועק שפּאַצירן.
שלים־מזל גייט מיר אין פאַראויס,
און שליסט פאַר מיר די טירן...

# פירוש על התורה

(רבי לוי בן גרשום)

**געדרוקט אין 1547**

רבי לוי בן גרשום, אָדער רלב״ג איז געווען אַן אָנגעזעענער פאָר־שטייער פון דער גאָלדענער עפּאָכע אין דער אידישער געשיכטע — אַן עפּאָ־כע וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע פילאָזאָפישע און וויסנשאַפט־לעכע דערגרייכונגען. דער גרויסער פאַרנעם, די פאַרשידנאַרטיקע טעטיגקייט און דאָס גרונטיקע וויסן פון אָט דעם טיפן דענקער האָבן א סך ביי־געטראָגן צו דער גלאָרייכער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור אין מיטלאַלטער.

עס איז זייער ווייניק באַוואוסט פון רלבג׳ס לעבן. עס איז, אָבער, באַקאַנט אַז ער איז אַרויסגעקומען פון אַ פאַמיליע פון למדנים. און זיינע פירושים אויף דער תורה דערמאָנט ער אָפט זיין פאָטער וואָס איז, ווי עס שיינט, געווען אַ גרויסער תלמיד חכם.

רלב״ג איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער און פּראָדוקטיווער שריי־בער. זיין סטיל איז אַנגענעם, אָנציענד און גרינג. זיינע ווערק באַהאַנדלען אַזעלכע פאַרשידענע געגנשטאַנדן ווי לאָגיקע, מעטאַפיזיקע, פּסיכאָלאָגיע, פילאָלאָגיע, מאַטעמאַטיקע, אַסטראָנאָמיע און פילאָזאָפיע, ווי אויך אָפּהאַנד־לונגען איבערן תלמוד און פירושים אויף תנ״ך. אַלס דאָקטאָר האָט רלב״ג אויך געשריבן איבער דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, אַנטדעקנדיק פילע נייע היילמיטלען. זיין גרעסטע דערגרייכונג, אָבער, איז געווען אין דעם פעלד פון אַסטראָנאָמיע און פילאָזאָפיע.

רלב״ג האָט באַהויפּטעט: די הויפּט זאַך פון אַלע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען איז דאָס קענען פון אַסטראָנאָמיע. „די אַסטראָנאָמישע וויסנשאַפט איז העכער פון אַלע צווייגן פון חכמה״.

אַלס מאַטעמאַטיקער איז רלב״ג באַרימט געוואָרן אויסער די גרעניצן פון דער אידישער וועלט, און אויף זיינע טעאָריעס האָבן פילע אַסטראָנאָמיקער געבויט זייערע פאָרשונגען. רלב״ג האָט דערפונען אַן אינסטרומענט דורך וועלכן מען האָט געקאָנט מיט דער גרעסטער פּאָלקאָמענהייט באַשטימען דעם פּלאַץ און דעם גאַנג פון די שטערן. און דאָס איז געשען אַרום 300 יאָר, נאָך איידער גאַלילעאָ האָט דערפונדן דעם ערשטן טעלעס־קאָפּ.

רלב״ג׳ס אַ ווערק אויפן געביט פון אַסטראָנאָמיע, וואָס האָט אַמשטאַרקסטן געווירקט אויף דער וויסנשאַפטלעכער וועלט איז געווען אַ בוך אויף העברעאיש. אַז דאָס בוך האָט באמת פאַרדינט די גרויסע רעפּוטאַציע וואָס עס האָט דעמאָלט געקראָגן, קען באַשטימט ווערן דורכן פאַקט, וואָס אפילו אין 17־טן יאָרהונדערט, האָט דער באַרימטער אַסטראָנאָם קעפּלער זיך געפלייסט צו געפינען אַ קאָפּיע פון רלב״ג׳ס ווערק. דער קווינטעסענץ פון דעם ווערק איז באַשטאַנען אין דעם וואָס עס האָט באַוויזן די פאַלשקייט פון דער טעאָריע, אַז די זון דרייט זיך אַרום דער שטיל־שטייענדער וועלט. אַזוי אַרום ווייזט זיך אַרויס, אַז רלב״ג איז געווען דער פאָרלויפער פון קאָפּערניקוס נאָך מיט דורות צוריק.

אָבער טראָץ זיינע גענִיאַלע פעאיגקייטן און שאַפונגען, האָט רלב״ג אויסגעאיבט זייער אַ קליינעם איינפלוס אויפן אידנטום. די פרומע האָבן אים, צוליב זיינע דרייסטע פאָרשונגען און זייער פרייער באַציאונג צו דער געשיכטע פון מעשי בראשית, פאַרשריען ווי אַן אפיקורס, אַ כופר בעיקר. ביי די גוי׳ישע פאָרשער, אָבער, האָט ער געקראָגן אַ וואַרימע אויפנאַמע. דער פּאַבסט קלעמענטי, דער זעקסטער, אַ צייט־גענאָסע, האָט שטאַרק געלויבט זיין ווערק איבער אַסטראָנאָמיע און האָט פאַראָרדנט, אַז מען זאָל עס איבערזעצן אויף לאַטיין, וואָס איז געטאָן געוואָרן אין יאָר 1342.

ווייל רלב״ג איז זייער פאַרערט געווען ביי זיינע צייט־גענאָסן האָט ער, דעריבער, נישט געליטן אַלס איד ווי א סך אַנדערע פון זיינע גלויבנס־ברי־דער. זיין הארץ, אָבער, האָט אים געבלוטיקט צו זען די צרות אוןליידן וואָס די אַרויסגעיאָגטע, פאַרטריבענע ברידער זיינע האָבן געהאַט אויסצו־שטיין.

רלב״ג׳ס באַרימטעסטער און וויכטיקסטער בייטראָג צו פילאָזאָפיע איז געווען זיין בוך „מלחמות ה׳״ (וואָס די פארפרומטע געגנער זיינע הָאבן סאַטיריש אָנגערופן „מלחמות נגד ה׳״), קיינע פון זיינע אנדערע שאַפונגען האָבן נישט אַרויסגערופן אַזאַ סענסאַציע ווי אָט דאָס בוך. דאָ האָט רלב״ג געמאַכט אַ סיסטעמאַטישן שטודיום פון אידישער פילאָזאָפיע אויף אַ גרויסן פאַרנעם, גאָר נישט אַכטנדיק דערויף וואָס דורך זיינע באַאָבאַכטונגען און באַהויפּטונגען ווערט ער אַוועקגעשטעלט אין דער ריי פון אַפּיקורסים.

הגם די שלוסן פון זיינע פאָרשונגען זיינען געווען אין געגנזאַץ צו די אויסטייטשונגען פון דער תורה, האָט דאָס אים נישט אָפּגעהאַלטן אָנצוגיין מיט זיין אַרבייט, ווי ער האָט אַליין זיך אויסגעדריקט: „מען מוז דעם אמת אַרויסברענגען און אַוועקלייגן אונטער דעם בלענדנדיקן ליכט פון טאָג, אפילו ווען עס איז סותר די ווערטער פון דער תורה. די תורה איז נישט טיראַניש און פאָדערט נישט אָנצונעמען ני‌ט־אמת׳ן פאַר אמת׳ן. אדברא, די תורה זוכט אַרויסצופירן דעם מענטשן אויפן וועג פון אמת׳ער פאַרשטענ־דיקונג״.

אַזוי האָט רלב״ג נישט נאָכגעפאָלגט בלינד און פאַרשקלאָפּט די אוי־טאָרן פון תורה און פילאָזאָפיע. ער האָט געגלויבט, אַז וויסנשאַפט איז ניט קיין פאַרבאָרגענע חכמה צו וועלכער בלויז עטליכע געלערנטע זיינען פּרי־וויליגירט צו האָבן אַ צוטריט, נאָר זי איז אָנטפּלעקט פריי און אָפן פאַר אַלעמען. מיט זיין אומאָפּהענגיקן צוגאַנג צו דער תורה־פאָרשונג קען מען אים אפילו נישט צוגלייכן צום רמב״ם, ווייל ער האָט געהאַט מער מוט. מען קען אים נאָר פאַרגלייכן צו שפינאָזאַ׳ן. און ווירקלעך האָט רלב״ג אויסגעי־איבט אַ גרויסע השפעה אויף שפינאָזאַ׳ן, באַזונדערס אין זיין באַציאונג צו די ניסים וואָס ווערן דערציילט אין דער תורה.

זיין אַנדער גרויס פילאָזאָפיש ווערק איז געווען דער „פירוש על התורה״, וועמעס שער־בלאַט ווערט דאָ רעפּראָדוצירט. דאָס איז אַ פילאָזאָ־פישער און ראַציאָנאַלער פירוש אויפן הייליקן טעקסט פון דער תורה. ער גרופּירט און שטעלט אַרויס אין אויסגעצייכנטע און אויסגעטאָקטע פּאַראַג־ראַפן די מאָראַלישע לערעס און געזעצן וואָס די תורה אַנטהאַלט אין זיך. דאָ באַמיט זיך דער רלב״ג שלום צו מאַכן צווישן זיינע פילאָזאָפישע טעאָ־ריעס און די ווערטער פון דער תורה. אַז יעדע ביבלישע דערציילונג אַנט־

האַלט אין זיך אַ מאָראַלישע לערע, האָט דאָס דער רלב״ג אָנגענומען פאַר אַ באַזיס אין זיין פּירוש אויף דער תורה. צוערשט איז ער מסביר דעם פשוט׳ן מיין פון די ווערטער, און דערנאָך שיילט ער ארויס דעם פילאָזאָ־פישן באַדייט און מאָראַלישן פרינציפּ וואָס דער ענין אַנטהאַלט.

פון רלב״ג׳ס אינטערפּרעטאַציע אויף די ניסים, וועלכע ווערן דער־מאָנט אין תנ״ך, איז צו זען, אַז ער האָט פאַרזוכט זיי צו מאַכן צו קלייגעלט. עס איז צו מערקן, אַז זיין גרויסע קענטעניש פון פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט האָט געהאַט אויף אים אַ גרויסע ווירקונג. באַוועגנדיק אים צו זוכן אין אַלץ דעם נאַטירלעכן געזעץ. נישט קענענדיק צווייפלען אָדער אָפּלייקענען די פּינקטלעכקייט פון די ביבלישע מעשות האָט ער פאַרזוכט צו ראַציאָ־נאַליזירן די ניסים. דאָס הייסט אויסטייטשן זיי אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך לייגן אויפן שכל.

די מעשה פון יהושע מיט דער זון וואָס ער האָט געמאַכט צו בלייבן שטיין אין מיטן טאָג (יהושע, קאַפּ. 10), ווערט אויסגעטייטשט פון רלב״ג אויף דעם אופן: די בני ישראל האָבן געהאַט אַ זיג איבער זייערע שונאים אין מיטן טאָג, ווען די באַוועגונג פון דער זון איז נישט אַזוי קענטיק פאַרן אויג ווי אין אַלע אַנדערע שטונדן. דער וואונדערלעכער פאַל וואָס ווערט דערמאָנט אין ישעיה (קאַפּ. 38, פּסוק 8), אַז די זון איז צוריקגעגאַנגען צען טרעפּ, ווערט פון אים אויך פאַרטייטשט אויף אַ ראַציאָנעלן שטייגער, וואָס קען שטימען מיט דער ווירקלעכקייט, דהיינו: געענדערט געוואָרן איז דער וואָלקן וואָס וואַרפט דעם שטן, אָבער נישט די זון, אַזוי נאָך און נאָך.

## 1

## אויסצוגן פון ספר „פּירוש על התורה"

דער צוועק פון דער אמונה איז דאָס גליק און די פולקאָמענהייט פון מענטשן. די פולקאָמענהייט פונם מענטשן קומט דורך דער אַקצעפּטירונג פון גוטע מידות. דאָס וועט קלאָר פאַרשטאַנען ווערן ווען מיר וועלן באַהאַנד־לען דעם ענין פון מענטשלעכן שכל. דער צוועק פון תנ״ך איז, דעריבער, צו פאַרפולקאָמנען דעם מענטשן. און די צווי העכסטע אויפגאַבען: גוטע מידות און אמת׳ע באַגריפן. דער תנ״ך באַשטייט, דעריבער, פון דריי אָפּ־טיילונגען. דער ערשטער טייל אַנטהאַלט די געזעצגעבונג פון די תרי״ג מצוות, רעליגיעזע פאַראָרדענונגען וואָס באַשטימען וואָס צו טאָן און וואָס ניט צו טאָן.

דער צווייטער טייל פון תנ״ך באַשטייט פון סאָציאַלע און עטישע לערן, אין די געביטן איז שווער צו דערגרייכן פולקאָמענהייט. דאָ איז שווער אָנצואווייזן באַשטימטע גרעניצן, וואָס מען מעג יע און וואָס מען

טאָר נישט. ווייל די תורה קאָן דאָך נישט פאַראָרדענען באַשטימטע געזעצן וועגן כעס, שמחה, צער, קוראַזש און אַנדערע מענטשלעכע עמאָציעס. די לערע ווי אויפצופירן זיך אין אזוינע צושטאַנדן וואָלטן ניט אָפּגעהיט ווערן. און דאָס קען נאָך פירן דערצו, אַז די אַנדערע פונדאַמענטאַלע געזעצן זאָלן אויך געבראָכן ווערן. דעריבער האָט די תורה אונז געלערנט מידות און הנהגות נאָר דורך אַלערליי מעשות און געשיכטעס וואָס ווערן דאָרט דערציילט, כדי מיר זאָלן פון זיי ציען די געהעריקע שלוסן און אַראָפּנעמען אַ מוסר השכל צו וואָס מעשים קאָנען פירן און וואָס פּאַסירונגען זיינען גורם.

דער דריטער טייל אַנטהאַלט געוויסע לערעס וואָס זיינען פון אַ ריין מע־טאַפיזישן כאַראַקטער און זיינען נוגע דעם עצם פון אונזער עקזיסטענץ. דאָס איז געבויט אויף אַ טיפן פילאָזאָפישן שטודיום און מען קען עס נישט משיג זיין מיטן פשוט׳ן שכל.

## 2
## פּירוש על התורה, לעצטע זייט.

עס שטייט אין פסוק „ולא קם בישראל כמשה עוד נביא אשר ידעו ה׳ פנים אל פנים״. די תורה באַטאָנט „ולא קם בישראל״ וואָס זאָל באַדייטן: ביז איצט איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען אַזאַ נביא, אָבער אין דער צוקונפט וועט יע אויפשטיין אזא נביא, נישט נאָר פאַר די אידן, נאָר פאַר אַלע אומות העולם. און יענער צוקונפטיקער נביא וועט אויפטאָן אלע מופתים און ציי־כנס פונקט ווי משה רבנו האָט געטאָן, נאָר אין א סך א גרעסערער מאָס; ער וועט באַווייזן די שטאַרקע האַנט פון גאָט פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט, פאַר אידן אַזוי גוט ווי פאַר גויים.

און כאָטש אַזאַ נביא איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען, ווייסן מיר, אָבער, אַז אַזאַ איינער וועט יע אויפשטייגן און הערשן וועט ער איבער דער גאַנצער וועלט — דאָס וועט זיין משיח בן דוד, וועלכער, ווי ישעיה האָט פאַראויסגע־זאָגט: „און רוען וועט אויף אים דער גייסט פון גאָט, דער גייסט פון חכמה און פאַרשטענדיגקייט... און גערעכטיגקייט וועט זיין דער אַנגורט פון זיינע לענדן, און טריישאַפט דער גאַרטל פון זיינע דיכן״. דעמאָלט וועט שלום הערשן איבער דער גאָרער וועלט און עס וועלן מער נישט זיין קיין פאַרשיי־דענע רעליגיעס און נישט קיין פאַרשיידענע שפּראַכן. „און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס, און זייערע שפּיזן אויף צווייג־מעסערס; אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד, און מע וועט ניט מער לער־נען מלחמה״... און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס, און אַ לעמפּערט מיט אַ ציגעלע וועט הויערן, און אַ קאָלב און אַ יונג־לייב און אַ פעט רינד באַנאַנד און אַ קליין אינגל וועט זיי פירן״...

און מיט דעם ענדיקט זיך דער פּירוש אויף דער תורה, אַזוי אויך דער

מוסר וואָס מיר קענען אַרויסלערנען דערפון. געלויבט איז גאָט, וועלכער האָט מיר געהאָלפן מיט זיין גרויסן חסד און מיט זיין אומבאַגרענעצטן רחמים. אמן.

דאָס ווערק איז פאַרענדיקט געוואָרן כ״ג שבט, אין יאָר הצ״ח. (1338).

# שאלות און תשובות

(פון רבי יוסף בן לב — פערטער באַנד)

## געדרוקט אין 1555

גרויסער תלמודישער געלערנטער, איינפלוסרייכער און אָריגינעלער תלמיד חכם און אויטאָריטעט אין דער רבנישער וויסנשאַפט. — געדרוקט, 1555, דורך זאנעטי אין ווענעציע.

פון אַלע טיילן פון דער וועלט האָט מען זיך געווענדעט צו דעם חריפישן מייסטער פון תורה און הלכה, רבי יוסף בן לב, מיט אַלערליי שווערע פראַגן אין תלמוד און אין פוסקים. אַזוי אויך מיט אַלערליי פאַרוויקלטע פראָבלעמען פון אידישן געמיינשאַפטלעכן און פריוואַטן לעבן. דערווירדיקער רבי האָט געפירט אַ גרויסן פאַרצווייגטן בריוו־אויסטויש מיט יעדן וואָס איז געקומען מיט אים אין באַריר. ער האָט אָנגעווענדעט זיין חריפישן קאָפּ און גייסטיקע רייכקייט צו באַלייכטן אַלע טונקעלע שטעלן אין דער רבנישער ליטעראַטור און צו אויסגלייכן אַלערליי פאַרפּלאָנטערטע קעגנזייטיקע באַציאונגען פון מענטש צו גאָט און פון מענטש צו מענטש.

די דאָזיקע שאלות און תשובות, וואָס פאַרנעמען פיר באַזונדערע בענדער אָנגעלאָדן מיט תורה און חכמה, האָבן אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אידישער וועלט, ניט נאָר אין יענער צייט, נאָר אויך אין אַלע איבעריקע צייטן.

### אויסצוג פון טעקסט:

שאלה:

זאָל אונזער גרויסער רבי און וועג־ווייזער קלאָר מאַכן אונז אַ וויכטיקן ענין.

אונזערע אור־עלטערן האָבן צוריק מיט יאָרן איינגעפירט ביי אונז אַ תקנה (פאַראָרדנונג) אַז מיידלעך מיט בחורים זאָלן זיך ניט לאָזן גיין אויף שפּאַציר אין די גערטנער און אין די פעלדער הינטערן שטאָט, כדי צו פאַרהיטן די יוגנט פון לייכטזיניקייט און פאַרשייטקייט. אַזוי ווי אין דער איצטיקער זינדיקער צייט ווערט, צו אונזער באַדויערן, די תקנה ניט אָפּגעהיט, ווילן אייניקע פון



פה וויניזיא שנת שסו

ספר רביעי

משאלות ותשובות

להרב המובהק אור ישראל וקדושו
מוהרר יוסף ן לב זלה״ה עם חדושים
ממסכת קדושין ומסכת עבודה זרה׳

הביאו לדפוס החכם הנעלה כה״ר
ציון פראנסיס די לה קרוסה יצו
הוגה בעיון נמרץ ע׳ החכם השלם
כמוה״רר יצחק גרשון יצו :
במצות זואניטו זואניסי ובביתו׳

Con licen‹ia de i
Superiori.

אונזערע עלטסטע גאָר אינגאַנצן אָפּשאַפן דעם דאָזיקן פאַרבאָט. וואָרעם, ווען די קינדער זיינען אונטערן באַוואוסטזיין אַז זיי טוען אַן עברה, קענען זיי נאָך חס ושלום אריינגעצויגן ווערן אין ווירק־לעכע עברות. בעטן מיר אייך, גרויסער רבי און וועג־ווייזער, ענטפערן אונז, צי האָבן מיר אַ רעכט אָפּשאַפן אַ תקנה וואָס איז

אַנגענומען געוואָרן פון אונזערע ערלעכע און פרומע אור־עלטערן, וועלכע זיינען דאָך געשטאַנען אַ סך העכער פון אונז אין חכמה און אין וויסן.

תשובה:

דער גאון רשב״א דערציילט אין איינעם פון זיינע ספרים אַזאַ פאַל:

איינמאָל האָט איינער אַ איד געשוואָרן אַ היליקע שבועה אַז ער זאָל מער ניט שפילן אין קאָרטן. דערנאָך איז ער געקומען צו מיר און מיך געבעטן באַפרייען אים פון זיין שבועה. ער האָט מורא, זאָגט ער, טאָמער וועט אים אָנכאַפּן אַ שטאַרקער חשק צו קאָרטן־שפּיל און ער וועט ניט קענען ביישטיין דעם נסיון. וועט ער דאָך דורך דעם עובר זיין אויף אַ הייליקער שבועה וואָס איז אַ גרויסע זינד. האָב איך געזאָגט צו אים אַזוי:

קאָרטן־שפּיל זעלבסט איז דאָך אויך אַן עברה, הגם ס׳איז אַ קלענערע עברה פון עובר זיין אויף אַ שבועה. ווילסטו, הייסט דאָס, איך זאָל דיר דערלויבן צו טאָן אַ קלענערע עברה כדי דו זאָלסט ניט קומען צו אַ גרעסערער עברה. קען איך דיר דאָס ניט נאָכגעבן. דו בעסער נעם זיך אין די הענט אַריין, אונטערדריק דיין יצר הרע. דאַן וועסטו ריין זיין אי פון דער קלענערער עברה, פון קאָרטן־שפּיל, אי פון דער גרעסערער עברה — פון עובר זיין אויף אַ שבועה.

אין אייער פאַל אָבער, רבותי, איז דאָס אַרויסגיין פון אַ בחור מיט אַ מיידל אויף שפּאַציר ניט קיין עברה, ס׳איז בלויז אַ פאַר־אָרדנונג פון פריערדיקע דורות. אָבער דור הולך ודור בא. צייטן בייטן זיך, מיר דאַרפן פאַרשן און שטיין אויף דער וואַך מיט אונזערע פאַראָרדנונגען און מיר דאַרפן האַנדלען לויט דעם גייסט פון דער צייט און לויט דעם מנהג פון דער מדינה. און אודאי דאַרפן מיר זיין אָפּגעהיט ניט אָנהאַלטן אַזוינע פאַראָרדנונגען וואָס קענען ברענגען אונזערע קינדער צו עברות.

אַצינד וועל איך דאָ ברענגען אַ מאמר פון רמב״ם וואָס רעדט פאַר זיך אַליין. אַזוי זאָגט דער רמב״ם:

די אויטאָריטעטן וואָס ווילן איינפירן אַ נייע תקנה אָדער אָננעמען עפּעס אַ גזרה, מוזן זיך פריער מישב זיין און גוט אַרומטראַכטן צו די נייע פאַראָרדנונג איז אַזאַ וואָס קאָן, אָדער וואָס קאָן ניט, דורכגעפירט ווערן. ווייל אויב דאָס פאָלק שטעלט זיך אַנטקעגן און וויל דאָס ניט אָננעמען, טאָר מען אַ פאָלק ניט נויטן.

און אפילו — אַזוי זאָגט ווייטער דער רמב״ם — ווען די פאַראָרדנונג איז אָנגענומען געוואָרן פון פאָלק, און יאָרן שפּעטער שטעלט זיך אַרויס, אַז די פאַראָרדנונג פאַרלירט איר גרונטשטאַנד און קען ניט ווערן דורכגעפירט, האָבן די אויטאָריטעטן די מאַכט אָפּוואַרפן און מבטל זיין די אַמאָליקע תקנה, אַלץ כדי ניט גורם זיין די קינדער־מענטשן צו קיין עברות.

# ספר צרי היגון
## געדרוקט אין 1557

צרי היגון (באַלזאַמען פאַר טרויער) פון שם טוב בן יוסף פאלקירה (געבוירן 1225 — געשטאָרבן 1200), גלענצנדער שרפטשטעלער, פיל־זייטיקער געלערנטער און אָריגינעלער דענקער און פילאָזאָף אויפן געביט פון אידישער, גריכישער און אַראַבישער פילאָזאָפיע און פסיכאָלאָגיע.

געדרוקט אין 1557 אין קרימאנא (איטאַליע) דורך וויצינצי קונטי (אַ קריסטלעכער דרוקער)

אין זיינע מייסטערווערק, וואָס צייכענען זיך אויס מיט גרויסער שע־פערישער קראַפט און גרינטלעכער קענטשאַפט און געלערזאַמקייט, פלייסט זיך פאלקירה צענויפפלעכטן וויסנשאַפט מיט אמונה, פילאָזאָפיע מיט רעליגיע.

אַ גרויסער אָנהענגער און פאַרערער פון אַריסטאָס און פלאַטאָס אידייען און אָנגעאָטעמט מיט תורה און אידישן וויסן, נעמט פלאקירה אַרום מיט אַ חריפה׳שער גאונות און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונגס־מעטאָדע אַלע וועלט־פּראָבלעמען אין פאַרבינדונג מיטן אידישן געדאַנקען־גאַנג.

זייענדיק אַ גרויסער פאַרערער פון רמב״ם און פון שלמה בן גבירול, האָט פאלקירה אויך געשריבן דערקלערונגען און פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען וועגן זייערע באַרימטע ווערק.

פאַלקירה האָט אויך געשאַפן לידער און דערציילונגען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ געוועב פון וויסנשאַפטלעכער און געלערזאַמקייט און פילאָזאָ־פישער גריבלעניש, באַלויכטן מיט די שטראַלן פון פּאָעזיע.

פון אַלע זיינע צאָלרייכע ווערק האָט ער זיך אממערסטן באַרימט גע־מאַכט מיט זיין ספר „המבקש" (דער זוכער), אַ גרויסע דערציילונג פון אַן ענציקלאָפּעדישן כאַראַקטער, וואָס זוכט אויסצופאָרשן די וועגן פון אמת׳ן גליק און פאָלקאָמנהייט. דאָס בוך פאַרמאָגט אַ סך לידער, עפּיגראַמען און הומאָריס־טישע שטעלן. געשריבן איז דאָס אין דער פאָרם פון אַ דיאַלאָג צווישן דעם זוכער און פאַרשידענע פאָרשטייער פון אַלערליי וויסנשאַפטן און באַשפעטי־



ספר צרי היגון·

כושל יקימון מליו וברכים כושלות יאמץ

סגולת ספר צרי היגון · להשקיט הנפש כראבון ·
כטוב חמשת מיני רגן · להשביע הגוף מרעבון ·

אם מכאוב על יגון רוכב · צרי הזה עליו תהיה קוכב:
כל המחל יהיה ממך מוכב · אז בריא כלי חולי נוש מסתובב:
והרוצ צרי טוב כמשמ נוכב · סבתו לפ"ק המנע תהסתרב:

בקרימוני

תחת ממשלת אדונינו המלך פילינו
יר"ה ע"י ויצינצו קונטי שנת

צרי טוב

קונגען: אַ דאָקטאָר, אַן עושר, אַ געשעפטסמאַן, א גבור, אַ קינסטלער, אַ פרומאַק, אַ פילאָזאָף, אַן אַסטראָנאָם, אַ שפּראַך־פאָרשער און אזוי ווייטער.

צום סוף קומט דער פּראָפעסער צום באַשלוס, אַז אמת'ע גליק און פאָלקאָמענהייט געפינט זיך בלויז דאָרט, וואו וויסנשאַפט און תורה, די צוויי צווילינג־שוועסטער, מאַכן שלום צווישן זיך און ברענגען האַרמאָניע און גליק־זעליקייט.

אויסער זיין מאָנומענטאַלן ווערק „המבקש", האָט פאַלקירה אויך פאַר־אייביקט זיין נאָמען מיט פאָלגנדע באַרימטע שאַפונגען: א) ספר הנפש, וועגן דעם למוד פון פסיכאָלאָגיע און דער נעטלעכער נשמה; דאָס בוך שטיצט זיך

אויפן באַרימטן שפּרוך: מענטש, דערקען דיין נשמה, און דו וועסט דערקענען גאָט! ב) דעת הפילוסופים, וועגן דער לערע פון פיזיק און מאַטעמאַטיק. ג) ראשית חכמה, אַן אריינפיר צו אַלע וויסנשאַפטן, וואָס שטיצט זיך אויפן געדאַנק, אַז דאָס גליק פון מענטשן ליגט ניט אין געזונטקייט פון קערפּער, און אויך ניט אין געלט־רייכטום, נאָר אין פולקאָמענהייט פון מוח.

דער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן פּאָפּולער־פילאָזאָפישן בוך ווערט אי־בערגעגעבן אין די עטלעכע סטראָפן וואָס געפינען זיך אויפן שער־בלאַט, וואָס איז דאָ רעפּראָדוצירט.

איבערזעצט אין אידיש, לעזט זיך דער שער־בלאַט ווי פאָלגט:

## ספר צרי היגון

די ווערטער וואָס הויבן אויף דעם וואַקלענדיקן,
און שטאַרקן די קני פון דעם פאַלנדיקן.
די „טרויער־באַלזאַמען", זיי היילן די נשמה
און שטילן אין מענטשן די גייסטיקע פּלאָגן,
אַזוי ווי די פינף מינים תבואות וואָס זעטן
און שטילן אין מענטשן דעם הונגער פון מאָגן.

אויב ווייטיק און טרויער פאַרכאַפּן דיין וועזן,
דאַן הויב אָן די טרויער־באַלזאַמען צו לעזן.
פאַרהיילן וועסטו דיינע שמערצלעכע וואונדן,
דייַן גייסטיקע קראַנקהייט פון דיר וועט פאַרשווינדן.
דאָס בוך וועט דיך קוויקן ווי קוויקנדע קוואַלן.
זיין טיפקייט באַלויכטן — ניטאָ געגנוג שטראַלן.

גערדרוקט אין קרימאָנאַ, אונטער דער געוועל־טיקייט פון אונזער האַר, קעניק פיליפּו, דורך דעם דרוקער וויצינצי קונטי, אין יאָר השט"ז (1557).

### אויסצוג פון דער הקדמה:

מוט און קוראַזש צו באַקעמפן די זאָרג! שטאַרקייט פון האַרצן צו פאַרשטויסן די קלאָג! ווי גליקלעך איז יענער, וואָס פאַרמאָגט אַזוינע טייערע מדות. קיין געלט קען דאָס ניט קויפן און קיין אוצר דערווערבן.

פארנעם די ווערטער פון מיין בוך „טרויער־באַלזאַמען” און ווער געשטאַרקט. זאָל דאָס דיר פאַרלייכטערן די שווערקייט פון דיין אומגליק. זאָל דאָס דיר פאַרזיסן די ביטערקייט פון דיין דורכפאַל, און זאָל דאָס פאַרוואַנדלען דיין אומרו אין רו, דיין אומעט אין פרייד און דיין קלאָג־ליד אין א פריילעכן געזאַנג.

פאַר דעם צוועק האָב איך צוזאַמענגעקליבן די קלוגע רייד פון אונזערע חז״ל, און איך האָב דאָס פאַרשטאַרקט מיט די שענסטע משלים פון גרויסע דענקער און פילאָזאָפן.

דאַרפסט וויסן, אַז דאגה, כעס און טרויער פאַרקלייבן זיך בלויז צו אַזוינע קליינקעפיקע מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין באַגריף וועגן גייסטיקע שטאָפן און פילאָזאָפישע ענינים. גלייך ווי עס קומט אָן אויף זיי עפּעס אַ צרה, אַזוי הויבן אָן די נאַרישע מענטשן וויינען און קלאָגן און רייסן זיך די האָר פון קאָפּ. און צייטנווייז שטאַרבן זיי פון האַרצווייטיק.

און פאַרקערט, אַז עס טרעפט זיך צו די מענטשן אַ גוטע פּאַסירונג, אַזוי הויבן זיי אָן הוליען און יובלען און טאַנצן און שפּרינגען. און צייטנווייז פאַלן זיי צום טויט פון גרויס אויפרעגונג. ווייל די נאַטירלעכע וואַרימקייט פון זייער קערפּער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גרויסער היץ, וואָס פאַרברענט דאָס האַרץ און פאַראורזאַכט דעם טויט, ווי ס׳איז באַוואוסט צו די קענער פון וויסנשאַפט.

אָבער וואָס מער דער מענטש איז באַקאַנט מיט דעם גאַנג פון דער וועלט, אַלץ ווייניקער ווערט ער נתפעל און איבעראַשט פון אַזוינע פּאַסירונגען. ווען עס טרעפט אים אַ גוטע זאַך, ווערט ער ניט צופיל אויפגעברויזט. וואָרעם ער ווייסט, אַז דאָס גוטס וועט לאַנג ניט שטיין מיט אים. דער גוטער טעם וועט באַלד אָפּגעטעמפּט ווערן און פאַרגיין ווי גאָרניט געווען. פאַרקערט, אַז עס קומט אויף אים אַ צרה, וועט ער דאָס אויך ניט נעמען שטאַרק צום האַרצן. ווייל ער ווייסט, אַז דער שלעכטער טעם דערפון וועט אויך באַלד אָפּגעטעמפּט ווערן און פאַרגיין. אַזוי איז שוין דער גאַנג פון לעבן, און ס׳קאָן אַנדערש ניט זיין.

און דאַריבער זאָגן די פילאָזאָפן, אַז דאָס גוטס און שלעכטס, וואָס קומען אויפ׳ן מענטשן, זיינען מער אין איינבילדונג איידער איןווירקלעכקייט. אַמאָל דוכט זיך דיר, , אַז דיך האָט געטראָפן אַ שלעכטע, בייזע פּאַסירונג, און צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז גאָר

צום גוטן. און וויפיל גוטע זאַכן טרעפן זיך צום מענטשן, וואָס פאַר־וואַנדלען זיך צום סוף אין שלעכטע געשעענישן?

דאַריבער זאָלסטו אימער האַלטן פאַר די אויגן די טבע פון דעם לעבנס־גאַנג. און אויב דו וועסט קולטיווירן אין זיך אַ גלייכגעוויכט און דו וועסט ניט אַריינפאַלן אין התפעלות פון קיינע צופאַלן, גוטע צי שלעכטע, וועסטו זיך פאַרהיטן פון האַרץ־ווייטאָג און פון גייסטיקע קראַנקהייטן.

וויס און פאַרשטיי, אַז אַ גייסטיקע קראַנקהייט איז ערגער פון אַ קערפּערלעכע חולאת. וואָרעם ווען דער קערפּער ברעכט צוזאַמען, קאָן אים דער גייסט קומען צו הילף און פאַרלייכטערן דעם שמערץ דורך מוט און קוראַזש. אָבער אַז דער גייסט ווערט קראַנק, קאָן אים דער קערפּער מיט גאָרניט אַרויסהעלפן. און אַזוי זאָגט שלמה המלך ע״ה: נפש איש תכלכל כל מחליהו, ורוח נכאה מי ישאנה?

טרויער און אומעט ווערט דערפאַר אויך באַצייכנט מיט׳ן נאָמען עגמת־נפש, וואָס דייט אָן אויף אַ גייסטיקער חולאת. און היות קיין קראַנקהייט קאָן ניט געהיילט ווערן סיידן מען קאָן פריער באַשטימען די אורזאַכן וואָס האָבן געפירט צו דער קראַנקהייט, דאַריבער מוזן מיר אַנאַליזירן די אורזאַכן פון טרויער און אומעט, כדי מיר זאָלן קאָנען באַשטימען די בעסטע רפואה דערצו.

עגמת־נפש ווערט געוויינלעך פאַראורזאַכט דורך צוויי פיינלעכע אומשטענדן. אָדער מחמת דעם וואָס דער מענטש האָט עפּעס פאַרלוירן, אַזוינס וואָס איז אים טייער. אָדער דערפאַר וואָס דער מענטש זוכט און קאָן ניט געפינען דאָס וואָס איז אים ליב.

## אויסצוג פון טעקסט:

די וויכטיקסטע באַדערפענישן פון דעם מענטשן, אָן וועלכע ער קאָן זיך ניט באַגיין, ווי ברויט און קליידונג, קומען גראַדע ניט אָן מיט גאָר גרויסע שוועריקייטן. די גרעסטע אָנשטרייננגונגען פון מענטשן ווערן געברויכט אויף צו באַקומען זייטיקע זאַכן, באַקוועמ־לעכקייטן אָדער לוקסוסען צו געניסן פאַרגעניגנס, אויסצופיינען זיך אָדער גאָר גרויסהאַלטן זיך.

נעמט גוט אין באַטראַכט, אַז דאָס וואָס איז אַמערסטן נויט־ווענדיק פאַר דעם מענטשנס געברויך, דאָס איז פאַראַן אין דער נאַ־טור זייער אַ סך, און מען באַקומט דאָס אָדער אין גאַנצן פריי, אָדער שפּאָט ביליק.

דעם ערשטן און וויכטיקסטן שטאָף וואָס דער מענטש מוז האָבן אויפצוהאַלטן זיין לעבן איז לופט. זאָל דער מענטש ניט איינ־אָטעמען לופט פאַר אַ מינוט אָדער צוויי, און ער איז אויס. יעצט זע וויפל לופט איז פאַראַן אויף דער וועלט און ווי פריי דאָס איז פאַרן געברויך.

די צווייטע זאַך וואָס איז פון גרויס וויכטיקייט פאַרן מענ־טשנס קיום איז וואַסער, וואָס איז נאָך וויכטיקער ווי שפייז.

מיט וואַסער אַליין, אָן שום שפייז, קאָן דער מענטש זיך דורכלעבן אייניקע טעג און מער. יעצט זע וויפל וואַסער ס׳איז פאַראַן אויף דער ערד און ווי לייכט דאָס איז צו באַקומען.

און אַזוי איז אויך מיט שפייז. זע ווי פרייגיביק די ערד גיט אַרויס אַלערליי נאַראַפּטיקע שפייזן, און די בוימער — אַלערליי זיסע־פּרוכטן. הכלל וואָס וויכטיקער דער שטאָף איז פאַר דעם מענטשנ׳ס עקזיסטענץ, אַלס מער האָט אונז די נאַטור פאַרזאָרגט דערמיט, און אַלס לייכטער און ביליקער איז דאָס פאַרן מענטשן צו באַקומען.

אָבער אַלע זייטיקע זאַכן, וואָס מאַכן דעם מענטשן באַקוועמער און וואָס ברייגנען אים פאַרגעניגנס, וואָס זיינען ניט פון די גרויסע נויטווענדיקייט און וואָס היינגען אָפּ פון געוואוינהייטן, — אָט דאָס איז שוין ניט אַזוי לייכט צו באַקומען.

קוק זיך צו צו די פּויערים, אָדער די דאָרפס־לייט, וואָס עסן גראָבע עסנס און לעבן אין אָרימקייט און דחקות, וואָס קליידן זיך אין בגדים באַדעקט מיט לאַטעס, וואָס וואַשן זיך זעלטן און גע־ניסן ניט קיינע וועלטלעכע פאַרגעניגענס. זייערע הייזער זיינען אַלט און פאַרלאָזן און אינווייניק איז דאָרט מיסט און קויט. און דאָך פעלט זיי ניט, יענע דאָרפס־מענטשן, קיין זאַך. זיי זיינען דאָרט פּונקט אַזוי גליקלעך און צופרידן ווי די שטאָט־מענטשן וואָס האָבן פון אַלעם־גוטן און וואָס אַנטזאַגן זיך ניט קיינע פאַרגעניגנס.

אַ סך דאָרפס־מענטשן ווען ניט פאַרבייטן זייער פּראָסטן אָרט לעבן פאַר דאָס רייכע פאַרביקע לעבן פון די שטאָט־מענטשן.

און פאַרקערט, די וואָס זיינען געוואוינט געוואָרן צו די שטאָטישע וואוילטאָגן און פאַרגעניגנס, וואָלטן בעסער פאַרגעצויגן צו שטאַרבן איידער צו לעבן אין אַזיינע איינפאַכע און קאַלירלאָזע באַדינגונגען ווי אין דאָרף.

דאָס אַלץ באַווייזט אַז דאָס וואָס איינער האָט ליב און האָט פיינט איז ניט קיין נאַטירלעכע אייגנשאַפט, נאָר געוואוינהייטן וואָס מען קאָן אין זיך איינפלאַנצען אַנטוויקלען און פאַראַרטעווען.

און אַזוי דאַרפן מיר אין זיך איינפלאַנצען און ענטוויקלען אַזעלכע אייגנשאַפטן וואָס זאָלן אונז העלפן אָנהאַלטן אונזער גלייכ־געוויכט אין דער צייט פון בייזע באַגעגענישן און אומגליקן, אַזוי אויך אין דער צייט פון גליק און פרייד.

ווייל ס'איז גאָר ניטאָ אַזאַ זאַך ווי בלויז גליק און אַבסאָלוטע פרייד, אָדער בלויז אומגליק און אַבסאָלוטע פיין. אַלצידנג האַלט זיך אין בייטן. אַלץ קומט און פאַרגייט. לאָמיר דערפאַר זיין גוט צוגע־גרייט אויפצונעמען די פאַרשידענע אומשטענדן און לעבן מיט דער געהעריקער רוהיקייט און גלייכגעוויכט.

# ספר בר ששת

## געדרוקט אין 1559

פון רבי יצחק בן ששת בארפא, באַרימט אין דער רבנישער ליטעראַטור אונטער דעם נאָמען ריב״ש. גאון און אויטאָריטעט אין אידישער וויסנשאַפט, גייסטיקער פירער פון זיין דור, אנערקענט אַלס דער טאָן־געבער אין פסק'ענען שאלות און פאַרענטפערן אַלערליי אידישע פּראָבלעמען. (געבאָרן 1326, געשטאָרבן 1408).

ניט קוקנדיק אויף זיין גרויסער געלערזאַמקייט און קענטעניש אין אַלע צווייגן פון הלכה, האָט דער ריב״ש ניט געוואָלט אָננעמען קיין שום רבנישע שטעלע. אָבער נאָך דעם ווי ער האָט באַקומען דרינגענדע בקשות פון זיין געבורט־שטאָט, האָט ער איינגעוויליגט צו פאַרנעמען דאָרט דעם כסא־הרבנות, און אַזוי איז ער געוואָרן רב פון דער גרויסער אידישער קהלה פון סאַראַגאָסאַ, שפּאַניען.

נאָך די גרויסע אומרוהען און שחיטות אויף אידן אין 1391, וועלכע דער ריב״ש באַקלאָגט אין זיין עלעגיע „לשוד עירי", האָט ער איבערגע־וואַנדערט קיין אַלזשיר, דרום אַפריקע, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב.

דער רום פון זיין גרויסער פּערזענלעכקייט איז שפּעטער דערגאַנגען צום סולטאַן, פון וועמען ער איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער גייסטיגער פירער פון גאַנצן לאַנד.

דער נאָמען ריב״ש האָט אָפּגעקלונגען ברייט און ווייט אין אלע אידישע קהלות אין דער וועלט, און ער איז געוואָרן דער פירנדער גייסט פון זיין

דור. פון אלע עקן פון דער וועלט האָבן זיך געצויגן צו אים פערזענלעכע און שריפטלעכע אָנפראַגן וועגן אַלערליי רעליגיעזע און וועלטלעכע פּראָבלעמען. זיינע תשובות אויפ׳ן געביט פון אידישן געזעץ זיינען אנערקענט ביז היינטיקן


בר ששת

לאמתו והרשיע את הרשע והצדיק את הצדיק

נדפס על ידי הגאון מהר״ר יוסף אוטולינגו

טאָג אַלס ענטגילטיקע אנטשיידיגונגען און זיינען אריינגענומען געוואָרן אין אַלע קאָדעקסן (זאַמלונגען) פון וויכטיקע דינים און פוסקים.

זייענדיק גוט באַהאַוונט אויך אין אַלגעמיינע און פילאָזאָפישע וויסנ־שאַפטן, האָט דאָך דער ריב״ש געקעמפט קעגן לערנען פילאָזאָפיע און נאַטור־

וויסנשאַפטן, ווייל לויט זיין מיינונג, צעשטערט דאָס די יסודות פון דער תורה און גראָבט אונטער אירע וואָרצלען. אפילו אַזוינע גאוני התורה ווי דער רמב״ם און דער רלב״ג, דענקט ער, זיינען אַראָפּ פון וועג דורך די פילאָ־זאָפיעס פון אַריסטאָ און פלאַטאָ; און צייטנווייז זאָגן זיי אַרויס אַזוינע גע־דאַנקען וואָס שמעקן ממש מיט אַפּיקורסות.

דאָס בוך „ספר בר ששת" (וועמעס שער־בלאַט ווערט דאָ רעפּראָדו־צירט), ענטהאַלט 518 שאלות און תשובות אין אַלע צווייגן פון הלכה, קהל'שע אנגעלעגנהייטן, קעגנזייטיקע באַציאונגען, דערקלערונגען פון ביבלישע שטעלן, אויסטייטשונגען פון אגדות, רעליגיעז־פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען וועגן פרייען ווילן, וועגן שטודיום פון וויסנשאַפטן, וועגן רמב״ם, און נאָך, און נאָך.

די תשובות פון ריב״ש צייכענען זיך אויס מיט זייער גרויסער לענג. ווייל אין יעדער פראַגע גראָבט ער זיך אין דער טיפסטער טיפעניש, און זייענדיק אַ פלייסיקער שרייבער, גיט ער פולע פרייהייט צו זיין פעדער. דאָ ציינט ער אַרויס זיין גרויסע קענטעניש און געלערזאַמקייט. דאָ שפּיגלט זיך אָפּ אַ היפּש ביסל דער צושטאַנד פון די שוידערלעכע צייטן פון מיטל־אַלטער, דער קולטורעלער מצב פון די אידן אין אַלע לענדער, און הויפּטזעכלעך דער טרויעריקער צושטאַנד פון די אידן אין שפּאַניע און דרום־אַפריקע. דאָ גע־פינען זיך אַ סך מאַטעריאַלן וועגן די מאַראַנען וואָס האָבן זיך מגייר געווען און וועגן זייערע באַציאונגען צו אידן. אויך זיינען דאָ פאַרצייכנט פיל היס־טאָרישע פאַקטן וועגן די שפּאַנישע פליכטלינגע, וואָס האָבן זיך באַזעצט נאָכ'ן גירוש אין צפון אַפריקע.

אַ סך פון די שאלות און תשובות דערציילן וועגן זיינע פּערזענלעכע צרות און וואָגלעניש, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט און וועגן די פאַרפאָלגונגען וואָס ער האָט געליטן פון זיינע קעגנער.

### אויסצוג פון בוך „ספר בר ששת"

צו דער חשובער אידישער קהילה פון קונסטנטינה
(קאָנסטאַנטינאָפּאָל)

די ערד ציטערט; דער הימל דונערט; די בערג טרייסלען זיך; בלוט און פייער זידן און קאָכן; שוואַרצע רויך־וואָלקנס הויבן זיך; די זון איז פאַרדונקלט; די לבנה און שטערן — פאַרטאַיעט; די פרידנס מלאכים וויינען ביטערלעך; די הימלען שרייען אויס זייער צער; די מענטשן־קינדער בויגן אַראָפּ זייערע קעפּ איינגעהילט אין טרויער און אָנגעטאָן אין זעק; מאַמעס פלאַטערן ווי פויגל פאַר־וואונדעטע; טאַטעס און קינדער גייען מיט פּנים'ער פאַרשוואַרצטע; געשרייען פון אַנגסט שלוכצן פון די שפּיצן פון די בערג און פון דער

טיפעניש פון טאָלן; איבער אַלע גאַסן און סטעזשקעס טראָגן זיך אויסגעשרייען וואָס צעטרייסלען געביידעס און צעשמעטערן פעלזן. אַ גרויסע בהלה האָט אַרומגעכאַפּט אַלעס און אַלעמען.

און דאָס אַלץ, אַלץ איבער אַ פאַררעטער, א מסור, אַן עוכר ישראל וואָס האָט אָנגעצונדן אַ פייער פון קריג און אויפגעבלאָזן אַ פלאַם פון צאָרן אין דער גרויסער און חשובער אידישער קהלה פון דעם באַוואוסטן כרך קונסטנטינה.

אין דער דאָזיקער חשוב׳ער קהלה, וואָס פאַרנעמט דעם אויבן־אָן צווישן אַלע אידיש־אַראַבישע קהלות, איז אויפגעשטאַנען אַ באַטרי־גער און אַ צעשטערער, וואָס האָט פאַרפירט אַ שענדלעכן קריג און געבראַכט אַ מסירה אַנטקעגן דעם כלל ישראל, אַ פאַלשע מסירה וואָס איז דער געשפּרעך פון טאָג ביי אַלע איינוואוינער, אַלט־געזעסענע, דורכפאָרער און געסט.

אַזוי ווי אויף פליגלען טראָגן זיך ווערטער בייזע, ביטערע און גאַליקע, אָנגעפילט מיט גיפט און סם המות, און אויפגעבלאָזן, ווי האַרטע אָדערן, מיט האַס און גרימצאָרן.

אַ סך גרויסע אידישע קהלות האָבן דורכגעפירט אין געהיים אַ געמיינשאַפטלעכן באַשלוס, אַז איבעראַל, וואו עס וועט זיך באַווייזן אַ פאַררעטער, וואָס וויל שלעכטס טאָן אונזער פאָלק, און וואָס וועט דריי מאָל געכאַפּט ווערן אין מסירה, זאָל די קהלה אים מחרים זיין (אויסשליסן פון זיך), און אויסאיבן איר שטאַרקסטן איינפלוס צו אָפּרוימען אים, ווי עס שטייט געשריבן: ובערת את הרע מקרבך. און ס׳איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז שטעלן זאָל מען אַזאַ פאַררעטער צום משפּט פון קעניג בכבודו ובעצמו, וואָס פירט זיין מדינה מיט גערעכטיקייט און גנאָד, און מען זאָל זיך נאָר ניט ווענדן מיט גע־בעט צו די האַרן און גובערנאַטאָרן אין וועמעס הערצער עס הויערט באַטרוג און פאַרדאָרבנקייט, און וועלכע קוועלן גאָר אָן פון די אידי־שע מוסרים און גלויבן אַלע זייערע שקרים מער ווי הונדערט כשר׳ע עדות.

אַזוינע החלטות האָבן אויך אָנגענומען די אידישע קהלות פון די קריסטלעכע לענדער ווי אראגאן, קאַטאַלאָניע, סיציליע; און אַזאַ געהיימען אָפּמאַך האָט אויך אָנגענומען די חשוב׳ע קהלה פון דער גרויסער שטאָט קונסטנטינה. אויפ׳ן כתב האָבן זיך גע׳חתמ׳עט דרייסיק חשוב׳ע בעלי בתים, פאָרשטייער פון דער אידישער קהלה. און עס באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער כתב זאָל ניט געצייגט ווערן צו

קיינע הויכע באַאַמטע, און אפילו ניט צום אידישן נשיא. ווייל טאָמער וועט די זאַך אַנטדעקט ווערן, זאָל דער נשיא זיך קאָנען רעכטפערטיקן און זאָגן, אז ער האָט גאָרניט געוואוסט פון אַזאַ אָפּמאַך.

אַז די כונה פון דעם כתב איז כלל ניט געווען צום שלעכטן, קען מען זען דערפון, אַז שוין צוויי יאָר זיינען פאַראיבער זינט דער אָפּמאַך איז אָנגענומען געוואָרן און קיין שאָדן איז צו קיינעם ניט געטאָן געוואָרן.

נאָר מיטאמאָל האָט אין פעלד אַרויסגעשפּראָצט אַ דאָרן, און אַ גיפטיקע שלאַנג האָט צועפּנט איר מויל.

אַ מיטגליד פון דער קהלה מיט׳ן נאָמען אהרן, איינער פון די דרייסיק וואָס האָבן זיך גע׳חתמ׳עט אויפ׳ן כתב, האָט אויפגעהויבן זיין בייזע שטימע און אָנגעהויבן זידלען, לעסטערן און שעלטן אַלע אידישע פאָרשטייער, רבנים און דינים. פאַרפירט האָט ער אַ גרוי־סע קריגעריי און מחלוקת, און צובלאָזן אַ פלאַם פון האַס און צאָרן. מיט פאַלשקייט און באַטרוג האָט ער אויסגענאַרט דעם כתב פון דעם חשוב׳ען אַלטן מאַן, ווען מען האָט דאָס פאַרטרויט, און געבראַכט האָט דער מסור דעם כתב פאַר׳ן הויכן באַאַמטן, פאַר ווען ער האָט אויסגעטראַכט אַלערליי שקרים און בלבולים, דערציילנדיק, אַז דער ציל פונ׳ם כתב איז, צו פאַרפאַלגן און אָפּרוימען אים, דעם הויכן באַאַמטן, און מסר׳ן אים פארן קעניג. און ער, דער חשוב׳ער באַאַמטער, הגם אַ מענטש אַ גערעכטיקער, האָט אָנגענומען די רייד פון דעם מסור פאַר אמת. ווייל זעענדיק די חתימה זיינע, דעם מסור׳ס, אויפן כתב, האָט ער אים אָנגענומען אַלס אַ ווירקלעכן אידישן אויסגעוויילטן און זיך איינגעגלויבט אין אים.

און אויפן באַפעל פון דעם הויכן באַאַמטן זיינען אַלע עלטסטע און חשוב׳סטע פירער פון דער קהלה געשמידט געוואָרן אין קייטן און אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין געפענגעניש. און איצט ווערט גע־פאָדערט פון דער קהלה אַ גרויס פאַרמעגן אַלס אויסלייז געלט, מיט דער דראָהונג, אַז די געפאַנגענע וועלן, חלילה, אומגעבראַכט ווערן פון דער וועלט, אויב מען וועט ניט צושטעלן די געפאָדערטע געל־טער. און אַזוי זיינען שוין פאַראיבער דריי חדשים און די חשוב׳ע זקנים ליגן אין קייטן געשמידט אין קעלער פון געפענגעניש.

מיין בלוט קאָכט אין מיר, מיינעביינער שרייען אַרויס פון פּיין, איבער דעם גרויסן פאַרראַט, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן אין דער

חשוב׳ער קהלה פון קוסטנטינה, ווייל ווער קאָן דאָס זען אַזאַ באַטרוג און זיין הארץ זאָל ניט הארט ווערן פון צאָרן און פאַרדרוס?

קאָן איך זיך מער ניט איינהאַלטן און איך זאָג אייך אַזוי: די נידערטרעכטיקע שאַנדטאָט פון דעם דאָזיקן עוכר ישראל זאָגט עדות וואָס פאַר אַ פאַרדאָרבנקייט עס ליגט אין זיין הארצן. זאָלט איר אים מתרה זיין און וואָרנען, דעם מסור, אַז אויב ער וועט ניט פאַרריכטן זיין שוידערלעכע טאָט, און אויב ער וועט ניט איבעררייַדן מיט׳ן הויכן באַאַמטן צו באַפרייען די אומשולדיקע מענטשן, וועט איר זיך אַלע פאַראייניקן ווי איין מענטש און איר וועט אַרויסשטעלן זיין נאָמען צו שאַנד און צו שפּאָט לדורי דורות איבער אַלע שטעט און מדינות פון נאָנט און ווייט.

און איר זאָלט אַרויסציען די שווערד פון איר שייד און אָנציען דעם בויגן מיט דער פייל. שרעקט זיך ניט פאַר אַ שטאַרקן אָרעם און אַ בייזן מויל, ווייל אַ שטאַרקער אָרעם קאָן אָפּגעדאַרט ווערן און אַ בייזע מויל קאָן שטום ווערן. און אַז איר וועט אים דערקלערן מלחמה, וועט ער, דער מסור, בעטן פאַר שלום.

און דער וואָס שאַפט שלום אין זיינע הימלען, דער זאָל אונז געבן שלום אויף דער ערד, און אַלץ זאָל קומען בשלום אויף זיין פּלאַץ, דאָס איז דער וואונש פון מיר, וואָס שיקט זיין ברכה צו די אידישע פירער און פאַרוואַלטער פון דער גרויסער שטאָט קוסטנטינה, שלום צו דער גאַנצער הייליקער קהלה. גאָט זאָל אייך געבן שלום און אייך דערהויבן, ווי עס ווינשט אייך.

## מדרש תנחומא

(אָדער מדרש ילמדנו)

### געדרוקט אין 1563

געדרוקט, 1563, אין מאַנטוא (איטאַליע), דורך דעם קריסטלעכן דרוקער, יאכים רופינילו.

### אײנלײטונג

„מדרש" באַדייט אַן אייגנאַרטיקע זאַמלונג פון דערקלערונגען און פאַר־שונגען אויף תנ״ך פון גאַר אַ באַזונדער פאָרם און אינהאַלט. אויבן אויף קוקט דאָס אויס צו זיין אַ פירוש אויף תנ״ך, אָבער אין אמת׳ן איז דאָס גאַר אַ פאַר־גרעסערונג צום הייליקן טעקסט. דאָ ווערט צוגעגעבן צום תנ״ך אַ רייכער דער־ציילערישער מאַטעריאַל און דאָ ווערן אַנטדעקט אין די פסוקים אַלערליי פאַר־באָרגענע און באַהאַלטענע סימבאָלן און אַנדייטונגען. אַרום דעם ביבל־טעקסט

ווערט דאָ געשפּונען און געוועבט אַ רייכער און קונציקער געוועב פון פאַנ־טאַסטישע לעגענדן, מעשה׳לעך, משלים און מוסר רייד.

פון די גרויסע מאָנומענטאַלע מדרשים, וואָס ווערן פאַרערט און פאַר־הייליקט כמעט אַזוי ווי דער תלמוד, פאַרנעמען דעם וויכטיקסטן פּלאַץ דער מדרש רבה, וואָס איז דער גרעסטער, און דער מדרש תנחומא וואָס איז דער עלטסטער, פון אַלע מדרשים. דער מדרש תנחומא איז צונויפגעשטעלט גע־וואָרן נאָך פריער איידער דער תלמוד איז פאַרפאַרטיקט געוואָרן.

דער מִדרש תנחומא (וואָס רופט זיך אויך „מדרש ילמדנו״) איז געשריבן געוואָרן פון באַרימטן אגודיסט תנחומא בן אבא, וועלכער האָט געלעבט אין דעם פערטן יאָרהונדערט. כמעט יעדער איינציקער פּאַראַגראַף אין דעם דאָזיקן מדרש הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „ילמדנו רבנו״ (זאָל אונזער רבי אונז לערנען). אַזוי פלעגן זיך אַמאָל אָנפאַנגען אַלע פראַגן פון הלכה (געזעץ). גע־וויינלעך פלעגט דער רבי פאַרענטפערן און אַרומריידן אַן ענין פון געזעץ, און דערנאָך פלעגט ער אַריבערגיין צו אַ דערציילונג פון אַן אגדה (לעגענדע), כדי צוצוגעבן אַ טעם צו דער הלכה און מאַכן די זאַך צוציענד.

דער מדרש תנחומא איז אָנגעזאַפּט מער ווי אַלע אַנדערע מדרשים מיט אַלערליי וואונדער־מעשיות, צויבער־לעגענדן און אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע פאַ־סירונגען. די אַלע דערציילונגען ווערן דאָ געשילדערט מיט די שענסטע פאַרבן; זיי אָטעמען מיט לעבן און זיינען פול מיט פּאָעטישן רייץ. דאָ איז פאַראַן אַ ריזיקער מאַטעריאַל פון רייכער פאַנטאַזיע, שאַרפזין און חכמה. דער ריזן־גייסט. רשי, און זיין פירוש אויף דער תורה, ציטירט אַ סך דרושים און משלים פון מדרש תנחומא.

אין דעם משך פון לאַנגן אידישן גלות, אין די אַלטע שטאָק־פינסטערע עפּאָכן און גרויסע חורבנות און שטורעמס, בעת אונזער פאָלק פלעגט געוואָרפן ווערן אין טיפע אָפּגרונטן פון רשעות און אכזריות, פלעגן די שולן און בתי מדרשים זיין געפּאַקט מיט צוהערער, וועלכע פלעגן זיין דורשטיק צו הערן אַ וואָרט פון טרייסט און דערלייכטערונג. זייער בלוטנדיקע הערצער פלעגן גיריק אויפכאַפּן די דערקוויקנדיקע האַלב־פּאָעטישע ווערטער פון מדרש, די שיינע זאגן און לעגענדעס באַפּוצט מיט בליענדיקע האָפענונגען וואָס פלעגן דינען ווי קוואַלן פון באַגייסטערונג פאַר די דערשלאָגענע און פאַרלאָרענע.

און אַזוי פלעגן די שעפער און די דערקלערער פון די מדרשים ברענגען צוטראָגן דעם בעכער פון טרייסט צו די שמאַכטנדיקע ליפּן פון פאָלק. און אַזוי פלעגן זיי העלפן די קינדער פון וואָגל און צער צו טראָגן ווייטער און ווייטער דאָס גרויזאַמע לעבן, און ניט צו פאַרלירן דעם מוט אין די שווערע מאָמענטן פון יאוש און גרויל.

1

## אויסצוג

# אַ מעשה מיט אַ קצב

רבי שמעון האָט איין מאָל געבעטן פון די הערשאַפטן אין הימל אַז מען זאָל אים אָנצייגן זיין אָרט אין גן־עדן. האָט מען אים געצייגט אַז ער וועט דאָרט זיצן לעבן אַ קצב. האָט זיך רבי שמעון זייער געוואונדערט און זיך געטראַכט: מיין גאַנצן לעבן בין איך געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט תורה, און גע־פלייסט האָב איך זיך טאָן אַלע מצוות, און פאַר מיין גאַנצער מי וועל איך האָבן די זכיה צו זיצן אין גן־עדן לעבן אַ קצב!" און רבי שמעון האָט באַשלאָסן צו גיין זען דעם קצב אונזאויספרעגן אים וואָס פאַר אַ מענטש ער איז.

איז רבי שמעון געקומען צום מאַן, אַ געוועזענעם קצב, און ער האָט ביי אים געפרעגט מיט וואָס ער גיט זיך אָפּ. האָט אים יענער אַזוי געענטפערט:

„מיין גאַנצן לעבן בין איך געווען אַ קצב. אָבער שפּעטער האָב איך דאָס אויפגעגעבן. קיין תורה קאָן איך ניט לערנען. האָב איך אָנגעקליבן אַ ביסל געלט און איך טייל פליש אויף שבת צו די אָרימע לייט".

„איך בעט דיר", האָט רבי שמעון אים געפרעגט, „דערצייל מיר עפּעס פון נאָך אַ גוטע זאַך וואָס דו האָסט געטאָן אין דיין לעבן".

דער מאַן האָט אַ טראַכט געטאָן און געענטפערט

„איין מאָל האָט זיך מיט מיר געטראָפן אַזאַ פאַל איך בין געשטאַנען אין פּאָרט בעת אַ שיף איז אָנגעקומען פון ערגעץ אַ וויטן לאַנד. דער קאַפּיטאַן פון שיף האָט געזאָגט צו מיר:

„ווילסטו קויפן אַ טייערע זאַך וואָס איז ביי מיר באַהאַלטן דאָ אויף מיין שיף?" בעט איך אים ער זאָל מיר זאָגן וואָס דאָס איז פאַר אַ זאַך. ענטפערט ער מיר „איך וועל דיר ניט זאָגן ביז דו וועסט עס ביי מיר קויפן און באַצאָלן דאָס געלט. דער פּרייז איז צען טויזנט גאָלדענע רענדלעך. און ווען דו קויפסט עס ניט גלייך וועסטו עס ביי מיר מער קיינמאָל ניט קויפן". זאָג איך אים אַז איך וויל פריער זען די סחורה. זאָגט ער מיר אַז איצט וויל ער שוין 20 טויזנט גאָלדענע רענדלעך. בעט איך אים „צייג וואָס דאָס איז אַזוינס וואָס דו בעטסט פאַר דעם צוואַנציק טויזנט גאָלדענע רענדלעך". ענטפערט ער מיר: „איך וועל דאָס שוין איצט ניט אָפּגעבן פאַר ווייניקער ווי פערציק טויזנט".

ווען איך האָב געזען אַז ער העכערט אַזוי פיל דעם מקח, האָב איך זיך געטראַכט אַז דאָס מוז טאַקע זיין אַ וויכטיקע זאַך, און איך בין איינגעגאַנגען אויף דעם פּרייז. דער קאַפּיטאַן האָט דאַן געפאָדערט איך זאָל אים באַצאָלן פאָראויס, און איך האָב באַצאָלט. האָט ער אַרויסגעפירט פון דער שיף צוויי הונדערט אידישע נפשות, וואָס ער האָט געהאַלטן געפאַנגען, און ער האָט

צו מיר געזאָגט: „ווען דו וואָלסט זיי ניט אויסגעקויפט, וואָלט איך זיי אַלע אויסגע׳הרג׳עט און אַריינגעוואָרפן אין ים״.

האָב איך זיך דערפרייט וואָס עס איז מיר געלונגען צו ראַטעווען אידישע קינדער פון טויט. איך האָב זיי אַוועקגעפירט צו זיך אַ היים, זיי געגעבן עסן און טרינקען, זיי אַרומגעוואַשן, און אויסגעקליידט און אויסגעפוצט. נאָכדעם האָב איך אויסגעקליבן די וואָס זיינען געווען בחורים און מיידלעך. כ׳האָב זיי צעטיילט אין פּאָרלעך און מיט זייער צושטימונג זיי חתונה געמאַכט.

צווישן זיי איז געווען איינע זייער שיין מיידל. האָב איך אויף איר מער מיטלייד געהאַט ווי מיט אַלע אַנדערע און איך האָב זי געגעבן צו מיין זון פאַר אַ ווייב. מיין זון האָט זי מקדש געווען, צו דער חתונה־מאָלצייט האָב איך איינגעלאַדן די גאַנצע שטאָט. אַלי אידישע געפאַנגענע וואָס איך האָב אויסגעלייזט זיינען אויך געווען ביים מאָלצייט. האָב איך באַמערקט ווי איין בחור פון די געפאַנגענע זיצט און וויינט. האָב איך אים געפרעגט: „וואָס וויינסטו?״ האָט ער מיר ניט געוואָלט זאָגן. האָב איך אים אַריינגעפירט אין אַ צימער, און דאָרט האָט ער מיר דערציילט, אַז ער קען זיך שוין אַ לאַנגע צייט מיט יענער שיינער מיידל וועלכע איז איצט געוואָרן מיין זון׳ס ווייב, און אַז אין יענעם טאָג וואָס זיי זיינען געפאַנגען געוואָרן, האָט ער געזאָלט מיט איר חתונה האָבן״.

האָב איך אים געפרעגט: „אויב דו ווילסט זיך פון איר אָפּזאָגן, וועל איך דיר געבן אַ סך געלט״. האָט ער געענטפערט: „איך וואָלט בעסער גע־וואָלט האָבן מיין אויסדערוויילטע כלה, איידער דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער פון דער וועלט. אָבער וואָס קען איך טאָן, ווען זי איז שוין פאַרהייראַט צו דיין זון?״

„בין איך געגאַנגען צו מיין זון און אים דאָס איבערדערציילט. האָט מיין זון אָפּגעזאָגט דאָס מיידל און איך האָב זי חתונה געמאַכט מיט יענעם בחור. און איך האָב זיי געגעבן אַ סך מתנות. אָט דאָס איז אַלץ וואָס איך געדענק״.

האָט רבי שמעון געזאָגט: „געלויבט איז דער אויבערשטער וואָס האָט מיר צוגעטיילט דעם כבוד אַז איך זאָל זיצן לעבן דיר אין גן־עדן״.

## 2

## די קלוגע צוואה

אַמאָל איז געווען אַ רייכע סוחר, וועלכער האָט צוליב זיינע געשעפטן געמוזט אַוועקפאָרן זייער ווייט, אַריבער דעם ים. ער האָט איבערגעלאָזן אין דער היים, אין ארץ ישראל, אן איינציקן זון, וועלכער איז געזעסן און געלערנט תורה. אויפן וועג איז דער סוחר קראַנק געוואָרן, און ווען ער האָט געזען אַז

ער האָלט ביים שטאַרבן, האָט ער געמאַכט אַ צוואה און האָט איבערגעגעבן אַלע זיינע גיטער צו זיין קנעכט, וועלכער איז געווען מיט אים אין וועג. און צו זיין זון האָט ער געשריבן אַז ער זאָל זיך אויסקלייבן בלויז איין זאַך פון זיין גאַנצן רייכטום, וואָס ער האָט אָוועקגעשיינקט צו זיין קנעכט.

גלייך ווי דער סוחר איז געשטאָרבן, האָט דער קנעכט צוגענומען זיין האַר׳ס גאַנצן רייכטום, און דערמיט האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל. דאַן איז ער געקומען צו זיין האַר׳ס זון און צייגנדיק אים די צוואה, האָט ער אַזוי געזאָגט:

„דיין פאָטער איז געשטאָרבן און ער האָט מיר איבערגעשריבן זיין גאַנצן פאַרמעג, און דיר האָט ער דערלויבט אויסצוקלייבן בלויז איין זאַך פון דעם גאַנצן רייכטום".

האָט דאָס דעם זון זייער פאַרדראָסן. איז ער אַוועק צו זיין רבי׳ן און אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

האָט דער רבי געזאָגט צום יתום:

דיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער חכם, און ער האָט זיך מסתמא אַזוי געטראַכט: ווען דער קנעכט וועט דערזען אַז איך לאָז איבער מיין רייכטום צו מיין זון, וועט ער גלייך נעמען גנב׳ענען אַלץ וואָס ער קאָן און וועט צעטרענצלען מיין רייכטום. וועל איך בעסער דעם פאַרמעג כלומר׳שט אים אָוועקשענקען, כדי ער זאָל דאָס גוט אָפּהיטן. און צו מיין זון וועל איך שרייבן, אַז ער זאָל זיך אויסקלייבן בלויז איין זאַך פון גרויסן רייכטום, און די איין זאַך איז... פאַרשטייסט דאָך שוין וואָס דאָס מיינט: דיין טאַטנ׳ס קנעכט. ווייל אַז דער קנעכט וועט צו דיר געהערן, וועט אַלעס וואָס ער האָט באַקומען פון דיין פאָטער, אויך צו דיר געהערן.

אַז דער זון מיטן קנעכט זיינען געקומען צום בית־דין, האָט דער קנעכט אַרויסגענומען די צוואה און געצייגט, אַז אַלעס געהערט צו אים, אויסער איין זאַך, וועלכעס דער זון קאָן זיך אויסקלייבן. האָט דער זון געזאָגט: „רבותי, פון דעם גאַנצן פאַרמעגן וואָס מיין פאָטער האָט איבערגעלאָזן קלייב איך זיך אויס איין זאַך, און דאָס איז מיין פאָטער׳ס קנעכט."

דער בית־דין האָט גלייך איבערגעגעבן צום זון דעם קנעכט אַלס אייגנטום, צוזאַמען מיט דער גאַנצער ירושה, ווייל דער דין איז, אַז אַלץ וואָס דער קנעכט פאַרמאָגט, געהערט צו זיין האַר.

## 3

## כי טוב

אין דרום לאַנד איז געווען אַ מאַן וואָס האָט געהאַלטן אַן אכסניה בשותפות מיט אַ רויבער. ווען עס פלעגט פאַרפאָרן אַהין אַן אנגעזעענער גאַסט,

פלעגט דער בעל־אכסניה אויפוועקן דעם אורח פאַרטאָג און פלעגט צו אים זאָגן: „איך דאַרף גראַדע פאָרן אין דיין וועג. איז אויב דו ווערסט גלייך אַרויס־פאָרן, וועל איך דיך באַגלייטן". געוויינלעך פלעגט דער גאַסט מיט אים מיט־גיין. און אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט פלעגט דער רויבער באַפאַלן דעם אורח און אים באַרויבן. דערנאָך פלעגט דער רויבער מיטן בעל־אכסניה זיך צעטיילן מיטן רויב.

איינמאָל איז רבי מאיר פאַרפאָרן אין דער אכסניה און זיך דאָרט אָפּ־געשטעלט איבערנעכטיקן. אין מיטן נאַכט האָט דער בעל־אכסניה אויפגעוועקט רבי מאיר'ן און געזאָגט צו אים דעם געוויינלעכן שפּרוך: „איך דאַרף גראַדע פאָרן אין דיין וועג, איז אויב דו ווערסט גלייך אַרויספאָרן, וועל איך דיך באַ־גלייטן". רבי מאיר האָט אָבער גלייך באַשלאָסן ניט ארויסצופאָרן ביז עס וועט ווערן גוט ליכטיק, און ער האָט געענטפערט: „באַלד וועט מיין ברודער קומען און מיר וועלן גיין צוזאַמען".

„ווי רופט זיך דיין ברודער?" האָט דער בעל־אכסניה געפרעגט.

„זיין נאָמען איז „כי טוב", האָט רבי מאיר געענטפערט, טראַכטנדיק דערביי פון דעם פסוק: „וירא אלהים את האור כי טוב".

איז דער בעל־אכסניה אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און גערופן: „כי טוב! כי טוב! דיין ברודער וואַרט אויף דיר".

זעענדיק אַז קיינער רופט זיך ניט אָפּ, איז דער בעל אכסניה אַריין אין הויז און ער האָט געפרעגט רבי מאיר'ן:

„וואו געפינט זיך דיין ערגעץ דיין ברודער, כי טוב?"

„ער שטייט אין אין שול", האָט רבי מאיר געענטפערט, „מעגלעך אַז ער האָט זיך אביסל פאַרשלאָפן".

איז דער בעל אכסניה אַוועק צו דער שול, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים טויער און גערופן: „כי טוב!" אַזוי האָט ער גערופן אַ גאַנצע נאַכט, ביז עס איז געוואָרן טאָג.

פרימאָרגן איז רבי מאיר אויפגעשטאַנען און האָט צוגעגרייט זיין אייזל אַוועקצוגיין. דאָ איז צוריק געקומען דער בעל־אכסניה און געפרעגט: „וואו איז דיין ברודער „כי טוב"?

„ער איז שוין געקומען", האָט רבי מאיר געזאָגט, „אין פסוק שטייט: „וירא אלהים את האור כי טוב". דער טייטש דערפון איז: און גאָט האָט געזען דאָס ליכט פון טאָג אַז עס איז גוט. דאָס ליכט פון טאָג איז מיין ברודער, און מיט אים האָב איך קיין מורא ניט צו גיין אין וועג אַריין".

# ראש אמנה

(די הויפט־זאַך פון גלויבן)

## געדרוקט אין 1505

פון דון יצחק אברבנל, היסטאָרישע פערזענלעכקייט, גרויסער גע־
לערנטער, ביבל־דערקלערער און שטאַטסמאַן (געב. 1437—געש. 1508).

דאָס בוך „ראש אמנה" איז אברבנל׳ס וויכטיקסטע ווערק, געוויד־
מעט צו דער באַלויכטונג און דערקלערונג פון די דרייצן דאָגמאַס (עיקרים)
פון דעם רמב״ם. דער רייך־באַגאַבטער אַברבנל מיט זיין הייס־ליבנדער האַרץ
און טריישאַפט צום אידישן פאָלק באַמיט זיך דאָ, אין דעם ספר, „אונטערטראָגן
דעם בעכער פון טרייסט צו די שמאכטנדע ליפּן פון ליידנדן פאָלק" און פעסט־
צושטעלן די זיכערקייט פון משיח׳ס קומען, פון אַ לעבן נאָכן טויט און עולם
הבא. . .

די ערשטע זייט פון בוך (אויבן רעפּראָדוצירט) אַנטהאַלט אַ פאָרוואָרט
אין דעם פאָרם פון אַ פּאָעמע, פון דעם פאָרפאַסערס זון יהודה אברבנל.

דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן ביים לעבן פון אברבנל, אין יאָר 1505,
דורך די ברידער דוד און שמואל נחמיאש אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

### אויסצוג פון בוך „ראש אמנה":

אַזוי שטייט געשריבן: „גאָט האָט געוואָלט באַערן (מזכּה זיין)
די אידן, דעריבער האָט ער זיי געגעבן אַ גרויסע תורה מיט אַ
סך מצוות". צו וואָס איז די זאַך געגליכן? צו אַ חולה וואָס האָט
אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם חשק צו עסן. פאַרזאָגט דער דאָקטאָר
מען זאָל צוגרייטן פאַרן חולה אַלערליי עסנוואַרג כדי אויסגעפינען
כאָטש איינמאָל וואָס זאָל אים שמעקן גוט און פאַרבעסערן זיין
אַפּעטיט. אַזוי זיינען די מצוות פון דער תורה. דער אַלמעכטיקער
האָט אומישנע געגעבן צום פאָלק ישראל אַ גרויסע תורה מיט אַ
סך מצוות, כדי יעדער איינער זאָל האָבן אַ געלעגנהייט דורכצופירן
כאָטש אַ הונדערט־חלק דערפון מיט ערנסט און חשק און דער־
גרייכן גייסטיקע דערהויבנקייט און פאָלקאָמענהייט.

ס׳האָט איינער געפרעגט: ווי אַזוי קען איך באַקומען אַ חלק אין עולם
הבא, אַז עס זיינען פאַראַן אַזוי פיל גרויסע און שווערע געבאָטן צו דערפילן?

האָט מען אים געענטפערט: מיט דעם וואָס דו וועסט מקים זיין איין און איינ־ציקע מצוה פון דער תורה ביזטו שוין זוכה צו אַ חלק פון עולם הבא.

אין דעם ענין גייען זיך פאַנאַנדער צוויי גרויסע חכמים: ריש לקיש גלויבט, אַז צו לייטערן די נשמה און צו דערגרייכן אַ צושטאַנד פון פאָלקאָ־


שירים מעשה החכם הר' יהודה אברבנאל
בן השר המחבר על ספר ראש אמנה ׃

יסודות דת לבנות אל כתומה · אשר היתה אחי אובן אמסר ׃
הדר הדור ורב אומן חקרה · גביר יצחק אברבנאל אמסר ׃
והיכא מערוך ספר לספרת · ואין למוות אלי ירדן אמסר ׃
דרוש סיני דרוש יגר האלהים · ומה לך אל סביר הרמון אמנה ׃
אלה זה בן ועץ חיים כתבו · אמת פריו ועלהו אמסר ׃
והב מרמי ורמזי האמונה · עלות אבי קריא ראש אמנה ׃

מעניניט איז נויטיק צו מקיים זיין אַלע מצוות פון דער תורה. אָבער רבי שמעון זאָגט אַז די דערפילונג פון איין און איינציקער מצוה קען לייטערן די נשמה, קען פירן צו דערהויבונג און פאַרטיפונג, און וועט אויך ברענגען צו דער דורכפירונג פון נאָך אַנדערע מצוות.

# פירוש התורה

## געדרוקט אין 1579

אנטהאַלט 850 זייטן גרויסן פאָרמאַט, געדרוקט אין יאָר 1579 אין ווענעציע
דורך דעם קריסטלעכן דרוקער יאָהאַן בראָנאַדיני

דון יצחק אברבנאל איז געבאָרן געוואָרן אין ליסאַבאָן, פּאָרטוגאַל. אין פאַרשידענע צייטן האָט ער אַלס אויסגעצייכנטער פינאַנסיר, עקאָנאָמיסט און דיפּלאָמאַט פאַרנומען הויכע פּאָסטנס אין דריי פאַרשידענע מלוכות. צו אַלעם ערשטן איז ער געוואָרן פינאַנץ־מיניסטער אין דעם לאַנד פון זיין געבורט, פּאָרטוגאַל, וואו ער האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין רום און גלאַנץ. דער פּאָרטוגעזישער קעניג אַלפאָנזאָ האָט אים באַערט מיט דעם גרעסטן צוטרוי און דער טיפסטער פריינטשאַפט. אָבער ווען דער קעניג איז געשטאָרבן האָבן זיך אָנגעפאַנגען אינטריגעס אין קעניגלעכן הויף און אברבנאל איז אַנטלאָפן און זיך באַזעצט אין שפּאַניע.

דאָ איז ער ווידער געוואָרן מיניסטער און קרוב למלכות צו די הערשער פערדינאַנד און איזאַבעלא. אָבער באַלד איז פאָרגעקומען די גרויסע אידישע טראַגעדיע, גירוש שפּאַניע, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די נשמה פון דעם גרויסן אידן. אברבנאל האָט אויסגעוואַנדערט און זיך באַזעצט אין נעאַפּאַל, וואו ער איז ווידער גערופן געוואָרן פון דאָרטיקן קעניג און איז באַשטימט געוואָרן צום פּאָסטן פון פינאַנץ־מיניסטער. אָבער אויך דאָ האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן זיין רו און פרידן. אַן אַנדער קעניג האָט איינגענומען דאָס לאַנד, און אברבנאל צוזאַמען מיט זיין קעניג האָבן געמוזט אַנטלויפן און זיך באַזעצן אין סיציליען.

די אַלע הערשער האָבן פאַרשטאַנען ווי געהעריק אויסצונוצן די אַלזייטיקע ידיעות פון דעם גרויסן קענער אין פינאַנציעלע אַנגעלעגנהייטן.

אברבנאל איז געווען זייער טעטיק אין זיין לעבן אַלס שטאַטסמאַן. וועלטלעכער מענטש און ליטעראַט. זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען, וואָס פאַרנעמען פופצן בענדער, זיינען אָנגעזאַפּט מיט וויסנשאַפט, רעליגיעזער פילאָזאָפיע.

אין אַלע זיינע שאַפונגען צייגט אברבנאל אַרויס אַ קלאָרן, שאַרפן קאָפּ, און עס פילט זיך אין זיי דער שטאַטסמאַן, דער פילזייטיקער געלערנטער און גאונישע פערזענלעכקייט.

הויפטזעכלעך האָט זיך אַברבנאל אויסגעצייכנט מיט זיינע בריליאַנטע־נע דערקלערונגען אויף דער תורה און די נביאים. זיינע פירושים, וואָס זיינען זייער וואָגיק און באַשטייען פון טויזנטער זייטן, אַנטהאַלטן פילאָזאָפישע, טע־אָלאָגישע, עטישע און היסטאָרישע דערקלערונגען. יעדעס בוך הויבט זיך אָן

פירוש התו

מהחכם השלם דון יצחק אברבנאל ז"ל

בשנת השלם לבריאת עולם

ביי אברבנאל׳ן מיט אַ לאַנגער און באַלערנדער הקדמה, וואו ער צעגלידערט דעם אינהאַלט פון יעדער הייליקער שריפט, באַלייכט די כאַראַקטערן, די צייט און דעם פלאַץ, און אַנאַליזירט די פאָרם, דעם סטיל און דעם טעקסט. פילע

חדושים און נסים פון דער תורה דערקלערט ער אין אַ ראַציאָנאַלן, שכל׳דיקן וועג.

אברבנאל׳ס בליק אויפ׳ן לעבן איז עפּעס גאָר ניט דער בליק פון אַ דענקער פון 15־טן יאָרהונדערט, נאָר פון אַ וויטזעער אָדער פון אַ היינט־וועלטיקן באַאָבאַכטער, אַ בליק וואָס איז אָנגעמאָסטן אויף דער היינטיקער צייט.

אַזוי, צום ביישפּיל, דערקלערט ער דעם דור הפלגה, וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין סדרה נח, אויף אַזאַ אופן: די מענטשן האָבן זיך אָפּ־געקערט פון דעם רוהיקן דאָרפישן לעבן און זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם שטורמישן שטאָטישן לעבן, מיט די הויכע געביידעס, גרויסע געשעפטן און ברויזנדן טומל. אַזאַ לעבן רופט אַרויס פאַרשידן־אַרטיקייטן און צוזאַמענשטויסן פון אַלערליי מיינונגען און אינטערעסן. האָבן זיך אָנגעהויבן אָנטוויקלען פאַר־שידענע שפּראַכן און קריגערייען. און דאָס האָט פאַראורזאַכט די צעשפּליטע־רונג און צעשפּרייטונג פון מענטשן אויף דער ערד אין אַלערליי מְדינות און לשונות. אין דעם פּסוק „וירד ה׳ לראות את העיר ואת המגדל״ זעט אברבנאל די פאַרקעפּערונג פון דעם געדאַנק, אַז גאָט האָט פאַראויסגעזען די רעזול־טאַטן וואָס וועלן קומען נאָך דעם נייעם שטייגער פון לעבן.

זייער אַ כאַראַקטעריסטישע ציטאַטע, וואָס שיינט אַרויס ווי אַ ברילִיאַנט אין דער איצטיקער צייט פון באַרבאַרישע הערשער, איז די פאָלגנדע שטעלע אין זיין פּירוש אויף דער תורה:

### אויסצוג:

די קעניגלעכע מאַכט פון קסרים און זעלבסט־הערשער שטיצט זיך ניט אויף נוצלעכקייט און נויטווענדיקייט, נאָר אויף רויער קראַפט און ברוטאַליטעט. די מענטשן וואָס קריגנען זיך אַלס קע־ניגע, פירן זיך אויף עפּעס ווי גאָט האָט זיי אַוועקגעגעבן אַ געשאַנק די ערד מיט אַלע ברואים און רייכטימער. זיי גיבן דאָס איבער צו זייערע קינדער און קינדס־קינדער, פּונקט ווי מען גיט עמיצן איבער אַ שטיקל סחורה וואָס מען קויפט איין פאַר געלט.

ווי אַ קרעציקע מכה, וואָס גייט איבער בירושה פון פאָטער צום זון, אַזוי גייט איבער די מלוכה פון מלך צום בן־מלך. און אַזוי ציט זיך און שפּרייט זיך די מכה פון דור צו דור, ביז אַן אַנדער אויטאָקראַט שטייט אויף און פאַרכאַפּט פאַר זיך די מאַכט מיט׳ן שווערד, און גיט דאָס איבער צו זיינע קינדער און קינדס־קינדער...

וואָלט דען ניט גלייכער געווען, אַז הערשער זאָלן אָנגעשטעלט ווערן פּונקט ווי אַנדערע באַאַמטע, און זייערע כחות זאָלן זיין באַ־גרענעצט, און זייער מאַכט זאָל זיין צייטווייליק, און ווען עס ענ־

דיקט זיך זייער טערמין זאָלן נייע פירער דערווײלט ווערן און די נייע זאָלן אונטערזוכן די טאַטן פון די אַלטע, און אויב עס וועט אויסגעפונען ווערן, אַז די פריערדיקע הערשער האָבן מיסברויכט מיט זייער מאַכט, אָדער זיי האָבן פאַרנומען קהל׳שע געלדער, זאָלן זיי געהאַלטן ווערן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע טאַטן און זיי זאָלן באַצאָלן די פאַרכאַפּטע געלדער ?

און איז דען ניט זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַן אויטאָקראַט און אַליין־הערשער האָט מער מעגלעכקייט צו טאָן שלעכטס, צו באַ־גיין פאַרראַט און באַטרוג, איידער עטלעכע אויסערווײלטע פאַרוואַל־טער, וואָס הערשן מיט גלייכע דעות ? ווייל אויב איינער פון זיי גייט אויף אַ שלעכטן וועג, קאָנען די אַלטע אויגעווײלטע אים צונאָגלען צום שאַנד־קלאָץ.

אָבער צו וואָס זאָלן מיר זיך חקירה׳נען מיט׳ן שכל, אַז מיר קאָנען זיך צוקוקן צו לעבעדיקע פאַקטן און לערנען פון ערפאַרונג.

קוקט זיך צו און באַטראַכט יענע לענדער, וואו עס שאַלטן און וואַלטן קעניגע און זעלבסט־הערשער. זעט וואָס פאַר אַ שאַנד־טאַטן און געמיינקייטן דאָרט ווערן באַגאַנגען. ברוטאַלע מאַכט האָט דאָרט די אויבערהאַנט, און דאָס לאַנד איז פול מיט רויב און ווילקיר. יעצט באַטראַכט יענע לענדער וואָס ווערן געפירט דורך ריכטער און קאָנ־סולן, דערווײלט פון פאָלק. זעט וואָס פאַר אַ גאָט׳ס ברכה דאָרט איז. די מעסיקע געזעצן און יושר׳דיקע רעגולאַציעס, וואָס זיינען דאָרט אָנגענומען, ווערן דורכגעפירט מיט גוטסקייט און גערעכטיקייט. קיין מלחמה קאָן דאָרט ניט פאַרפירט ווערן אָן אַ פאַרוואָס און פאַרוועןּ. די איינוואוינער לעבן דאָרט אין רו און אין פרידן.

מסתמא האָט איר געהערט און איר ווייסט פון יענער גרויסער מדינה, וואָס איז אַמאָל געווען רייך און מעכטיק, וואָס האָט באַהערשט די וועלט און איינגענומען מדינות און איינגעפירט דאָרטן גוטע גע־זעצן. דאָס איז געווען בעת איר הערשאַפט איז געלעגן אין די הענט פון אויסערווײלטע קאָנסולן מיט אַ באַגרעניצטער מאַכט אין אַ באַ־שטימטער צייט. אָבער אַזוי גיך ווי די דאָרטיקע מאַכט איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ קעניג מיט אַ קרוין, אַזוי איז דאָס לאַנד אַרונטערגע־פאַלן צו אַ נידעריקער שטופן. אַצינד ליגט יענע מדינה אַ דער־שלאָגענע, אונטעריאָכט און באַהערשט פון אַנדערע.

איצט קוקט זיך צו און באַטראַכט די הערליך־שיינע לענדער ווע־נעציע און פלאָרענציע, וואָס האָבן ניט קיינע קיסרים און וואָס ווערן

פאַרוואַלטעט דורך אויסגעוויילטע באַאמטע. ניטאָ דאָ קיין נידער־טרעכטיקייט און קיין גרוילטאַט. קיינער הויבט ניט אויף זיין האַנט אויף'ן אַנדערן. זיי נעמען איין לענדער און שטעדט מיט קלוגשאַפט און פאַרשטאַנד.

און אויב ביי אַנדערע פעלקער איז ניטאָ קיין באַרעכטיקונג פאַר אַ קעניגלעכע הערשאַפט, האָט דאָס אודאי קיין עקזיסטענץ־באַרעכ־טיקונג ביי אונזער אידישן פאָלק. וואָס פאַר אַ צרות און לײדן מיר זיינען דאָ אויסגעשטאַנען פון די מלכי ישראל און מלכי יהודה, די טיראַנען און אומוויסנדע ברואים! זיי האָבן געהאַלטן אין איין אַראָפּ־פירן אונזער פאָלק פון וועג, און דורך זיי האָבן מיר פאַרלאָרן אונזער לאַנד און זעלבסטשטענדיקייט. פאַרקערט, זעט אָבער ווי אונזער פאָלק איז געפירט געוואָרן פון די שופטים און נביאים, וועלכע זיינען געווען אמת'ע, גערעכטע און גאָטספאַרכטיקע מענשן. עס איז ניט געווען קיין איינער פון די שופטים, וואָס האָט זיך אויפגעפירט אומ־ווירדיק. זעט ווי שעדלעך עס איז די הערשאַפט פון קעניגע, און ווי וואויל עס איז די פאַרוואַלטונג פון די שופטים.



אין אַ באַלערנדן בריוו (געדרוקט, 1574, אין אַ בוך־פאָרם) וואָס אברבנאל האָט געשריבן צו זיין תלמיד און פריינט, שאול הכהן. אין דעם לאַנגען בריוו, וואָס פאַרנעמט 52 געדרוקטע זייטן, דערקלערט אַברבנאל זיין שטעלונג צו דער פילאָזאָפיע פון רמב"ם, פון וועלכער ער איז געווען אַ באַגייסטערטער אַנהענגער. דאָ דערציילט אויך אברבנאל וועגן זיינע אייגענע שאפונגען און אַרבעטן, געבנדיק דערביי אַן אויספירלעכן צעטל פון אַלע זיינע גרויסע ווערק.

אַ געוויסע שטעלע אין דעם בריוו לעזט זיך ווי פאָלגט:

וויסן זאָלסטו, מיין טייערער פריינט, אַז די אַלע צאָלרייכע ווערק וואָס איך האָב געשאַפן אין מיין לעבן, האָב איך אויסגעפורעמט און פאַרפאַרטיקט נאָך דעם ווי איך בין פאַרטריבן געוואָרן פון דעם לאַנד פון מיין געבורט, ווייל דורך די אַלע פריערדיקע יאָרן וואָס איך האָב זיך געפונען אין די קעניגלעכע הויפן פאַרטרעטענדיק אַלערליי הויכע פאָסטענס בין איך געווען אַזוי פאַר־טאָן אין מלוכה אנגעלעגנהייטן אז איך האָב קיין צייט ניט געהאַט אַריין צוקוקן אין אַ ספר.

ערשט יעצט זע איך ווי איך האָב גע'פטר'ט מיינע טעג אויף נאַריש־קייטן. איך האָב דערוואָרבן אַ סך רייכטום און דערגרייכט גרויס כבוד, אָבער

דאָס רייכטום איז פאַרלאָרן געגאַנגען און דער כבוד איז פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט מיין פאָלק. נאָך דעם ווי איך בין געוואָרן נע ונד, בלאָנדזשענדיק פון איין קעניגרייך אין דער אַנדערער, פאַרזוכנדיק דעם טעם פון וואָגל און וואַנדער, האָב איך זיך ארייגעטראַכט און פאַרטיפט אין גאָט׳ס וואָרט. איך האָב זיך גענומען צו פאָרשן אונזערע הייליקע שריפטן און צו געבן אויסדרוק צו מיינע געדאַנקען אויפן געביט פון רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע און אידישער וויסנשאַפט.

אברבנאל פאַרענדיקט יענעם גרויסן און אינטערעסאַנטן בריוו מיט די פאָלגנדע ווערטער:

דאָס זיינען די רייד פון דעם מאַן וואָס האָט דורכגעלעבט דעם צער און צאָרן פון גרוש, די ביטערניש און פיין פון וואָגל און וואַנדער, וואָס איז צעווייטאָגט אויפן פאַרלוסט פון זיין געבורט־לאַנד און וואָס קען קיין רו און טרייסט ניט געפינען צו זיין צובראָכן האַרץ; אַ זון פון גאָטס פאָלק וואָס איז צוזיט און צושפּרייט געוואָרן נאָכן גלות ירושלים און גלות שפּאַניע. יצחק דער זון פון באַרימטן האַר, יהודה אברבנל.

דיין בקשה צו געבן דיר אַ צעטל פון די אַלע ביכער, וואָס איך האָב פאַרפאַסט האָט מיך געמאַכט פילן פאַרשעמט און וויַיל ערשט יעצט האָב איך דערזען ווי קליין און ניט וויכטיק זיינען געווען מיינע בייטראַגן צו דער בעסער פאַרשטענדיקונג פון אידישקייט.

פון די ספרים וואָס איך האָב פאַרפאַסט ביז יעצט, האָב איך זיך פאַר־שעמט דערזעענדיק ווי קליין און נישטיק די מלאכה איז וואָס איך האָב געטאָן פאַר אונזער פאָלק. אבער איך מוז דערפילן דיין וואונש און טאָן ווי דו האָסט מיר געבעטן.

דאָס ערשטע און וויכטיקסטע ווערק וואָס איך האָב געשאַפן איז דער פירוש אויף דער תורה וואָס איז זייער אַ גרויסע מלאכה און חשוב׳ער פון די טייערסטע פּערל, דאָס פאַרנעמט 12 פּעק פּאַפּיר און אַנטהאַלט מיינע בעסטע געדאַנקען און ידיעות. דערנאָך קומען מיינע פירושים אויף יהושע, שופטים און שמואל, אלע אין איין באַנד וואָס פאַרנעמט 5 פּעק פּאַפּיר. דאַן קומט מלאכים, זייער שיינע און זיסע באַטראַכטונגען אין א גרויסן באַנד. דאַן ישעיהו און ירמיהו אין איין באַנד, 6 פּעק פּאַפּיר, און דאַן יחזקאל און תרי עשר אין איין באַנד אויך 6 פּעק פּאַפּיר. דאָס זיינען די אַלע פירושים.

מיינע אייגענע ווערק אנטהאַלטן אַזוי: דער ספר „מעייני הישועה״ וועגן דניאל, וואָס אין מיינע אויגן קאָן דאָס גאָר ניט אָגעשאַצט ווערן. ספר משח״ע ישועה, וואָס טייטשט אויס אַלע נביאות וואָס קענען ניט אַנדערש אָנגעווענדט ווערן ווי בלויז אויף דער גאולה וואָס האָלט אין קומען.

ספר ישועת משיחו וואָס קלויבט צוזאַמען אַלע מאמרים פון גמרא און מדרשים וואָס אַנטשפּרעכן דאָס קומען פון משיח. אָט די דריי ספרים געזאַמעלט צוזאַמען אנטהאַלטן אַכט פעק פּאַפּיר. און די זאַמלונג האָב איך אָנגערופן מגדול ישועות.

אַ קליינע ווערק וואָס רופט זיך „עטרת זקנים״.

אין דריי ווערק וואָס זיינען געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל וואָס רופן זיך ראש אמנה, זבח פסח און נחלת אבות, רייד איך אַרום די באַשאַפונג פון דער וועלט און אויך די פילאָסאָפיע פון רמב״ם וואָס אַנטהאַלט זייער טיפע ענינים.

ספר מפעלות אלהים וואָס וואַרפט אָפּ די טענות פון אַריסטו און זיינע תלמידים אז די וועלט איז אַ קדמון און דאָרט האָב איך דערקלערט נאָך אַ סך ענינים פון דעם מורה נבוכים, וואָס קיינער האָט נאָך ביז יעצט ניט באַרירט.

דאָן קומט דער ספר צדק עולמים וואָס איך האָב געהאַלטן אין שאַפן זייענדיק אין נעאַפּאָל, אָבער דערנאָך זיינען אָנגעקומען די פראַנצויזן און האָבן צושטערט מיין הויז און פאַרניכטעט מיינע ספרים. און אזוי איז יענער מאַנוסקריפּט פאַרלאָרן געגאַנגען און יעצט האָב איך זיך ווידער גענומען צו דער גרויסער אַרבעט אויף אַ ברייטערן אופן. דער ספר אַנטהאַלט דריי חלקים.

# ספר היוחסין

## געדרוקט אין 1580

ספר היוחסין, (אַ בוך וועגן אָפּשטאַמונגען) פון אברהם בן שמואל זאקוטי, (זכותי), היסטאָריקער, מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָמער. (געבאָרן אין שפּאַניען אין 1450, געשטאָרבן אין טערקיי אין 1510).

אין זיין פריסטער יוגנט האָט זיך שוין זאַקוטי אויסגעצייכנט אַלס באַדייטנדער געלערנטער אין אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיקס. צו 20 יאָר איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע און היסטאָריאָגראַפיע אין דער גרעסטער שפּאַנישער אוניווערסיטעט אין דער שטאָט סאַראַגאָסאָ. צו 23 יאָר האָט ער אויף דעם פאַרלאַנג פון אָנגעזעענע קריסטלעכע געלערטע פאַרעפענטלעכט זיינען באַרימטע אַסטראָנאָמישע טאַבעלן, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרן אין דער לאַטיינישער און שפּאַנישער שפּראַך.

נאָכן שרעקלעכן גרוש שפּאַניע אין 1492, האָט זאַקוטי איבער־געוואַנדערט קיין פּאָרטוגאַל, וואו ער האָט גלייך פאַרנומען אין קעניגלעכן הויף אַ בכבודיקע שטעלע אַלס אַסטראָלאָג און אַרכיוו־היסטאָריקער.

קאָלומבוס, ווי אויך דער באַרימטער פאָרשער וואַסקא־דע־גאַמע האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס כבוד צום אידישן געלערנטן זאַקוטי. קאָלומבוס האָט זיך שטאַרק באַנוצט מיט זאַקוטי׳ס אַסטראָנאָמישע טאַבעלן בעת ער האָט אויסגעאַרבעט די ריכטונג פון זיין וועג איבער דעם ים אוקינוס. אין קאָלומ־בוסעס ביבליאָטעק האָט מען געפונען באַזונדער אָפּגעהיט די לאַטיינישע אויסגאַבן פון זאַקוטי׳ס ווערק.

אויך וואסקא־דע־גאמא, אידער ער האָט זיך אוועקגעלאָזן אויף זיין באַרימטער וועלט־רייזע, האָט ער זיך, באַראַטן מיטן אידישן געלערנטן און זיך העכסט פריינטלעך צוזעגנט מיט אים.

ווען אין פּאָרטוגאַל האָבן זיך אויך אָנגעפאַנגען די שרעקלעכע אידן־פאַרפאָלגונגען, האָט זאַקוטי אויסגעוואַנדערט און זיך באַזעצט אין טוניס, און דערנאָך אין טערקיי.

אין 1505 האָט זאַקוטי אָנגעשריבן זיין היסטאָריש באַרימטע ווערק „ספר היוחסין״, מיט וועלכן בוך ער האָט זיך קונה שם געווען צווישן אידן.

דאָס ווערק „ספר היוחסין״ איז אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע היסטאָ־רישע ידיעות און פאַקטן פון דער אידישער אַזוי אויך פון דער אַלגעמיינער געשיכטע, וואָס האָט אַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס. צו די וועלט־פּאַסירונגען זייט דער באַשאַפונג פון דער וועלט ביזן סוף פון דעם 15־טן יאָרהונדערט. דאָרטן ווערן רעגיסטרירט די נעמען פון די קעניגע און זייערע טאַטן, אַזוי אויך די נעמען פון די פויפסטן אין דער אָרדנונג פון זייער אויפקום.

דער ספר היוחסין איז אַן אויסגעצייכנטער צוגאָב צו דער אידישער היסטאָרישער ליטעראַטור, און האָט געדינט אַלס וויכטיקער קוואַל פון אינ־פאָרמאַציע פאַר דער פאַרשטענדיקונג פון אונזער פאַרגאַנגענהייט.

אויסער דעם „ספר היוחסין״ (וועמעס שער־בלאַט ווערט דאָ רעפּראָ־דוצירט) האָט זאַקוטי פאַרפאַסט נאָך איניקע ווערק איבער פאַרשידענע וויסנשאַפטן, אויך אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער אַראַמישער שפּראַך.

## אויסצוג:

## צוויי מאַמעס

(אַ מעשה ווי אַזוי אַ גויישע מוטער האָט דורך אַ קלוגן איינפאַל געראַטעוועט
אַ אידישע מוטער פון טויט)

אַ מאָל אַמאָל האָט אַ רוימישער קעניג אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל וואָס האָט פאַרבאָטן די אידן צו מל זיין זייערע קינדער. אונטער דער רוימישער הערשאַפט האָט דאַן געוואוינט רבי שמעון בן גמליאל, און צו אים איז געבאָרן געוואָרן אַ זון, וועלכער האָט זיך מיט יאָרן שפּעטער פאַראייביקט ביים אידישן פאָלק מיטן נאָמען רבי יהודה הנשיא. האָט רבי שמעון בן גמליאל געזאָגט: „דער געבאָט פון מילה, מיט וועלכן אברהם אבינו האָט זיך געאידישט, איז דאָך איינער פון אונזערע וויכטיקסטע און הייליקסטע געבאָטן. זאָל איך עובר זיין אויף גאָטס באַפעל און אויספאָלגן דעם באַפעל פון אַ זינדיקן הערשער? ניין, איך וועל אויספאָלגן גאָטס געבאָט אפילו ווען איך זאָל באַדאַרפן דערפאַר מיט מיין לעבן באַצאָלן".

אין יענער שטאָט האָט זיך געפונען אַ באַאַמטער וועמען דער קעניג האָט באַאויפטראַגט אויפצופּאַסן, אַז אויב אַ איד וועט מל זיין זיינס אַ קינד, זאָל דער פאָטער מיטן קינד געבראַכט ווערן פאַרן קעניג און מיטן טויט באַשטראָפט ווערן. און אַז דער באַאַמטער האָט זיך דערוואוסט אַז ביי שמעון בן גמליאל איז אַ זון געבאָרן געוואָרן און דאָס קינד איז געאידישט געוואָרן, האָט ער געשיקט רופן דעם פאָטער צו זיך און ער האָט צו אים געזאָגט:

ווי האָסטו געוואַגט, דו איד, צו ווידערשפּעניקן דעם מעכטיקן קעניג פון רוים און ניט אויסצופאָלגן זיין באַפעל?

האָט רבי שמעון דערויף געענטפערט: איז דען ניט וויכטיקער אויסצופאָלגן אַ געזעץ פון אַלמעכטיקן גאָט איידער אויסצופאָלגן אַ געזעץ פון אַ בשר ודם?

האָט דער באַאַמטער געזאָגט צו רבי שמעון'ען: דיין גאָטספאַרכטיקייט איז צו באַוואונדערן, און ניט אומזיסט ביזטו אַזוי געאַכטעט פון דיין פאָלק. איך וואָלט גערן מיט דיר געהאַט איינזעעניש, אָבער מיינע פליכטן קומען צוערשט. דיין פאַרברעכן איז גרויס, און איך קען זיך ניט דערלויבן צו באַטריגן דעם קעניג און שטעלן מיין לעבן אין געפאַר.

און רבי שמעון בן גמליאל איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צו מעלדן זיך צום קעניג און ברענגען מיט זיך דאָס קינד כדי צו באַקומען די באַשטימטע שטראָף. נאָר אַזוי ווי אַ זויג־קינד נעמט מען ניט אַוועק פון מוטער'ס

ברוסט, האָט דער באַאַמטער באַפוילן אַז אנשטאט דעם פאָטער זאָל די מו־טער מיטן קינד קומען צום קעניג אויסהערן זייער אורטייל.

און אַזוי האָט די מוטער האַלטנדיק דאָס קינד אויפן שויס, זיך אַוועקגעלאָזן צופוס אין וויטן רוים צום קעניג׳ס פּאַלאַץ.

אויפן לאַנגען וועג איז די מוטער פאַרבייגעגאַנגען א גויאישע קרעטשמע און זי האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע אויסרוהען אירע מידע פיס. האָט זיך אַזוי געטראָפן אַז די ווירטן פון דער קרעטשמע האָט אויך ערשט געבאָרן אַ זון, וועלכן זי האָט אַ נאָמען געגעבן „אַנטאָניוס, דער זון פון סעווערוס״. האָט די מוטער פון אַנטאָניוס פריינדלעך אויפגענומען די אַריינגעקומענע אי־דישע פרוי מיטן זויג־קינד אויף די הענט. דערזעענדיק דעם שוואַכן צו־שטאַנד פון איר גאַסט און איר פאַרוואָלקנטן פּנים, איז איר האַרץ אָנגע־פילט געוואָרן מיט רחמנות. זי האָט דערלאַנגט איר גאַסט עפּעס צו עסן און זיך געמיטלעך נאָכגעפרעגט:

„ווער ביזטו מיין גוטע פרוי? פון וואַנען קומסטו און וואוהין גייסטו?״

האָט רבי שמעון׳ס פרוי געעפנט איר האַרץ פאַר דער ווירטן און זי האָט איר דערציילט:

„איך האָב געבאָרן אַ זון און מיר האָבן דאָס קינד געאידישט לויט אונזער דין. אָבער דאָס איז קעגן די געזעצן פון לאַנד. בין איך דעריבער אויפגעפאָדערט געוואָרן קומען צום קעניג און זיך שטעלן צום משפּט. די שטראָף איז גרויס. אונז דערוואַרטעט א גרויזאַמער טויט״.

האָט זיך אַ גוטער געדאַנק אַנטפּלעקט צו דער מוטער פון אַנטאָניוס און זי האָט אַזוי געזאָגט צו דער אידישער פרוי:

„לאָמיר זיך ציטווייליק טוישן מיט אונזערע קינדער. מיין קינד זייענ־דיק ניט גע׳מל׳ט וועט דיך ראַטעווען פון יעדער שטראָף. איך געטרוי דיר מיין קינד און דו געטרוי מיר דיינס. און ווען דו וועסט בשלום קומען צוריק וועלן מיר זיך אָפּבייטן, און יעדע איינע פון אונז וועט צוריק באַקומען איר אייגן קינד״.

דער פּנים פון דער אידישער פרוי האָט אויפגעשיינט פון פרייד, און זי האָט מיט דאַנקבאַרקייט אָנגענומען דעם קלוגן פאָרשלאָג פון דער גוטער פרוי.

זי האָט פאַרגעזעגנט איר וועג און איז געקומען צום קעניג מיטן פרעמדן קינד אויף אירע הענט.

דער באַאַמטער, וועלכער האָט שוין אָפּגעוואַרט די פרוי, האָט זיך גלייך געמאָלדן צום קעניג און אים איבערגעגעבן דאָס ער האָט פאַר אים געבראַכט

אַ אידישע מוטער צו ווערן גע׳משפט פאַרן גרויסן פאַרברעכן פון מל זיין איר קינד. „די אידן פאַרברעכן דאָך אימער אַנטקעגן די געזעצן פון לאַנד, וואו זיי געפינען זיך״, — אַזוי האָט דער באַאַמטער געפלייסט זיך אַרויסצייגן טרייהייט צו זיין הערשער.

„איז דאָס אמת אין וואָס דו ווערסט באַשולדיגט?״ האָט דער קעניג זיך געבייזערט אויף דער אידישער פרוי.

די פרוי, מיטן קינד אויף די הענט איז דעם קעניג געפאַלן צו די פיס.

„גנעדיקער הערשער״, — האָט זי געזאָגט — „אויף מיר איז אויסגע־טראַכט געוואָרן אַ געמיינער בלבול. איך, דיין אונטערטאַן, האָב אימער דיי־נע געזעצן אויסגעפאָלגט און אָפּגעהיט. דאָס קינד אויף מיינע הענט איז ניט גע׳מל׳ט!״

באַלד האָט מען דאָס קינד פון די וויקעלעך באַפרייט. דער קעניג, דער באַאַמטער און אַלע ארומיקע פערזאָנען האָבן זיך אַרומגעקוקט. דאָס קינד איז געווען אַן ערל.

„ווי וואַגסטו קומען צו מיר מיט פאַלשע באַשולדיקונגען?״ — האָט דער קעניג געדונערט אויף זיין באַאַמטן.

„איך קאָן גאָר ניט באַגרייפן ווי דאָס איז פאָרגעקומען״, האָט דער באַאַמטער געפּרובט זיך צו פאַרטיידיקן. איך וואָלט שווערן אַז דאָס קינד האָט מען יאָ באַשניטן. נישט אַנדערש, אַז דאָס איז זייער גאָט וואָס קאָן אויפ־טאָן אַזוינע שטוינענדע וואונדער״.

און דער קעניג האָט געזאָגט: „אויב זייער גאָט טוט אויף אַזוינע וואונדער, דאַן וואָס פאַר אַ מאַכט קאָנען האָבן מיינע געזעצן אַנטקעגן זיינע געבאָטן?״

דער קעניג האָט גלייך צוריקגערופן זיין גזירה אַנטקעגן דעם דין פון מילה. און די באַשולדיקטע מוטער איז באַפרייט געוואָרן.

אַ גליקלעכע האָט זיך די פרוי מיט׳ן קינד צוריקגעקערט צו דער קרעטשמע. און זי האָט געפונען איר אייגן קינד געזונט און שטאַרק אין די הענט פון דער צווייטער גוטער פרוי.ביידע מאַמעס האָבן זיך אַרומגענומען און געוויינט פאַר פרייד.

די ווירטן פון דער קרעטשמע האָט געזאָגט: דערפאַר וואָס דורך מיר איז געשען אַזאַ נס צו דיר, איז לאָמיר אָפּמאַכן צווישן אונז, אַז ווען די קינ־דער וועלן אויסוואַקסן, זאָלן זיי זייער גאַנץ לעבן פאַרבלייבן גוטע פריינט איי־נער צום צווייטן.

אוןביידע קינדער זיינען אויסגעוואַקסן און געוואָרן גרויסע פּער־זענלעכקייטן. איינער איז געוואָרן דער באַרימטער תנא רבי יהודה הנשיא, באַוואוסט אויך מיט די נעמען „רבי יהודה הנשיא" און „דער פּרינץ פון יהודה".

דער אַנדערער, אַנטאָניוס, האָט אויך דערגרייכט די העכסטע שטופּע פון רוים און אַכטונג, פאַרנעמענדיק שפּעטער דעם שטול פון רוימישן קע־ניג וועלכער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַרן אידישן פאָלק.

און ביידע זיינען פאַרבליבן נאָנטע פריינט זייער גאַנץ לעבן ווי עס האָבן געהאָט געוואונטשן זייערע ביידע מאַמעס.

זאָל אונז גאָט בענטשן אַז מיר זאָלן אויך געפינען לייטזעליקייט אין די אויגן פון אונזער גויאישע שכנים און מיר זאָלן, לעבן בשלום און פריינטלעך מיט אַלע אונזערע מיט־מענטשן.

# ספר החסידים

(פון רבי יהודה החסיד)

## געדרוקט אין 1581

רעליגיעזער פּאָעט, לעגענדאַרע פּערזענלעכקייט, און לייכט־טורם פון אידישער מיסטיק. ער האָט געשטאַמט פון אַ חשובער רבנישער פאַמיליע פון מיינץ, דייטשלאַנד, געלעבט אי דעם צוועלפטן יאָרהונדערט, און ער האָט געגרינדעט זיין באַרימטע ישיבה אין רעגענסבורג אין יאָר 1195.

געדרוקט, 1581, אין באַזיל, דורך דעם קריסטלעכן דרוקער, אמברוסיאו פרוביניאו. אַנטהאַלט 222 זייטן.

רבי יהודה החסיד האָט פאַרפאַסט פאַרשידענע טעאָלאָגיש־מיסטישע ספרים, וואָס זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. פון אַלע זיינע ווערק איז פאַרבליבן נאָר דער „ספר חסידים" און דער פאָפּולערער שיינער שיר „אנעים זמירות" וואָס ווערט געזאָגט שבת און יום טוב צום סוף דאַווענען און וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ רבי יהודה החסיד'ס רעליגיעז־פילאָזאָפישע וועלט אַנשויאונג.

לויט די באַהויפּטונגען פון אידישע פאָרשער און היסטאָריקער איז דער ספר חסידים ניט דורך און דורך די שאַפונג פון רבי יהודה החסיד אַליין, נאָר עס האָבן אויך אַנטייל גענומען דערין זיין פאָטער, דער באַרימטער רב און געלערנטער רבי שלמה בן קלונימוס, און זיין תלמיד, ר' אליעזר פון וואָרמס.

דער ספר חסידים איז דער וויכטיקסטער און פאָפּולערסטער מוסר ספר פון דער מיטלאַלטערלעכער עפּאָכע וואָס האָט זוכה געווען פאַרשפּרייט צו ווערן בכל תפוצות ישראל. דאָס ווערק וואָס באַשטייט פון גאָר אַ באַזונדערער

קאָנסטרוקציע פון סטיל און שפּראַך, און פון אַ באַזונדער פאָרם און אינהאַלט, איז געווען און ווערט אויך היינט צו טאָג פאַררעכנט אין דער אידישער רעלי־גיעזער וועלט ווי דער באַליבטסטער און מאָנומענטאַלסטער לערן־בוך פון תורה און דרך ארץ.


ספר החסידים

לעם ה' השרידים· לסגולי הדור היחידים· המהלכים
האלה בין העומדים· מתוקן בפשטים נעימים
ונכבדים· עם מוסרי דרכים טובים
ולמודים· לתלמידים·

חברו אבוראש לכל החסידים· הקדוש רבינו יהודה החסיד זלה"ה:

הועתק מספר ישן נושן מוגה ומזוקק שבעתים: וכגלל
הדבר הזה ישן מפני חדש תוציאו: וכלי זה
אל בית האוצר תביאו:

נדפס בעיר בסיליאה הגדולה

ירום הודה ותנשא מלכותה

במצות השר אמברוסיאו פרוביניאו יצו וכו':

ותשלם כל המלאכה בחדש כסלו שנת שח"ל פ"אין זה כי אם בית אלהים
וזה שער השמים:

דער ספר חסידים איז אַ פּראַקטישער וועג־ווייזער אין לעבן. דאָרט זיינען ניטאָ קיין טעאָריעס און חקירות וועגן רעליגיע (ווי אין חובת הלבבות אָדער אין מנורת המאור), נאָר דאָ ווערן פעסטגעשטעלט די פּאַסנדע און ריכטיקע באַ־

ציאונגען וואָס דאַרפן הערשן צווישן מענטש און גאָט, צווישן מענטש און מענטש, און צווישן איד און גוי. דאָ ווערט געלערנט ווי דער מענטש זאָל זיך אויפירן אין זיין געשעפט, אין זיין הויז, אין זיין פּאַרהייראַטן לעבן, אין זיין דערציען קינדער, אין זיין דאַווענען און לערנען און אין אַלע זיינע פּערזענלעכע אָנגעלעגנהייטן. ניט אומזיסט האָט אַ גרויסער געלערנטער באַמערקט, אַז דער גאַנצער בוך איז נאָר אַ גרויסער פּירוש צום געבאָט: „ואהבת לרעך כמוך״.

די תקופה אין וועלכער דער ספר חסידים איז באַשאַפן געוואָרן איז געווען איינגעטונקט אין בלוט, רויב און רציחה. דאָס איז געווען די עפּאָכע פון די קרייצצוגן, פון די בלוט־דורשטיקע מעשים פון אַ ווילדן צערייצטן המון.

אין יענער פינצטערער צייט, ווען יעדער איד האָט געדאַרפט זיין גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאַר זיין אמונה, האָט דער ספר חסידים זיך געפּלייסט וואָס שטאַרקער צו וועקן אין די הערצער פון פאָלק דאָס התלהבות, דעם מיס־טישן עקסטאַז פון מסירות נפש און קדוש השם.

דער ספר חסידים האָט אין זיך איינגעזאַפּט ווי אַ שוואָם די האָפענונגען און אָנשויאונגען, דעם גלויבן און אַבערגלויבן פון די ברייטע שיכטן פון פאָלק, און אַ דאַנק דעם איז אָט דער מוסר־ספר געוואָרן איינער פון די וויכטיקע קוואַלן פאַרן אידישן פאָלקלאָר אין מיטלאַלטער.

וועגן אַלע רציחות און רדיפות וואָס אידן האָבן געהאַט אויסצושטיין רעדציילט דער ספר חסידים אין אַ גאַנץ רואיקן, ריין־עפּישן טאָן; נאָר ווען דאָרט דערציילט זיך פון אַ רציחה וואָס איז צונויפגעקנאַטן מיט פאַלשקייט און נידערטרעכטיקייט, רייסט זיך דורך דאָס געפיל פון צאָרן און אַנטריסטונג.

דער ספר חסידים שפּיגלט אָפּ זייער געטריי דאָס אידישע לעבן פון דעם פראַנצויזיש־דייטשן אידנטום דורך דעם 12־טן און 13־טן יאָרהונדערט. מיט די הויכע עטישע לערעס וואָס ווערן דאָ געפּרעדיקט, ווערן אויך צו־זאַמענגעמישט שיינע פאָלקסטימלעכע לעגענדעס און נאַאיווע פאַנטאַסטישע מעשיות. דאָ ווערן אויך פאַרצייכנט אַ סך מיטלאַלטערלעכע אַבערגלויבנס און קינדישע זאַבאַבאָנעס, וואָס האָבן צו זיך גאָר קיין גלייכן ניט אין דער אידישער ליטעראַטור.

דער מאַטעריאַל פון בוך ווערט צעטיילט אויף 1,178 סימנים אָדער פּאַראַגראַפן.

## לעגענדעס וועגן רבי יהודה החסיד

### 1

### רבי יהודה החסיד׳ס שטעקן צעבליט זיך מיט גרינע בלעטער

א משומד איז געקומען צו רבי יהודה החסיד תשובה טאָן אויף זיינע זינד. גראָד דאַן האָט רבי יהודה געהאַלטן אין די הענט אַ שטעקן, מיט וועלכן ער פלעגט זיך באַשיצן ווען אין וועג. זאָגט ער צום זינדיקן: „אַט ווען דער שטעקן וועט זיך צעבליען מיט גרינע בלעטער, דעמאָלט וועט אַזאַ משומד ווי דו קאָנען תשובה טאָן״. — און דערמיט האָט ער דעם משומד פאַרטריבן פון זיך.

מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט זיך געטראָפן אַ נס. דער שטעקן אין רבי יהודה׳ס הענט האָט זיך צעבליט און אַרויסגעגעבן פון זיך גרינע בלעטער.

האָט רבי יהודה גלייך דערזען זיין טעות און ער האָט פאַרשטאַנען אַז ווי גרויס דעם מענטשנס עבירות זאָלן ניט זיין, קאָן ער נאָך אַלץ תשובה טאָן.

רבי יהודה האָט גלייך געשיקט רופן דעם משומד צו זיך און ביי אים גע־פרעגט:

— זאָג מיר, זון מיינער, האָסטו ווען ניט איז אויפגעטאָן עפּעס אַ גוטע זאַך אין דיין לעבן?

— איך געדענק ניט, — האָט דער משומד געענטפערט.

ער האָט געטראַכט און געטראַכט און זיך אין עפּעס דערמאַנט. דאַן האָט ער דערציילט:

„איך האָב זיך אַמאָל געהאַט אָפּגעשטעלט אין אַ שטאָט וואו עס האָט זיך געפונען אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג. אין יענע טעג האָבן די אידן דאָרט דורכגעלעבט גרויס שרעק: מען האָט אויף זיי געמאַכט אַ בלוט־בלבול און מען האָט זיי געהאַלטן אין משפט׳ן. גליקלעכערוויז האָט מען מיך צום משפט גערופן, ווייל איך בין געווען באַקאַנט אַלס פאַכמאַן אין אידישע געזעצן, בין איך אַרויס מיטן אמת. איך האָב זיי דערציילט ווי ווייט די אידן זיינען פון פאַרגיסן בלוט, און איך האָב זיי פאַרגעוואָרפן, אַז זיי מאַכן זיך לעכערלעך מיט אַזאַ באַשולדיגונג. בלוט־פאַרגיסונג, — האָב איך זיי אויפגעוויזן, — איז קעגן דער אידישער נאַטור, קעגן די אידישע געזעצן, אַזוי אויך קעגן אידישן גלויבן.

„שטיצנדיק זיך אויף מיינע רייד, האָט מען גלייך צונישט געמאַכט די באַשולדיקונג, און די אידישע באַפעלקערונג האָט פריי אָפּגעאָטעמט״.

פאַר יהודה החסיד איז דאַן קלאָר געוואָרן פאַרוואָס דער שטעקן אין זיין האַנט האָט זיך אַזוי שיין צעבליט.

2

## ווי אַזוי אידן פון רעגענסבורג זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון אַ בלוט־בלבול

אָט וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן אין דער שטאָט רעגענסבורג, אויף אַ אידישער גאַס, אין אַ אידישער שטוב.

אַ איד האָט געדונגען צוויי גוישע אַרבעטער צו פאַריכטן עפּעס ביי אים אין הויז. בּאַ דער אַרבעט האָבן די אַרבעטער באַמערקט אין הויז אַ קאַמער, אָנגעפילט מיט גאָלדענע און זילבערנע כלים. האָבן זיי זיך צוזאַמענגערעדט און אָפּגעמאַכט צו קומען אַהער אין אַ געוויסן טאָג, אויפברעכן דעם קאַמער און רויבן וואָס דאָרט איז פאַראַן.

און איין מאָל אין אַ יום־טוב, ווען דאָס גאַנצע אידישע הויז־געזינט איז געווען אין שול און דאָרט מתפלל געווען, האָבן זיך די גנבים אַריינגעבראָכן אין הויז. זיי האָבן די טיר פון קאַמער אויפגעריסן, און אין די זעק, וועלכע זיי האָבן מיט זיך געבראַכט, האָבן זיי אָנגעהויבן די טייערע זאַכן איינפּאַקן.

ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביים סוף, איז איינעם פון די גנבים איינגעפאַלן אַ געדאַנק: צו וואָס טויג אים אַ שותף צום רויב? און באַלד האָט ער טאַקע דעם צווייטן אַרבעטער דערלאַנגט מיט אַ האַק איבערן קאָפּ און זיך אַליין אָפּגעטראָגן מיטן רויב.

ווען דאָס הויז־געזינט האָט זיך פון שול אומגעקערט, האָבן זיי דערזען דעם חורבן אין הויז. אָבער דאָס ערגסטע איז געקומען שפּעטער, ווען דער בעל הבית האָט זיך דערנעענטערט צום קאַמער, וואו זיין פאַרמעגן איז געווען באַהאַלטן; דאָרט האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אַ שוידערלעכע סצענע: די טיר איז געווען אויפגעריסן, דער קאַמער איז געווען אויסגעליידיקט און אויפן שוועל איז געלעגן אַ טויטער קריסט, איינער פון די וואָס ער האָט געדונגען צו דער אַרבעט.

דער איד האָט זיך זייער דערשראָקן. די ערשטע זאַך וואָס איז אים אויפן זינען געקומען איז געווען: ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פונם טויטן קערפּער.

מיט ציטערדיקע הענט האָט ער דעם טויטן קערפּער אין אַ זאַק אַריינגעלייגט און אים הינטער דער שטאָט אַוועקגעטראָגן. דאָס האַרץ האָט אים אָבער געשראָקן און ער האָט געזען פאַר זיך אין פאָראויס פאַרפאַלגונגען אוןליידן.

און אין שטאָט האָט זיך באַלד אַ קלאַנג פאַרשפּרייט אַז אַ איד האָט דער׳הרג׳עט אַ קריסט און דעם טויטן קערפּער האָט ער אַרויסגעוואָרפן פאַר די הינט.

אַלע קריסטן, וואָס האָבן זיך פריער צו אידן פריינטלעך באַצויגן ווי צו אייגענע מענטשן, האָבן אַצינד אָנגעהויבן ברענען מיט צאָרן און מיט זיין־קריצעניש. דער איד איז געוואָרן דער געשפרעך פון טאָג, און פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן באַמערקונגען און אויסרופן: „דער איד איז פאַרשאָלטן!"

„אַ איד טראָגט קינ׳ס צייכן אויפן שטערן".

„אַ איד דורשט נאָך קריסטלעך בלוט. זיי האָבן דאָך גאָט׳ס זון דער׳הרג׳עט!"

„זיי מישן אַריין אין זייערע מצות קריסטלעך בלוט".

מיטאַמאָל האָבן זיך אין די אידישע גאַסן אין רעגנסבורג, מאַסן קריסטן באַוויזן.

„טויט צו די אידן"! — האָבן זיי געשריען.

און אַ גרויסער שטורם האָט אויסגעבראָכן.

* * *

אין יענער שטאָט האָט געלעבט רבי יהודה החסיד.

דערוויסנדיק זיך פון דער גרויסער געפאַר וואָס דראָט די אידן, האָט ער אָנגעהויבן זוכן אַ מיטל ווי אַזוי אָפּצואווענדן דעם גרויסן צאָרן.

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום הויפט־קאָמאַנדיר פון שטאָט, און ער האָט אים דערציילט פון גרויסן אומגליק וואָס האָט די אידן געטראָפן. ער האָט אים דערציילט ווי די צוויי קריסטן האָבן זיך ניט געקענט איינטיילן מיטן רויב. ווי איינער האָט דעם צווייטן דער׳הרג׳עט, און ווי אַ קלאַנג האָט זיך פאַרשפרייט אַז דער קריסט איז דערמאָרדעט געוואָרן פון אַ אידן.

„וועט אייער עקסעלענץ פון וויטן שטיין, — אַזוי האָט זיך רבי יהודה החסיד צום קאָמאַנדיר געווענדעט — און דערלאָזן צו ווילדע אויסברוכן וואו אומשולדיק אידיש בלוט וועט פאַרגאָסן ווערן"?

דער קאָמאַנדיר איז אָבער קאַלט געווען צו רבי יהודה החסיד׳ס רייד. ער האָט געפאָדערט קלאָרע באַווייזן אַז דאָס אַלץ וואָס דער רבי זאָגט, איז דער ריינער אמת. דער קאָמאַנדיר האָט געגעבן רבי יהודה החסיד עטלעכע טעג צו־צושטעלן אים אַזוינע באַווייזן.

דערווייל האָט ער באַפוילן אַז אַלע טויערן פון שטאָט זאָלן צוגעשלאָסן ווערן, כדי דער אמת׳ער מערדער זאָל פון שטאָט ניט קאָנען אַנטלויפן. און צו דער באַפעלקערונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ שטרענגער באַפעל צו האַלטן זיך אין אָרדנונג, ביז דער אמת׳ער מערדער וועט געפונען ווערן.

רבי יהודה האָט זיך אין זיין חדר מיוחד אָפּגעזונדערט און צו גאָט גערופן. ער האָט אַ הייליקע קמיע אָנגעשריבן, און מיט דער קמיע איז ער

הינטערן שטאָט אָוועקגעגאַנגען. גויים, וועלכע האָבן רבי יהודה׳ן געזען גיין הינטער דער שטאָט, האָבן עפּעס אָנגעהויבן חושד זיין, און זיינען אים נאָכ־געגאַנגען. און זיי האָבן דערזען ווי רבי יהודה האָט זיך דערנענטערט צום קערפּער פון דעם דערמאָרדעטן קריסט און אים אין די פּאַרגליווערטע הענט אַ קמיע אריינגעשטעקט.

און דאָ איז אַ נס געשען: דער מת האָט זיך אויף זיינע פיס געשטעלט, באַ־טראַכט די אנוועזנדע און אָנגעשטעלט זיינע בליקן אויף איינעם וועלכער האָט זיך אונטער אַ צווייטנס פּלייצעס באַהאַלטן. דאָס איז געווען דער שותף צום רויב מיט וועמען ער האָט צזאַמען געאַרבעט.

טייטלענדיק מיט אַ פינגער אויף זיין אַמאָליקן חבר, האָט דער מת אויסגעשריען: אָט איז מיין מערדער!

דעמאָלט האָט דער רבי די קמיע פון מת אָוועקגענומען און דער דער־הרג׳טער איז ווידער צו דער ערד געפאַלן.

רבי יהודה החסיד איז דאַן צום קאָמאַנדיר געקומען מיט עדות וואָס האָבן צוגעזען דעם גרויסן נס. מען האָט דעם אמת׳ן מערדער אַרעסטירט און צום טויט פאַר׳משפּט.

פון דאַן אָן האָט דער קאָמאַנדיר צוגעטיילט צו רבי יהודה החסיד גרויס כבוד און אים געהאַלטן הייליק.

## ספר גבורות ה׳

(„די שטאַרקייט פון גאָט״)

אַ ספר פאַרפאַסט פון מהר״ל מפּרג

### געדרוקט אין 1582

געדרוקט, 1582, אין קראָקא, דורך דעם באַרימטן אידישן דרוקער יצחק בן אהרן מפּרוסטיץ. פון יהודה ליוואַ בן בצלאל, באַרימט מיטן נאָמען „מהר״ל מפּראַג״, און אויך „דער האָהער ראַבי ליוואַ״. היסטאָריש־רעליגיעזע פיגור, רייך־באַ־גאַבטע פּערזענלעכקייט און גייסטיקער פירער פון די פּויליש־טשעכישע אידישע געמיינדעס פון פּאָזן, ניקעלבערג, און פּראַג. (געבוירן 1515 אין פּאָזען, געשטאָרבן 1609 אין פּראַג).

חוץ זיינע גרויסע ידיעות אין דער רבניש־תלמודישער ליטעראַטור, האָט דער מהר״ל אויך באַזעסן אַלערליי וועלטלעכע וויסנשאַפטן, הויפּט־זעכלעך מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע. זייענדיק דורכגעדרונגען מיט מיס־טישע באַגריפן און שטרעמונגען, האָט דער מהר״ל זיך אויך פאַרנומען מיט דער פאָרשונג פון אַלעכעמיע, האָט זיך פלייסיק פאַרטיפט אין קבלה און

געזוכט צו עפענען די טויערן פון די פאַנטאַסטיש וואונדערלעכע סודות פון דעם וועלטלעכן קיום.

צווישן דעם ברייטן אידישן עולם איז דער מהר״ל באַקאַנט מער פון אַלץ ווי דער שעפער פון גולם, וועגן וועלכן עס האָט זיך אויסגעשפונען איינע פון די שענסטע לעגענדן. דער מהר״ל האָט אָבער אויך אָנגעשריבן אַ צאָל


ספר
גבורות ה'
קק קראקא

גרויסע ווערק אויפן גרונט פון וועלכע עס זיינען געשאַפן געוואָרן גאַנצע באַוועגונגען. זיינע ווערק זיינען אָנגעהויכט מיט הויכער מאָראַל און עס טראָגט זיך פון זיי אַ רוף צו אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג פון פעלקער וואָס זאָל זיין פעסטגעשטעלט אויף די יסודות פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

לויט דעם מהר"ל'ס לערע זיינען „אַלע פעלקער באַשאַפן געוואָרן פון גאָט, און זייער אַנדערשקייט איינס פון צוויטן האָט גאָט געמאַכט מיט אַן אַבזיכט, כדי יעדער איינער אויף זיין באַזונדערן אופן זאָל מיטווירקן אין דער סימפאָניע פון וועלט־כאָר און אַזוי אַרום ברענגען צום אויסדרוק זייער אייגנאַרטיקייט. די אידישע רעליגיע איז טאַקע אין איר אינווייניקסטן תוך קולטורעל אַנדערש פון די רעליגיעס פון אַנדערע פעלקער, אָבער זי קען ווערן אַ רעליגיע וואָס זאָל די פעלקער דערהויבן און זיי אויסלייזן. דאָס אידישע פאָלק קען ווערן, דורך זיין תורה, אַ כוח פון העכסטער באַדייטונג אין דער פעלקער־משפחה, וואָס קען ווירקן צו דערנענטערן די וועלט צום אמת, צום שלום און פולשטענדיקער דערלייזונג פון דער גאַנצער מענטשהייט.

קיין וואונדער ניט וואָס דער מהר"ל איז פאַרהייליקט געוואָרן ביי דעם טשעכישן פאָלק וואָס איז אַזוי לאַנג געווען אונטערדריקט. קיין וואונדער ניט, וואס אַזוי באַלד ווי דאָס טשעכישע פאָלק האָט געוואונען זיין פרייהייט, האָבן די טשעכן אויפגעשטעלט אין דער געביידע פון זייער שטאָט־ראָט אַ מאָנומענט צום אָנדענק פון דעם גרויסן אידישן פירער און האָבן אויך אָנגערופן אַ גאָס אויף זיין נאָמען.

דער מהר"ל האָט געפירט אַ צוריקגעצויגן אַסקעטיש לעבן, און ער איז געוואָרן אַ באַליבטער העלד פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע. אַרום זיין נאָמען האָט זיך געשאַפן אַ פיל־פאַרביקער קראַנץ פון די וואונדערבאַרסטע לעגענדעס און דערציילונגען.

דער קריסטלעכער שרייבער יאַראָסלאַוו אַרכילעצקי האָט אָנגעשריבן אין דער בהעמישער שפּראַך אַ גרויסאַרטיקע דראַמע מיטן נאָמען „דער האָהע רבי ליוואַ", וואו דער מהר"ל ווערט געמאָלן אַלס מערקווירדיקע און ערנווירדיקע געשטאַלט.

צום מהר"ל מפּרג ווערט צוגעשריבן די באַשאַפונג פון דעם אַלעמען באַוואוסטן לעגענדאַרן גולם. לויט דער גוט־באַקאַנטער פאָלקס־דערציילונג האָט דער מהר"ל אויסגעקנאַטן פון ליים דעם גולם און מיט דער הילף פונם שם המפורש האָט ער פון אים געמאַכט אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס האָט דעם מהר"ל געדינט ווי אַ טרייער שליח צו דערפילן זיין ווילן אין יעדן קריטישן מאָמענט ווען די קהלה אָדער דער כלל ישראל זיינען געווען אין גרויס געפאַר.

דאָ גיבן מיר איבער די זייער אינטערעסאַנטע וועלט־באַרימטע לעגענדע פון גולם, ווי זי ווערט דערציילט אין איינעם פון די אור־אַלטע ספרים.

### ווי אַזוי דער גולם איז באַשאַפן געוואָרן

אין דער שטאָט ווירמיישא (וואָרמס) האָט אַמאָל געוואוינט אַ איר אַ חסיד מיטן נאָמען בצלאל, ביי וועמען עס איז געבאָרן געוואָרן פסח ביינאַכט אַ זון.

דאָס איז געשען אין יאָר רע״ה לבריאת העולם, אָדער 1515 לויט דער אַלגעמיי־
נער צייט רעכנונג, אין אַ תקופה, ווען די אידן איבער גאַנץ אייראָפּע האָבן
געליטן שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען און אכזריות. די קריסטלעכע פעלקער האָבן
שטענדיק באַשולדיקט די אידן אין טויטן גוי׳שע קינדער, כדי אַריינצוקנעטן
זייער בלוט אין די מצות וואָס זיי באַקן אויף פסח.

ביים געבורט פון ר׳ בצלאל׳ס זון איז, אָבער, עפּעס געשען וואָס האָט
צונישט געמאַכט די בייזע מחשבות פון די אידישע שונאים. ביינאַכט, ווען
ר׳ בצלאל׳ס ווייב איז געגאַנגען צו קינד, זיינען די הויז־דינער געלאָפן ברענגען
אַ הייבאַם און האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן צוויי מענטשן וואָס האָבן געשלעפּט
אַ זאַק. די דינער האָבן געזען ווי די מענטשן שלעפּן דעם זאַק וואו עס איז גע־
לעגן אַ טויט קינד און ווילן עס אונטערוואַרפן אין אַ אידישן הויז, כדי איבערצו־
ציגן די איינוואוינער פון שטאָט אַז די אידן באַנוצן זיך באמת מיט זייער
בלוט. ר׳ בצלאל׳ס דינער האָבן דאַן צונישט געמאַכט די בייזע מחשבה פון די
שונאי ישראל, און ר׳ בצלאל האָט נביאות געזאָגט, אַז זיין זון וואָס איז דעמאָלט
געבוירן געוואָרן איז פון דער השגחה באַרופן צו ברענגען טרייסט צו זיין פאָלק
און אויסלייזן אים פון עלילת־דם.

„מיין זון׳ס נאָמען ביי אידן וועט זיין יהודה לייב״, האָט ער אויסגע־
רופן און געזאָגט איבער אים דעם פּסוק מיט וועלכן יעקב אבינו האָט גע־
בענטשט בשעתו זיין זון יהודה: „גור אריה יהודה מטרף בני עלית (בראשית
מ״ט־ט׳.

ר׳ בצלאל׳ס זון איז זיך געוואַקסן און געגאַנגען מחיל אל חיל אין
תורה און אין וויסן. ער איז געווען א גרויסער תלמיד חכם, בקי אין תלמוד
און אין פּוסקים און דערצו אויך אַ גרויסער קענער אין אַלע צווייגן פון
חכמה און גוט באַהאַוונט אין אַ סך פרעמדע לשונות. די קהילה פון פּויזן האָט
אים צו יענער צייט אויפגענומען אַלס רב. אַ צייט שפּעטער איז ער באַשטימט
געוואָרן אַלס רב אין פּראג, וואו ער איז געווען דער רב הכולל פון דער אידי־
שער קהלה. זיינע אַלע מחשבות און טואַכצן האָט ער אַנגעווענדעט פאַר זיין
געפּלאָגט פאָלק. אין זיין לעבן האָט ער זיך געשטעלט אַלס הויפּט־אויפגאַבע:
אַראָפּצונעמען פון זיין פאָלק דעם שענדלעכן בלבול פון מאָרד פאַר רעליגיעזע
צוועקן — א בלבול וואָס איז געהאַנגען איבער די אידישע קעפּ ווי דאַמאָקלעס
שווערד. ער האָט מתפּלל געווען צום פאָטער אין הימל ער זאָל אים ווייזן אין
חלום פון דער נאַכט עפּעס אַ פאָרטל דורך וועלכן ער זאָל קענען צונישט מאַכן
די בלוט־בלבולים פון די נידערטרעכטיקע גלחים. און איין מאָל, אינמיטן דער
נאַכט האָט ר׳ לייב דערהערט א בת־קול וואָס האָט צו אים גערופן און געזאָגט:
„מאַך דיך אַ מענשלעכע פּיגור פון ליים און דערמיט זאָלסטו מבטל מאַכן די

בייזע מחשבות וואָס די שונאי ישראל טראַכטן אויס אויף דיין פאָלק״. אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט דער רבי געדופן זיין איידעם און זיין באַליבטסטן תלמיד און האָט זיי איבערגעגעבן וואָס מען האָט אים מגלה געווען פון הימל, און ער האָט זיי געבעטן אים אַרויסהעלפן אין זיין הייליקער אַרבעט.

ער האָט צו זיי געזאָגט: „פיר יסודות זיינען נויטיק צו באַשאַפן דעם גולם: ערד, וואַסער, פייער און לופט״. איך אַליין באַזיץ דעם תמצית פון ווינט, מיין איידעם סימבאָליזירט פייער און מיין בעסטער תלמיד — וואַסער. לאָמיר גיין און מיר וועלן מצליח זיין אין אונזער אַרבעט! און ווייטער האָט ער פאַרזאָגט זיינע מיטהעלפער, אַז זיי זאָלן קיינעם ניט מגלה זיין דעם סוד און אַז זיי זאָלן זיך אין דעם משך פון זיבן טעג צייט צוגרייטן צו דער הייליקער אַרבעט.

און אין דעם 10טן טאָג פון חודש אדר ש״מ ליצירה (1580 לויטן גוי׳ישן חשבון), פיר אַזייגער פאַרטאָג האָבן זיך די דריי לייט אַוועקגעלאָזט אויסערן שטאָט צום טייך, וואו זיי האָבן אַרום ברעג געפונען אַ ליים־גרוב. האָבן זיי גענומען פון דאָרט די ליים און אויסגעקנאָטן אַ מענטשלעכע פיגור, דריי איילן די הויך. זיי האָבן אויך אויסגעקנאָטן אַלע אברים פון אַ מענטשן: הענט, פיס, קאָפּ, א.א.וו. און זיי האָבן די פיגור אַוועקגעלייגט אויף דער ערד מיטן פּנים אַרויף. די דריי תלמידי חכמים האָבן זיך דאַן געשטעלט צופוסנס פון דער געשטאַלט. דער רבי האָט באַפוילן זיין איידעם ער זאָל מאַכן זיבן הקפות אַרום דער פיגור און זאָגן בשעת מעשה פאַרשידענע שפּרוכן און באַשווערונגען וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט לויט דער קבלה. און אַזוי שנעל ווי דער איידעם האָט געענדיקט די זיבן הקפות און זאָגן פון די צירופים און שבועות איז די ליים פון דער פיגור געוואָרן רויט ווי אַ גליענדיקער קויל. דאַן האָט דער רבי באַפוילן, אַז זיין תלמיד זאָל ווידער מאַכן זיבן הקפות אַרום דער פיגור און ער זאָל זאָגן אַנדערע צירופים. און די היץ האָט פאַרלאָזן דעם קערפּער פון דער פיגור. דער גולם איז געוואָרן פייכט, און אַ פאַרע איז פון אים אַרויס. נעגל האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון זיינע פינגער און זיין קאָפּ איז באַדעקט געוואָרן מיט האָר; און דער גולם האָט באַקומען דעם אויסזען פון אַ מאַן פון אַ יאָר דרייסיק.

דאַן האָט דער רבי אַליין געמאַכט זיבן הקפות אַרום דעם גולם, און אַלע דריי רבנים צוזאַמען האָבן געזאָגט דעם פסוק פון דער תורה: ויצר ה׳ אלקים את האדם עפר מן האדמה וייפח באפיו נשמת חיים ויהי האדם לנפש חיה. (בראשית ב׳—ז׳).

אַזוי שנעל ווי די דריי פרומע מענטשן האָבן אָפּגעזאָגט די ווערטער פון פסוק, האָבן זיך די אויגן פונם גולם געעפנט און ער האָט באַטראַכט דעם רבי׳ן מיט זיינע תלמידים מיט פאַרוואונדערונג. דער רבי האָט דאַן מיט אַ הויכן

קול געֿרופן צום גולם און אים באַפוילן זיך אויפצוהויבן פון דער ערד. דער גולם האָט באַלד געפאָלגט און זיך אַוועקגעשטעלט אויף זיינע פיס. די דריי רבנים האָבן דאַן אָנגעטאָן דעם נאַקעטן קערפּער מיט די מלבושים וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט — מלבושים וועלכע ווערן געטראָגן פון שול־שמשים. זיי האָבן אויך אָנגעטאָן שיך אויף זיינע פיס. דער רבי האָט נאָך אַמאָל זיך געווענדעט צום געשטאַלט וואָס ער האָט נאָר וואָס געמאַכט און צו אים אַזוי גערעדט:

„זיי וויסן, דו גולם, אַז מיר האָבן דיר באַשאַפן פון דעם זאַמד פון דער ערד, כדי דו זאָלסט קענען באַשיצן און באַשירמען דאָס פאָלק ישראל פון זיינע שונאים. דיין נאָמען זאָל זיין יוסף, און וואוינען זאָלסטו ביי מיר אין הויף, און טאָן די אַרבעט פון אַ דינער. דו זאָלסט פאָלגן וואָס איך וויל די באַפוילן, זאָלסט גיין דורך פייער און וואַסער, אפילו אַראָפּשפּרינגען פון אַ הויכן טורעם“. דער גולם האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי מיט אַן הסכמה צו די רייד פון דעם רבי.

און דער גולם האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ לעבעדיקער מענטש: ער האָט אַלץ געהערט און פאַרשטאַנען, אַלץ וואָס מען האָט אים געזאָגט, אָבער רעדן האָט ער ניט געקענט.

דער רבי האָט די זאַך געהאַלטן בסוד. צו זיינע בני בית האָט ער דערציילט, אַז גייענדיק צו דער מקוה אין דער פרי האָט ער דאָרטן געטראָפן אַן אָרימען, שטומען בעטלער, וועמעס אויסזען איז פון אַ פרומען, ערלעכן מאַן, און ער האָט אים מיט זיך גענומען אַהיים. ער וויל אים מאַכן פאַר אַ שמש אין בית־מדרש, און ער פאַרבאָט זייטיקע מענטשן זיך מיט אים צו באַדינען און צו געבן אים שטוביקע אַרבעטן.

פון דעמאָלט אָן און ווייטער איז זיך דער גולם געזעסן אין אַ ווינקל פון בית־מדרש, אומבאַוועגלעך, האַלטנדיק זיין קאָפּ אָנגעלענט אויף זיינע הענט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ חסר דעה, וואָס הערט ניט און זעט ניט וואָס עס קומט פאָר אַרום אים. דער מהר״ל האָט דערציילט אַז ניט קיין פייער און ניט קיין וואַסער קען האָבן קיין שליטה אויפן גולם, און קיין שווערד קען אים ניט שאַדן טאָן. ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן יוסף נאָך יוסף שידא וואָס ווערט דערמאָנט אין תלמוד, אויף וועמען עס ווערט דערציילט, אַז ער איז געווען אַ האַלבער מענטש און אַ האַלבער רוח, וועלכער האָט געדינט די רבנים און זיי געראַטעוועט פון גרויסע צרות.

דער מהר״ל האָט זיך באַנוצט מיטן גולם בלויז ווען עס האָט זיך גע־פאָדערט צו באַשיצן זיין פאָלק פון עלילת־דם, אַ בלבול פון וועלכן עס האָבן געליטן די אידן פון פראַג צו יענער צייט.

ווען נאָר דער מהר״ל פלעגט שיקן דעם גולם אין אַ שליחות און געוואָלט אַז קיינער זאָל אים ניט זען, פלעגט ער אויף זיין האַלז אָנהענגען אַ קמיע וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף דעם פּאַרמעט פון הירשענע פעל — אַ קמיע וואָס פלעגט מאַכן דעם גולם א רואה ואינו נראה. דער גולם פלעגט דאַן אַלץ און אַלעמען קענען זען, אָבער אים פלעגט מען ניט קענען זען. אַ וואָך פאַר פסח פלעגט דער גולם אַרומוואַנדערן איבער די גאַסן פון שטאָט און אָפּהאַלטן יעדן איינעם וועלכער האָט געטראָגן אַ זאַק אויף די פּלייצעס. ניט איינמאָל האָט געטראָפן אַז דאָס פּעקל האָט אַנטהאַלטן אַ טויטע קינד, וואָס אַ נידערטרעכטי־קער פערזאָן האָט געוואָלט אונטערוואַרפן אין דער „אידן־גאַס״. דאַן פלעגט דער גולם אַרויסנעמען זיין שטריק פון דער קעשענע, פלעגט פאַרבינדן דעם מאַן מיטן זאַק און אים ברענגען צו דער געביידע פון דעם שטאָט־ראַט און אים איבערגעבן צו די באַאַמטע. דער כוח פון גולם איז געווען אַזוי אומגעהויער גרויס, אַז ער האָט באַוויזן פיל אויסערגעוויינלעכע מעשים.

און כאָטש דער גולם האָט ניט געהאָט קיין נשמה, האָט מען דאָך גע־קענט זען אַז שבת האָט זיין פּנים אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער אויסזען — אַ מער פריינטלעכן און ליבלעכן אויסדרוק ווי אין די וואָכנטעג. אין די שפּעטערע יאָרן פלעגט מען דערציילן, אַז יעדן פרייטאָג פלעגט דער מהר״ל ארויסנעמען פון אונטערן גולם׳ס צונג דעם שם המפורש, ווייל ער האָט מורא געהאָט טאָ־מער וועט די הייליקייט פון שבת מאַכן דעם גולם אומשטערבלעך און מען וועט אים נאָך אָנהויבן דינען ווי אַ געץ... דער גולם אַליין האָט ניט געהאָט קיין יצר הרע און ניט קיין יצר טוב. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען דורך מורא טאָמער וועט ער זיך צוריק מוזן צוריקקערן צו דער ערד פון וואָס מען האָט אים באַשאַפן און ער וועט ווידער ווערן צו נישט...

ויהי היום, און די רעגירונג האָט אַרויסגעגבן אַ געזעץ, אַז דער עלילת־דם האָט ניט קיין האַפט, און צו באַשולדיקן די אידן אן אַזאַ שענדלעכן בלבול איז שטרענג פאַרבאָטן. די אידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. און דער מהר״ל האָט באַשלאָסן אז די צייט איז געקומען אַוועקצונעמען דעם לעבנס־גייסט פון ליימענעם גולם. האָט דער מהר״ל אויסגעצויגן יוסף׳ן אויף דער ערד און באַ־פוילן האָט ער די תלמידים נאָך אַמאָל מאַכן זיבן הקפות אַרום דעם גולם און זאָגן די זעלביקע צירופים און פסוקים ווי ווען זיי האָבן אם באַשאַפן. ווען די זיבעטע הקפה האָט זיך געענדיקט איז דער גולם ווידער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק ליים. זיינע בגדים זיינען פון אים אַראָפּגעצויגן געוואָרן. דער ליי־מענער פורעם איז איינגעוויקלט געוואָרן אין אַ טלית און איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אויפן בוידעם־שטיבל צווישן די אַלטע שמות.

# שאלות ותשובות

פון רבי מאיר בן ברוך (מהר״ם מרוטנבורג). גרעסטן תלמודישן גאון וואָס דאָס דייטשע אידנטום האָט ארויסגעגעבן אינם 13טן יאָר־הונדערט. איינער פון די באַרימטע „בעלי התוספות" אַזוי אויך איינער פון די גייסטיקע ריזן וואָס זיינען געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „מאור הגולה". די ליכט פון גלות (די אַנדערע צוויי זיינען שלמה ב״ר יצחק און רבנו גרשום).

אין דעם דרייצענטן יאָרהונדערט האָבן אַ צאָל אידישע קהלות אין דייטשלאַנד זיך שטילערהייט פאַראייניקט אונטער דער פירערשאַפט פון מהר״ם מרוטנבורג. געטריבן פון דער אונמענטשלעכער באַהאַנדלונג פון דער דייטשער רעגירונג האָבן די אידן באַשלאָסן אַנטלויפן פון זייערע היימען און אויסוואַנדערן וואו די אויגן וועלן טראָגן. די נייס דערפון האָט זיך אָבער גלייך דערטראָגן צום דאמאָלסדיקן דייטשן הערשער, רודאָלף פון האַבס־בורג, וועלכער פלעגט ציהען פון די אידן אַלערליי שטייערן דורך שטראָפן און דערמיט באַרייכערן זיין קאַסע.

ווען די אידן זיינען שוין גרייט געווען אַריבערפאָרן דעם ים, זיינען זיי פלוצלונג באַפאַלן געוואָרן פון דער דייטשער מאַכט. רבי מאיר פון רוטנבורג איז אויפן באַפעל פון קעניג פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער ענציסהיימער פעס־טונג (אַלזאַס) פון וואַנען מען האָט געפאָדערט פאַר אים אַ גוואַלדיק־גרויסן סכום אויסלייז־געלט, וואָס איז פאַר די אידן געווען אונמעגלעך צו באַקומען. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָבן זיך געצויגן די פאַרהאַנדלונגען צווישן דער דייטשער מאַכט און די אידישע קהלות וועלכע האָבן שוין צונויפגעקליבן דעם גרעסטן טייל פון די געפאָדערטע אויסלייז־געלט. דער מהר״ם איז אָבער גע־ווען קעגן דעם, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז די רעגירונגס מאַכט וועט זיך נעמען גאָר אָפט אויסנוצן דעם דאָזיקן רויבערישן אַנפאַל אויף דער אידישער באַפעלקערונג. זיבן יאָר האָט דער מהר״ם אָפּגעפּינסטערט אין יענער פעס־טונג און דאָרט געשטאָרבן (אין 1293). אויך דערנאָך האָט די רעגירונג ניט געוואָלט ארויסגעבן דעם בר־מינן פאָדערנדיג ווידער פון דער אידישער קהלה אַ סך אויסלייז געלט. און ערשט אין 14 יאָר אַרום איז געלונגען אַ רייכן אידן פון פראַנקפורט אויסצוקויפן דעם גאונ׳ס טויטן קערפּער און אים ברייגנען צו קבורה אויפן וואָרמסער בית עלמין.

דורך די זיבן יאָר וואָס דער מאַרטירער איז געווען איינגעשפּאַרט אין פעסטונג האָט ער פאַרפאַסט איינציקע וויכטיקע ווערק און ער האָט געשריבן אַ סך תשובות אויף די אַלע שאלות וואָס זיינען געשיקט געוואָרן צו אים פון אַלע עקן פון דער וועלט.

אין מהר״ם׳ס תוספות שריפטן אַזוי אויך אין זיינע שאלות און תשובות באַווייזט זיך אינגאַנצן גלאַנץ זיין שאַרפער לאָגישער שכל און זיין באַ־דייטנדער ליטעראַרישער טאַלאַנט. אין זיינע עטלעכע פּיוטים (רעליגיעזע לי־דער), וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען זעט זיך אַ ברוינזנדער דיכטערישער גייסט. איינער פון זיינע פּיוטים איז זיין באַוואוסטע עלעגיע „שאלי שרופה״, וואָס ווערט געלייענט אום תשעה באב, אין וועלכער ער האָט אויסגעגאָסן זיין טיפן טרויער אויף די הייליקע ספרים וואָס זיינען אויף שייטערהויפנס פאַר־ברענט געוואָרן (אין 1242).

דאָס רוב מאַנוסקריפּטן וואָס דער מהר״ם האָט פאַרפאַסט זיינען פאַר־לוירן געגאַנגען מיט דער אויסנאַם פון זיינע חדושים אין תוספות, זיינע שאלות ותשובות און עטלעכע פון זיינע פּיוטים—געזאַנגען.

אַ געוויסע קאָלעקציע פון מהר״ם׳ס שריפטן געפינט זיך אין דער וואַ־טיקאַן ביבליאָטעק אַזוי אויך אין דער באַרימטער באָדלעימער ביבליאָטעק פון שטאָט אָקספאָרד, ענגלאַנד.

## אַ שאלה

צו מיר איז געקומען דער מאַן ירמיהו און ער האָט זיך באַקלאָגט אויף זיין איידעם וואָס באַגייט זיך גרויזאַם מיט זיין טאָכטער. ניט נאָר באַליידיקט ער זי און שטויסט זי אַרונטער צו דער נידעריקסטער מדרגה, נאָר ער שלאָגט זי אויך און רייסט זי ביי די האָר וואָס איז קעגן אַלע אונזערע אידישע געזעצן. דער דין איז: ווען איינער קויפט אַ אידישע דינסט איז פּונקט ווי ער קויפט פאַר זיך אַ האַר. אַ פּשיטא, ווען איינער פאַרבינדט זיך מיט אַ פרוי כדת משה וישראל.

אַ מאַן וואָס שלאָגט אַ פרוי דאַרף באַקומען אַ סך אַ גרעסערע שטראָף פון דעם וואָס שלאָגט אַ חבר. פאַר אַ פרוי איז אַ קלאַפּ גאָר גאָר אומרערוואַרטעט, און דערפאַר אַ סך מער פּיינלעך. אַ פרוי ווייסט ניט ווי זיך צו פאַרטיידיקן. זי שטיקט אין זיך איר ווייַ און פאַרדרוס, און איר גאַנצע פאַרטיידיקונג דריקט זיך אויס אין זי־דיקע טרערן.

דעריבער בין איך גוזר אויף אייך ארויף צו לייגן אויף אים אַ האַרבע שטראָף. ניט נאָר דאַרפט איר ביי אים אוועקנעמען אַ טייל

פון זיין פאַרמעגן, נאָר איר זאָלט אים אויך קערפּערלעך באַ־שטראָפן.

דערנאָך זאָלט איר אויסקלייבן צוויי אָדער דריי פּערזאָן וואָס זאָלן פון היינט אָן און ווייטער האַלטן אַן אויג אויף דעם פּאָר־פּאָלק, און זיי זאָלן אויסגלייכן יעדן סכסוך אָדער מיספאַרשטענדעניש וואָס וועט פאָרקומען צווישן מאַן און פרוי.

און אויב דער מאַן וועט ניט האַלטן דעם אויסגלייך און ער וועט זיך ווידער נעמען מבזה זיין און שלאָגן זיין פרוי, דאַן זאָל ער פאַרפלוכט ווערן דורכן הימלשן און ערדישן געריכט. אויב מען קאָן אים ניט באַוועגן דורכן אידישן געריכט צו גט'ן זיין פרוי, דאַרף מען אים צווינגען דורכן גוישן געריכט. און מען דאַרף פון אים צונעמען זיינע גיטער און שפּייזן דערמיט זיין פרוי.

## אַ תשובה

דאָ קום איך איך ענטפערן וועגן דעם ענין וואָס איר האָט מיך געפרעגט. און איך וועל זיך אַרויס זאָגן אין קורצן.

יעדער אידישער מאַן דאַרף פאַרעהרן און טייער האַלטן זיין פרוי מער ווי זיך אַליין. ביים חתונה האָבן מיט אַ מאַן האָט די פרוי אַ רעכט צו דערוואַרטן ליבשאַפט, ניט קיין האַס, גוטסקייט ניט קיין שלעכטס, פריידן און ניט קיין אומעט.

אַזוי שרייבט זיך אין דער כתובה וואָס דער מאַן גיט זיין פרוי: „איך וועל דיך טייער האַלטן, איך וועל דיך שפּייזן, איך וועל דיך ליב האָבן און פאַרעהרן“.

און דער מאַן וואָס שלאָגט זיין פרוי דאַרף באַשטראָפט ווערן אַ סך מער פון דעם וואָס שלאָגט זיינס אַ חבר. ווארום דעם חבר מוז ער ניט געבן קיין כבוד, אָבער זיין פרוי מוז ער האַלטן בכבוד. ווילדע מענטשן און באַרבאַרן זיינען ברוטאַל צו זייערע פרויען. גאָט זאָל אָבער באַהיטן אונזערע ברידער צו גיין אין זייערע ווילדע וועגן. דער מאַן וואָס שלאָגט זיין פרוי דאַרף באַשטראָפט ווערן מיט דער גרעסטער און שווערסטער שטראָף. זאָל ער פאַרשאָלטן ווערן, אין חרם אריינגעלייגט ווערן און אפילו געשמיסן ווערן מיט ריטער.

און אויב די פרוי וויל זיך שיידן פון איר שלעכטן מאַן, דאַרף ער זי באַפרייען און באַצאָלן איר כתובה. און אויב די פרוי זאָגט צום מאַן: איך קען ניט וואוינען מיט דיין מוטער, אָדער שוועסטער, ווייל זיי זידלען מיך, זיי דערנידעריקן מיך און פאַרשעמען מיך, דאַרף זיך

דער מאַן ארויסציהען פון דער וואוינונג וואו זיין משפחה געפינט זיך, און ער דאַרף אַריינציהען זיך אין אַ נייער דירה. און אויב ער וויל דאָס ניט טאָן, דאַרף ער באַפרייען זיין פרוי, און באַצאָלן איר כתובה.

און אויב דעם מאַנס אַ קרובה, וואָס וואוינט מיט זיי צוזאַמען, דערנידעריקט און דערצאָרנט זיין פרוי, אָדער זי מאַכט אַ בייז לעבן צווישן דעם פּאָר־פאָלק, דאַרף דער מאַן האָבן איינזען מיט זיין פרוי, און ער דאַרף דערוויטערן די קרובה פון זיין הויז.

הכלל, אַ זון פון אידישן פאָלק מוז האָבן גרויס אַכטונג צו זיין פרוי. ער מוז זי פאַרטיידיקן און באַשיצן. ער מוז זי באַפרידיקן און באַגיטיקן אַזוי פיל ווי זיינע כוחות טראָגן.

ווייל אין פסוק שטייט געשריבן: „זי איז די מוטער פון אַלעס וואָס לעבט”. דער צוועק פון אַ פרוי׳ס הייראַט איז ארויפשטייגן ניט אַראָפּנידערן, אויפלעבן און ניט אונטערגיין, פאַרעהרט ווערן ניט מבוזה זיין, און גוטע פרוכט געווינען ניט קיין שטעכיקע דערנער.

# לשון הזהב

(די גאָלדענע שפּראַך)

## געדרוקט אין 1599

אַ פילאָזאָפישע דערקלערונג אויף פאַרשידענע שטעלן פון מדרש תהלים פון ידעיה בדרשי, באַקאַנט מיטן נאָמען ידעיה הפניני, מעדיצינער, פּאָעט און פילאָזאָף, אַ באַדייטנדער געלערנטער, באַגאַבטער סטיליסט און מייסטער פון וואָרט. געלעבט מערסטנטייל אין באַרצעלאָניע (שפּאַניע). (געבוירן 1280, — געשטאָרבן 1430).

געדרוקט אין וויניציא, איטאַליע, דורך דעם קריסטלעכן דרוקער דניאל זאַניטי.

אַלס זון פון דעם גוט־באַקאַנטן דיכטער אברהם בדרשי, האָט זיך ידעיה באַרימט געמאַכט אויפן ליטעראַרישן געביט שוין אין זיין פריסטער יוגנט. צו 15 יאָר האָט ער אָנגעשריבן זיין ערשטע מייסטערווערק, אַ פּאָעמע מיטן נאָמען „בקשת הממים”. דאָס איז אַ מערקווירדיקע און אינטערעסאַנטע שאַפונג, אויסגעדריקט אין אַ שיינער פאָרם, וואו יעדעס איינציקע וואָרט אין דער גאַנצער שאַפונג הויבט זיך אָן מיט דעם זעלבן בוכשטאַב, מם.

צו 18 יאָר פאַרפאַסט ידעיה זיין צווייטע באַרימטע פּאָעמע „אוהב הנשים”: (ליבהאָבער פון פרויען). דער גאַלאַנטער יונגער דיכטער טרעט דאָ אַרויס אַנטקעגן אַן אַנדער וואויל־באַקאַנטן שרייבער, וואָס האָט פאַרפאַסט

אַ סאַטירישן ראָמאַן מיט גראַמען אונטערן נאָמען „שונא הנשים״, וואו עס ווערט באַקלאָגט דער גורל פון די מענער וואָס פאַלן אַריין אין די נעצן פון פרויען־מכשפות. ידעיה נעמט זיך אָן פאַרן כבוד פון די פרויען און פאַרטיידיגט זיי מיט טיפן פּאַטאָס און יוגנטלעכער באַגייסטערונג.


זה השער ליי

ספר
לשון הזהב
והוא ביאור מאמרי רז״ל ממדר׳ תלים
מהפלוסוף האלהי כמה״ר ידעיה
הפניני ז״ל :
וכילוּר קצת מזמורים ממהר״ר
שנת ליהודים היתה אורה
ושמחה. לפ״ק
פה ויניציאה
ВИНИЦАЙ

אינטערעסאַנט צו באַמערקן : אין בײדע קעפּ פון דעם אויבערשטן שער־בלאַט מערקט זיך אַ זייער דינע האַנטשריפט. איינער אַ בחור לאָזט דאָרט וויסן דער וועלט דורך מיקראָ־סקאָפּישע בוכשטאַבן, אַז ער איז דאָס דער אייגנטימער פון דעם בוך. די אויפשריפט לייענט זיך ווי פאָלגט : „הספר הזה שייך להבחור יהודה ליב ב״ר יהושע העשיל ראַבינאָוויץ״.
דער זעלבער בחור האָט, ווי עס ווייזט אויס, אויך אָנגעשריבן אונטן אויפן שער־בלט אין רוסישע בוכשטאַבן דאָס וואָרט „ויניצאי״, וואָס קוקט אויס פונקט ווי געדרוקט.

דער יונגער דיכטער און דענקער קלעטערט פון שטאַפּל צו שטאַפּל אין דער ליטעראַרישער וועלט. ער שרייבט פאַרשידענע ווערק אויף אַלערליי געביטן און פּאָפּולאַריזירט די גריכיש־אַראַבישע דיכטער און פילאָזאָפן. צוליב

זיין גרויסן שרייבערישן טאַלאַנט און גלענצנדיקן סטיל, ווערט ער געקרוינט מיטן נאָמען „פּניני": דער פּערלדיקער.

הויפּטזעכלעך איז ידעיה היגעריסן געוואָרן פון דעם גרויסן אידישן ליכט־טורעם, דעם רמב"ם, וועלכער האָט אויסגעאיבט אַ גוואַלדיקן איינפלוס אויף יעדן אידישן קולטור־טרעגער. ידעיה הפּניני טרינקט מיט דורשט די טיף־שלאַגנדיקע וואַסערן פון זיין גרויסן לערער און וועג־ווייזער, און ווערט פאַרכאַפּט און פאַרטיפט אין זיינע לערן.

באַלד וואַרפט זיך אַריין ידעיה הפּניני אין קאַמף אַנטקעגן די גרויסע רבנים פון זיין דור, וואָס האָבן דערקלערט אַ פאַרבאָט אויף דעם לימוד פון פילאָזאָפיע און פרייען פאַרשן. ער שרייבט אַוועק אַ לאַנגן בריוו, באַרימט אונטערן נאָמען „אגרת ההתנצלות", צום באַרימטן תלמודישן גאון רשב"א, וואו ער פאַרטיידיגט מיט שטורם און ברען דאָס לערנען פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. דאָרט זאָגט ער צווישן אַנדערעס:

„די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג איז אונזער אָטעם, אונזער זון און אונזער לעבן. און אז עס זאָל אפילו קומען יהושע בן נון און זאָל וועלן אָפּשטעלן די זון פון בילדונג, וועט אים קיינער ניט פאָלגן. וואָרעם אונזער גרויסער רבי, דער רמב"ם, האָט אונז אַן אַנדער תורה געלאָזן בירושה. מיט איר וועלן מיר זיך ניט שיידן, און טריי וועלן מיר זי איבערגעבן צו די קומנדיקע דורות".

אונטער דעם איינדרוק פון דעם גרויסן וויכוח מיט די רבנים האָט ידעיה אָנגעשריבן זיין הויפּט־ווערק „בחינת עולם" (אַן אָפּשאַצונג פון דער וועלט), וואָס האָט פאַראייביקט זיין נאָמען און אים געשאַפן אַן אומפאַרגעסלעכן מאָנומענט. דאָס בוך האָט זוכה געווען אַרויסצוגיין אין זיבעציק אויפלאַגעס, מיט אַ סך פירושים און איז איבערזעצט געוואָרן אין אַלע לעבעדיקע שפּראַכן.

אויסער זיין מאָנומענטאַלע ווערק „בחינת עולם", האָט ידעיה אויך פאַר־פאַסט אַ פילאָזאָפישן ספר „לשון הזהב". (דער שער־בלאַט פון וועלכן ווערט דאָ רעפּראָדוצירט). דאָך בוך אַנטהאַלט פילאָזאָפישע דערקלערונגען און בליצנדע געדאַנקען אין פאַרבינדונג מיט פאַרשידענע שטעלן אין מדרש תהלים.

### אויסצוג פון ספר „לשון הזהב":

ווען גאָט האָט באַוויליקט צו געבן די תורה צו די אידן, זיינען געקומען די מלאכים און געזאָגט צו אים: מה אנוש, כי תזכרנו? וואָרום אַוועקגעבן די תורה צו אונזערע נישטיקע ברואים, אַז מיר, מלאכים, האַלטן די תורה אין פאַרהייליקן אויפן העכסטן אופן?

האָט גאָט געזאָגט צו די מלאכים: די תורה קאָן זיך ניט האַלטן אויף אייך. איר פּרוכפּערט זיך ניט, איר שטאַרבט ניט, איר קרענקט ניט און לײַדט ניט. אייער עקזיסטענץ איז אייביקייט, אייער טבע איז פעסטגעשטעלט, אייערע אייגנשאַפטן זיינען באַשטימט, אייערע מידות זיינען פּינקטלעכקייט און פולקאָמענהייט. אייער וועג איז אַ גלייכע ליניע אָן אַן אָפּקער און אָן אַן אָפּנויג. די תורה אָבער אַנטהאַלט אַ לערע ווי אויסצוקלייבן צווישן גוטס און שלעכטס, ווי צו אונטער־דריקן ליידנשאַפטן, ווי צו אַנטוויקלען וואוילטאַטן און ווי אָנצופירן די גרויסע מלחמה צווישן דעם יצר טוב און יצר הרע.

דאַרום איז די תורה גוט צוגעפּאַסט צו די מענטשן־קינדער. ווייל זייער שכל איז ניט פאַרפולקאָמט; זייער לעבנס־וועג איז ניט פאַר־אויס באַשטימט; זייער טבע איז ניט פעסטגעשטעלט; זייער מוח און זייער האַרץ איז שלאַבערדיק און אוממעכטיק.

די תורה וועט זיין דעם מענטשנס פעסטונג אין קאַמף מיט ליידנשאַפטן און זינדיקייט. די תורה וועט זיי ברענגען גבורה און אָפּערווילקייט און וועט באַפרידיקן זייער גייסטיקע דורשטיקייט. די תורה וועט ברענגען מילך און האָניק צו זייער זעלישקייט און וועט זיי אויסאיידלען, אויסלייטערן און אויפהויבן צו דער מדרגה פון שבת־רו און יום־טוב׳דיקייט.

*

די אידן האָבן געזאָגט צו גאָט: ווען וועסטו אונז שוין אויס־לייזן פון אונזער שווערן גלות? און גאָט האָט זיי געענטפערט: ווען איר וועט אַרונטערפאַלן צו דער נידעריקסטער שטופע. דוד המלך האָט אויפן סמך פון דעם געדאַנק אויסגעשריען: קומה ה׳ עזרתה לנו, כי שחה לעפר נפשנו!

ווייל ווען אַ מענטש אָדער אַ פאָלק געפינט זיך אין אַ פּיינלעכן צושטאַנד, הויבט ער זיך אָן אַרומקוקן און אַרומטראַכטן וועגן זיינע טאַטן און פירונגען. און דאָס איז דער אָנפאַנג פון זיין רעטונג, ווי עס שטייט געשריבן: ויאנחו בני ישראל מן העבודה ויזעקו. אַז מען איז צעוויטאָקט שרייט מען, און דאָס שרייען פירט צו תשובה און חרטה און דאָס פירט צו רעטונג און דערהויבונג.

די טבע פון אַ מענטשן איז, אַז וואָס מער ער האַלט אין פאַלן, אַלץ וויניקער איז ער פּאַסנד צו דערנענטערן זיך צו אַ גליקלעכן צושטאַנד. אָבער לויט דער הימלישער השגחה איז גראָדע דער גע־

פּאַלענער מענטש אין אַ פּאַסנדן צושטאַנד צו ווערן דערהויבן און באַגליקט.

און אַזוי אויך האָבן דערקלערט אונזערע חכמים: משיח קאָן קומען אין אַ דור וואָס איז אַוויינגעטונקען אין שלעכטס. ווייל אין אַזאַ צושטאַנד גיט מען זיך אָפּ חשבון הנפש און מען הויבט אָן אַריינקוקן אין זיך. און דאָס אַריינקוקן אין זיך פירט שוין צו חרטה, צו תשובה, צו דערהויבונג און גליק.

## אויסצוג פון „בחינת עולם":

די וועלט איז אַ ברייטער, ברויזנדער ים, און די צייט איז אַ וואַקלדיקער בריק איבער איר; אַ בריק וואָס הענגט אויף שוואַכע שטריק, שטריק וואָס האַלטן זיך אין רייסן און צעשטערן. דער דאָזיקער בריק איז ברייט ווי אַ שפּאַן אָן פּאַרענטשעס און אָן אָן אָנהאַלט. און דו, בן־אדם, ביזט געצוואונגען צו שפּאַנען אָן אויפהער איבער דעם ענגען דורכגאַנג דיין גאַנצן לעבן לאַנג. זע, ווי שמאָל איז דיין וועג. קאָנסט זיך ניט אָפּקערן ניט רעכטס און ניט לינקס. און נאָך חלום׳סטו וועגן מאַכט, גרויסקייט און גלאַנץ? זע, פון רעכטס און פון לינקס לויערן אויף דיר טויט און פאַרדאַרבונג. און נאָך האָט דיין האַרץ דעם מוט ניט פאַרלאָרן? און נאָך אַלץ קענסטו מיט שטאָלץ דיין אָרעם דערהויבן? פאַרלאָזט זיך אפשר אויף די גרויסע רייכטימער וואָס דו האָסט דערוואָרבן? האָפסט דורך זיי געפינען אַ שוץ קעגן דעם גוואַלדיקן שטורם פון׳ם ברויזנדיקן ים מיט זיינע מעכטיקע כוואַליעס? פּרואווסט זיך שטעלן אַנטקעגן דעם ווילדן כעס פון ים אוקינוס? דו לאָז זיך, לאָז זיך פאַרפירן פון דיינע שפּי־נענדיקע חלומות. באַריר נאָר דעם שוימיקן בעכער פון גאוה און שטאָלץ, און גלייך וואַקלען שוין דיינע טריט אויף דעם שמאָלינקן דורכגאַנג, און שוין ביזטו פאַרלאָרן און פאַלסט אין די טיפע תהום׳ען, און פאַלסט פון אָפּגרונט צו אָפּגרונט, און קיינער קאָן דיך ניט רעטן, און קיינער וועט צו דיר ניט רופן: אַ, קום צוריק אַהער!

*

און דער מענטש, די מאַכטלאָזע פליג מיט די אונטערגעהאַקטע פליגל מוז זיך גראַבלען אין דעם שמוציקן שטייגל, די ערד, וואָס האָט זיך ווי אַ קליין זעמדעלע פאַרבלאַנדזשעט צווישן די מילי־מיליאַרדן שטערן... מוז זיין אַ ציל־ברעט פאַר יעדן צער און שטורם וואָס ווייסן ניט פון קיין רחמנות, אַ שפּיל פאַר דעם בלינדן

צופאַל וואָס באַשיינקט מיט אַלעס גוטס די נישטיקע און שענדלעכע, און באַהאַנדלט ווי שטיפקינדער די בעסטע און אויסדערוויילטע. די שאַלאַכץ און דער אָפפאַל ווערט באַזאַרגט און געהיט, און די זאַפטיקע קערנער ווערן מיט די פיס געטראָטן. די צעדערן פון לבנון ווערן פאַרברענט, און די שטעכיקע דערנער לעבן און געדייען.

# ספר העיקרים

(דאָס בוך וועגן די הויפּט־פּרינציפּן)

(מיט דעם פירוש „עץ שתול")

## געדרוקט אין 1618

פון יוסף אלבא, גייסטרייכער פילאָזאָף, וויסנשאַפטסמאַן, מעדיצינער, פּרעדיגער און גייסטיקער פירער. (געבאָרן 1380 — געשטאָרבן 1444). געדרוקט, 1618, דורך פּיטער און לאָרענץ בראַגאַדין, קריסטלעכע דרוקערס, אין ווענעציע, איטאַליע. אַ בוך פון גרויסן פאָרמאַט. אַנטהאַלט 292 זייטן.

דאָס בוך הויבט זיך אָן מיט עטלעכע הקדמות, געשריבן פון באַרימטע פּערזענלעכקייטן פון דעם 17־טן יאָרהונדערט. דערנאָך פאָלגט אַ פאָרוואָרט, געשריבן פון דעם מפרש (דערקלערער). דאַן קומט אַ לאַנגע איינלייטונג פון אויטאָר און אַן אויספירלעכער אינהאַלט־פאַרצייכעניש.

דאָס בוך ענדיקט זיך מיט אַ צושריפט פון דעם זעצער און מיט אַ ליד, באַזינגנדיק דאָס ווערק, געשריבן פון דעם באַרימטן געלערנטן יהודה אריה די מודענאַ.

דער ספר העיקרים איז איינער פון די פּאָפּולערסטע, פילאָזאָפיש־רע־ליגיעזע אַלט־העברעאישע ביכער, וואָס ווערט אריינגערעכנט צווישן אונזערע קלאַסיקער. עס פאַרנעמט זיך מיט די גרונטלאַגן אָדער הויפּט־פּרינציפּן פון דעם אידישן גלויבן. דאָס בוך האָט זוכה געווען צו ווערן איינס פון די באַ־ליבטסטע און פּאָפּולערסטע ווערק ביי אידן. אַ סך דורות האָבן זיך מיט דעם געקוויקט. פיל געלערנטע האָבן דערויף פּרושים געשריבן און דאָס אי־בערזעצט אויף אַנדערע שפּראַכן.

דאָס בוך באַהאַנדלט די אידישע רעליגיעזע וועלט־אַנשויאונג. און געשריבן איז דאָס נישט אין דער פאָרם פון אַ טיפן חקירה־ספר, נאָר ווי אַ פּאָפּולערער פאָלקס־בוך, אין אַ פאַרשטענדלעכן אופן און אין אַ קלאָרער שפּראַך.

אין זיינע פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, באַנוצט זיך דער אויטאָר מיט אַלערליי מעדיצינישע טערמינען און פאַר־גלייכונגען, אַזוי אויך מיט געאָמעטרישע פיגורן און צייכענונגען, דורך וועלכע דער שרייבער זוכט צו אילוסטרירן די וויסנשאַפטלעכע גרונטלאַגן פון זיינע פאָרשונגען.


ספר
עץ שתול
עץ שתול
בויניציאה
פייטרו ולורינצו בראגדין
Appresso i Clarissimi Signori Pietro e
Lorenzo Bragadin.

דער אורשפרונג פון דעם „ספר העיקרים" ווערט צוגעשריבן צו דער גרויסער דעבאַטע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט טאָרטאָרא (שפּאַניען) אין די יאָרן 1413—1414.

פון די אַלע גרויסע דעבאַטן און וכוחים וואָס די קריסטלעכע קירך האָט אַרויפגעצוואונגען אויף אידן, איז יענע דעבאַטע געווען די וויכטיקסטע און די לענגסטע. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ יאָר מיט 9 מאָנאַטן און איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון דעם פויפּסט בענעדיקט דעם 13־טן מיט דער סאַנקציע פון קעניג פערדינאַנד.

דער בריוו וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דעם פויפּסט צו אַלע אידישע קהלות אין שפּאַניען און דאַטירט דעם 26־טן נאָוועמבער, 1412, און לייענט זיך טיילוויז ווי פאָלגט:

„זייענדיק פאַרפּליכטעט דורך מיין הויכן אַמט צו טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך כדי צו ראַטעווען די נשמות פון מענטשן־קינדער, גלויביקע און ניט־גלויביקע, באַפעלן מיר אייך צו באַשטימען אַלס שלוחים פיר פערזאָנען פון אייערע העכסטע געלערנטע און קענער פון תורת משה. די דאָזיקע שלוחים זאָלן דערשיינען פאַר אונז אין דער באַשטימטער צייט אין אָנגעצייכנטן פּלאַץ, וואָס געפינט זיך אין דעם שטאָאַט פון אונזער טייערן זון פערדינאַנד, קעניג פון אַראַגאָן (שפּאַניע). דאָרטן זאָלן זיי אויסהערן וואָס מיר האָבן צו זאָגן און זיי זאָלן ענטפערן דערויף וואָס מיר וועלן זיי פרעגן“.

„איר זאָלט געדענקען, אַז אויב איר וועט ניט אויספאָלגן אונזער פאַר־אָרדנונג וועלן מיר אייך אונטערוואַרפן צו דער שטראָף וואָס איז באַשטימט פון מענטשלעכן, אַזוי אויך פון הימלישן געזעץ“.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד אונטער דעם פערזענלעכן פאָרזיץ פון פויפּסט און איז בייגעוואוינט געוואָרן דורך די וויכ־טיקסטע פירער פון קירך און שטאָאַט. די דעבאַטעס האָבן אָנגעהאַלטן פון דעם 7־טן פעברואַר, 1913, ביז דעם 13־טן נאָוועמבער, 1414.

דער הויפּט דעבאַטאַנט פון דער קריסטלעכער זייט איז געווען אַ באַ־וואוסטער משומד, וואָס האָט געזוכט צו באַווייזן אַז משיח איז שוין געקומען און אַז יעזוס איז דער משיח. ער האָט זיך אויך געפלייסט אַרויסצואווייזן זיין טרייהייט צו דער קריסטלעכער קירך דורך פאַרפאָלגן זיינע פריערדיקע גלויבנס־גענאָסן. דער פאָרשטייער פון די אידישע קהלות איז געווען דער גרויסער אידישער געלערנטער יוסף אלבא, וועלכער האָט דערנאָך פאַר־פאַסט דעם ספר העיקרים.

צום סוף איז דער פויפּסט זייער אויפגעבראַכט געוואָרן איבער די ניט־גינסטיקע רעזולטאַטן וואָס די דעבאַטע האָט געבראַכט פאַר זיין קירך, און ער האָט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די אידישע דעבאַטאַנטן. יוסף אלבא האָט דאַן גע־מוזט אַנטלויפן און זיך באַזעצן אין אַן אַנדער לאַנד.

די אָנשטרענגונג פון יוסף אלבא, זייענדיק געצוואונגען אָנצופירן די פאַרטיידיגונג פון זיין אמונה דורך אַ משך פון כמעט צוויי יאָר, אין דער אָנ־וועזנהייט פון די העכסטע פריסטער און מלוכה־לייט, האָט אים געבראַכט צו דער איבערצייגונג אַז ס'איז נויטיק אָנצושרייבן אַ ווערק, וואָס זאָל פעסט־שטעלן און דערקלערן דעם סטאַטוס פון קריסטנטום און אידנטום, און וואָס זאָל אָנצייגן דעם פאָרצוג פון אידישן גלויבן אַנטקעגן דעם קריסטלעכן.

שרייבנדיק דאָס בוך האָט יוסף אַלבא באַצוועקט ניט נאָר צו פאַר־טייטשן און דערקלערן די עיקרים פון אידנטום, נאָר אויך באַהיטן אונזערע שריפטן פון פעלשער און פאַרלוימדער וואָס זוכן אונז צו שעדיקן מיט אויס־געטראַכטע טעאָריעס און מיסרעפּרעזענטאַציעס. ביידע צוועקן זיינען אים גוט געלונגען.

דער ספר העיקרים איז באַלד אויפגענומען געוואָרן אַלס איינער פון די פּאָפּולערסטע אידיש־פילאָזאָפישע ווערק, און האָט זוכה געווען צו אַ סך אויפלאַגן און איבערזעצונגען אין אַנדערע שפּראַכן. פיל דורות האָבן זיך דער־מיט געקוויקט. אַ סך געלערנטע האָבן פאַרפאַסט פּרושים צום בוך און איניקע פאָעטן האָבן דאָס באַזונגען.

דאָס בוך איז געשריבן אין אַ קלאָרער העברעאישער שפּראַך, צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך פאַר יעדן איינעם, און איז דורכגעדרונגען מיט אַ האַר־ציקער וואַרימקייט און פּאָעטישן טאָן.

מיט אַ פרייען און שטאָלצן שוואונג זוכט דער בעל העיקרים צוזאַמענ־ברענגען די אוצרות פון קולטור און וויסנשאַפט מיט דעם רעליגיעזן אידישן געדאַנק. ער באַנוגנט זיך ניט אָבער מיט אַבסטראַקטער פילאָזאָפיע, נאָר ער טראָגט אויך אונטער דעם בעכער פון טרייסט צו די שמאַכטנדיקע ליפּן פון זיין ליידנדיקן פאָלק. ער רופט אונז צו פאַרטרייבן דעם יאוש פון אונזערע הערצער, ווייל קומען וועט דער טאָג פון דער גאולה. דער גאָט פון גרויס גנאָד און גע־רעכטיקייט וואַכט איבער אונז.

יוסף אלבאַ האָט נאָך זיך איבערגעלאָזן בלויז איין און איינציק בוך, דעם „ספר העיקרים“, אָבער די ירושה איז געווען אַזאַ וויכטיקע, אַז עס האָט אים געמאַכט אומשטערבלעך.

## אויסצוגן פון ספר העיקרים

### 1
### וועגן דאַוונען

איניקע פילאָזאָפן באַהויפּטן, אַז דאָס דאַוונען און תפלה־טאָן קאָנען ניט איבערבייטן דעם גאַנג פון די נאַטירלעכע לעבנס־געזעצן. דאָס דאַוונען זאָגן זיי, קאָן ניט פאַראורזאַכן קיין ישועה אָדער גליקזעליקייט אין פאַל ווען ס׳איז ניטאָ קיין באַדן פאַר דער ישועה אָדער גליקזעליקייט. דאָס דאַוונען, זאָגן זיי ווייטער, קאָן אויך ניט דערלייזן עמיצן פון שלעכטס אָדער אומגליק, אויב דאָס שלעכטס אָדער דער אומגליק שטייען גרייט און פאַרברייטעט צו קומען אויפן מענטשן.

אַזאַ מיינונג איז אָבער גאָר, גאָר ניט ריכטיק.

ווארום עס איז באַשטימט פאַראַן אין אונזער וועלט אַזאַ גייס־טיקע קראַפט אָדער אַזאַ איבערשטע השפעה וואָס קען באאיינפלוסן דעם מענטשנס לעבנס־גאַנג און זיין וואוילזיין. אָבער אום צו זיין פייאיק אויפצונעמען די גייסטיקע השפעה, פאָדערט זיך אַ געווויסע פאַרברייטונג און אַ פאַסנדער געמיט־צושטאַנד. און דאָס קאָן דער־גרייכט ווערן דורך דעם מענטשנס גוטע אויפירונג, ווי אויך דורך דאַווגען און תפלה טאָן.

אויב דער מענטש איז גייסטיק צוגעגרייט און גוט פאַרבאַריי־טעט, דאַן קאָן ער צוציען צו זיך גוטס און גליקזעליקייט, און ער קאָן אויך אָוועקשטויסן פון זיך דאָס שלעכטס און בייז וואָס לאָקערט אויף אים. פאַרקערט אָבער, אויב ער האָט אַנטוויקלט אין זיך אַ שוואַכע אויפנאַמס־פייאיקייט צו גוטס, אָדער אַ שוואַכן ווידערשטאַנד צו שלעכטס, דאַן קאָן די גייסטיקע השפעה קיין שליטה ניט האָבן.

די אויפנאַמס־פייאיקייט צו גוטס און דער ווידערשטאַנד צו שלעכטס קאָן זיך אָבער בייטן ביים מענטשן. דאָס קאָן זיך אַנט־וויקלען און דערהויבן לויט זיין געהויבענער אויפפירונג, וואָס מיינט גוטע מעשים, און לויט זיין דערהויבענעם געמיט־צושטאַנד וואָס קומט דורך האַרציקער תפלה און בקשה צו גאָט.

דורך אַ גוטע אויפירונג און דורך תפלה־טאָן קאָן דער מענטש איבערבייטן אַ שלעכטן צושטאַנד אין וועלכן ער געפינט זיך. ער קאָן אויפנעמען די גוטע השפעה וואָס שוועבט אַרום אים, און ער קאָן אויך מבטל מאַכן דאָס שלעכטס וואָס איז צוגעגרייט פאַר אים.

## 2

## האָפענונגען

אין פלוג קאָן מען זאָגן אַז האָפנונג איז ניט קיין נאַטירלעכע און ניט קיין נאָרמאַלע אייגנשאַפט. האָפנונג איז אַ טרוים אויפן וואָר. האָפן מיינט פאַנטאַזירן, ניט געברויכן דעם שכל הישר, נאָר וואַרטן אויף נסים.

אָבער אַזאַ באַגריף פון האָפנונג איז גאָר ניט אמת. האָפנונג איז קראַפט און קראַפט איז האָפנונג. האָפנונג איז אַ באַלזאַם פאַר דער נשמה און אויך אַ לעבנס־נערוו פאַרן קערפער.

בטחון און האָפנונג פאַר אונזער פאָלק, דאָס איז אונזער שוץ און שטיצע. הגם מיר האָבן דערגרייכט די לעצטע שטופע פון ראַנד פון אָפּגרונט, דאַרפן מיר האָפן און זיכער זיין, אַז מיר וועלן דערלייזט ווערן. דער גאָט פון גנאָד און גערעכטיקייט, דער גאָט פון אמת און יושר, ער וועט אויסגיסן זיין גרויסן חסד אויף אונז, זיינע פאַר׳חושכ׳טע, פאַראַרימטע קינדער, קינדער פון צער און וואָגל.

הגם מיר ווערן ווי די שאָף געשאָכטן, און די צרות דריקן אויף אונז ווי שווערע וואָלקנס, דאָך טאָרן מיר ניט פאַרלירן די האָפנונג. הגם מיר ווערן מיט די פיס געטראָטן, מוזן מיר דעם יאוש פאַרטרייבן פון אונזערע הערצער.

עס זיינען פאַראַן צוויי קאַטעגאָריעס פון האָפנונג. איינער האָפט אויף אַ רעגן אין אַ טרוקענעם זומער, און אַ צווייטער האָפט אויף זון־אויפגאַנג אין אַ פינסטערער נאַכט.

דער ערשטער איז זיכער אַז מיר וועלן האָבן רעגן. ער קאָן אָבער ניט פעסטשטעלן די צייט ווען דער רעגן וועט קומען. דער צווייטער איז ניט נאָר זיכער אַז די זון וועט אויפגיין, נאָר ער ווייסט אויך באַשטימט די ריכטיקע מינוט ווען די זון וועט אויפגיין.

דער טאָג פון דער גאולה, פון דער אידישער באַפרייאונג וועט קומען. און הגם מיר ווייסן ניט ווען דער טאָג וועט אויספאַלן, זיינען מיר אָבער זיכער אַז דער טאָג וועט קומען. ווייל נאָך אַ פינסטערער נאַכט מוז קומען דער ליכטיקער טאָג.

מיר זיינען געגליכן צו א שווער קראַנקן, וואָס ליגט צו בעט אין גרויסע שמערצן. אַלע פעלקער אַרום אונז רעכענען אונז שוין אַלס פאַרלאָרן. אָבער מיר ווייסן, אַז אין אונזער אומה איז דאָ לעבן, גייסטיקער און פיזישער לעבן. ניט אויסגעלאָשן איז אין אונז און וועט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן אונזער אַלטע קראַפט; און אויפשטיין וועט די קראַפט צו אַ ניי־לעבן.

## געזעצן

### 3

די הייליקע געזעצן פון דער תורה שטייען אין א סך הינזיכטן העכער פון די מענטשלעכע געזעצן פון שטאַאַט. די מענטשלעכע געזעצן באַצוועקן הויפּטזעכלעך דעם וואוילזיין פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אָבער ניט די אויסאיידלונג און פאַרפיינערונג פון

דעם מענשלעכן גייסט. די הייליקע געזעצן אָבער, כאָטש זיי פאַ־דערן פון מענטשן די זעלבע פאַרפליכטונגען ווי די געזעצן פון שטאַאַט, שטעלן זיי אָבער דעם טראָפּ אויף דער כונה אָדער מאָטיוו פון דער מענטשלעכער האַנדלונג.

דאָס גוטע און דאָס שלעכטע אין דעם רעליגיעזן זין, מיינט ניט נאָר די גוטע און שלעכטע האַנדלונגען, נאָר אויך די גוטע און שלעכטע אַבזיכטן וואָס פירן צו יעדער האַנדלונג. דאָס זעלבע באַ־ציט זיך אויך אויף די גוטע און שלעכטע אייגנשאַפטן. עס דאַרף געגומען ווערן אין באַטראַכט ניט נאָר אין וואָס די אייגנשאַפטן דריקן זיך אויס, נאָר אויך די מאָטיוון וואָס ליגן פאַרבאָרגן אונטער די אייגנשאַפטן.

4

דאָס מענטשלעכע גלויבן פירט צו גליקזעלעקייט און דערהויבנ־קייט. דאָס דאַרפן מיר גוט אונטערשיידן צווישן דעם אמת'ן און פאַלשן גלויבן. מיר טאָרן ניט פאַרגעסן אַז בלויז יענער גלויבן איז אמת, וואָס דערהויבט דעם מענטשן צו אַ העכרן מאָראַלישן שטאַנד.

דארום דאַרף דער מענטש ניט גלויבן אין אַלץ וואָס ער הערט, נאָר ער דאַרף גוט אונטערזוכן דעם אינהאַלט פון יעדן גלויבן און דעם רעזולטאַט וואָס עס באַצוועקט. אַ גלויבן וואָס האָט ניט קיין באַרעכטיקונג און קיין צוועקמעסיקייט, טאָר ניט און דאַרף ניט אָנגענומען ווערן.

5

אסקעטיזם (זעלבסט־פייניקונג)

אין באַצוג צו דער מענטשלעכער אויפירונג זיינען פאַראַן צווייערליי סיסטעמען (וואָס גייען זיך שטאַרק פונאַנדער. די סיס־טעמע פון אַסקעטיזם (פייניקן זיך) און די סיסטעמע פון עפּיקורעאַ־ניזם (טאָן זיך פאַרגעניגן). די אידישע לערע פון אויפירונג איז דער גאָלדענער מיטל־וועג צווישן דיביידע סיסטעמען. דאָס אידנ־טום לערנט אַז אַ מענטש טאָר זיך ניט איבערגעבן צו הוילע פאַר־געניגנס. ער דאַרף זיך אָבער ניט פייניקן. לויט דער אידישער אויפאַסונג האָט דער אַסקעטיזם ביי אונז ניט קיין עקזיסטענץ־באַ־רעכטיקונג.

# שאלות ותשובות

(פון רשב״א)

## גערדוקט אין 1610

**גערדוקט, 1610, אין האַנוא, (דייטשלאַנד). דורך דעם קריסטלעכן דרוקער האַנס יאַקופ הענע. דאָס בוך ענטהאַלט 644 זייטן, מיטעלן פאָרמאַט, רש״י כתב, און איז געזעצט צו צוויי קאָלומס אויף אַ זייט.**

איינער פון די גרעסטע אויטאריטעטן און זשעני אויף אַלע געביטן פון רבני׳שער און וועלטלעכער וויסנשאַפט; קעמפער און פירער, גרויסער מפרש פון תלמוד, פּליסיקער שרייבער און אויטאָר פון פילע ספרים.

אָפיציעל איז דער רשב״א געווען רב אין באַרצעלאָנאַ (שפּאַניע), אָבער זיין איינפלוס און פּאָפּולאַריטעט האָט זיך געשפּרייט אויף דער גאַנצער אידי־שער וועלט און האָט פאַראייביקט זיינע גרויסע אויפטואונגען און שאַפונגען.

דער רשב״א איז געווען אַ פּלייסיקער תלמיד פון רמב״ן און האָט געטריי נאָכגעפאָלגט די פוסטריט פון זיין גרויסן רבי׳ן.

פון זיין פריסטער יוגנט האָט זיך דער רשב״א קונה שם געווען אַלס גרויסער מייסטער אין ש״ס און פוסקים און אַן אויטאָריטעט אין הלכה. ער האָט געשריבן פירושים אויף די גרעסטע מסכתות אין תלמוד. און די דאָ־זיקע פירושים, וואָס טראָגן דעם נאָמען „חידושי הרשב״א, שטייגט ער אַריבער זיין גרויסן רבי׳ן אין חריפות. דא פאַרטיפט זיך דער רשב״א מיט גרויס פלייס, אַנאַליזירט און פאָרשט די קעגנגעזעצטע שטעלן און זוכט צו באַ־לייכטן אַלע סתירות אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן. עס איז כמעט ניטאָ קיין בלאַט אין תלמוד, פון וועלכן דער רשב״א זאָל ניט האָבן ציטירט גרעסערע אָדער קלענערע שטעלן. זיינע חדושים זיינען אַ דענקמאָל פון גרויסער בקיאות, וואונדערלעכער חריפות און שאַרפן אַנאַליטישן שכל.

זיין שטאַרקער איינפלוס אויף זיין דור האָט זיך הויפּטזעכלעך גענומען פון זיין קומען אין פערזענלעכער און שריפטלעכער באַרירונג מיט דעם גאַנצן אידישן לעבן. אָט בויט ער אויף די גרעסטע ישיבה, וועלכע ציט צו תלמידים פון גאָר דער וועלט. אָט באַקומט ער אַ רוף פון די אידן פון רוים צו פאַרשאַפן זיי אַ קאָפּיע פון דעם רמב״ם׳ס פירוש אויף דער משנה. וואַרפט זיך רשב״א אַריין אין דער אַרבעט, און עס ווערט פאַרענדיקט די וויכטיקע היסטאָרישע אַרבעט פון איבערזעצן פון אַראַביש אין לשון קודש דעם וויכטיקן בוך פון רמב״ם. אָט פאַרפירט דער רשב״א אַ הייסן פּאָלעמישן קאַמף מיט דעם

פאַנאַטישן קריסטלעכן מאָנאַך ריימאָנד מאַרטיני און שטויסט צוריק זיינע בייזוויליקע אַטאַקעס אויפן אידנטום. און אָט רייסט ער אַרונטער די מאַסקע פון אַ פאַלשן משיח, וואָס פירט אַרונטער פון וועג די אידן פון סיציליע.


שאלות ותשובות
שחיבר המאור הגדול הרב רבינו
שלמה בן אדרת אשר האיר כם עיני
ישראל בבקיאותו ובפלפולו :
נדפסו כתיקון רב ובתוספת מראה מקום
הפסוקים והגמרא :
תחת ממשלת ורשיון השר אלדוכיכו המרומם
פיליפוס לודויק יר"ה ותנשא כבודו
יאריך ימים הוא וכניו על ממשלתו
בנעימים
ו.ג.הי מלאכתו בשנת ויבא יעקב
שלם בעיר החדשה מהולית
קק
האנווא
בבית האומן המפואר
הנש יאקופ הענה :

זיין שאַפונג אָבער, וואָס האָט אַמערסטן באַרימט געמאַכט זיין גייסט־רייכקייט, געלערזאַמקייט און חריפות, ליגט אויף דעם פעלד פון שאלות און תשובות.

די אידן פון דער גאַנצער וועלט האָבן געשטרעקט זייערע הענט צום רשב"א מיט בקשות אַרויסצוזאָגן זיינע מיינונגען און באַשלוסן וועגן אַלער־

ליי פראַגן. פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אי־טאַליע, פון צפון־אַפריקע און קליין־אַזיע, פון איבעראַל האָט מען זיך גע־ווענדעט צום רשב״א מיט פאַרשידענע רעליגיעזע, געזעלשאַפטלעכע, אינדיווי־דועלע אנגעלעגנהייטן. אַלס פליסיקער שרייבער און גרינטלעכער דענקער און קענער פון אידישן לעבן, האָט דער רשב״א געפירט אַ גרויסן פאַר־צווייגטן בריוו־אויסטויש מיט די גרעסטע גדולי הדור, קהילות און יחידים. צו זיינע שכל׳דיקע תשובות און החלטות האָט מען זיך איבעראַל באַצויגן מיט גרויסן רעספּעקט. דורך זיין גייסטיקער עשירות האָט ער אויסגעאיבט אַ געוואַל־טיקן איינפלוס ניט נאָר אויף זיין דור נאָר אויך אויף די אַלע דורות, וואָס זיינען געקומען נאָך אים.

אין די שאלות און תשובות פון רשב״א זיינען פאַראַן וויכטיקע היס־טאָרישע פאַרצייכנונגען, וואָס שפּיגלען אין זיך אָפּ דאָס אידישע לעבן פון יענער צייט. דאָ זיינען אויך פאַראַן פּאָלעמישע ענטפערס וועגן אַלערליי לעבנס־פראַגן און פּאַסירונגען. דער רשב״א דריקט דאָ אויס זיין שטעלונג צו אַלערליי פילאָזאָפישע, טראַדיציאָנעלע, קהל׳שע און אַנדערע ענינים, וואָס שטיצן זיך אָפּטמאָל אויף ראיות פון נאַטור וויסנשאַפט. אין דעם פעלד פון הלכה ווערן זיינע קלאָרע, אָפּגעשליפענע ענטפערס אָנגענומען ביז היינטיקן טאָג אַלס ענטגיל־טיקע פּסקים.

דאָס ווערק אַנטהאַלט 1255 שאלות און תשובות און שטעלט מיט זיך פאָר, לויט דעם פאָרנעם און אינערליכן ווערט, אַ מאָנומענטאַלע שאַפונג אין דער אידישער ליטעראַטור, פון וואַנען עס שעפּן רבנים, היסטאָריקער, סאָציאָ־לאָגן און ליטעראַטור־פאָרשער פאַרשידנאַרטיקע ידיעות. יעדער איינער געפינט אין דעם בוך מאַטעריאַלן פאַר זיינע פאָרשונגען. יעדער איינער שעפּט פון דאָרט קלוגשאַפט און אינפאָרמאַציע.

## שאלה

אַ איד מיט׳ן נאָמען ראובן האָט געהאַט אַ צייגניש, גע׳חתמ׳עט פון קעניג און באַשטעטיקט מיט׳ן קעניגלעכן זיגל, אַז ער, ראובן, איז באַפרייט פון אַלע שטייערן און צינזן, וואָס די אידישע גע־מיינדע דאַרף צאָלן צו דער מלוכה.

פרעגט זיך, צי איז ראובן באַפרייט פון צאָלן אויך די ספּע־ציעלע שטייערן, וואָס די אידישע קהלה לייגט אַרויף אויף אירע מיטגלידער, כדי צו דעקן די הוצאות, וואָס קאָסט צו פאַרהיטן די אידן פון שלעכטע גזרות.

למשל, מען דאַרף אונטערקויפן די באַאַמטע זיי זאָלן באַשיצן די אידן פון אומאָרדנונגען און שחיטות אין דעם משך פון די

גוי׳ישע חגאות בעת דער המון איז צעיושעט. אָדער די באַמטע זאָלן דערלויבן צו פאַרקלענערן דעם שאַנד־פלעק וואָס די אידן דאַרפן טראָגן אויף זייערע קליידער. אָדער ווען עס גייט אַרויס אַ באַפעל, אַז די קהלה מוז צוריקקערן צום קיסר אַלע פּראָצענטן, וואָס אידן האָבן גענומען ביי גוים.

טענה׳ט דער איד ראובן, אַז ווי באַלד ער איז באַפרייט געוואָרן פון די אַלגעמיינע שטייערן, איז ער אויך באַפרייט פון צאָלן די ספּעציעלע שטייערן. אויסער דעם האָט ער אַזאַ טענה: היות די אויסגאַבן זיינען שוין געדעקט געוואָרן, איז אפילו ווען ער וואָלט מחויב געווען אָנטיילצונעמען דערין, דאַרף ער איצט באַפרייט ווערן דערפון. דאָס איז פּונקט די זעלבע זאַך, זאָגט ער, ווי איינער באַצאָלט ניט־געבעטענערהייט דעם אַנדערנס חוב. אין אַזאַ פאַל האָט דאָך דער אַנדערער אַ רעכט צו אַנטזאָגן זיך אומצוקערן דעם ערשטן זיין געלט, וואָס יענער האָט באַצאָלט גאָר ניט אָנפרעגנדיק זיך ביים צווייטן.

טענה׳ט אָבער די געמיינדע, אַז דער אָנגעגעבענער פאַל פון אַ יחיד איז גאָר ניט עהנליך צום פאַל פון אַ רבים, וואו יעדער איינער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אַנדערן. אין אַ אידישער געמיינדע, וואו אַלע טראָגן דעם זעלבן גורל, מוז דער כלל אויסלייגן געלט פאַר יעדן איינעם, גאָר ניט אָנפרעגנדיק זיך ביי יעדן איינעם. און דער יחיד מוז צוריקקערן דאָס געלט, וואָס די קהלה האָט פאַר אים אויס־געלייגט. ווייל אין דער צייט פון אַן עת צרה קאָן דאָך די געמיינדע ניט וואַרטן ביז וואַנען מען וועט צונויפקלייבן די צאָלונגען פון די מיטגלידער.

בעטן מיר איך, מורנו ורבנו, ענטפערן אונז אויף וועמעס זייט איז דער דין.

## תשובה

די קהלה איז זייער גערעכט. ווייל הגם דער איד ראובן איז באַ־פרייט פון צאָלן די מלוכה שטייערן, וואָס ווערן אַרויפגעלייגט אויף דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, נויטיקט ער זיך דאָך אין באַשיצונג און פאַרטיידיגונג, מיט וועלכע די קהלה פאַרזאָרגט אים. און היות ער געניסט פון דער באַשיצונג, מוז ער זיך באַטייליקן אין די הוצאות, וואָס זיינען פאַרבונדן דערמיט. אמת, דער קעניג האָט אים באַפרייט פון צאָלן שטייערן, אָבער ער האָט דאָך אים ניט באַפרייט פון צו טראָגן דעם שאַנד־פלעק, די געלע לאַטע אויף זיין

פלייצע. און דער קעניג האָט דאָך ניט געצוואונגען די אידן צו אונ־טערקויפן די באַאַמטע כדי צו פאַרקלענערן זיין געלע לאַטע.

דער קעניג האָט אויך ניט געצוואונגען די אידישע געמיינדע צו ראַטעווען דעם אידנ׳ס האָב און גוטס פון קאָנפיסקאַציע פאַר נעמען הויכע פּראָצענטער. אַ פשיטא, אַז ער אַליין איז דאָס דער יעניקער, וואָס האָט געריסן די הויכע פּראָצענטער.

עס האָט אויך קיין האָפּט ניט זיין באַהויפטונג, אַז דערמיט וואָס די קהלה האָט שוין באַצאָלט זיין חלק פון די אויסגאַבן, האָט זי זיך געשטעלט אין דער קאַטעגאָריע פון איינעם, וואָס צאָלט אָפּ דעם חוב פון אַ צווייטן ניט זייענדיק אויטאָריזירט דערצו.

דורך אַזאַ טענה קען זיך דאָך יעדער מיטגליד אויסדרייען פון צו באַצאָלן זיין שטייער. די פירער פון דער געמיינדע זיינען דאָך געצוואונגען צו באַצאָלן דעם שטייער איידער זיי קלויבן צוזאַמען דיביישטייערונגען. זיי זיינען דאָך דערוויילט געוואָרן פון דער גאַנ־צער אידישער באַפעלקערונג צו טאָן זייערע פליכטן און צו באַשיצן אונזערע ברידער, די קינדער פון ישראל.

# שבט יהודה

(די בייטש איבער יהודה)

אין דער פאַרפאַסונג פון דעם בוך „שבט יהודה" האָבן אָנטייל גענומען דריי דורות, אַן עלטער פאָטער, אַן איניקל און אַן אור־איניקל.

דער עלטער־פאָטער רבי יהודה אבן־ווערגאַ, אַ פאַרוואַנדטער פון אברבנאל פאַמיליע, אַ באַוואוסטער געלערטער און אַסטראָנאָמער, (געלעבט אין שפּאַניע ארום 1450), האָט אָנגעהויבן פאַרצייכנען די גזרות און צרות אויף אידן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פאַרשידענע צייטן.

זיין איניקל, רבי שלמה אבן ווערגאַ, וועלכער איז פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, און האָט זיך באַזעצט אין טערקיי, האָט פאָרגע־זעצט די אַרבעט פון זיין עלטער־פאָטער אויפן געביט פון אידישער היסטאָריע. איבערלעבנדיק אַליין די גרויזאַמע דערפאַרונג פון וואָגל און פאַרפאָלגונגען, האָט שלמה אבן ווערגאַ אַריינגעפירט אין בוך 64 פאַלן פון אידישער מאַרטי־ראָלאָגיע אין דער פאָרם פון דערציילונגען און לעגענדן. ער האָט אַ נאָמען גע־









פייניגונגס־צימער ביי דער אינקוויזיציע.

געבן דאָס בוך „שבט יהודה“ און האַלטנדיק דאָס ביי פאַרענדיקן האָט ער איבערגעגעבן דאָס ווערק צו זיין זון יוסף.

דער לעצטער, יוסף אבן ווערגאַ, אַ רב און גייסטיקער פירער פון דער שטאָט אַדריאַנאָפּאָל, האָט זיך אויך באַטייליקט אין דעם בוך מיט אַ היבשן מאַטעריאַל. ער האָט פאַרענדיקט די אַרבעט און דאָס אָפּגעדרוקט אונטערן נאָמען פון זיין פאָטער שבט יהודה.

און ווייל עס האָבן זיך באַטייליקט אין בוך דריי פאַרפאַסער, זעט זיך דאָרט אַ מאַנגל אין סיסטעמאַטישער גאַנצקייט, עס פעלט דאָרט אַ באַשטימטער פּלאַן, און עס זיינען אריינגעפאַלן אין טעקסט איינזיקע אומפּינקטלעכקייטן.

דאָס בוך „שבט יהודה“ איז אַ כראָניק פון צער און נויט, פון וויי און טרויער. ווי אין אַ קאַלײדאסקאָפּ פאָלגן אין בוך איין שוידערלעכע סצענע נאָך דער אַנדערער, וואָס מאַכן אַ גוואַלדיקן רושם מיט זייער טראַגישן פּאַטאָס אויף יעדן לייענער.

דער שרייבער וואָס איז אַליין דורכגעגאַנגען די אַלע שרעקן פון אינקוויזיציע און פון גרויסן גרוש, גיט איבער אין העכסט טונקעלע פאַרבן דעם פאַרכטיקן צושטאַנד פון יענער פינסטערער עפּאָכע, וואָס דערמאָנט זייער שטאַרק אין דעם איצטיקן אידישן צושטאַנד אין דייטשלאַנד און פוילן. עס איז געווען געענוג אַז עפּעס אַ מנובל, אַ האַלב משוגענער, אָדער נידערטרעכטיקער פאַרברעכער זאָל אויסטראַכטן אַ ווילדן בלבול אויף אידן, און שוין זיינען גאַנצע אידישע קהלות געשטעלט געוואָרן אין דער גרעסטער געפאַר, און הונדערטער מענטשן זיינען ווי די שאָף אויסגעשאָכטן געוואָרן.

און דאָך איז דאָס ווערק געשריבן געוואָרן אין אַ שיינער פּאָעטישער שפּראַך, און עס איז דאָרטן קונציק צעזויפגעפלאָכטן דיכטונג, פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט. דער גאַנצער מאַטעריאַל איז באַפּוצט און באַצירט מיט שיינע מעשׂות, פּאָעטישע לעגענדן און ווירקלעכע פאַסירונגען.

אויסער די באַשרייבונגען פון די רדיפות און גרושים זיינען אין בוך אויך פאַרצייכנט אַ סך רעליגיעזע וכוחים וואָס זיינען געפירט געוואָרן צווישן מלכים, פּויפּסטן מיט אידישע געלערנטע. אָבער אויך אויף די וכוחים און דיסקוסיעס שוועבט דעם פאַרפאַסערס איראָנישער שמייכל און האַלב־פאַרבאָרגענער סאַרקאַזם. די אַלע דעבאַטן און דיאַלאָגן זיינען געשריבן אין אַן אויסגעצייכנטער בריליאַנטענער שפּראַך באַפּעפּערט מיט אַ סך וויציקע באַמערקונגען און אַפאָריזמען.

אין פלאַץ דערציילט זיך ווי דער פויפסט איבערצייגט זיך אַז דער בלבול וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אידן איז פאַלש, און די אידן זיינען אומשולדיק. דאַן ווענדט ער זיך, דער פויפסט, צו זיינע מקורבים און זאָגט אַרויס אַזאַ אַפּיקורסישן געדאַנק: „ביי מיר איז יעצט צו גלויבן אַז דאָס וואָס מען דערציילט אַז די אידן האָבן קריסטוסן דער׳הרג׳ט, איז אויך אַ גרויסער שקר־בלבול״.

און אין אַנדער פלאַץ דריקט זיך אַזוי אויס דער קעניג אַלפאַנזאָ: דער איד בילדעט זיך איין אַז דער אידישער גלויבן איז דער איינציקער אמת, און ווער עס גלויבט אין עפּעס אַנדערש איז געגליכן צו אַ בהמה. דער קריסט ווידער איז זיכער אַז דער איד איז אַ בהמה און זיין נשמה וועט פאַרפאַלן ווערן אין גיהנום. און דער מאַכמעדאַנער ווידער וועט אייך פאַרזיכערן אַז סיי פאַר אידן, סיי פאַר קריסטן איז אָנגעגרייט דער ברענענדיקער גיהנום. היינט ווייס וואו איז דער אמת...

און דער יונגער אבן־ווערגא, יוסף בן שלמה, פאַרענדיקט די שוידערלעכע כראָניק פון זיין פאָטער מיט אַ פייערדיקן געבעט און אויסגעשריי: „גאָט פון ישראל! ווי קענסטו צוזען דיין פאָלק אין אַזעלכע ברענענדיקעליידן? ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צו אונזערע צרות? פאַרשפּרייט איבער אונז דיין מאַנטל פון דיין גנאָד, און דערפיל די הבטחה וואָס דו האָסט פאַרטרויט צו אונזערע נביאים!״...

## נחלת יעקב

פון רבי יעקב האַלפּערין. גרויסער תלמודישער געלערנטער, אויטאָריטעט אין אדשער ווסנשאַפט און גייסטקער פירער פון גרויסע איטאַליענישע אידישע קהלות, אנערקענט אַלס טאַן געבער און אויפקלערע פון אַלערליי אידישע פּראָבלעמען.

די אָפּשטאַמונג פון דעם באַגאַבטן אויטאָר, ווי אויך איינצלהייטן פון זיין לעבן און ווירקן זיינען ליידער ווייניק באַקאַנט. עס קאָן בלויז פעסטגעשטעלט ווערן אַז ער האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון דעם זעכצנטן יאָר הונדערט, אַז ער איז געווען רב און גייסטיקער פירער פון די גרויסע אידישע געמיינדעס פון וויניציע און פאַדוא, אַז ער האָט אָנגעפירט אַ גרויסן בריוו־אויסטויש מיט די פירער פון זיין דור, און אַז מען האָט זיך צו אים געווענדעט פון אַלע ארומיקע לענדער מיט אָנפראַגן וועגן אַלערליי רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. זיינע ענטפערס און אנטשיידונגען, ווי זיי דריקן זיך אויס אין זיין ווערק „נחלת יעקב״

# הלכות גדולות
## געדרוקט אין 1548

א סך בלעטער פון די אַלטע ביכער זיינען צושטערט געוואָרן דורך די אַמאָליקע צענזאָרן, וועלכע האָבן אויסגעמעקט יעדע שטעלע, וואָס איז זיי ניט געווען צום האַרצן. דער שוואַרצער טינט אָבער וואָס די צענזאָרן האָבן גע־נוצט, האָט ניט געקאָנט ביישטיין דאָס לאַנגע לעבן פון די ביכער. דורך הונ־דערטער יאָרן האָט זיך די שוואַרצקייט אַ היבש ביסל אויסגעלייטערט און די פּאַרטיליקטע ווערטער ווערן שוין געזען און געלעזן. דאָס געדרוקטע וואָרט זיגט להכעיס אַלע שוואַרצע כחות.

אויבן איז רעפּראָדוצירט אַ בלאַט פון בוך הלכות גדולות אויף וועלכע עס זעט זיך אָן די האַנט פון צענזאָר. די ווערטער וואָס זיינען אויסגעמעקט געוואָרן קאָנען זיך שוין גוט אָנזען און דער מאַטעריאַל לעזט זיך קלאָר און דייטלעך, און די ווערטער לעזן זיך אין אונזער איבערזעצונג ווי פאָלגט:

א אידישע פרוי זאָל ניט אויפברייינגען קיין גוי׳שע קינד, ווארום זי פאַרמערט דערמיט די מחנה פון אונזערע שונאים. אַ קריסטלעכע פרוי זאָל ניט אויפברייינגען קיין אידיש קינד אַלס געפאר זי זאָל דאָס ניט אומברייינגען. אַ אידישע טאָכטער טאָר ניט זיין קיין הייבאַם ביי אַ גויע, און זאָל ניט געבן זויגן צו אַ קינד פון א גויע, ווייל דערמיט ערציט זי אַ קינד פאַר געצענדינסט. און אַ גויע זאָל ניט געבן זויגן א אידיש קינד ווייל עס איז פאַראַן אַ חשד דאָס די גויע קאָן דאָס אידיש קינד דערהרגנען, אַזוי זאָגט רבי מאיר, אָבער די חכמים זאָגן אַז אַ גויע מעג ערפילן די אויפגאַבע, אויב מענטשן שטייען דער־ביי, אָבער זי זאָל דאָס ניט טאָן זייענדיק אַליין. אויב אָבער די גויע טוט דאָס פאַר געצאָלט, דאַרף מען איר ניט שטערן, כדי עס זאָל זיך ניט אַנטוויקלען אַ פיינטשאַפט צווישן איד און גוי. אביי אָבער זאָגט, אַז אַ אידישע פרוי דאַרף זיך אימער אנטזאגן פון צו געבן זויגן אַ גויש קינד, זי מעג געפינען אַנ׳אויסרייד דערצו, למשל, זי אנטזאגט זיך צוליב דעם אַז זי האָלט אין הייראטן, אָדער אַז זי וויל ניט אנטבלויזן איר לייב פאַר פרעמדע מענטשן.

## בבא בתרא צ׳

תנו רבנן אוצרי פירות ומקטנני איפות ומפקיע שערים ומלוי ריבוית עליהם הכתוב אומר נשבע ה׳ בגאון יעקב אם אשכח לנצח כל מעשיהם.

די וועלכע זאַמלען איין פירות און מאַכן קלענער די מאָס און ציען אַרויף די פרייזן און באַרגן געלט אויף פראַצענט — אויף זיי זאָגט דער פסוק: גאָט האָט געשוואוירן ביי די גרויסקייט פון יעקב, אויב איך וועל פאַרגעסן פאַר אייביק אַלע זייערע מעשים.

## בבא בתרא פ"ט

תנו רבנן אין עושין מחק צדו אחד רחב וצדו אחד קצר ולא ימחוק בבת אחת מפני שמפחית את הלוקח ולא ימחוק מעט מעט מפני שמפחית את המוכר ועל כולן אמר ר' יוחנן בן זכאי אוי לי אם אומר ואוי לי אם לא אומר אוי לו אם אומר מפני שמא ילמדו הרמאין ואוי לו אם לא אומר שמא יאמרו הרמאין אין תלמידי חכמים בקיאין במעשה ידינו אמרה או לא אמרה אמר ר' נחמן בר יצחק אמר ומהאי קרא כי ישרים דרכי ה' וצדיקים ילכו בם ופושעים יכשלו בם.



מען טאָר נישט מאַכן די זאַך וואָס גלייכט אויס די מאָס איין זייט ברייט און איין זייט שמאָל און זאָל נישט אַרונטערשאַרן און גלייכמאַכן מיט איין מאָל, ווייל ווען ער נעמט מער אַרונטער מאַכט ער דאדורך א היזק דעם קונה און זאָל ניט אַרונטערנעמען ביסלאַכווייז, ווייל דער פאַרקויפער וועט האָבן וויניקער

און אויף דעם אַלעם האָט ר׳ יוחנן בן זכאי געזאָגט: ווײ אויב איך וועל זאָגן די דינים און ווײ אויב איך וועל נישט זאָגן ווײ אויב איך וועל זאָגן וועלן די שווינדלער לערנען וואָס צם טאָן און ווײ, אויב איך וועל נישט זאָגן, וועלן די שווינדלער זאָגן דאָס די תלמידי חכמים ווייסן נישט וואָס מיר טוען. האָט ער יאָ געזאָגט די דינים אָדער נישט? ר׳ נחמן בן יצחק זאָגט דאָס ער האָט יאָ געזאָגט און פון דעם פסוק פון גאָט זיינען רעכטפארטיקע, די צדיקים גייען מיט די וועגן און די רשעים ווערן געשטרויכלט דורך די וועגן.

גזול פסול משום דהוה ליה מצוה הבאה בעברה דכתיב והבאתם גזול את הפסח ואת החולה וקתנו גזול דומיא דפסח מה פסח אין לו תקנה אף גזול אין לו תקנה. —

צו טאָן א מצוה מיט אַ גע׳גזל׳טע זאַך איז פסול, ווייל אין פסוק שטייט ווען עס רעדט זיך וועגן קרבנות איז געגליכן אַ גע׳גזל׳ט קרבן צו אַ הינקנדיקן קרבן. אַזוי ווי אַ הינקנדיקער קרבן איז פסול, אזוי אויך ווען ער איז גע׳גזל׳ט.

## תמורה ט״ז

שלשת אלפים הלכות נשתכחו בימי אבלו של משה אמרו לו ליהושע שאל א״ל לא בשמים הוא אמרו לו לשמואל שאל אמר להם אלה המצות שאין הנביא רשאי לחדש דבר מעתה. — בשעה שנפטר משה רבינו לגן עדן אמר לו ליהושע שאל ממני כל ספיקות שיש לך אמר לו רבי כלום הנחתיך שעה אחת והלכתי למקום אחר מיד תשש כוחו של יהושע ונשתכחו ממנו שלש מאות הלכות ונולדו לו שבע מאות ספיקות ועמדו כל ישראל להורגו אמר לו הקדוש ברוך הוא לומר לך אי אפשר לך טורדן במלחמה שנאמר ויהי אחרי מות משה עבד ה׳ ויאמר וכו׳.

רש ואיש תככים נפגשו מאיר עיני שניהם ה׳ בשעה שהתלמיד הולך אצל רבו ואמר לו למדוני תורה אם מלמדו מאיר עיני שניהם ה׳ ואם לאו עשיר ורש נפגשו עושה כולם ה׳ מי שעשאו חכם לזה עושה אותו טיפש טיפש לזה עושה אותו חכם — כיוצא בדבר אתה אומר — בשעה שעני הולך אצל בעל הבית ואמר פרנסני אם מפרנסו מוטב ואם לאו — מי שעשאו עשיר לזה עושה אותו עני עני לזה עושה אותו עשיר. —

דריי טויזנט הלכות זענען פאַרגעסן געוואָרן אין די טעג ווען משה רבינו איז געשטאָרבן, האָבן די אידן געזאָגט צו יהושע ער זאָל פרעגן ביי גאָט האָט ער געענטפערט אז די תורה איז נישט אין הימל. זיי האָבן געזאָגט צו שמואל הנביא ער זאָל פרעגן, האָט ער געזאָגט, די תורה שרייבט דאָס זענען די מצות און א נביא קאָן נישט מחדש זיין קיין זאַך. — ווען משה איז נפטר געוואָרן האָט ער געזאָגט צו יהושע: פרעג מיך אַלע זאַכן וועלכע דו ווייסט ניט

געני און עס איז דיר א ספק, האָט ער געענטפערט: רבי, האָב איך דיך ווען פאַרלאָזן אפילו איין שעה און בין געגאַנגען אויף אַן אַנדער אָרט? באַלד איז יהושע׳ס כח געוואָרן שוואַך און האָט פארגעסן דריי הונדערט הלכות און זיבן הונדערט ספיקות. האָבן די אידן אים געוואָלט הרג׳נען, האָט אים גאָט געזאָגט: דיר צו זאָגן זיי איז נישט מעגלעך דערפאַר גיי און מאַך זיי טרוד אין מלחמה. —

ווען אַ תלמיד גייט צו זיין רבין און בעט אים מיט אים צו לערנען תורה, אויב ער לערנט מיט אים טוט גאָט באַלויכטן ביידנס אויגן, אויב נישט איז דער רייכער מיט דעם אָרימען באַגעגנט, דער וועלכער האָט אים געמאַכט קלוג ווערט פארנאַרישט און דער טפש ווערט אַ חכם.

ווען דער ארימאַן גייט צום רייכן און בעט ביי אים צו געבן עסן, אויב ער גיט אים איז גוט, אַז נישט ווערט דער רייכער אָרים און דער אָרימאַן ווערט רייך.

ברכות

כד מתער אומר אלהי נשמה שנתת בי אתה יצרת ואתה נתת לי לי, אתה עתיד ליטלה ואתה עתיד להחזירה. —

הרואה בתי אומות העולם בחורבנן אומר אל נקמות ה׳ אל נקמות הופיע.

דער איד ווען ער זעט די הייזער פון די אומות העולם פון וואנען עס איז געקומען די שנאה צו אידן דאָס די הייזער זענען חרוב זאָל ער זאָגן גאָט איז זיך נוקם.

# אור עמים

(די ליכט פאַר פעלקער)

פון עובדיה ספורנו פון איטאַליע. (געבאָרן 1475, געשטאָרבן 1550) הייך־באַגאַבטע פּערזענלעכקייט, באַרימטער אַרצט (באַקאַנט אַלס אביר הרופאים), וויסנשאַפטסמאַן (פאַרפאַסט אַ ווערק וועגן מאַטעמאַטיקע) דענקער, פאָרשער, פילאָזאָפישער טעאָלאָג און ביבל־דערקלערער.

ספורנו האָט אויך געהאַט די פּריווילעגיע צו לערנען העברעאיש מיט דעם באַרימטן קריסטלעכן געלערטן און אידן־פריינט יאָהאַן רייכלין, וועלכער האָט דערנאָך פאַרפאַסט די גרויסע העברעאישע גראַמאַטיק אויף לאַטייניש „רודימענטאַ העבראיקא״ און געשאַפן אַ גאַנצע שולע פון קריסטלעכע הבערע־איסטן.

אין דעם בוך „אור עמים״ פלייסט זיך ספורנו צו איבערצייגן אַז מען דאַרף זיך ניט באַנוגענען נאָר מיט׳ן בלינדן גלויבן אַליין, נאָר מען דאַרף אויך

פּאַרשן און וויסן. אָבער פאר דעם צוועק זאָל מען זיך ניט ווענדען צו די גוישע פילאָזאָפן, וועמעס לערע איז אין קעגנזאַץ צו די דאָגמען פון הייליקער תורה. ער אַנאַליזירט די פילאָזאָפיעס פון סאָקראַטעס, פּלאַטאָן און אַריסטאָטל און קומט צום באַשלוס אַז אונזערע הייליקע ספרים באַקענען אונז אַ סך בעסער און קלאָרער מיט וויסנשאַפטלעכע אמתן. בלויז די ביבל, גלויבט ער, גיט אַ ריכטיקן ענטפער אויף אַלע פראגן און באַרוהיקט אַלע אונזערע ספקות, בעת די פילאָזאָפיע פּלאָנטערט זיך אין ווידערשפּרוכן. אין דעם בוך רעדט זיך זייער פיל וועגן די פּראָבלעמען פון אונשטערבלעכקייט, גייסט און מאַטעריע; וועגן השגחה און פרייען ווילן.

דער פּראָפעסער האָט אויך איבערזעצט דאָס בוך אין לאַטיין און געשיקט דאָס אַלס מתנה צום פראַנצויזישן קעניג היינריך דעם צווייטן.

# דרך הקדש

## געדרוקט אין 1654

דאָס איז אַ קליינער מאַנוסקריפּט 9 בלעטלעך מיט אַ האַלב, ד. הה. 19 זייטן פון אָט דעם פאַלגנדן: דרך הקדש צו גיין דורך אים מיטן שטעג וואָס פירט נאָך ירושלים, די הייליקע שטאָט, זאָל זי גיך און אונזערע טעג געבויט ווערן, ווען דער הייליקער צדיק ר׳ גרשון דער זון פון הייליקן רב אליעזר, סג״ל איז געפאָרן צו דער הייליקער שטאָט, זאָל זי אין אונזערע טעג גיך געבויט ווערן, און אויך צו אַנדערע פּלעצער.

אני הפעלתי ביום ו׳ עש״ק שבעה עשר לחודש מ״א שנת תרי״צ לפ״ק

איך האָב עס אַנגעהויבן טאָן פרייטאָג, ערב שבת קודש, זיבצען טעג אין אָב אין יאָר תרי״צ לויטן פרק קטן. 1854. שמעון זלמן סענדראָוויץ געשריבן געוואָרן דאָ פּאַריטש.

די קורצע הקדמה לייענט זיך אַזוי:

איך זאָל ניט וואונדערן וואָס איך, אַזאַ אָרים מענטשל, אָרים אין וויסן, האָב אָנגענומען זיין וועג, די הייליקע וועג צו גיין צום הויז פון גאָט, דאָס איז נאָר ווייל גאָט האָט צו אים געזאָגט: „גיי אויף״! גרשון איז אויפגעגאַנגען קיין ירושלים, און אויך אַראָפּגענידערט אין מצרים, ווי איך וועל דאָ פאַר אייך דערציילן אַלץ מיט דער הילף פון גאָט זאָל געבענטשט זיין. און געבענטשט זאָל זיין גאָט וואָס מיין ארויסגיין און אַריינקומען איז געווען אין פרידן. און גאָט דער גאָט פון אברהם איז געווען צו הילף אליעזרס זון און איז אים געווען אַ פעסטונג אין צייט פון צרות. אַזוי זאָל גאָט אונז ניט פאַרלאָזן און ווענדט אויף אייביק פון אונז זיך ניט אָפּטאָן. אמן.

דאָ ווערט נאָכדעם געשילדערט אַ רייזע נאָך דער הייליקער לאַנד וואָס ר׳ גרשון ב״ר אליעזר האָט אָנגעהויבן אין יאָר שפ״ד, ד״ ה. 1624 ער הויבט אָן פון אַ געאָגראַפישע שילדערונג ווי אַזוי מען פאָרט נאָך ארץ ישראל פון די „מדינות״ (וועלכע זעען אויס צו זיין אין אוקראינע) אין יענער צייט, שרייבט ער; נאָך דעם ווי ער איז געפאָרן דורך טערקיי איז ער אַרעסטירט געוואָרן אין לאַנד שמערין אין דער שטאָט קרמונה און די אידן פון שטאָט קונשטאנטירע האָבן אים אויסגעלייזט פאַר 500 טאָלער. פון דאָרטן איז ער געפאָרן דורך פאַרשידענע לענדער און יעדן פלאַץ באַשרייבט ער, איבערהויפּט וועמעס קברים דאָרטן געפינען זיך. דאָס איז געמיש פון פאַנטאַזיע מיט פאַקט.

צום סוף שרייבט דער רייזענדער, אַז ער געפינט זיך אין צפת פון וואַנען ער איז געקומען פון מצרים. דאָס הייסט ווי ער זאָגט איז ער געגאַנגען פון מודעית נאָך פיתום, און פון פיתום נאָך רעמסס, און פון דאָרטן קיין און, און פון און קיין צפת. (אַ שפּרונג!)

אין אַלע פלעצער וואו ער באַזוכט באַשרייבט ער די זעענסווירדיקייטן, איבערהויפּט די קברים. אין איין שטאָט זעט ער דעם קבר פון יחזקאל הנביא און זיין תלמיד ברוך בן נריה(?) און אין אַנדער פלאַץ געפינען זיך זשאַבעס גרויס ווי גענז...

די שפּראַך איז אַ געמיש פון רבנישן מיט מליצה

# ספר תולעת יעקב

## געדרוקט אין 1560

### אויסצוג פון טעקסט

(פון דרוש אויף תפלת המזון, בענטשן נאָכן עסן):

דורך א סך עסן און טרינקען שטאַרקט זיך דער יצר הרע. דורך נאָכגעבן צופיל די נייגונג פון אכילה, נויגט זיך דער מענטש אָפּ פון תורה ועבודה און ער דערווייטערט זיך פון דאָס אייביקע לעבן וואָס הייסט עולם הבא. דעריבער האָבן אונזערע חכמים געזאָגט אַז מען דאַרף ניט אויפשטיין פון עס־טיש מיט אַ פולן בויך, ווייל דאָס פירט צו שלעכטע זיטן און זינדיקע אויסגאַנגען.

דער צוועק פון אונזער עסן איז כדי אָנצוהאַלטן דעם גוף, און אָנצוהאַלטן דעם גוף דאַרף מען כדי אָנצוהאַלטן די נשמה, און די נשמה דאַרף מען דערהאַלטן כדי צו דינען דעם באַשעפער. אויף דעם אופן קומט אויס אַז דאָס עסן אַלס אַ זאַך פאַרזיך דערהויבט ניט די נשמה. עס העלפט אָבער צו שטאַרקן דעם גוף וואָס פירט צו דערשטאַרקונג פון דער נשמה.

דאָס עסן דאַרף דערום זיין אַ מיטל כדי צו דינען דעם באַשעפער, צו לערנען תורה און צו טאָן מצוות.

דערום אַז דו זעצט זיך צו צום טיש, דאַרפסטו מתכוון זיין צו האָבן אַ געזונטן גוף, כדי דורך דעם זאָל דיין נשמה קאָנען טאָן אומגע־שטערט איר אַרבעט, די אַרבעט פון באַהעפטן זיך מיט די כוחות העליונים (די אויבערשטע קרעפטן) אונטער דער השפעה פון דעם אַלמעכטיקן און זיין שכינה.

אויסצוג פון דער הקדמה:

איך רוף דעם ספר תולעת יעקב (דער וואָרים פון יעקב) ווייל דאָס פאָלק ישראל איז עהנלעך צו אַ וואָרים. אַזוי ווי אַ וואָרים האַלט איך זיין גאַנצע קראַפט אין מויל אַזוי ליגט אויך די גרעסטע קראַפט פון פאָלק ישראל אין מויל און אַזוי ווי אַ וואָרים ווי קליין דאָס זאָל ניט זיין קאָן

אונטערגראָבן דעם גרעסטן טענענבוים מיטן כח פון מויל אַזוי וועט אויך דאָס אידישע פאָלק מיטן כח פון מויל נעמען נקמה פון די גרעסטע פעלקער. און אַזוי ווי דער וואָרים גיט אַרויס פון מויל אַזאַ פיינע זייד פון וועלכע סווערן געמאַכט די טייערסטע קליידער אַזוי דריקן אויס די אידן מיטן מויל די הייליקע תפילות און לויב־געזאַנגען און אויב זיי ווערן אַרויסגעזאָגט מיט די געהעריקע כונות דאַן וועבן זיי אויס דעם טייערסטן הימלישן בגד פאר קודשא־בריך־הוא און ציהען צו די ליכט פון עולמות העליונים.

פון מאיר בן יחזקאל אבן גבאי, פייערדיקער מקובל און טרוימער, הייסער פאַרהערער פון אידישער מיסטיק און גייסטרייכער שעפער אויפן פעלד פון קבלה.

# רבה׳ס מעשיות

## געדרוקט אין 1736

דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון פירושים אויף רבה בר־בר־חנה׳ס פאַנטאַסטישע מעשיות אין תלמוד. די וואונדערלעכע מעשיות האָבן אַלע גענוצט ווי אַ טעמע פאַר דרשות, מגידות און פאַרטראַגן ביי יעדער פייערלעכער געלעגנהייט אין עפנטלעכן לעבן.

רבה בר־בר־חנה, אַ באַקאַנטע פיגור אין די בלעטער פונם תלמוד, האָט געלעבט אין ארץ ישראל אין צווייטן העלפט פון צווייטן יאָרהונדערט, לויט דער קריסטלעכער צייט־רעכנונג. ער איז געווען אַן אמורא, א תלמיד־חכם און פאַבוליסט, וואָס איז באַרימט געוואָרן ווי דער מחבר פון אויסטערלישע, אויסגעטראַכטע מעשה׳לעך. ער איז געווען דער אידישער באַראָן מינכהויזן, וואָס האָט געוועבט זיינע באַרימט־געוואָרענע מעשה׳לעך איבער וואונדערלעכע געשעענישן און אַוואַנטורעס פון זיינע וואַנדערונגען איבער ים׳ן און מדבריות.

רבה׳ס דערציילונגען אַנטהאַלטן פאַנטאַסטישע פאַסירונגען, אָנגעהויכט מיטן אַנגענעמען טעם און אַטמאָספער פון די מעשות פון „טויזנט אין איין נאַכט״.

ווען דער ים איז געווען אַ פאַרשלייערטע, טיפע מיסטעריע האָט רבה געשפונען די פעדים פון זיינע ים מעשה׳לעך, און זיי טראָגן אויף זיך סימנים און שפורן פון די דערציילונגען פון אַ טראַדיציאָנעלן ים־פאָרער. אין פאַרגלייך מיט די נסים ונפלאות אויפן ים און אויף דער יבשה וואָס רבה — אונזער באַראָן מינכהויזן — דערציילט, זענען אויס אַלע אַנדערע מעשות פון די ים־מערכן און די אומגעהויערע גרויסע ים־מאָנסטערס און אונטערוואַסערדיקע דראַקאָנען בלאָס און נישטיק.

מגידים און דרשנים, תלמידי־חכמים און רבנים האָבן זיך פון תמיד־אָן באַנוצט מיט אָט־די מעשות רבה׳ס, ווי מיט אַ גילדערנעם טשוואָק אויף וואָס זיי האָבן אויפגעהאַנגען זייערע קאָליר שיינע געהאָפטענע טעפּיכער — צאָלרייכע פּאָעטישע , פּראָפעטישע און היסטאָרישע טעמעס פון פאַרשיידענע ענינים. דער אינהאַלט פון רבה׳ס קורצינקע מעשה׳לעך איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אומענדלעכע לעקציעס, דרשות און מגידות איבער דער געטלעכער חכמה, שכר ועונש, מוסר־רייד, פאַרהערלעכנדיק אונזער פאָלקס עבר און באַשרייבנדיק די גרויסקייט פון פאָלק ישראל, משיח׳שע האָפענונגען און אידישע אַספּיראַציעס.

אין משך פון דער שטורם און דראַנג פעריאָדע פון שנאה און פאַרפאָלגונגען וואָס אונזער פאָלק איז אויסגעשטאַנען, האָבן די מעשות געדינט ווי סימבאָלישע מיטאָסן און פאַרגעשטעלט מיט זיך וויזיעס פון האָפענונג און דערלייזונג. דאָס פאָלק איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרן הערן אָט־די וואונדערלעכע מעשות פון רייזעס אין די מדבריות, איבער ים׳ן און פון אויסטערלישע חיות פון ים. די אַלע מעשות זיינען אויסגעדריקט געוואָרן אין דער מיט סודות־פולער פאָרם פון אַלטן־אַראַמייאישן העברייאישן סטיל און עס האָט אַראָפּגעבראַכט דעם הימל נענטער צו די מענטשן און אויפגעהויבן די מענטשן העכער צום הימל.

דער פאָלגנדער ביישפּיל וועט גענוג זיין צו אילוסטרירן ווי אַזוי מען קען נעמען איינע פון רבה׳ס אויסגעטראַכטע מעשות און זיי צופּאַסן צו צוויי סיטואַציעס — אַ מאָדערנע און פאַרצייטיקע:

דערציילט רבה בר־בר חנה: „איינמאָל זיינען מיר געפאָרן אויף אַ שיף און מיר זיינען אַראָפּ זיך אָפּרוען אויף אַן אינזל וואָס איז באמת געווען דער רוקן פון אַ גיגאַנטישער פיש. אויבן אויף איז געווען פיל זאַמד פאַרשפּרייט און באַוואַקסן מיט גראָז. מיר האָבן אַראָפּגענידערט אויף דעם אינזל, געמאַכט אַ פייער און זיך גענומען צו קאָכן עסן, אָבער ווען דער רוקן פון פיש האָט זיך דערהיצט, האָט דער פיש זיך איבערגעקערט, און מיר וואָלטן זיכער דערטרונקען געוואָרן ווען די שיף וואָלט ניט געווען נאָענט״.

אין בוך „רבה׳ס מעשות״ ווערט די לעגענדע דערקלערט ווי אַ מעטאַפאָר, אָדער ווי סתם א גוזמא, וואָס אַנטהאַלט אָבער אין זיך אַ גוואַלדיקן מוסר־השכל צו אָפּשיידן זיך פון זינד און ניט איבערצוגעבן זיך צופיל צו תענוג העולם הזה.

די שיף וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים כלומרשטן אינזל, באַדייט דאָס נאָכגעבן צו זינדיקע תאוות; דאָס איבערקערן זיך פון דעם פיש — דאָס איז אַן אָנווייז אויפן עונש וואָס מען קריגט אויף דער וועלט אויב מען לאָזט

זיך צופיל אַריין אין זינד און אין די וועגן פון יצר הרע. דער זינדיקער וואָלט אינגאַנצן אומגעקומען („מיר וואָלטן זיכער דערטרונקען געוואָרן”) ווען ער טוט נישט תשובה און הויבט ניט אָן אַ ניי לעבן. („ווען די שיף וואָלט ניט געווען נאָענט”).

די זעלביקע מעשה איז אויך אַזוי אויסגעטייטשט: „די שיף וואָס פאָרט אי־בערן ים שטעלט מיט זיך פאָר די וואַקלנדיקע שיף פון אידנטום וועלכע ווערט געטראָגן איבער דעם ים פון דער אַלטער יאָרהונדערטער געשיכטע; דער אומגעהויערער גרויסער וואַל־פיש — דאָס איז דער ווילדער אַנטיסעמיטיזם. „מיר האָבן אָנגענומען דעם פיש ווי אַן אינזל”, דאָס הייסט מיר האָבן אָנגענומען דייטשלאַנד ווי אַ היימלאַנד פאַר אונזער פאָלק. באַלד באַלד אָבער „האָט זיך דער פיש איבערגעקערט און מיר וואָלטן שיר ניט פאַרניכטעט געוואָרן”. דאָס באַציט זיך אויף דעם ערצי־שונא פון אידישן פאָלק — ימח שמם און זיין כנופיא כוליגאַנעס. „מיר וואָלטן זיכער דערטרונקען געוואָרן ווען די שיף וואָלט ניט געווען נאָענט”... די נאָענטע שיף — דאָס איז אַ רמז אויף אונזער אמונה און דעם נצחון וואָס וועט סוף־כל־סוף קומען ווען פרייהייט וועט טרי־אומפירן

די זעלביקע מעשה אויסגעטייטשט אויף פאַרשיידענע אופנים דורך פאַרשיידענע מפרשים וועלכע גיבן אַלערליי אינטערפּרעטאַציעס און טוען אַריין כל׳ערליי כוונות אין די דערציילונגען פון רבה בר־בר־חנה.

איך, אָבער, זע ניט קיין אורזאַך אָדער נויטווענדיקייט צו זוכן באַהאַל־טענע כוונות אין די וואונדערשיינע, אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע מעשה׳לעך, וועל־כע זיינען אַן און פאַר זיך מייסטערהאַפט און שיין דערציילט. עס וואָלט דאָך זיין לעכערלעך צו זוכן באַהאַלטענע כוונות אין באַראָן מינכהויזנ׳ס מעשות, אָדער גריבלען זיך אין די מעשות פון טויזנט אין איין נאַכט; וואָרום, דען, זאָלן מיר דווקא וועלן זוכן פאַרבאָרגענע כוונות און אַריינטאָן כל׳ערליי פשט׳לעך אין די פשוט׳ע שיינע אַלעגאָריעס וואָס אונזער רבה בר־בר חנה האָט פאַרפאַסט?

דאָ וועלן מיר ברענגען עטלעכע פון רבה בר־בר־חנה׳ס מעשות ווי זיי זיינען פאַרצייכנט אין תלמוד.

*

זאָגט רבה בר־בר־חנה: מאַטראָסן האָבן מיר דערציילט, אַז צווישן איין כוואַליע אַן דער צווייטער איז אַ מהלך פון דריי הונ־דערט מייל. אַמאָל בין איך געפאָרן אויף אַ שיף און אַ כוואַליע האָט מיר אַ הויב געטאָן אַזוי הויך, אַז איך האָב אַזש דערזען די שפּיצן פון אַ גרופּע שטערן. און וואָלט מיר, חלילה, די כוואַליע אַ

הויב געטאָן נאָך העכער, וואָלט איך פאַרברענט געוואָרן פון דער היץ פון יענע שטערן. און געהערט האָב איך ווי איין כוואַליע זאָגט צו דער צווייטער: חבר׳טע מײַנע, האָסטו עפּעס איבערגעלאָזן הינטער זיך אויף דער וועלט וואָס דו האָסט ניט דערטרונקען? וועל איך אַראָפּנידערן און דאָס צעשטערן! רופט זיך אָפּ די צווייטע כוואַליע: נאָר איין שורה זאַמד טיילט אָפּ דעם ים פון דער יבשה און דאָך בין איך ניט בכוח אַריבערצושפּרינגען איבער איר! איצט קענט איר זען די גרויסקייט פון אונזער בורא.

*

זאָגט ווידער רבה בר־בר־חנה: „עס האָבן מיר דערציילט מאַט־ראָסן, אַז די כוואַליע וואָס האָט באַדראָט זייער שיף האָט אַרויס־געגעבן פון זיך אַ שניי־ווײַסן שטראַל־ליכט. די מאַטראָסן האָבן עס געשלאָגן מיט זייערע רודערס אויף וועלכע עס איז געווען אָנ־געשריבן „אהיה אשר אהיה״. האַר, גאָט, קעניג פון דער וועלט. אמן. אמן. סלה. און די כוואַליע האָט זיך אײַנגעשטילט״.

*

רבה בר־בר־חנה זאָגט: „איך האָב געזען דעם שד הורמון, דער זון פון לילית, דער נאַכט־טייוול, ווי ער שפּרינגט אויף די דעכער פון די מויערן אין דער שטאָט מחוזא. ער איז געשפּרונגען אַזוי שנעל פון איין דאַך צום אַנדערן, אַז אַ רייטער, פאַרנדיק אונטן אויף אַ פערד, האָט אים ניט געקענט דעריאָגן. האָט מען אײַנמאָל אָנגע־זאָטלט צוויי מויל־אייזלען פאַר אים און זיי אָוועקגעשטעלט אויף די צוויי בריקן איבערן טייך רבגנג. און כאָטש די אָנגעזאָטלטע מויל־אייזלען זײַנען געשטאַנען ווײַט איינער פון אַנדערן, האָט ער געהאַלטן אין איין שפּרינגען פון איין זאָטל צום צווייטן, און בעת מעשה געהאַלטן צוויי בעכער ווײַן אין זײַנע הענט און גיסנדיק פון איין בעכער אין צווייטן, איז קיין איינציקער טראָפּן ניט אַראָפּגע־קאַפּעט אויף דער ערד״.

*

זאָגט רבה בר־בר־חנה: „איך האָב געזען אַ גאַזעלע וואָס איז סך הכל אַלט געווען איין טאָג, און דאָך איז זי גרויס געווען ווי דער באַרג תבור וועלכער איז, כידוע, פיר מייל לאַנג; די לענג פון איר האַלז איז געווען דריי מייל, און די הייך פון איר קאָפּ — איין מייל און אַ האַלב; און ווען זי האָט פון זיך אַרויסגעגעבן די צואה האָט עס פאַרשטאָפּט דעם ירדן״.

און ווידער האָט רבה בר־בר־חנה געזאָגט: „איך האָב געזען איינמאָל אַ פראָש וואָס איז אַזוי גרויס געווען ווי די האגראניא פעס־טונג, וואָס אַנטהאַלט זעכציק הייזער. איז געקומען אַ שלאַנג און האָט איינגעשלונגען דעם פראָש; איז געקומען אַ ראָב און פאַרשלונגען דעם שלאַנג. נאכער איז דער ראָב אַרויפגעפלויגן אויף אַ בוים און זיך דאָרטן געזעצט. קענט איר זיך שוין משער זיין ווי שטאַרק יענער בוים איז געווען".

*

און נאָך עפּעס האָט רבה בר־בר־חנה דערציילט: „ווען איך בין געפאָרן אַמאָל אויף א שיף האָב איך דערזען אַ גרויסן וואַל־פיש אין וועמעס נאָזלעכער עס האָט זיך באַזעצט אַ מויל־וואָרם, וועלכער האָט אים דערשטיקט. דער ים האָט ארויסגעשפּיגן דעם גרויסן פגר אויף דער יבשה. זעכציק שטעט פון ברעג ים האָבן איינ־געזאַלצן זיין פלייש און געהאַלטן דאָס פאַר שפּעטער. פון זיין איין אויגן־לאָך האָט מען אַנגעפילט דריי הונדערט קריגלעך אייל. אַז איך בין מיט אַ יאָר שפּעטער צוריקגעקומען אין יענע מקומות האָב איך געפונען, אַז מען האַלט נאָך אין זעגן ברעטער פון די ביי־נער פון פיש און מען פאַריכט מיט זיי בנינים וואָס זיינען פונאַנ־דערגעפאַלן ווען דער וואַלפיש איז אויף זיי ארויפגעשליידערט געוואָרן".

*

זאָגט נאָך עפּעס רבה בר־בר־חנה: „איך האָב זיך איינמאָל גע־פונען אויף אַ שיף וואָס איז געשוואומען צווישן די צוויי פלוס־פעדערן פון אַ פיש. דער פיש איז געשיואומען קעגן דעם ווינט און מיר — מיטן ווינט; און די שיף האָט געזעגלט מט שנעלקייט פון אַ פייל אויסן בויגן. זעכציק מייל איז די שיף געפלויגן אין דעם קליינעם משך וואָס עס נעמט אויפזידן אַ קעסל וואַסער. דער פיש האָט געהערט צום מין גילדמה, וואָס האָט צוויי פלוס־פעדערן".

*

און ווידער האָט רבה בר־בר־חנה דערציילט: „איינמאָל פאָרנדיק אויף אַ שיף, האָב איך געזען אַ פויגל, וועלכע איז געשטאַנען ביז זיינע קנעכל אין וואַסער, זיין קאָפּ, אָבער, האָט דערגרייכט אַזש ביזן הימל. גערעכנט האָבן מיר, אַז דאָס וואַסער איז ניט טיף און מיר האָבן זיך געוואָלט דאָרטן באָדן. ערשט אַ בת־קול פון הימל האָט אויסגערופן: „היט אייך, מענטשנקינדער, גייט ניט אַריין אין

יענעם וואַסער. מיט זיבן יאָר צוריק איז אויפן זעלבן פּלאַץ אַ האַק אַרויסגעפאַלן פון אַ סטאָליאַרס הענט און זי האָט נאָך ניט דער־גרייכט צום אָפּגרונט. דער פויגל געהערט צום מין זיז, וואָס ווערט דערמאָנט אין תהלים.״ (פּרק נ, פּסוק י״א).

*

רבה בר־בר־חנה דערציילט: „איינמאָל וואַנדערנדיק אין דער מדבר, האָב איך געזען ווייסע גענז, וועמעס פעדערן זיינען אויסגע־פאַלן צוליב זייער פעטקייט, און הינטער זיי האָט זיך געצויגן אַ גאַנצער טייך פעטס״.

*

דערציילט ווידער רבה בר־בר־חנה: „ווען מיר האָבן זיך איינ־מאָל געפונען אין דער מדבר, איז מיט אונז דאָרט געווען אַן אַראַ־בישער סוחר, וואָס פלעגט פון צייט־צו־צייט אויפהויבן אַ גרודע ערד, באַשמעקן דאָס און זאָגן: „איר זעט, דער וועג פון דאָרטן פירט אַהערצו און יענער וועג פירט אהינצו״. אַז מיר פלעגן אים פרעגן: „ווי ווייט זיינען מיר פון וואַסער?״ פלעגט ער אַ שמעק טאָן די ערד און ענטפערן: „אַכט מייל״. אַ שמעק טוענדיק אַן אַנדער שטיקל ערד פלעגט ער זאָגן: „מיר זיינען דריי מייל פון וואַסער״. פלעג איך אומיסטנע איבערבייטן די שטיקער ערד און אים ווידער אי־בערפרעגן ווי ווייט מיר זיינען פון וואַסער, אָבער ער פלעגט קיין טעות ניט מאַכן״.

*

ווייטער האָט רבה בר־בר־חנה געזאָגט: „אַ רייזענדער האָט מיר געזאָגט: „קום מיט מיר, וועל איך דיר ווייזן דעם פּלאַץ, וואו הימל און ערד קושן זיך״. בין איך מיט אים געגאַנגען און מיר האָבן דערגרייכט יענעם אָרט. האָב איך גענומען מיין קאָרב, אַוועקגע־לייגט דאָס ביים פענסטער פון הימל און זיך געשטעלט דאַווענען. נאָך מיין תפלה־טאָן האָב איך געזוכט מיין קאָרב און אים ניט גע־קענט געפינען. רוף איך זיך אָפּ צו מיין מיט־רייזענדן: „איז דאָס מעגלעך אַז דאָ געפינען זיך גנבים?״ האָט ער מיר געענטפערט: „דאָס איז דער הימלשער גלגל וואָס טוט זיך איבערדרייען יעדן מעת לעת, וואַרט־צו: מאָרגן אין דער צייט וועסטו דיין קאָרב צוריק באַ־קומען״.

# מדרש

מדרש באַדייט אַן אייגנאַרטיקע זאַמלונג פון דערקלערונגען און פאַר־שונגען אויף תנ״ך פון גאָר אַ באַזונדער פאָרם און אינהאַלט. אויבן אויף קוקט דאָס אויס צו זיין א פירוש אויף די הייליקע ספרים, אָבער אין אמת׳ן איז דאָס א פאַרגרעסערונג און אַ פאַרבעסערונג פון דעם הייליקן טעקסט. דאָ ווערט צוגעגעבן צום תנ״ך א רייכער דערציילישער מאַטעריאַל און עס ווערן ענטדעקט אין די פסוקים אַלערליי פאַרבאָרגענע און באַהאַלטענע סימבאָלן און אַנדייטונגען. אַרום דעם ביבל־טעקסט ווערט דאָ געשפונען און געוועבט אַ רייכער און קונציקער געוועב פון פאַנטאַסטישע לעגענדעס, מעשה׳לעך און מוסר רייד.

פון די פילע וויכטיקע מדרשים וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין משך פון הונדערטער יאָרן פאַרנעמט דער מדרש תנחומא איינע פון די וויכ־טיקסטע פלעצער און ווערט פאַרהייליקט אַזוי ווי דער תלמוד. דער מדרש תנחומא (וואָס רופט זיך אויך „מדרש ילמדנו״) איז געשריבן געוואָרן פון באַרימטן אגודיסט תנחומא, דער זון פון אבא, וועלכער האָט געלעבט אין דעם פערטן יאָרהונדערט. כמעט יעדער איינציקער פאַראַגראַף אין דעם דאָזיקן מדרש הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „ילמדנו רבנו״, וואָס באַדייט „זאָל אונזער רבי אונז לערנען״. אַזוי פלעגען זיך אָנפאַנגען אַלע פראַגן פון הלכה (געזעץ). געוויינלעך פלעגט דער רבי פאַרענטפערן די פראַגע פון געזעץ און דערנאָך פלעגט ער אַריבער גיין צו אַ דערציילונג פון אַן אַגדה (לע־גענדען כדי צו צוגעבן אַ טעם צו דער הלכה).

די סדרות פון דער תורה פלעגן עפּענטלעך איבערזעצט ווערן און דערקלערט ווערן פארן פאָלק אין זיין אומגאַנגס שפּראַך, דרשות פול מיט מוסר און דרך ארץ פלעגן אים טרייסטן אין דער נויט און שטאַרקן אין אים דעם בטחון אויף גאָטס באַלדיקער ישועה.

דער בעל דרשן איז כלל ניט אויסן געווען צו דערקלערן דעם פשט פון באַטרעפענדן פסוק. דאָס האָט בלויז געהערט צום נוסח. דער פסוק איז געווען זיין אַריינפיר, דער ראָם, אין וועלכן דער דרשן פלעגט אויס־

שפּינען און אויסשטריקן אַ געוועב פון האַרציקן מוסר, ערנסטע שטראָף רייד און שיינע לעגענדעס און משלים.

דער אגדה׳שער טייל פון תלמוד און מדרשים, וואו דאָס פּקחות און געניטקייט פונם חריף, דעם בעל דרשן, איז צונויפגעבונדען מיט דער האַר־ציקער נאַאיווער פּשטות פון פאָלקסטימליכע מעשות און לעגענדען, — האָבן פּאַקטיש ניט קיין באַשטימטן באַשעפער. אינטים שיינע אגדות פון וועלכע דאָס פאָלק האָט געפלאָכטן לויב־קרענץ פאַר זיינע געליבטע העלדן, האָט דער למדן, דער בעל דרשן אויף זיין שטייגער מסביר געווען. ער האָט זיי איינ־געהילט אין אַ מאַנטל פון עטישן מוסר און פאַרפּוצט מיט פּסוקים פון תנ״ך.

דער „לשון אשכנז״ דער אידיש־דייטשער דיאַלעקט איז געוואָרן דער איינציקער באַרעכטיקטער יורש פון דעם אמאָליקן אַראַמיש־העברעאישן דיאַלעקט, און צוזאַמען מיט אים געבילדעט די צוויי וויכטיקסטע רינגען אין דער קולטור־געשיכטע פון אידישן פאָלק.

אירע באַליבטע העלדן, — די גדולי הדור, די גדולי ישראל, די צדיקים און חסידים.

פילע עלעמענטן פון דעם דאָזיקן מגידישן שטאָף זיינען דער אידישער יוגנט געווען גוט באַקאַנט שוין אין זיינע לערן־יאָרן אין חדר, וואו דער מלמד פלעגט איינקנעלן דעם ביבלישן טעקסט לויט אַ באַשטימטן טראַדיציאָנעלן דרוש נוסח. אַרומגעשפּונען זיינע באַליבטע העלדן מיט די גאָלדענע פעדים פון די וואונדערבאַרסטע לעגענדעס, זיי צונויפגעפלאָכטן מיט די שענסטע האָפנונגען פון באַלדיקער גאולה. אויך איבערגעענדערט און צוגעפּאַסט צו זיין געשמאַק און צו זיין באַרוף דעם פאָלקלאָרישן מאַטעריאַל וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון די פריהערדיקע דורות.

די פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט מיט אַ באַזונדער ליבע באַצירט געוויסע העלדן און פערזאָנען.

די טיפּישע מיטלאַלטערלעכע פאָלקס מעשיות פלעגן איבערגיין פון מויל צו מויל און ווען ס׳איז אַ דאַנק דעם דרוק־וואַרשטאַט דאָס פאָלקס־בוך געשאַפן געוואָרן האָט מען די מעשה אויפגעשריבן און אין דרוק געבראַכט.

דער לעגענדאַרער שטאָף בנוגע דעם נס פון פורים, וואָס איז איינגע־וועבט אין פאַרשיידענע מדרשים ווי דער אַראַמישער תרגום שני, און די מיטלאַלטערליכע מדרש אבא גוריון, מדרש אסתר רבתי, מדרש מגילת אסתר. מדרשים

ווארום האָט דער אויבערשטער אנגעהויבן די תורה מיט אַ בית און ניט מיט קיין אלף? ווארום אַלף קאָן באַדייטן ארור און בית איז ברכה. איז דער אלף געפלויגן פאר גאָט ברוך הוא און געזאָגט: איך בין דאָך דאָס ערשטע

אות פון דעם אלף בית דאַרפסטו מיט מיר אָנפאַנגען די תורה. האָט גאָט ברוך הוא געענטפערט: איך וועל געבן די עשרת הדברות אויפן באַרג סיני און דאַן וועל איך אָנהויבן מיטן אַלף: אנכי ה׳ אלהיך.

רבי יצחק זאָגט: וואָרום הויבט זיך ניט אָן די תורה מיט די עשרת הדברות, נייערט מיט אַן ערציילונג: בראשית ברא אלהים. די תורה איז דאָך געגעבן געוואָרן כדי צו לערנען אונז צו טאָן מצוות, דאַרף זי דאָך זיך אָנהויבן מיט מצוות, איז דער תירוץ אַזוי: אַז גאָט וועט ברענגען די אידן אין ארץ ישראל, וועלן דאָך די זיבן אומות פון כנען, וואָס האָבן פאַרנומען ארץ ישראל, זאָגן צו די אידן: איר זייט דאָך גזלנים, דען איר נעמט צו פון אונז אונזער לאַנד כנען; דאַן וועלן די אידן אָנצייגן זיי אין דער תורה אַז גאָט האָט די וועלט באַשאַפן. האָט ער זי פריער איך געגעבן און יעצט גיט דאָס גאָט אַוועק צו אונז.

ווען די ליכט פון דער לבנה וואָלט געווען אַזוי ווי די ליכט פון דער זון וואָלטן מענשן נישט געוואוסט דעם חילוק צווישן טאָג און נאַכט, און זיי וואָלטן געאַרבעט ביי נאַכט אַזוי ווי בייטאָג. זיי וואָלטן דאַן גאָר קיין רו ניט געהאַט און וואָלטן גאָר געשטאָרבן פון שווערע אַרבעט. דרום האָט גאָט געמאַכט אַ גרויסן צווישנשייד פון דער זון און דער לבנה, כדי די מענשן־קינדער זאָלן וויסן ווען איז טאָג און ווען איז נאַכט, און זיי זאָלן ביינאַכט רוען פון זייער אַרבעט און זייערע עסקים.

אַז גאָט האָט געוואָלט באַשאַפן דעם מענטשן, האָבן זיך די מלאכים פאַרזאַמלט און ארומגערעדט דעם ענין: אַ טייל פון זיי האָבן געזאָגט אַז אַזאַ נפש ווי א מענש דאַרף גאָר ניט באַשאַפן ווערן, ווייל ער וועט זיין לויטער שקר, און ער וועט זיך האַלטן אין איין קריגן און פירן מלחמות. אַן אַנדער טייל האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג אַז א מענש מעג יא באַשאַפן ווערן, ווייל ער וועט טאָן צדקה און גמילות חסדים און אין זיין האַרצן וועט אימער צאַנקען אַ געפיל פון יושר און גערעכטיקייט. דאַן האָט גאָט געזאָגט: צו וואָס קריגט איר זיך, קינדערלעך? דער מענש איז שוין באַשאַפן געוואָרן, אין דער זעלבער צייט וואָס איר זייט אָנגעגאַנגען מיט אייערע דיסקוסיעס און פלפולים האָב איך געטאָן די אַרבעט און דעם מענטשן פאַרפערטיקט.

און דאַן האָט גאָט אַזוי געזאָגט צו די מלאכים: דער מענטש איז מיר טייערער פון אייך. איר זייט לויטער שכל און פול מיט יצר טוב; דארום זייט איר אימער גוט און פרום. דער מענטש אָבער האָט אויך אַ יצר הרע, וואָס

וועט אים שטויסן צו זינד און שלעכטס. און אַז דער מענטש וועט באַקומען דעם יצר הרע און וועט זיין גוט און וואוילטעטיק, וועט ער דערגרייכן די הויכע שטופע פון העלדישקייט און פאַלקאָמענהייט, די שטופע פון א זיגרייכן גבור. און אַזוי זאָגן די חכמים: איזהו גבור, הכובש את יצרו.

האָט גאָט געזאָגט: לאָמיר מאַכן דעם מענשן אין אונזער געשטאַלט און לויט אונזער גלייכעניש. דאָס מיינט אַז דער מענטש, פונקט ווי גאָט, איז פריי אויסצוקלייבן זיין וועג און צו טאָן ווי ער וויל און וואָס ער וויל. ניט אַזוי ווי די חיות וואָס האָבן נאָר איין נייגונג: גוט צו עסן, גוט צו טרינקען און לאָזן זיך וואוילגיין. און ניט אַזוי ווי די מלאכים, וואָס האָבן נאָר איין נייגונג: צו זיין הייליק און פאַרנונפטיק. די חיות האָבן בלויז אַ יצר הרע און ניט קיין יצר טוב, און די מלאכים האָבן בלויז א יצר טוב און ניט קיין יצר הרע. דער מענטש אָבער וואָס האָט אי א יצר הרע אי א יצר טוב, באַזיצט פאַרפלאָנטערטע אייגנשאַפטן און אינערלעכע צוויסטיקייטן און ער פירט אימער אַ קריג מיט זיך אַליין. דען ווען ער וויל א מצוה טאָן, אַזוי קומט דער יצר הרע און שטערט אים. און אַז ער וויל אַן עברה טאָן, אַזוי קומט דער יצר טוב און שטערט אים. און ווארום האָט אים גאָט באַשאַפן פול מיט קריג און אומרו? ווייל גאָט האָט געוואָלט, אַז דער מענטש זאָל זיין פריי אויסצוקלייבן צווישן גוט און שלעכטס און ער זאָל האָבן די מאַכט צו טאָן ווי ער וויל, אַזוי ווי גאָט אַליין האָט די מאַכט צו טאָן ווי ער וויל. און דאָס איז דער באַדייט פון דעם פסוק: בצלם אלהים עשה את האדם.

און גאָט האָט פון דער ריפּ, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון אדם׳ן, באַשאַפן אַ פרוי, און האָט זי געבראַכט צו אדם׳ן.

די פרוי איז ניט פאַרמירט געוואָרן פון דעם מאַנ׳ס קאָפּ כדי זי זאָל זיך ניט האַלטן גרויס און זאָל ניט הויבן איר קאָפּ אין דער הויך; זי איז אויך ניט געמאַכט געוואָרן פון זיין אויג אָדער פון זיין אויער, כדי זי זאָל ניט זיין נייגעריק און זאָל ניט וועלן נאָכקוקן אָדער צוהערן זיך צו פיל, ניט פון זיין מויל, כדי זי זאָל ניט ריידן צופיל; ניט פון זיין האַרץ, כדי זי זאָל ניט מקנא זיין אַלעמען, ניט פון זיינע הענט און פיס בכדי זי זאָל ניט אָנרירן אַלעס און זאָל ניט ארומגיין איבעראַל. דארום האָט גאָט זי באַשאַפן פון אַ ריפּ וואָס איז פאַרבאָרגן פון דעם מענטשליכן אויג, כדי זי זאָל זיין א מוסטער פון צניעות און טוגענד.

ווען דער מענטש איז גוט און פרום איז ער זוכה צו האָבן אַ ווייב, וואָס זאָל אים זיין ליב און באַהילפיק. אָבער ווען דער מענטש איז שלעכט שיקט אים גאָט אַ ווייב וואָס מאַכט אים פאַרלירן די וועלט און יענע וועלט.

אַזוי האָט געטראָפן א מעשה מיט אַ חסיד וואָס האָט געהאַט אַ ווייב אַ גרויסע חסידה. זיי האָבן אָבער קיין קינדער ניט געהאַט; האָט דער מאַן געגעבן אַ גט צו זיין פרוי. האָט זי געגומען אַ מאַן אַ גרויסן רשע און זי האָט אים פרום געמאַכט. און ער,דער חסיד, האָט גענומען אַ ווייב אַ מרשעת, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר א רשע.

ר׳ חייא בר אבא זאָגט: אמאָל בין איך איינגעשטאַנען ביי אַ בעל־הבית אין דער שטאָט לודקיא. האָט מען פאַר אונז געבראַכט אַ זילבערנעם טיש וואָס זעכצן מענטשן האָבן אים געטראָגן און אויף דעם איז געווען פון אַלדאָס גוטס, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין ששת ימי בראשית. האָב איך געפרעגט דעם בעל הבית: „וואָס פאַר א זכות האָסטו וואָס דו האָסט זוכה געווען צו אַזאַ גרויסע עשירות?״ האָט ער מיר געענטפערט: „איך בין געווען אַ קצב, און אַלע מאָל ווען איך האָב געהאַט אַ גוטע בהמה האָב איך, אָנהויבנדיק פון זונטאג, זי באַהאַלטן אויף שבת, און דערפאַר האָט מיר גאָט געגעבן מזל און ברכה.

אַ גרויסער האַר האָט געשיקט זיין קנעכט צו קויפן פיש. דער קנעכט איז געקומען צום פישער און געהאַלטן אין קויפן די בעסטע פיש. איז אָנגעקומען אַ אידישער שניידער און האָט אים איבערגעשטיגן אין פרייז און צוגענומען די פיש פאַר זיך. ווען דער קנעכט איז געקומען צו זיין האַר און האָט אים דערציילט וואָס עס האָט געטראָפן, איז דער האַר זייער בייז געוואָרן. ער האָט געשיקט נאָך דעם שניידער, און מיט גרויס כעס אים געפרעגט, ווי וואַגט דאָס אַן אָרימער שניידער אויסצוקויפן די בעסטע פיש, האָט דער שניידער אים אַזוי געענטפערט: היינט איז ביי אונז ערב יום כפור און מאָרגן האָבן מיר דעם הייליקסטן טאָג אין יאָר אין וועלכן מיר פאַסטן און בעטן גאָט צו פאַרגעבן אונז די זינד. דערנאָך קומען מיר אַ היים און מיר פרייען זיך האָפנדיק אַז אונזער זינד זיינען פארגעבן געוואָרן. איז ווי זאָל איך אין אַזאַ גרויסן יום טוב ניט קויפן קיין גוטע פיש און די בעסטע שפייזן? האָט דער האַר אים געענטפערט: דו ביזט גערעכט. דער שניידער איז געקומען א היים, און אז ער האָט אויפגעשניטן דעם פיש האָט ער דאָרט געפונען אַ טייערע פערל, פון וועלכן ער האָט זיך געשפייזט זיין גאַנץ לעבן.

דער שטייגער איז פון דעם מאַן צו זוכן אַ פרוי. עס איז אָבער ניט דער שטייגער פון אַ פרוי צו זוכן אַ מאַן, ווייל דער וואָס האָט עפעס פאַרלוירן, דער מוז דאָס זוכן. די פרוי איז גענומען געוואָרן פון מאַן, דארום זוכט ער זיין פאַרלאָרענעם טייל, אָבער די פרוי האָט גאָר ניט פאַרלאָרן און דאַרום דאַרף זי ניט זוכן.

מיר זעהען אַז די ווייבער פון די רייכע לייט גייען פיל שווערער צו קינד איידער די אָרימע פרויען. ווייל די רייכע פרויען פילן ניט די קללה: זאָלסט שווער עסן ברויט. דערפאַר האָבן זיי מער צער פון קינדער טראָגן און מער געבוירט ווייען. די ווייבער אָבער וואָס אַרבעטן שווער עסן שווער זייער ברויט און דערפאַר טוט גאָט מיט זיי אַ חסד און זיי האָבן גרינג זייערע קינדער.

ואל אשך תשוקתך. און צו דיין מאַן וועסטו גלוסטן: דער מאַן שאַפט זיך מיט דער פרוי פונקט ווי א האַר מיט זיין קנעכט. און דערפאַר וואָלט דאָך די פרוי ניט געדאַרפט האָבן קיין לוסט צו איר מאַן, דאָך האָט גאָט אריינגעגעבן אין איר אַזאַ נייגונג אַז זי גלוסט צו איר מאַן און זי וויל זיין פון אים אונטערטעניק. דאָס איז דער באַדייט פון די ווערטער: ואל אשך תשוקתך.

אַמאָל האָט רבי גמליאל חתונה געמאַכט זיין טאָכטער, און ווען די נייַ־פאַרהייראַטע טאָכטער מיט איר מאַן האָבן געהאַלטן אין ארויסגיין פון הויז, האָט זי געבעטן איר פאָטער ער זאָל איר געבן א ברכה. האָט ער זי געבענטשט און געזאָגט: „גאָט זאָל געבן דו זאָלסט מער ניט צוריק קומען צו מיין הויז". האָט די טאָכטער געזאָגט צום פאָטער. „וואָרום שיקסטו מיך אַוועק מיט אַ קללה? ווילסטו פון מיר אַזוי שטאַרק פּטור ווערן?" האָט ער איר געענטפערט: דאָס האָב איך דיך, טאָכטער מיינע געבענטשט. עס זאָל דיר אַזוי גוט זיין ביי־דיין מאַן, אַז עס זאָל זיך דיר ניט וועלן צוריק קומען אין מיין הויז.

# מדרש רבה

אַן אייגנאַרטיקע זאַמלונג פון דער קלערונגען און פאַרשונגען אויף תנ"ך פון גאַר אַ באַזונדער פאָרם און אינהאַלט. די ווערטער און פסוקים ווערן דאָ ניט פאַרטייטשט אינעם פשוטן ווערטלעכן זין, נאָר זיי ווערן באַשטראַלט און באַלויכטן אין דעם גייסט פון סימבאָלן און אָנדייטונגען. אַרום דעם ביבל־טעקסט ווערט דאָ געשפּונען און געוועבט אַ רייכער און קונציקער געוועב פון פאַנטאַסטישע לעגענדעס, מעשה׳לעך און מוסר־רייד.

די זאַמלונגען און צוזאַמענשטעלונגען פון די פאַרשיידענע מדרשים זיינען געמאַכט געוואָרן פון גרויסע אידישע געלערטע וועמעס נעמען זיינען ניט באַקאַנט. אָנגעהויבן האָט זיך דער מדרש, ווי מען איז זיך משער, פון די אַנשי כנסת הגדולה, גלייך נאָכן חורבן. די זאַמלונגען האָבן זיך געהאַלטן אין אַנטוויקלען און פאַרמערן אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן ביז די צייטן פון מיטלאַלטער.

און אַזוי האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַ ריזיקער מאַטעריאַל אין קיניג־רייך פון רייכער פאַנטאַזיע, שאַרפזין און חכמה. צווישן די גרויסע שאַפונגען פון דער אַלטער אידישער ליטעראַטור פאַרנעמט דער מדרש אַ וויכטיקן פלאַץ און ווערט פאַרערט און פאַרהייליקט ווי דער תלמוד. די זעלבע תנאים און אַמוראים פון תלמוד ווערן אויך ציטירט אין מדרש, אָבער זייערע רייד זיינען דאָ גאָר פון אַן אַנדער שטייגער, פון אַ באַזונדער קאָנסטרוקציע, פאָרם און אינהאַלט.

פון די פיל מדרשים וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דעם משך פון הודערטער יאָרן, פאַרנעמט דער מדרש רבה (גרויסער מדרש) דעם וויכ־טיקסטן פלאַץ. אַן אור־אַלטער עקזעמפּליאַר פון דעם קאָלאָסאַלן מדרש רבה, וואָס פאַר אַ לויכטנדיקער פאַקל פאַר די בלאָנזשענדיקע און פאַרשמאַכטע קינדער פון אונזער פאָלק! וויפיל פאָעטישער שטאָף, וויפיל פאַרפיינערונג און גלאַנץ, וויפיל קוואַלן פון טרייסט און האָפענונג דאָס אַנטהאַלט! וואָס פאַר אַ רייכקייט פון משלים, לעגענדעס און שפּילעווודיקע איינפאַלן געפינען זיך דאָ אויף יעדן שריט!

אויבן־אויף קוקט דאָס אויס צו זיין אַ פּירוש אויף די צען הייליקע ספרים: אויף די פינף חומשים און די פינף מגילות. אָבער אין דער אמתן איז דאָס אַ פאַרגרעסרונג און אַ פאַרבעסערונג פון דעם הייליקן טעקסט. דאָ ווערט צוגעגעבן צום תנ״ך אַ רייכער דערציילערישער מאַטעריאַל און עס ווערן אַנטדעקט אין די פסוקים אַלערליי פאַרבאָרגענע און באַהאַלטענע סימבאָלן און אַנדייטונגען.

אין דעם משך פון לאַנגן אידישן גלות, אין די אַלטע שטאָק־פינצטערע עפּאָכעס און גרויסע חורבנות און שטורעמס, בעת אונזער פאָלק פלעגט גע־וואָרפן ווערן אין טיפע אָפּגרונטן פון רשעות און אַכזריות, פלעגן די שולן און בתי מדרשים זיין געפּאַקט מיט צוהערער, וועלכע פלעגן זיין דורשטיק צו הערן אַ וואָרט פון טרייסט און דערלייכטערונג. זייערע בלוטנדיקע הער־צער פלעגן גיריק אויפכאַפּן די דערקוויקנדיקע האַלב־פאָעטישע ווערטער פון מדרש, די שיינע זאָגן און לעגענדעס באַפּוצט מיט בליענדיקע האָפענונגען וואָס פלעגן דינען ווי קוואַלן פון באַגייסטערונג פאַר די דערשלאָגענע און פאַרלאָרענע.

און אַזוי פלעגן די שעפער און די דערקלערער פון מדרשים ברענגען צו טראָגן דעם בעכער פון טרייסט צו די שמאַכטנדיקע ליפּן פון פאָלק. און אַזוי פלעגן זיי העלפן די קינדער פון וואָגל און צער צו טראָגן ווייטער דאָס גרויזאַמע לעבן און ניט פאַרלירן דעם מוט אין די שווערע מאָמענטן פון יאוש און גרויל.

## אויסצוג פון מדרש רבא:

מען דאַרף זיך פיל מער פרייען ווען אַ שיף קומט צוריק פון אַ רייזע אײדער ווען די שיף האַלט אין אָפּפאָרן אויף אַ רייזע, ווייל קיינער קען דאָך ניט פאָראויס זאָגן וואָס קאָן פּאַסירן מיט דער שיף וואָס פאָרט אָפּ פון פּאָרט.

און פּונקט אַזוי פיל חשובער איז דער טויט פון אַ מענטשן וואָס לאָזט איבער נאָך זיך אַ גוטן נאָמען אײדער דאָס געבורט פון אַ קינד וועמעס צו־קונפט קיינער קאָן ניט פאָראויס זאָגן.

און דאָס איז די אמתע באַדייטונג פון שלמה המלכ׳ס ווערטער:

דריי האָבן זיך פאַרזינדיקט: אָדם, חוה און די שלאַנג. אָבער פיר זיינען באַשטראָפט געוואָרן: אָדם, חוה, די שלאַנג און די ערד. וואָרום די ערד? ווייל פון איר עלעמענט איז דער מענטש פאַרמירט געוואָרן. „אָדם יסודו מעפר”. דער מענטש קומט פון דער ערד.

* * *

אַזוי ווי צוויי מעסערס ווערן פאַרשאַרפט ווען מען רייבט זיי איינס אין אַנדערן, אַזוי ווערן געלערנטע מענטשן מער געלערנט און פאַרפולקאָמט ווען זיי קומען אין באַרירונג איינער מיטן אַנדערן.

* * *

אונזער אויפשטיין פון שלאָף איז ביז אַ געוויסן גראַד אַ באַווייז אויף אונזער אויפשטיין נאָכן טויט (תחית המתים).

* * *

אין אַ צושטאַנד פון טרויער און פאַרצווייפלונג באַשליסט דער מענטש צו זיין גוט און פרום. אין אַ צושטאַנד פון וואוילטאָג און תענוג פאַרגעסט דער מענטש אין זיינע גוטע באַשלוסן.

* * *

צעבראָכענע זאַכן זיינען קיינעם ניט טייער, אָבער צעבראָכענע הערצער זיינען טייער צו גאָט.

* * *

פון הונדערט בייזע פּאַסירונגען וואָס טרעפן אַ מענטשן, קאָנען ניין־און־ניינציק פון זיי פעסטגעשטעלט ווערן אַלס רעזולטאַטן פון אייגענע טועכצן.

* * *

אויב רעדן איז זילבער, דאַן שווייגן איז גאָלד.

דאָס צופרידנשטעלן פון אַ שלעכטער נייגונג (תאווה) איז זיס ביים אָנפאַנג אָבער ביטער צום סוף.

* * *

זנות קאָן אויך געטאָן ווערן מיט די אויגן.

* * *

ווען אייזן איז אַנטדעקט געוואָרן האָבן די ביימער אָנגעהויבן ציטערן און פלאַטערן. אַן אַלטער דעמב האָט זיך דאַן געווענדט צו זיינע חברים און אַזוי געזאָגט: ווען קיינער פון אייך וואָלט ניט צוגעטראָגן פון זיך קיין מאַ־טעריאַל צום שוואַרצן אייזן וואָלט דער אייזן אונז קיין שלעכטס ניט געטאָן.

* * *

מיט זיין גאַנצער קלוגשאַפט און וויסנשאַפט קאָן דער מענטש גאָר־ניט איבעראַנדערשן אין דער נאַטור פון דעם באַשאַף. אַפילו אַ פליגעלע פון אַ ראָב־פליגל קאָן דער מענטש ניט איבעראַנדערשן פון שוואַרץ אויף וויס. פונקט אַזוי קאָן קיין מענטש ניט איבערבייטן קיין איינציקן בוכשטאַב פון דער הייליקער תורה.

פוטיפרע האָט אַמאָל געבעטן יוסף'ן ער זאָל אים ציגן ווי עס קוקט אויס דער גאָט צו וועמען ער, יוסף, דינט אַזוי געטריי. האָט אים יוסף אַרויס־גערופן אין דרויסן און אים געהייסן אַרופקוקן צו דער ברענענדיקער זון. איך קאָן ניט — האָט דער קיסר געזאָגט — אַרויפקוקן צו דער זון. — דאָס איז בלויז איינס פון מיין גאָטס באַדינער האָט יוסף געזאָגט צו פוטיפערע'ן. — און אויב דו קאָנסט זיך ניט איינקוקן אין איינעם פון האָרס באַדינער, היינט ווי קאָנסטו זען דעם גרויסן האַר זעלבסט?"

* * *

אויב מענטשן טענה'ן זיך פאַר דיר אויס און דו הערסט ווי איינער האַלט זיך אין איין שווערן ביי זיין ווייב און קינד, האָב אַ פאַרדאַכט וועגן דעם פאַרשוין.

* * *

אַלע וואָס לאָזן זיך שווימען אין ים קומען אַרויס קרעפטיק און צו־פרידן. בלויז איניקע געציילטע גייען פאַרלאָרן.

אַלע וואָס שווימען אויף די כוואַליעס פון הייראַט טראָגן זיך גליקלעך און צופרידן. בלויז איניקע געציילטע פון זיי האָבן אַ דורכפאַל.

* * *

דאָרט וואו דער ווין קומט אַריין גייט דער שכל אַרויס.

* * *

די אידן זיינען געגליכן צו זאַמד כחול אשר על שפת הים (בראשית 22).

אַזוי ווי זאַמד וואָס פאַלט אַריין אין שפּייז איז דאָס אַ צעשטערונג פאַר די ציין, אַזוי ווערן צעשטערט די ציין פון די אידן־פּרעסער. אַזוי ווי זאַמד ווען עס גייט דורך אַ גליענדיקן פייער ווערט דאָס פאַרוואַנדלט אין קלאָרן דורכ־זיכטיקן גלאָז, אַזוי ווערן אידן פאַרפיינערט און געלייטערט ווען זיי גייען אַדורך דעם פייער פון פאַרפאָלגונג.

די פעלדער ווידער זיינען געגליכן צו קאַלך (ישעיהוו כ״ד). און אַזוי ווי מען קאָן גאָרניט בויען מיט קאַלך סיידן מען פאַרמישט דאָס מיט זאַמד, אַזוי קאָנען די אַנדערע פעלקער ניט געדייען און בליען אָן אַ צומיש פון אידן צווישן זייער מיט.

* * *

דער קעניג איז געשטאָרבן. — לאַנג לעבן זאָל דער קעניג! אַ גרויסער מענטש איז געשטאָרבן, און ווי שווער דאָס איז צו באַזעצן אַן אַנדערן אויף זיין פּלאַץ!

* * *

דער גוטער און גערעכטער מענטש דאַרף ניט קיינע דענקמאָלן. זיין לעבן און שאַפן, דאָס איז זיין דענקמאָל.

אַזוי זאָגט גאָט צום מענטש: מיין ליכט, די תורה, איז אין דיין האַנט. אָבער דיין ליכט, די נשמה, איז אין מיין האַנט. גיב אַכטונג אויף מיין ליכט, וועל איך אַכטונג געבן אויף דיין ליכט.

* * *

אויב דו ביסט אַ חשובער מענטש און האָסט אַ רעכט צו זיצן אין די פאָדערשטע רייען, זעץ זיך בעסער אַ דריי־פיר פלעצער נידעריקער. ווייל עס איז בעסער צו הערן די ווערטער: „גיי העכער״ איידער „גיי נידעריקער!״

* * *

געווען אַמאָל אַ קלוגער הערשער וואָס האָט אויך פאַרנומען דעם אַמט פון אַ ריכטער. ווען עס זיינען פאַר אים געבראַכט געוואָרן, פון איין זייט, אַ חברה גנבים און, פון דער אַנדערער זייט הענדלער פון גנבות, פלעגט ער די ערשטע באַפרייען און די צווייטע פאַראורטיילן.

* * *

דאָס איינזאַפּן אין זיך וויסנשאַפטן און ניט אַרויסברענגען דאָס צו אַנדערע איז פרוכטלאָז און זינלאָז.

* * *

די וועלט איז פול מיט גאָט און דער קערפּער איז פול מיט נשמה. גאָט איז דער תמצית פון דער וועלט און די נשמה איז דער תמצית פון דעם קערפּער. גאָט איז ווירקזאַם, שלאָפט קיינמאָל ניט. אַזוי איז די נשמה. גאָט

זעט און קען ניט געזען ווערן. אַזוי איז די נשמה. ווי חשוב ביסטו מענטש, וואָס האָסט אין זיך אַ נשמה, וואָס איז פון אייביקייט און געטלעכקייט.

* * *

אַ סימבאָל פון העכסטער אָרנטלעכקייט איז געווען רבי שמעון בן יאיר. — מענטשן האָבן אַמאָל איבערגעלאָזן ביי אים צוויי זעקלעך גרויפּן און זיינען ערגעץ פאַרשוואונדן. זעענדיק אַז זיי קערן זיך ניט אום און מורא האָבנדיק אַז די גרויפּן וועלן קאַליע ווערן, האָט רבי פנחס דאָס פאַרזייט אין דער ערדה דערנאָך האָט ער פאַרקויפט די תבואה וואָס איז אַרויסגע־וואַקסן דערפון און ער האָט דעם איינקונפט אַריינגעלייגט אין אַן אַנדער אונטערנעמונג וואָס האָט אַריינגעטראָגן פאַרדינסטן. אין אַ צייט אַרום ווען די צוויי מענטשן זיינען געקומען צוריק האָט ער זיי איבערגעגעבן אַ קליינעם פאַרמעגן באַשטייענדיק פון דעם איינקונפט וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט פאַר דער גאַנצער צייט.

* * *

עס איז גאָר ניטאָ העכערס און שענערס ווי לערנען תורה. עס איז אָבער אַ סך בעסער גאָר ניט צו לערנען קיין תורה אײדער לערנען תורה און ניט וועלן וויסן דערפון.

* * *

עס איז ניט געווען און עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ מענטש וואָס באַזיצט אַזוינע גרויסע און שיינע אייגנשאַפטן ווי משה רבנו. ער איז געווען אַ קלוגער געזעצגעבער, אַ גרויסער שטאַטסמאַן, אַ וויכטיקער פירער, אַן איבערגעגע־בענער פּאַטריאָט, אַ צאַרטער פריינד, אַ הייליקער גייסט, אַ בריליאַנטענע פּערזאָן, אַ דערהויבענע נשמה און אַ פּשוטער מענטש.

* * *

אַ בויער מישט צונויפמען גראָבן און דינעם זאַמד און מאַכט דערפון אַ גוטן ליים. דאָס פאַרמירט אַ שטאַרקן מאַטעריאַל דורך וועלכן די ווענט פון די געביידע ווערן גוט באַפעסטיקט. אַזאַ פּראָצעס איז דורכגעמאַכט גע־וואָרן ביים באַשאַפן די ערשטע פּאָר פאָלק. אדם איז געווען דער שטאַרקער מאַטעריאַל און חוה — די שוואַכע. אַזאַ געמיש פון שטאַרק און שוואַך איז זייער נוצלעך פאַר דער מענטשלעכער ראַסע.

* * *

די פרוי פון אַ גרויסן הערשער האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ יוסי׳ן:

וואָרום האָט גאָט פאַרשלעפערט אָדמ׳ען און גוגעגנב׳עט ביי אים אַ ריפּ?

— צוגעגנב׳עט? — האָט זיך ר׳ יוסי געוואונדערט, — אויב עמיצער

נעמט אָוועק פון דיין הויז אַן אונץ זילבער און קערט דיר אום אַן אונץ גאָלד, הייסט דאָס דען „צוגעגנב'עט"?

* * *

שלאָף באַציט זיך צום טויט ווי איינס צו הונדערט. דאָס הייסט, אויב דער טויט שטעלט מיט זיך פאָר הונדערט חלקים באַוואוסטלאָזיקייט איז דער שלאָף איין חלק דערפון.

אַ חלום האָט עטוואָס ענלעכקייט צו נבואה פונקט ווי שבת האָט אַן ענלעכקייט צום עתיד לבוא (קינפטיקן לעבן)

* * *

איין מאָל אַ מאַן, צוויי מאָל אַ קינד.

* * *

אויב אַ מענטש רופט דיך אַן איזל שענק ניט קיין אויפמערקזאַמקייט דערצו. אויב אָבער צוויי מענטשן (אָדער מער) רופן דיך „איזל" נעם דאָס אין אַכט און פאַרטראַכט זיך וועגן דעם.

# די חנוכה ברכות

(ווי זיי אַנטפּלעקן זיך אין אַן אור־אַלטן מאַנוסקריפּט)

און אָט ליגט אַר מיר צעעפנט אַ שווערער קבלה ספר, וואו עס טראָגן זיך פון די שורות אַרויס ווערטער און באַגריפן פון דער וועלט פון אידישן מיסטיציזם. דער גרויסער ספר אַנטהאַלט העכער פינף הונדערט זייטן איז געשריבן געוואָרן מיטן האַנט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק און טראָגט דעם נאָמען „סדור האר"י". דער סדור איז, הייסט דאָס, פאַרפאַסט געוואָרן פון באַרימטן און פייערדיקן בעל מקובל ר' יצחק לוריא, און איז געשריבן געוואָרן פון זיינעם אַ תלמיד.

אין דעם סידור געפינט זיך אַלסדינג וואָס גייט אַריין אין אַלע גרויסע סדורים, אָבער מיט אַ סך פליטערלעך ארומגעוועבט מיט סודות פון קבלה, מיט צרופים און שמות. יעדע תפלה און ברכה איז דאָ אַרומגערינגלט מיט סימבאָלישע אויסדרוקן און איז דורכגעדרונגען מיט געהיימנישן פון די עולמות העליונים. אויף יעדן שריט שטויסט מען זיך דאָ אָן אויף פאַרבאָרגענע טירן פון אַ פאַנטאַסטישן היכל וואו עס באַוועגן זיך מיסטריעזע געשטאַלטן פון סנדלפון, מטרון און כתריאל, די אַלע גוטע מלאכים וואָס העלפן צו אויס־לייטערן און אויסאיידלען די מענטשלעכע נשמה.

די אלע שמות ורמזים וואָס רינגלען אַרום יעדע תפלה רעגן אָן און

פאַרכאַפּן דעם לייענער. די פאַרבאָרגענע רעטענישן, באַהויכט מיט פּאַטעטישע פונקען, רופן אַרויס פאַרבאָרגענע געפילן און געדאַנקען. פון דעם מיסטעריעזן, רייך־באַפּרוכפּערטן באַדן גרייכן צו אייך אידעלע דינע באַגריפן און עס שוועבן פאַר אייך קוים, קוים מערקבאַרע געשטאַלטן. דורך די פאַרנעבלטע וועגן פון נסתר פלאַמעלט צו אייך אין דער שטיל אַ ליכט פון דער אויסטערלישער לערע. עפּעס שיילט זיך אַרויס פון איר פאַרהוילנקייט און עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אייך אַן אַנדייט פון דער מיסטעריעזער שיטה.

די מקובלים זוכן צו פאַרענטפערן די שטענדיקע ראַנגלעניש צווישן גוטס און שלעכטס. זיי שטרעבן צו באַשיידן די אייביקע רעטעניש, ווי אַזוי דער רבונו של עולם, דער גאָט פון כולו יושר און גערעכטיקייט, דערלאָזט דאָ אַזוי פיל נידערטרעכטיקייט, ווילקיר און ברוטאַליטעט צו באַהערשן די וועלט; ווי אַזוי דער אויבערשטער דער קוואַל פון ליכט און שיין, דערלויבט דאָ אַזוינע פינסטערע כוחות, — די קליפּות און סטרא אחרא — צו האַלטן איינגעטונקען די וועלט אין בלוט און אין טרערן.

דורך די תפלות מיט די צרופים פאַרמעסט זיך דער מקובל צו פאַרבעסערן די וועלט לויט דעם אויבערשטנס קעניגרייך (לתקן עולם במלכות שדי) און צו צוטראָגן צו די שמאַכטנדע ליפּן פון ליידענדן פאָלק דעם בעכער פון טרייסט, אמונה און בטחון. דורך דעם צאַפּלדיקן עקסטאַז פון די טיפע כונות און סגופים טראָגט זיך אַן אַנזאָג, אַז די פינסטערע ממשלה פון סמאל, די ממשלת זדון, וועט אונטערגיין און פאַרטיליקט ווערן פון דער וועלט.

לכבוד חנוכה צועפן איך דעם געשריבענעם סדור האר״י און איך מיש די אַלטע בלעטער ביז וואַנען איך קום צום סדר ווי אַנצוצינדן די חנוכה ליכט. מערקווירדיק און אינטערעסאַנט צינדן זיך דאָ די קבלה־פייערלעך וואָס באַלויכטן יעדע נאַכט פון די אַכט חנוכה נעכט.

## „מגילת אַנטיוכוס״

(אַ מגילה וואָס דערציילט וועגן חנוכה)

אַלע אידן פון מגלת אסתר, אָבער זייער ווייניק אידן ווייסן, אַז עס איז ערגעץ פאַראַן אויך אַ „מגלת אנטיוכות״, וואָס ווערט געלייענט אַלע חנוכה אין אייניקע אָריענטאַלישע אידישע געמיינדעס.

אין דער מגילת אַנטיוכוס ווערט דערציילט די אַלע גוט־באַקאַנטע חנוכה פּאַסירונגען. דאָ ווערן איבערגעגעבן די ברוטאַלע מעשים פון מלכות יון אַנטקעגן דעם אידישן פאָלק, דער העלדישער אויפשטאַנד פון די מאַקאַבייער, דער נס מיטן קריגל בוימעל, און נאָך און נאָך געשייענישן. דאָ ווערן אָבער די אַלע זאַכן אויסדערציילט אין אַ סך אַ קירצערער פאָרם אײדער אין

די כתובים אחרונים אָדער אין די אַנדערע היסטאָרישע קוועלן. דאָ ווערן אויך איבערגעגעבן איניקע אייגנאַרטיקע עפּיזאָדן און פּאַסירונגען וואָס ווערן גאָרניט דערמאָנט אין די אַנדערע היסטאָרישע דערציילונגען.

קוק איך אַריין אין דער מגלת אנטיוכות, און איך זע ווי דער דרך פון דער היסטאָריע לגבי אידן חזר'ט זיך איבער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל דורך די טויזנטער יאָרן פון דער אידישער עקזיסטענץ. אָט לייען איך פון אַכזריות'ן און מערדערייען וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן אויף זיי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

וועגן דעם אורשפּרונג פון מגלת אנטיוכות און וועגן דער צייט ווען דאָס איז געשריבן געוואָרן, זיינען פאַראַן אַ סך מיינונגס־פאַרשידנהייטן. עס איז אָבער מערסטנטיילס אָנגענומען, אַז דער דאָקומענט איז פאַרפאַסט געוואָרן צווישן דעם אַכטן און ניינטן יאָרהונדערט, און אַז דער אָריגינאַל איז געשריבן געוואָרן אין אַראַמיש און איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרן אין העברעאיש.

עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די מגלת אנטיוכות איז געווען אין די אַמאָליקע צייטן פונקט אַזוי חשוב און טייער ווי די מגלת אסתר, הויפּטזעכלעך איז די מגלת אנטיוכות פאַרהייליקט געווען ביי די איטאַליענישע אידן אין דער צייט פון מיטלאַלטער. דער ספר, פון וועלכן דאָ איז רעפּראָדוצירט דאָס ערשטע בלעטל) איז טאַקע געדרוקט געוואָרן אין מאַנטואַ, אי־טאַליע, אין יאָר 1557.

## אינהאַלט פון מגילת אַנטיוכוס אין קורצן

דער גריכישער קעניג אנטיוכוס האָט געטראָגן אַ האַס אויף די אידן וואָרום זיי בוקן זיך ניט צו זיינע געטער און וואָרום זיי וואָגן צו האָבן אַן אַנדער אָרדענונג, גאָרניט ווי זיינע.

האָט אנטיוכוס געשיקט זיין הויפּטמאַן ניקאַנאָר מיט אַ גרויסער אַרמיי איינצונעמען ירושלים און איינצופירן דאָרט זיין אייגענע אָרדענונג. ניקאַנאָר איז אַריינגעקומען קיין ירושלים און זיך גענומען דורכפירן דאָרט די נייע אָרדנונג. אידן זיינען גע'הרג'ט געוואָרן אָן רחמנות. די הייליקע שטאָט איז פאַרוויסט געוואָרן. אין בית המקדש איז אויפגעשטעלט געוואָרן א מזבח צום גריכישן אָפּגאָט, און אויפן מזבח האָט מען געקוילעט אַ חזיר און געשפּריצט דאָס חזיר'שע בלוט אויפן ארון קודש.

האָט יוחנן, דער זון פון מתתיהו כהן גדול, אויפגעפלאַמט מיט גרויס גרימצאָרן. ער האָט געמאַכט אַ שאַרפע שווערד און זי באַהאַלטן אונטער זיין מאַנטל און געקומען איז ער צום הויפּטמאַן ניקאַנאָר און געזאָגט צו אים,

אַז ער, דער כהן גדול פון די אידן, גיט זיך אים איבער, און וואָס ער, ניקאַנאָר, וועט אים באַפוילען, וועט ער טאָן.

האָט ניקאַנאָר אים באַפוילן נעמען אַ חזיר און שחט'ן דאָס אויפן מזבח. האָט יוחנן געבעטן ניקאַנאָרן, אַז יעדער איינער זאָל אַרויסגיין, ווייל ער דאַרף אים פאַרטרויען אַ גרויסן סוד. און ווען יוחנן איז געבליבן אַליין מיט ניקאַנאָרן, האָט ער אַריינגעשטאָכן זיין שאַרפן שווערד דעם צורר אין האַרצן אַריין און אים געטויטעט. און איז אַנטלאָפן.

און גלייך דערנאָך האָט יוחנן אָנגעפאַנגען אַ גרויסן קאַמף קעגן די אידישע שונאים, וואָס זיינען געבליבן אָן אַ פירער. און יוחנן האָט געזיגט אויף יעדן טריט, און ער האָט פאַרטריבן די פרעמדע בייזע חיילות פון הייליקן לאַנד.

און ווען אַנטיוכוס דערהערט, אַז זיין באַליבטער גענעראַל ניקאַנאָר איז טויט, האָט ער געשיקט רופן זיין שני למלך, באַגריסט, און אים באַפוילען נעמען זיך צו די אידן מיט באַנייטע קרעפטן. האָט באַגריס ווידער איינגענומען ירושלים און געבראַכט אַהין טויט און פאַרוויסטונג.

דאַן האָט געטראָפן, אַז אַ גרויסע מחנה פון טויזנטער אידן האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ טיפער הייל און שטילערהייט האָבן זיי דאָרט אָנגעפירט זייער גאָטעס־דינסט. און ווען באַגריס האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער גערופן צו די אידן אין דער טיפעניש און געזאָגט צו זיי: „קומט אַרויס צו אונז, וועלן מיר אייך געבען עסן פון אונזער ברויט און טרינקען פון אונזער וויין, און ווען איר וועט דאָס טאָן ווי מיר וועלן אייך הייסן, וועט איר לעבן בלייבן". אָבער די אידן האָבן זיך נישט אָפּגערופן. האָט באַגריס באַפוילן צו זיינע מענטשן אַרומצולייגן שטיקער האָלץ אַרום דעם הייל און דאָס אונטערצינדן. און אַזוי זיינען טויזנטער אידישע מענער, פרויען און קינדער אומגעקומען פון פייער און דערשטיקט געוואָרן פון רויך.

דאַן האָבן זיך דערוועקט די פינף זין פון מתתיהו (וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען חשמונאים, אָדער מאַקאַבייער). זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט קריגערישן מוט און אויפגענומען אַ שרעקלעכן קאַמף אַנטקעגן די אידישע שונאים, זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט גרויסע אידישע מחנות, וואָס האָבן געקעמפט מיט לייבן־מוט, ביז וואַנען זיי האָבן פאַרטיליקט די גריכישע חיילות.

באַגריס מיט זיינע אַדיוטאַנטן האָבן זיך געראַטעוועט און זיי זיינען אַנטלאָפן אויף אַ שיף צו זייער קעניג אַנטיוכוס. דאַן האָט אַנטיוכוס גערופן צו זיך אַלע האַרן און פירער פון זיין גרויסער מלוכה. צוזאַמענגעקליבן האָבן זיך אַלע זייערע מעכטיקע האַרדעס און געבראַכט האָבן זיי צום שלאַכטפעלד

אַ סך עלפאַנטן אַנגעטאָן אין פּאַנצערס. מיט פאַראייניקטע קרעפטן זיינען זיי נאָך אַמאָל באַפאַלן ירושלים, צעבראָכן די טויערן פון שטאָט און זיך אַריינגעריסן אינווייניק.

און ווידער האָבן די פינף זין פון מתתיהו אָנגעגורט זייערע לענדן און צוזאַמען מיט זייער אַלטן פאָטער האָבן זיי זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף פאַר זייער פאָלק, זייער לאַנד און זייער גלויבן. אַ שוידערלעכע שלאַכט האָט זיך אַנטוויקעלט, צוויי פון די העלדישע מאַקאַבייער, יהודה און אליעזר, זיינען געפאַלען טויט. אָבער די אַנדערע דריי ברידער צוזאַמען מיט זייער פאָטער האָבן געקעמפט מיט גרויס העלדישקייט און באַזיגט זייערע מעכטיקע פיינט.

באַגריס, דער שני למלך, איז פאַרברענט געוואָרן אין פייער, און דער קעניג אַנטיוכוס איז אַנטלאָפן אויף אַ שיף, און וואו נאָר ער האָט זיך באַוויזן, איז ער באַגעגנט געוואָרן מיט שאַנד און שפּאָט.

די חשמונאים מיט אַלע אידן האָבן גע׳יובל׳ט מיט פרייד און נצחון. זיי האָבן אויסגערייניקט דעם בית המקדש און אָנגעצונדן דאָרט דעם נר תמיד, די אייביקע ליכט. זיי האָבן געפונען דאָרט בלויז איין קריגל בוימעל, וואָס איז געווען גענוג צו ברענען בלויז אויף איין טאָג. האָט אָבער אַ נס געטראָפן און דאָס קריגעלע בוימעל האָט געקלעקט אויף גאַנצע אַכט טאָג.

פון דעמאָלט אָן איז בטל געוואָרן די הערשאַפט פון מלכות יון, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די הערשאַפט פון דער אידישער דינאַסטיע — מאַקאַבייער. און אָנגעהאַלטן האָט די אידישע הערשאַפט ביזן חורבן, וואָס איז פאָרגעקומען שפּעטער מיט 206 יאָר.

## פאַרשידנאַרטיקע הגדות

קיין שום אידישער ספר (אויסער דעם תנ״ך) האָט נישט זוכה געווען צו ווערן געשריבן און געדרוקט און אַזוי פיל פאַרשידענע אויפלאַגן און אויסגאַבן, ווי הגדה של פסח. איינער, אַ באַרימטער ביבליאָגראַפער, האָט נאָך אַ סך זוכעניש צוזאַמענגעקליבן אַ טויזנט פאַרשיידענע הגדות, יעדע איינע אַנדערש פון דער אַנדערער.

אין מיין ספרים־זאַמלונג געפינען זיך אַ הונדערט פאַרשידנאַרטיקע הגדות, געדרוקטע און געשריבענע, גאָר גרויסע און גאַנץ קליינע, אור־אַלטע און גאָר ניט־לאַנגיקע, רייך־באַפּוצטע און אָרימענקע, דע־לוקס געבונדענע און האַלב־צעריסענע, שיין־אילוסטרירטע, מיט פאַרבן געמאָלנע און גאָר פשוט׳ע, בלויז עברי, ניט מער.

פאַראַן הגדות איבערזעצט אין אַנדערע שפראַכן און אין אידיש־דייטש, און אויך הגדות פאַרטייטשט אין ריינעם מאַמע־לשון וואָס אָטעמען מיט פאָלקס־טימלעכקייט און האַרציקן טאָן. אַ סך הגדות טראָגן מיט זיך מוזיקאַלישע נאָטן געבויט אויף שיינע אידישע מעלאָדיעס, וואָס ווערן הויפּטזעכלעך געשפּונען אַרום די קאַפּיטלעך פון הלל און די פּיוטים: כי לו נאה, כי לו יאה, אדיר הוא, „אחד מי יודע" און „חד־גדיא".

אַממערסטן טייל זיינען די עלטערע הגדות פאַרפלעקט און צעווייקט. ווייס איך ניט, צי די פלעקן קומען פון דעם פאַרגאָסענעם ווייַן מיט די זאַלץ־וואַסער, אָדער פון די פאַרגאָסענע טרערן געזאַלצן מיט פּיין און געמישט מיט מרור.

פאַראַן הגדות וואָס טראָגן מיט זיך בלויז איין פּירוש פון אַ גרויסן רב אָדער געלערנטן (ווי די הגדה „זבח פסח", פיר הונדערט יאָר אַלט, מיטן פּירוש פון דון יצחק אברבנאל און פאַראַן הגדות וואָס טראָגן אויף זיך אַ סך בייכעקע און דאַרינקע פּירושים. די ווערטער פון דער הגדה דינען אַלע מאָל אַלס אַ טעקסט אַרום וועלכן עס זיינען קונציק אַרומגעוועבט פאַנטאַסטישע אויסטייטשונגען מיט אַ שפּיל פון ווערטער און שאַרפע געדאַנקען. פאַראַן אַ הגדה וואו דער פאַרלעגער האָט זיך נישט געפוילט און צוזאַמענגענומען גאַנצע הונדערט פּירושים פון הונדערט רבנים און פילאָזאָפן, און דאָס אַלץ האָט ער אַרומגעוויקלט אַרום דעם טעקסט פון דער הגדה.

אינטערעסאַנט זיינען די אַלע פּירושים און דערקלערונגען וואָס וועבן זיך אַרום דעם חד־גדיא. זייער ווייניק מפרשים ווילן צוגעבן אַז דאָס איז אַ פשוט'ע פאָלקס־לידל וואָס ווערט געזונגען אין אַלערליי וואַריאַציעס ביי אַלע פעלקער אויף דער וועלט. שפּינען זיי, די מפרשים, אַלערליי שפּיציקע דריידלעך און שאַרפזיניקע דערקלערונגען אויפן אַרימען חד־גדיא. די דערקלערונג אָבער וואָס ווערט אַממערסטן געברויכט איז אַז חד־גדיא שטעלט מיט זיך פאָר אַ קורצע היסטאָריע פון לאַנגן אידישן גלות. דאָס ציגעלע, דאָס איז דאָס פאָלק ישראל, און די קאַץ, דער הונט, דער שטעקן און די אַנדערע העלדן — דאָס זיינען די פאַרשידענע פעלקער, וואָס האָבן פאַרטיליקט איינער דעם אַנדערן און האָבן פאַרנומען אונזער לאַנד ארץ ישראל.

צווישן די פילע אילוסטרירטע הגדות געפינט זיך איינע וואָס האָט עטליכע און נייַנציק צייכענונגען, אָן שום קאָלירן, וואָס מאָלן אָפּ שוואַרץ אויף ווייס זאַכן און פּאַסירונגען וואָס האָבן גאָרניט צו טאָן מיט פסח און מיטן סדר.

אָט איז דאָ למשל אַ בילד פון „אשל אברהם", פון גרויסן שיינעם בוים אונטער וועלכן אברהם אבינו אונטערהאַלט זיינע געסט, די דריי מלאכים,

און ווי שרה צולאַכט זיך מיטן גרעסטן געלעכטער פון זיין נביאות־זאָגן אַז זי, אַ הונדערט־יאָריקע אידענע, וועט געבוירן אַ זון אויף דער עלטער. און אַט איז געמאָלן אַ בילד ווי יוסף רייסט זיך אַרויס פון די אָרעמס פון פּוטי־פערע, וואָס וויל מיט אים זינדיקן. איר טוט אַ מיש אַ בלעטל און עס אַנט־פּלעקט זיך פאַר אייך אַ צייכנונג ווי פּרעה באָדט זיך אין אַ שייַן געטאָקטן ביטל, וואָס ווערט אָנגעפילט מיט בלוט געצאַפּט פון אידישע קינדערלעך. ווידער טוט איר אַ בלעטער די הגדה און איר דערזעט פאַר זיך טאָרקוועמאַדאַ, דעם הויפּט־אינקוויזיטאָר, ווי ער זיצט זיך געמיטלעך ביים טיש און ער שעפּט נחת דערפון וואָס מען גיסט קאָכיקע וואַסער אין מויל פון אַ געבונדע־נעם אידן, וועלכער ווערט נאָך דערצו געברענט מיט אַ גליענדן אייזן.

און אַט דערזעט איר אַ בילד וואָס האָט שוין יאָ אַ שייכות מיטן פּסח׳־דיקן סדר. איר זעט ווי אונזער הלל (פּונם זכר למקדש כהלל) עסט מצה און מרור, אַזוי בלעטערט איר די הגדה און בלעטערט און איבעראַל שטויסט איר זיך אָן אויף טשיקאַווע בילדלעך פון אַ טשיקאַוון אידישן צייכענער.

געדרוקט געוואָרן זיינען די אַלע הגדות אין אַלע מדינות פון דער וועלט און אין יעדן ווינקל פון דער ערד. וואו נאָר אַ שטאָט און שטעטל וואו עס האָט געטליעט אַ אידישער פונק, זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן דרוקערייען וואו דאָס אידישע וואָרט איז געקומען צום אויסדרוק. זיי קומען, די אידישע ספרים, פון אַזוינע פאַרשידנאַרטיקע שטעט ווי:

האַג און פּראַג, מונקאַטש און בוטשאַטש, ווינעציע און גוריצע, פּאָל־טאַווע און ליבאַווע, נירנבערג און עדינבורג, סאַלאָניקי און פּרילוקי, מאַנ־טובא און פּאַדובאַ, בערדיטשעוו און זלאָטשעוו, האַנוא און ,גענואַ, בראָדי און לאָדי, אַמסטערדאַם און ראָטערדאַם, דובראָוונא און הוראָדנאַ, באָמביי און קאַלאַמיי, סלאַוויטאַ און סאַביוניטאַ, ווין אין לובלין, רימיני און שונציני, שקלאָוו און סאדילקאָוו, אַלטונאַ און קרימונאַ, וואַרשא און אַניורשאַ, קראָקוי און באָקוי (רומעניע), פּיראַרא און פּיזאַרא, סטאַנאָוו און טשערטקאָוו, זשי־טאָמיר און איזמיר, עדן (תימן) און לידן (האָלאַנד), דראָביטש און מעזריטש, קונשטאַנטינא און קושטאַנצאַ, מילאַנו און פאַנו, טאַנאָוו און זאָלקאָוו, ברין און בערלין, און נאָך און נאָך — — —

פון די אָפענע הגדות טראָגן זיך צו מיר עסנוואַרגן, די גוט־באַקאַנטע אידישע עסנוואַרגן: דער מרור מיט די חרוסת, די זאַלץ־וואַסער מיט די ארבע כוסות, די זרוע מיטן אפיקומן, דער רויטער כריין מיט די גרינע פּעט־רישקע, און צולעצט עטליכע גוט־באַ׳טעמ׳טע קניידלעך...

אַ בוך פון יאָרן, אַלט די שריפט. און עס גרייכן צו מיר פון דאָרטן אַלטע ווערטער, גוט באַקאַנטע ווערטער מיטן גוט באַקאַנטן ניגון: הא לחמא

עניא — עבדים היינו — ויענונו כמה שנאמר — מרור זו שאנו אוכלין — דיינו, דיינו — בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו — שפוך חמתך על הגויים — אל בנה, אל בנה, בנה ביתך בקרוב.

ובכן ויהי בחצי הלילה!

# אַלטע מחזורים

(מחזור וויטרי און מחזור רומי)

פון מיין ביכער־שראַנק בליקען ארויס צוויי אור־אַלטע, זעלטענע מחזורים, וועלכע האָבן אומגעוואַנדערט איבער אַלערליי מדינות, דורכגעמאַכט גרויסע חורבנות און האָבן זיך אָנגעזאַפּט מיט אַ סך טרערן פון אידן מיט צע־בראָכענע הערצער.

איך נעם אין האַנט אריין אַ מחזור, עפן אים אויף פּאַמעלעך און בלע־טער אים. איך לאָז מיין אויג פאַלן וואו עס מאַכט זיך. עס אינטריגירן מיך די אַלטע אויפשריפטן און הערות ביי די זייטן פון די בלעטער, די באַמער־קונגען געצייכנט אין פאַרצייטיקע האַנטשריפטן ביים אָנהויב און סוף פונם ספר, די פינגער־צייכנס פון א סך, אַ סך פאַרגאַנגענע דורות. צוויי זעלטענע ספרים: „מחזור וויטרי" און „מחזור רומי".

## א

## מחזור וויטרי

דאָס איז אַ מין כל בו, אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע פון אידישער ליטור־גיע בפרט און פון אַלערליי ליטעראַרישע אַלט־אידישע קעגנשטאַנדן בכלל. אויסער דעם ריזיקן און פילפּאַכיקן רעליגיעזן מאַטעריאַל, אַנטהאַלט אויך דער מחזור קאַפּיטלעך פון אידישער היסטאָריע, אַרטיקלען פון אַ לומדישן אינהאַלט, דערקלערונגען אין חכמת ישראל, און — ווי טשיקאַווע דאָס איז, — אין דעם מחזור גייט אויך אַריין נוצלעכע אינפאָרמאַציע פאַרן טאָג־טעגלעכן געברויך פון האַנדל און וואַנדל: צום ביישפּיל: ווי צו שרייבן אַ וועקסל, ווי צו מאַכן אַ קאָנטראַקט, און נאָך, און נאָך.

דער מחזור ויטרי איז פאַרפאַסט געוואָרן אין יאָר 1208 פון רבינו שמחה בן שמואל, אַ תלמיד פון רש"י. ויטרי איז דער נאָמען פון אַ שטאָט אין פראַנק־רייך. דער ספר דעם נאָמען „מחזור ויטרי".

דער אָריגינעלער מאַנוסקריפּט פון דעם ספר געפינט זיך עד היום אינם בריטישן מוזייאום אין לאָנדאָן. הונדערטער יאָר איז דער כתב־יד רואיק

געלעגן אין אַרכיוו פון מוזייאום. איייניקע גרויסע געלערנטע און פאַרשער פלעגן פון צייט צו צייט אַריינקוקן אין דעם זעלטענעם מאַנוסקריפּט און שטי־לערהייט פאַרצייכענען זייערע באַאָבאַכטונגען. דער גרויסער עולם האָט גאָר קיין אַהנונג נישט געהאַט פון דעם ספר.

אָבער אָט האָט איינער אַ געלערנטער, מיטן נאָמען שמעון הלוי הורוויץ, זיך גענומען קאָפּירן דעם מערקווירדיקן ספר, מאַכנדיק אויך אַ גרינדלעכן שטודיום פון זיין רייכן אינהאַלט. אין יאָר 1893 האָט ענדליך אַ געדרוקטע קאָפּיע פון מחזור ויטרי דערזען דעם שיין פון דער וועלט.

מיט דער הילף פון דער באַוואוסטער געזעלשאַפט „מקיצי נרדמים" פון בערלין איז דאָס גרויסע ווערק געדרוקט געוואָרן אין אַ באַגרענעצטער צאָל עקזעמפּלאַרן און איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן יחידי סגולה און לער־אַנשטאַלטן.

מחזור ויטרי אַנטהאַלט גאַנצע צוועלף הונדערט זייטן. קרוב צו צוויי הונדערט זייטן פאַרנעמט בלויז דער פאַרוואָרט, געשריבן פון זעלבן שמעון הורוויץ, וועלכער האָט געמאַכט אַן אַלזייטיקן שטודיום פון רייכן טעקסט. דער פאַרוואָרט אַנטהאַלט צאָלרייכע ערקלערונגען, באַמערקונגען און אויסבע־סערונגען, אויך אַן אויספירלעכן אינהאַלט־פאַרצייכעניש פון אַלעס וואָס גייט אַריין אין גרויסן ספר. דערנאָך הויבט זיך אָן דער טעקסט פון מחזור, וואָס פאַרנעמט קרוב צו אַ טויזנט זייטן.

אויסער דעם געוויינלעכן צוזאַמענשטעל פון תפלות און פיוטים, געפינען זיך אין דעם מחזור עטלעכע הונדערט ניי־פאַרפאַסטע תפלות, תחינות און שטי־קער פיוט, געשריבן אין אַ הויך־פּאָעטישן סטיל, וואָס זיינען גאָר ניטאָ אין קיינע אַנדערע מחזורים.

פון די צאָלרייכע אַנדערע געגנשטאַנדן וואָס גייען אַריין אין דעם מחזור, איז ווערט צו דערמאָנען פאָלגענדע:

דינים וועגן דעם וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. אָן אַ שיעור הלכות און רעגולאַציעס, מנהגים און טראַדיציעס פון פאַרצווייגטן אידישן לעבן און גלויבן.

אַ רייע שאלות און תשובות, געשריבן פון דעם מחברס באַרימטן לע־רער, רבי שלמה יצחקי (רש"י).

צוויי קליינע מסכתות פון תלמוד בבלי: מסכת סופרים און מסכת דרך ארץ.

פרקי אבות מיט אַן אויסערגעוויינלעכן רייכן פירוש.

אַ שיר צו זינגען ביים אָנ'שכורן זיך לכבוד פורים.

אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער אידישער צייט־רעכענונג, וועגן די תקופות פון יאָר, וועגן מולד, וועגן אַ פשוטן יאָר און אַן עבור יאָר.

אַ צעטל מיט נעמען פון גרויסע אידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין יעדן דור.

נעמען פון די פאָרשטייער פון אידנטום, וועלכע האָבן איבערגעגעבן די תורה איינער צום אַנדערן.

אַ באַשרייבונג פון די מלחמות וואָס וועלן פאָרקומען אין משיח'ס צייטן.

אַן אָפּהאַנדלונג וועגן חכמת־היד: ווי צו פאָראויסזאָגן דעם ווייטער־דיקן געזונט־צושטאַנד פון אַ מענטשן דורך באַאָבאַכטן די קנייטשן פון זיין האַנט.

אינפאָרמאַטיווע דערקלערונגען: ווי צו שרייבן אַ שטר־חוב (וועקסל); ווי צו שליסן אַ קאָנטראַקט צווישן שותפים; ווי צו פאַרפאַסן אַ קאָנסטיטוציע פאַר אַ חברה אָדער אַ געמיינדע; ווי אויסצודריקן זיך ביים בעטן מחילה, ביים אָוועקגעבן אַ מתנה, א. אַז. וו.

ס'איז כדאי צו זען און באַטראַכטן דעם מערקווירדיקן מחזור אום צו קאָנען אָפּשאַצן זיין קולטור־היסטאָרישן ווערט. צום דאָזיקן פּילפּאַכיקן ריזיקן ספר פּאַסט זיך דער גוט־באַקאַנטער אויסדרוק: „הפוך בו והפוך בו, דכולו בו".

ב

## מחזור רומי

דאָס איז אַן אור־אַלטער זעלטענער ספר, 380 יאָר אַלט, געדרוקט אין דער שטאָט מאַנטואַ (איטאַליע).

אויפן שער בלאַט לעזט זיך, „די מלאכה (פון דרוקן דעם ספר) האָט זיך אָנגעפאַנגען אום חנוכה פון יאָר שי"ז (1557). און אויף דער לעצטער זייט פון ספר לעזט זיך: „די מלאכה האָט זיך געענדיקט ראש חודש סיון ש"כ (1560). דאָס הייסט, עס האָט געדויערט מער ווי דריי יאָר די אַרבייט פון דרוקן און אַרויסגעבן דעם מערקווירדיקן מחזור.

געדרוקט געוואָרן איז דער ספר פון אַ קריסטלעכן דרוקער, וויקטאָריאָ רופינעלו, ווייל פאַר אידן איז דאַן געווען פאַרבאָטן צו פאַרנעמען זיך מיט דער קונסט פון דרוקעריי.

דער ספר מאַכט אַ פּרעכטיקן איינדרוק און ס'איז אַ תענוג צו האַלטן דאָס אין האַנט און צו בלעטערן.

דאָס פיינע און גוטע פּאַפּיר איז, זעט אויס, געמאַכט געוואָרן פון אַ געניטער קינסטלער־האַנט, און דערום האָט זיך דאָס געקאָנט אויפהאַלטן ביז היינטיקן טאָג.

די דרוק אַרבייט איז געטאָן געוואָרן מיט מייסטערשאַפט און גוטן גע־שמאַק.

דער טעקסט איז אַ מוסטער פון פּעלערלאַזיגקייט און גאַנצקייט.

די גרויס פון מחזור רומי איז בײנאַהע אַ האַלב פון אַ גרויסער גמרא. עס אַנטהאַלט 420 זײַטן, זײער געדיכט געזעצט, צו צװײ שפּאַלטן אויף יעדער זײַט. די פּילפּאַכיקע דינים און מנהגים זײַנען דאָ געדרוקט אין רש״י כתב; די תפלות און פּיוטים — אין אותיות מרוּבעות (פּירקאַנטיקע בוכשטאַבן).

דער נוסח פון די תפלות און פּיוטים איז מערסטן טײל אַ סך אַנדערש פון דעם הײַנטיקן נוסח. עס זײַנען אויך דאָ פאַראַן אַ סך שטיקער פּיוט און פאַרשידענע תפלות װאָס זײַנען גאָר ניטאָ אין אונזערע יעצטיקע מחזורים.

דער מחזור רומי נעמט אַרײַן אין זיך צאַלרײַכע אָפּטײלונגען פאַר אַלער־לײ טאָג־טעגלעכע פאַסירונגען און געלעגנהײטן. יעדע זאַך װערט דאָ דער־לאַנגט מיט אַ ברײטער האַנט און אַ פולער מאָס. אויסער די געװײנלעכע און אויסערגעװײנלעכע תפלות, תחינות און פּיוטים פאַר אַלע ימים טובים און ימים נוראים, גײען דאָ אַרײַן פאָלגענדעס:״

די הגדה של פסח מיט אַלע פּליטערלעך. קינות פאַר תשעה באָב, סליחות פאַר ראש השנה. מגילת אנטיוכוס פאַר חנוכה. אזהרות פון ר׳ שלמה בן גבירול פאַר שבועות. פּרקי אבות מיט אַ פּירוש פון רש״י און פון רמב״ם; און אַז מען האַלט שוין בײַם רמב״ם׳ס פּירוש אויף די פּרקי אבות, װי קאָן מען דאָס אויסלאָזן זײַן קלאַסישע װערק: שמונה פרקים להרמב״ם? און אַז מען דרוקט שוין די באַרימטע אַכט פּרקים, װי שטעלט מען שוין נישט צו דערבײַ די לאַנגע הקדמה פון דעם איבערזעצער, שלמה בן יהודה אבן תבון?

דאַן קומען גאַנצע רײען תפלות און בקשות פאַר אַלערלײ פאַלען װאָס טרעפן אין לעבן, װי צום בײַשפּיל:

אַ זאַמלונג פון תפלות אויפן פאַל װען אַן אַנשטעקנדע קראַנקהײט אָדער אַ מגפה ברעכט אויס אין אַ לאַנד אָדער אין אַ שטאָט.

ספּעציעלע תפלות פאַרן פאַל װען עס גײט אַרויס אַ שלעכטע גזירה פון קיסר, װען אידיש בלוט גיסט זיך אָן רחמנות, און אידיש האָב און גוטס װערט הפקר אין די גאַסן.

תפלות צו זאָגן װען עס באַפאַלט אײנעם אַ שװערע קראַנקהײט, אָדער װען ער פילט קערפּערלעכע און גײַסטיקע יסורים.

אַ צערמאָניאַלער ריטואַל װען מען דאַרף איבערבײַטן עמיצנס נאָמען.

דינים און מנהגים װי אַפּצוריכטן אַ ברית, אָדער אַ פּדיון הבן; װי פאַרלאָבן חתן־כלה, װי פײַערן אַ חתונה א. אַז. װ.

דינים װאָס זײַנען נוגע אַן אבל.

װי צו זאָגן ודוי פאַרן טויט.

אַן אָפּהאַנדלונג װעגן די פליכטן פון קינדער צו עלטערן.

און נאָך און נאָך ריטואַלן און זאַכן װאָס איז שװער אויסצורעכענען.

נאָך דעם מחזור ויטרי קומט דער מחזור רומי אַלס אַ צווייטע ענציק־לאָפּעדיע אויפן געביט פון אידישער ליטורגיע און לומדות.

אינטערעסאַנט איז אויך צו זען אינם מחזור רומי די שיינע באַפּוצונגען און אָרנאַמענטן וואָס געפינען זיך צעוואָרפן אין אַלערליי פּלעצער. לויט דעם שטייגער פון יענער צייט ווערט דאָס ערשטע וואָרט פון יעדער וויכטיקער תפלה אַריינגעשטעלט אין אַ רעמעל, באַצירט מיט שיינע צייכענונגען און מאַלערייען.

אַ סך ווערטער אָדער שטעלען פון טעקסט זיינען דאָ און דאָרט אויסגעמעקט געוואָרן פון די אַמאָליקע צענזאָרס. אָבער אין דעם משך פון די פאַרגאַנגענע הונדערטער יאָרן איז דעם צענזאָרס שוואַרצע טינט אָפּגעבליאַקירט געוואָרן, און די אויסגעמעקטע שטעלען קאָנען ווידער געלעזן ווערן אָן שטערונגען. דאָס איז אַן אמת׳ער סימבאָל פון דער ניט־צעשטערטקייט פון אונזער פאָלקס־גייסט און דער אייביקייט פון אונזער קולטור־גענוס.

מיין בליק וואַנדערט אויף די בלעטער פון דעם אור־אַלטן מחזור און מיך באַהערשט אַן אומבאַשרייבלעכער געפיל. וויפיל הענט האָבן דאָס געבלעטערט, וויפיל אויגן האָבן דאָ אַריינגעקוקט, וויפיל געוויין האָט דאָס איינגעזאַפּט. וויפיל דורות האָבן דאָס גע׳ירשנ׳ט!

וואָס פאַר אַ ווילנס־ענערגיע און שאַפונגס־קראַפט אַנטפּלעקט זיך פון די ווערטער און שורות. וואָס פאַר אַ פאַטעטישער הארץ־אויסגוס און צערטלעכע באַרמהערציגקייט טראָגען זיך פון די בלעטער אַרויס! דאָס זיינען די קוואַלען פון וועלכע דורות און דורות האָבן געשעפּט זייער גייסטיקן חיות; דאָס זיינען אונזערע כלי זין, אונזערע פעסטונגען, וועלכע שטייען אין דער ערשטער ליניע פון אונזער נישט־דורכגעבראָכענער שוץ־וואַנט.

# ארבע תעניות

## געדרוקט אין 1644

אַ שיין מעשה־בוך. אַ פּאַרצייטיקע אַנטאָלאָגיע פון אידישע לעגענדעס און פאָלקסטימלעכע געשיכטעס.

דער אור־אַלטער הונדערטער יאָריקער ספר איז אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר וואָס קען ניט געקויפט ווערן אויפן ביכער־מאַרק פאַר קיין פּרייז. דער ספר רופט זיך: „ארבע תעניות“ און אַנטהאַלט אַלע קינות און פיוטים וואָס האָבן אַ שייכות צו די פיר תעניתים: שבעה עשר בתמוז, תשעה באב, עשרה בטבת און תענית אסתר.

פון די שורות פון ספר טראָגן זיך צו מיר זיפצן און קרעכצן פון פאַר־גאַנגענע דורות און געוויינען פון טאַטעס און זיידעס אין לאַנגע פינצטערע וואָגל נעכט פון צער און פּיין. עס טראָגן זיך צו מיר פון די בלעטער אַרויס דער ריח פון אַלטע בתי מדרשים, שטימונגען פון בית עלמין, און די נגונים פון איכה ישבה, שמע קולנו, און הוי מה היה לנו.

דער ספר „ארבע תעניות" שטעלט מיט זיך פאָר אַן אויסגעצייכנטע פיינע שאַפונג אויפן טיפּאָגראַפישן געביט. שוין דער אויסערליכער אויסזען פון ספר איז אַ מוסטער פון גוטן געשמאַק און בוכבינדער ארבעט. די טאָוולען זיינען באַדעקט מיט אַמאָליקן טייערן לעדער באַצירט מיט גראַווירונגען פון אַלטן שניט. געדרוקט איז דער ספר אין אַ דיק־פעסטן הענט־געמאַכטן פּאַפּיר מיט ברייטע ראַנדן אויף די זייטן פון די שורות. אַלעס צייכנט זיך דאָ אויס מיט אַ ברייטן פאַרנעם, גוטע מייסטערשאַפט און פאַלקאָמענהייט.

אָבער די מערקווירדיקסטע אייגנשאַפט פון דעם זעלטענעם ספר איז דאָס, וואָס דער בעל־מגיה (קאָרעקטאָר) פון ספר איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דער פיל־פאַרביקער שריפטשטעלער, פילאָזאָף און שטאַטס־מאַן מנשה בן ישראל. אויפן צווייטן זייט פון שער־בלאַט געפינט זיך אַ מעלדונג אונטער גע'חתמ'עט פון מנשה בן ישראל, וואו ער פאַרזיכערט, אַז ער האָט געאַרבעט אויפן ספר „ארבע תעניות" מיט גרויס פלייס און איבערגעבנהייט, און אַז ער האָט דורכגעזיפּט יעדן זאַץ מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט ביז דער ספר איז אַרויס ריין, שיין און פעלערלאָז. פון דער לאַנגליכער באַמערקונג קען מען זען מיט וואָס פאַר א טיפן ערנסט און ליבשאַפט דער גרויסער שריפט־שטעלער האָט זיך באַצויגן צו דער טיפּאָגראַפישער קונסט־ארבעט, צו וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן. די מלאכה פון דרוקערייי איז ביי אים ווירקליך געווען פאַררעכנט ווי אַ מלאכת הקודש אָדער מלאכת שמים.

אויף די ראַנדן פון די בלעטער זיינען דאָ און דאָרט צוגעשריבן געוואָרן מיט'ן האַנט אין אַלטן פאַרצייטיקן כתב אַלערליי באַמערקונגען מיט קורצע פּרושים און הגהות אויף די געדרוקטע קינות און פּיוטים.

צום סוף פון ספר זיינען צוגעבונדן עטלעכע געשריבענע בלעטער אויף וועלכע עס זיינען געצייכנט מיט געציקלטע אותיות נאָך איניקע קינות, פאַרפאַסט פון אומבאַקאַנטע שרייבער און דיכטער. ווי עס זעט אויס זיינען די געדרוקטע קינות ניט געווען גענוג פאַר די אייגנטימער פון ספר. האָבן זיי דעריבער צוגעשריבן און צוגעשטעלט נאָך קלאָג־לידער און טרויער־פערזן אָנגעהויכט מיט צער און פּיין אויפן אידישן חורבן און לאַנגן גלות. דאָ חזר'ן זיך איבער אַזוינע אויסדרוקן ווי: גאַטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן

אויף אונז. — די קינדער זיינען פאַרטריבן פון דער מוטערס שויס. — די טויב האָט פאַרלאָרן איר נעסט. — צעוואָרפן און צושפרייט זיינען מיר אויף דער גאַנצער וועלט. — אן אָפגרונט פון פאַרצווייפלונג לויערט אויף אונז. און נאָך.

לאָמיר דאָ צולעצט איבערגעבן איינע פון די צוגעשריבענע קינות. דאָס איז אַ קלאָג־ליד וואָס צייכנט זיך אויס מיט טרויעריקע בילדלעכקייט און ריי־רענדער שטימונג. געשריבן איז דאָס ליד מיט אַ ציטרדיקער האַנט און לעזט זיך ווי פאָלגט:

על היכלי חבלי כנשך נושך:
ולשממת ציון אשב בחושך:
יכבה נרי יום בו מאורי הועם:
יום החריב עירי היא רבתי עם:
יום זועם ורעם: ביום ההוא יהיה חושך:
ולשממת צון אשב בחושך.

שומם בחיל: אשב על נוה נאוה:
תמיד אוחיל עד בלא נגיד ומצוה:
יום יום יקוה: לאור והנה חושך:
ולשממת ציון אשב בחושך.

רפדתי אני בחושך את יצועי:
נהי ואני: הלא הם שעשועי:
כי אל שם מסעי: ועל נתיבותי חושך:
ולשממת ציון אשב בחושך.

אל אדיר נאור ישלח מזור למזורי:
הוי יוצר אור כקדם יאיר אורי:
יהל נרי: לאורו אלך בחושך:
ולשממת ציון אשב בחושך.

# מעין טהור

## געדרוקט אין 1716

אויסצוג פון די דינים פון ספר מעין טהור:

איין אשה טאָר ניט גיין אַזו גיקלייד וויא די גוים גיין פון פר שאַטקייט ווענין. אונ ביי דער הוצטיגער צייט זעהין נור די ווייבר אונ די מיידין ווש איין מלבוש איין פריצה גייט מאַכט זי זיך תיכף אַזו איין מלבוש אונ זייער פר שאַט אויש גישנוטין מיט דעם בלויזן לייב אַרוש. זיי וועט בוודאי קיין תשובה אפילו ניט העלפין. זיי זענין מחטיא רבים ימח שמם וזכרם. דש גיהנם איז אויך פר זיי ווייניג. וויי צו זייערי עלטרין וואָש האָבן אַזעליכה קינדר געברנגט אוף דער וועלט הולטייקייט אונ פריצות און מאַכין לייט זונדיגין. אונ בפרט אין דיא דייטשי מקומות גיין די ווייבר מיט זייער אייגנע האָר אונ גיין אושגשנוטין די מלבושים מיט דעם לייב אַרוש ארגיר וויא ערלים. עש איז גאָר ניט כדאי פון אַזעלכה שרצים צו שמוסין. די ערליכה ווייבר אונ מיידליך ווש זענין זיך נוהג בצניעות וועלין בוודאי האָבין גרוש שכר אויף דער וועלט. עש וועט פון זי גוטי דורות ארויש קומין אונ וועלין האָבין זייער שכר אין גן עדן. אונ אין זייער זכות וועט השם יתברך ברענגין די גאולה במהרה בימינו אמן.

איין אשה מוז אוך ערליך האַלטין פאָטר אונ מוטר אַזו וויא איין זכר מיט אַללע זאַכין וואש מען מוז פאָטר אונד מוטר ערליך

האַלטין נור אַז. זי האָט איין מאַן אונ דער מאַן לאָזסט זי ניט איז זי פטור.

צדקה טאָר איין יודינע ניט געבין אַז זיא האָט איין מאַן נאָר אזו פיהל אַז זי ווייסט דער מאַן ווערט איהר ניט.

אַלע עברות, ווש שטייט אַז מען טאר ניט טוהין איז דער אסור אוף ווייבר גלייך וויא אוף מאַנין. על כן דארפין די ווייבר ווישין און לייגין אויש זייערי ספרים וועלכיש מען טאָר ניט.

די ערשטע תחינה פון ספר מעין טהור.

מי אנכי ווער בין איך דש איך זאָל זוכה זיין תפלה צו טאָן פר אזו איין פארכטונגן גרושן קיניג דר דא איז איין קיניג איבר אלי

קיניגן גלובט אונ גהייליגט איז דיין נאָמן. איך בין איין זינדיגר מענש האָב דר צרנט דיין נאָמן מיט בייזי מעשים. איך בין אַטייל בלוט אונ פלייש אונ בין ניט ווערט דש איך זאָל פאר אים תפלה טאָן אונ געדענקן זיין נאָמן וויא איין קיניג איבר אַלי קיניגן. גלובט אונ גהייליגט איז זיין נאָמן ער איז דער הייבט איבר אַלי גוועלטיגן נייארט וועגן זיינר גנאד אונ וועגן זיין גרוש באַרמיקייט טוט ער זיך דר באַרמן איבר דיא גאַנצי וועלט אונ בגערט די תפלות אונ בקשות פון זייני קנעכט אז איין פסוק שטייט גאָט איז נאָהנט צו דיא אים אן רופן מיט ווארהייט אונ גטרייא טוט ער דר הערן אונ פר נעמט מייני תפלות אונ פון אל קרייטער דיא דיך אן רופן אמן.

רבונו של עולם איך בין איין שרעקליכר זינדיגר מענש אונ זאָל שטיין פר אזו איין לעבנדיגן אַלמעכטיגן הערן תפלה צו טאָן איך פר שטייא אוך ניט פיל ווש איך תפלה טוא נייארט דען דו בישט איין גרוסר רחמן אונ באַגערשט דיא לייט דיא תפלה טואן אונ רופין דיך מיט גאַנצן האַרצן און דו גאט פר שעמסט ניט מיין תפלה דרום האָב איך מיך דיר וואגן צו גנעהן פר די ברמהרציגר פאָטר מיט מיין דעמוטיג הרץ און מיט נידרן שטים אונ האָב חרטה אוף אל מייני עברות דיא איך האָב גטאָן פון מייני יוגנט אן ביז דעם היינטיגן טאָג אונ דו זאָלשט מיר שיקן דיא מלאכים די דא זענן איבר די תפלות פון ישראל אונ אזו זאָלשטו מיין תפלה אוך לאָזן אָן נעמן אמן סלה.

## צאינה וראינה

(אַ ווייבערשער מדרש)

דער נאָמען "טייטש חומש" מיט וועלכן די צאינה־וראינה ווערט אָפּט־מאָל באַצייכנט, גיט אַ פאַלשן באַגריף וועגן דעם אינהאַלט פון בוך. ווייל דאָרט ווערט דער חומש נישט פאַרטייטשט און ניט דערקלערט, נאָר דאָרט ווערט אָבער צוגעגעבן צום ביבלישן טעקסט אַ רייכער דערציילערישער מאַטעריאַל, וואָס באַשטייט פון פאַנטאַסטישע לעגענדעס, האַרציקע מוסר־רייד, מעשה׳לעך און משלים.

דאָס איז דער איין און איינציקער מדרש וואָס איז געשאַפן געוואָרן ספּעציעל פאַר אידישע פרויען אין אַמאָליקן אַלט־אידיש, און וואָס האָט זוכה געווען אָנגערופן צו ווערן „די ווייבערישע תורה", אויך „אַ וועגווייזער פאַר דער אידישער פרוי". (די ווערטער „צאינה וראינה" נעמען זיך פון אַ פסוק אין שיר השירים: „צאינה וראינה בנות ציון").

אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן ווערט דאָ צענויפגעשמאָלצן דער ביבלישער טעקסט מיט אויסצוגן פון מדרשים און באַרימטע מפרשים. הויפּטזעכלעך ווערן דאָ נאָכאַנאַנד ציטירט שטעלן פון בחיי, צרור המור, חזקוני, ילקוט א. אַ. וו. די ווערטער פון די פּלייסיק־צונויפגעזאַמלטע ציטאַטן איבערגעגעבן אין אַ ליבליך אינטים־ווייבערישן סטיל, דרינגען אַריין אין די טיף גלויביקע הער־צער.

די „צאינה וראינה״ וואָס איז די קרוין פון אַלע אידיש־טייטשע ביבל־זאַמלונגען איז אַריינגעדרונגען אין די טיפסטע שיכטן פון אידישן פאָלק — פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין יעדער אידישער היים.

דאָס ווערק איז געשאַפן אויף די סדרות פון דער וואָך. יעדע איינציקע סדרה הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „שלמה המלך זאָגט אין משלי״, און ווערט גלייך צענויפגעבונדן מיט אַ פּסוק פון דער סדרה. אָבער דער פּסוק איז בלויז אַן אַריינפיר ארום וועלכן עס ווערט אויסגעשטריקט אַ קונציקער געוועב פון פאָלקסטימלעכע דרשות און אגדות אין ריטם פון אַלטן מדרש.

יעדן שבת נאָכמיטאָק פלעגט די אידישע מוטער פאַרלייענען פאַר אירע קינדער פון „צאינה וראינה״ — בלעטער וועגן אמאָליקע היסטאָרישע געשע־ענישן, וועגן אונזערע אבות און אמהות, וועגן תנאים און גאונים, חכמים און צדיקים. ארום וועלכע עס זיינען אַרומגעוועבט מיט גאָלדענע פעדים פאַנטאַס־טישע דערציילונגען און הערלעכע באַשרייבונגען.

אין דעם משך פון די ערשטע פאַר הונדערט יאָר פלעגט די צאינה־וראינה געדרוקט ווערן אין אַ ספּעציעלער שריפט וואָס איז באַשטאַנען פון קליינע אותיות און פלעגט טראָגן דעם נאָמען „תחינה־כתב. די אידישע מייד־לעך פלעגן זיך ספּעציעל פאַרברייטן צו קענען לייענען דעם דאָזיקן כתב און צו זיין „וואוילגעלערנט״.

דער צאינה־וראינה איז פאַרפאַסט געוואָרן פון יעקב בן יצחק אשכנזי, אויס יאַנאָווע (פּוילן). איינצעלהייטן פון דעם מחבר׳ס לעבן זיינען איינגעהילט אין אַ שלייער. עס אָבער באַקאַנט אַז ער האָט געלעבט צום סוף פון 16טן און אין אָנהויב פון 17 טן יאָרהונדערט, אַז ער איז געווען אַן אָנגעזעענער פּערזאָן און אַ גרויסער למדן, און אַז ער איז געשטאָרבן אַרום 1623. ער האָט פאַרפאַסט אַן ענליכן ספר אויף נביאים וכתובים און נאָך עטלעכע ספרים וואָס האָבן באַצוועקט מזכה זיין מיט תורה די ווייבער און אויך די מאַנסבילן וואָס האָבן קיין געלעגנהייטן ניט געהאַט צו קאָנען לשון קודש.

די ערשטע אויסגאַבע פון צאינה וראינה איז ערשינען, ווי מען איז זיך משער, אַרום דעם יאָר 1600. אָבער פון יענער אויסגאַבע זיינען פאַרפאַלן גע־וואָרן אַלע עקזעמפּלאַרן ביז איינעם. די עלטסטע אויסגאַבע פון וועלכע אַ פּאָר

קאַפּיטעל האָבן זיך אויפגעהיט איז די וועלכע איז דערשינען אין באַזעל אין יאָר 1622.

## תרגום שני

דאָס וואָרט תרגום, אין אַ ברייטן זין פון וואָרט, באַדייט איבערזעצונג אָדער דערקלערונג. געוויינלעך אָבער באַציט זיך דאָס וואָרט תרגום בלויז אויף דער אַראַמישער איבערזעצונג פון תנ״ך.

דער תרגום ווערט ביי אידן אַריינגערעכנט צווישן די טראַדיציאָנעלע הייליקע ספרים. הויפּטזעכלעך, — תרגום אונקלס, וואָס גייט אַריין כמעט אין אַלע אידישע חומשים, און וואָס דאַרף געזאָגט ווערן אַלע שבת צוזאַמען מיטן מעביר זיין די סדרה.

לויטן תלמוד איז אונקלס געווען אַ וויכטיקע היסטאָרישע פּערזענלעכקייט. עס ווערן דערציילט אַ סך לעגענדעס וועגן אונקלס, דעם גר, אַזוי אויך וועגן יהונתן בן עוזיאל, הילל׳ס אַ תלמיד, וועלכער האָט פאַרפאַסט דעם צווייטן וויכטיקן תרגום, אויף די נביאים וכתובים.

אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט זיינען אָבער פאַראַן אַ סך מיינונגס־פאַרשיידנהייטן וועגן דעם, ווער עס זיינען געווען די ריכטיקע פאַרפאַסער פון די פאַרשיידענע תרגומים און ווען די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן. לויט אַלע דעות אָבער איז די אַנטשטייאונג פון תרגום פאַרגעקומען אין אַ גאַר אַלטער עפּאָכע, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער צייט ווען דער צווייטער בית־המקדש האָט נאָך עקזיסטירט.

די תרגומים צעטיילן זיך אויף צוויי גאַנץ באַזונדערע ריכטונגען. איין ריכטונג באַנוגנט זיך בלויז מיט איבערזעצן דעם ביבלישן טעקסט אַזוי געטריי און נאָענט צום אָריגינאַל ווי נאָר מעגלעך. די צווייטע ריכטונג פאַרנעמט זיך ניט בלויז מיט איבערזעצן און דערקלערן די פּסוקים, נאָר אויך מיט צושטעלן צו דער איבערזעצונג אגודיסטישן שטאָף: אַלעגאָריען, לעגענדן מעשה׳ס און משלים, דיכטעריש באַאַרבעט און צונויפגעשמאָלצן מיט די פּסוקים.

אָט צו דער צווייטער ריכטונג געהערט דער תרגום שני, וואָס באַשטייט פון אַ צווייטער ווערסיע אויף מגילת אסתר, און אויף וועלכן עס באַציט זיך מיין איצטיקער אַרטיקל. דער תרגום שני איז אויך געשריבן אין אַראַמיש און האָט ניט קיין באַשטימטן באַשעפער. אין דעם תרגום זיינען צונויפגעזאַמלט רייך־פאַרביקע לעגענדעס, אַלעגאָריען און מעשה׳לעך ניט נאָר וועגן אסתר און אַחשורוש, נאָר אויך וועגן אַנדערע ביבלישע פיגורן, הויפּטזעכלעך

וועגן שלמה המלך, זיין טראָן און זיין קעניגרייך. די אַלע מעשה׳לעך און פאַנ־טאַסטישע דערציילונגען האָבן צו זיך גאָר קיין גלייכן ניט מיט זייער צויבער־האַפטן פּאָעטישן, רייץ, שיינקייט און שאַרפזין, ספּעציעל, וואו עס דערציילט זיך וועגן דער באַגעגעניש פון שלמה המלך מיט דער מלכה שבא.

דער תרגום שני איז געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט צווישן די אידישע פרויען פון פריערדיקע דורות. אין יעדן טייטש־חומש און צאינה וראינה האָט זיך געפונען דער תרגום שני איבערזעצט אין אַלט־אידיש, איינ־געהילט אין מאַנטל פון פאָלקסטימלעכקייט און האַרציקער נאַאיוויטעט.

## פּורים מעשיות אַרויסגענומען פון „צאינה וראינה"

דער אַלטער, אַלטער טייטש־חומש, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „צאינה וראינה" און וואָס האָט אויך זוכה געווען אָנגערופן צו ווערן „דער ווייבערשער מדרש" און אַ „וועג ווייזער פאַר דער פרוי".

נעם איך אין האַנט אַריין דעם אַלטן גרויען טייטש־חומש, און מיט וואַרעמע געפילן מיש איך אים און בלעטער, ביז וואַנען איך שטעל זיך אָפּ, לכבוד פּורים, ביי דעם „תרגום שני של מגילת אסתר" (די ערשטע בלאַט דערפון ווערט דאָ רעפּראָדוצירט). קוק איך אַריין אין דעם און איך ווער אָוועקגעטראָגן פון די פאַנטאַסטישע לעגענדעס, שיינע מעשה׳לעך און רע־טענישן, אייגעהילט אין אַ מאַנטל פון פאָלקסטימלעכקייט און האַרציקער נאַאיוויטעט.

אין דעם תרגום שני של מגילת אסתר זיינען צונויפגעזאַמעלט רייך־פאַרביקע לעגענדעס, אַלעגאָריעס און מעשיות, נישט נאָר וועגן אסתר׳ן און אחשורוש׳ן, נאָר אויך וועגן אנדערע ביבלישע פיגורן, הויפּטזעכליך וועגן שלמה המלך, זיין קלוגשאַפט, זיין טראָן און זיין באַגעגעניש מיט דער מלכת שבא.

אָט די שיינע דערציילונג וועגן שלמה המלך וואָס האָט צו זיך כמעט קיין גלייכן נישט מיט איר פּאָעטישן רייץ, שיינקייט און שאַרפזין האָב איך פאַרקירצט פון דעם אידיש־דייטשמערישן טעקסט און איך גיב דאָס איבער אין פשוט׳ן אידיש. אין מדרש ווערט די דאָזיקע שיינע לעגענדע איבער־דערציילט אין אַלערליי נוסחאות. כדי צו־צוגעבן מער ליכט און פאַרב צו דער דאָזיקער פּראָכטפולער דערציילונג, האָב איך אַריינגעוועבט עטליכע שיינע שטעלן וועגן דעם זעלביקן געגנשטאַנד ווי זיי ווערן דערציילט אין פאַרשידענע מדרשים.

## דערציילונג פון תרגום שני

איין מאָל אין אַ גרויסן אידישן יום־טוב, ווען עס האָבן זיך פאַרזאַמעלט אין ירושלים די פאַרשטייער פון אַלע אידישע געמיינדעס און די עלטסטע פון פאָלק, האָט שלמה המלך באַפוילן עס זאָלן קומען פאַר אים אַלע חיות און בהמות, אַלע פויגל, עופות, פיש און אינזעקטן צו אונטערהאַלטן די חשובע געסט און זיי פריילעך מאַכן. האָבן אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן אויסגעפאָלגט דעם קעניגס באַפעל, אויסער דעם מדבר־האָן, וואָס האָט זיך נישט באַוויזן צווישן די עופות. האָט שלמה המלך גלייך באַפוילן אַז דער מדבר־האָן זאָל אויפגעזוכט ווערן און ער זאָל באַקומען זיין שטראָף דערפאַר וואָס ער האָט נישט אויסגעפאָלגט דעם קעניגס געבאָט.

דער מדבר־האָן איז באַלד געבראַכט געוואָרן פאַר שלמה המלך. מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ האָט דער פויגל זיך פאַרענטפערט פאַרן קעניג און אַזוי געזאָגט:

„שוין דריי חדשים ווי איך פלי אַרום איבער אַלע עקן וועלט כדי נאָכזוכן און אויספאָרשן צי עס איז פאַראַן ערגעץ אין דער וועלט אַ פאָלק וואָס האָט נישט געהערט דעם נאָמען פון מיין גרויסן קעניג שלמה. איך בין אַרומגעפלויגן איבער גאָר דער וועלט, ביז איך בין אָנגעקומען אין דעם לאַנד קיטור, וואָס געפינט זיך אין עק וועלט. אין יענעם לאַנד וואַלגערט זיך גאָלד און זילבער אין די גאַסן. דאָרט וואַקסן די שענסטע ביימער און פרוכטן וואָס האָבן צו זיך גאָר קיין גלייכן אין ערגעץ נישט. די איינוואוינער זיינען דאָרטן רואיקע און שטילע מענטשן וואָס האָבן נישט קיין כלי־זיין און ווייסן נישט פון קיין מלחמה. און אַ פרוי געוועלטיקט איבער יענער מדינה. זי רופט זיך מלכת שבא. איך האָב געפאָרשט, געזוכט און אויסגעפונען אַז דאָס איז איינציקע לאַנד וואָס האָט נישט געהערט פון דיר, מיין גרויסער קעניג, און וואָס צאָלט דיר נישט קיין שטייערן".

האָט שלמה המלך גערופן זיינע שרייבער, און זיי האָבן אָנגעשריבן אַ בריוו וואו ס'האָט זיך אַזוי געזאָגט: „פרייד צו דיר מלכת שבא און צו דיינע הערשאַפטן. זיי ווייסן אַז גאָט האָט מיך אויסגעקליבן צו רעגירן איבער אַלע פעלקער, חיות און עופות, שדים און רוחות. אַלע לענדער פון דער וועלט זיינען פאַרבונדן אונטער מיין הערשאַפט, אויסער דיין לאַנד קיטור. פאַרלאַנג איך פון דיר, אַז דו זאָלסט קומען צו מיר צו דערקענען זיך און ווערן איינע פון מיינע פאַרבינדעטע. איך וועל דיך אויפנעמען מיט כבוד און וועל דיך באַעהרן מיט מיין העכסטן טיטול".

דעם בריוו האָבן שלמה'ס באַדינער צוגעבונדן צו די פליגל פון דעם מדבר־האָן, וואָס האָט זיך גלייך אויפגעהויבן אין דער לופט און איז אַוועק־

געפלויגן צום לאַנד קיטור, אין דער באַגלייטונג פון טויזנטער פויגלען פאַר־זאַמעלט אַרום אים.

דער מדבר־האָן מיט די אַלע פויגלען זיינען אָנגעקומען אַהין גאַנץ פרי אין דער צייט ווען די מלכּת שבא איז אַרויסגעגאַנגען זיך בוקן צו דער זון. די גרויסע מחנה פויגלען האָבן פאַרשטעלט די שיין פון דער זון און ס׳איז געוואָרן פינצטער אַרום דער קעניגין.

האָט זיך די מלכּת שבא זייער דערשראָקן איבער דער פינצטערניש און ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט אַז זי איז בלינד געוואָרן.

דער מדבר־האָן האָט דאַן אַרונטערגענידערט צו דער קעניגין און ער האָט אויפגעהויבן זיינע פליגלען. די קעניגין האָט דערזען דעם בריוו און זי האָט דאָס איבערגעלייענט מיט שוידער און אַכט. זי האָט גלייך צוזאַ־מענגערופן אַלע אירע הערשאַפטן און ראַטגעבער און זי האָט זיי דערלאַנגט דעם בריוו פון שלמה המלך. זיי האָבן אָבער געזאָגט: „מיר אַכטן נישט דעם קעניג שלמה, און זיינע רייד האָבן פאַר אונז קיין שום באַדייטונג נישט״.

אָבער די קעניגין האָט זיך נישט צוגעהערט צו די רייד פון אירע ראַטגעבער. זי האָט אַוועקגעשיקט אַ מתּנה צו שלמה המלך, אַ שיף אָנגע־לאָדן מיט זילבער, גאָלד און טייערע איידלשטיינער, און אַ סך אַנדערע אוצרות פון איר קעניגרייך. און אויסגעשטאַט האָט זי אויך אויף דער שיף זעקס הונדערט שיינע אינגלעך און מיידלעך, אַלע אין די זעלבע קליידער געמאַכט פון פּורפּור־זייד און בעסטן שטאָף. און געשיקט האָט זי מיטן שיף׳ס קאַפּיטאַן אַ בריוו וואו ס׳איז געווען אַזוי געשריבן: „פריד צו דיר, שלמה המלך, און צו דיינע הערשאַפטן. איך בעט דיך אָנצונעמען פון מיר די מתּנה וואָס איך שיק דיר, און באַשטעל פאַר מיר אַ צייט ווען איך זאָל קומען צו דיר צו זען דיין רייכטום און צו הערן דיין חכמה. עס איז אַ זיבן יאָר מהלך פון מיין מדינה צו דיין לאַנד ארץ ישראל. אָבער איך וועל נישט שפּאָרן קיין מי און איך וועל דורכמאַכן דעם לאַנגן וועג בלויז אין דריי יאָר״.

און אַזוי איז געווען.

ווען די מלכּת שבא איז אָנגעקומען קיין ירושלים און זי האָט זיך דערנענטערט צום קעניגס פּאַלאַץ, איז שלמה המלך געזעסן אויף זיין גרויסן וואונדערלעכן שטול אין אַ חדר געמאַכט פון טייערען געשליפענעם גלאָז. האָט די מלכּה שבא געמיינט אַז דער קעניג שווימט מיט זיין שטול אויפן וואַ־סער. האָט זי אויפגעהויבן אַביסל אירע קליידער, און שלמה המלך האָט דער־זען איר שיינקייט. ער האָט זי אויפגענומען מיט גרויס כּבוד און זי געזעצט ביי זיין רעכטער האַנט.

„איך וויל דיך פרעגן רעטענישן״, האָט די מלכּת שבא געזאָגט צו

שלמה המלך. „און אויב דו וועסט זיי מיר פאַרענטפערן, וועל איך וויסן, אַז דו ביזט דער קלוגסטער פון אַלע מענטשן".

מיט אַ שמייכל אויף זיין פנים האָט דער קעניג געניגט זיין אויער צו די ליפּן פון דער קעניגין און ער האָט זיך גוט איינגעהערט צו אירע רייד.

און אַזוי האָט זי געפרעגט די ערשטע רעטעניש:

„ווער איז דאָס דער יעניקער וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין דער ערד אין אַ געזונטן צושטאַנד. באַדעקט מיט דער שוואַרצער ערד ליגט ער דאָרט און פוילט אַ צייט לאַנג. און וואָס מער ער ליג אין דער ערד און פוילט, אַלץ שטאַרקער ווערט ער און אַלץ מער לעבן גיט ער פון זיך אַרויס?"

שלמה המלך האָט געענטפערט: „דאָס זיינען די קערנער וואָס ווערן פאַרזייט אין דער ערד און וואָס געבן אַרויס תבואה און שפּייז".

די מלכת שבא האָט ווייטער געפרעגט:

„וויס און ריין נידערט עס פון הימעל אַראָפּ. שמוציק און שטויביק ליגט דאָס אויף די וועגן. עס קומט פון די וואַלקנס און קערט זיך אום צו די וואַלקנס?"

„דאָס איז דער ווייסער שניי", האָט שלמה געענטפערט.

און ווייטער האָט די קעניגין געפרעגט:

„געזאַלצן איז דאָס וואַסער און ס'קומט נישט פון ים, נישט פון הימעל און נישט פון ערד-קוואַלען. צייטנווייז איז דאָס זיס ווי האָניק, און צייטנווייז איז דאָס ביטער ווי גאַל".

שלמה המלך האָט געענטפערט: „זיס איז אַ מענטשלעכע טרער ווען דאָס איז אַן אויסדרוק פון פרייד; און ביטער — ווען דאָס קומט פון טרויער און אַנגסט".

און די מלכת שבא איז ווייטער אַנגעגאַנגען מיט אירע רעטענישן:

זי האָט געזאָגט: „מיין ליבע מאַמע האָט מיך באַשיינקט מיט צוויי-ערליי צירונגען. איינס קומט פון דער טיפעניש פון דער ערד; איז געמאַכט פון אַ מייסטער-האַנט, און האָט ניט קיין אָנהויב און ניט קיין סוף. דאָס צווייטע קומט פון דער טיפעניש פון ים, שפּיגלט זיך מיט ליכט-שטראַלן, און קען שניידן גלאָז".

שלמה המלך האָט געענטפערט: „דאָס ערשטע זיינען די רינגען אויף דיינע פינגער און דאָס צווייטע זיינען די דימענטן אויף דיין האַלדז".

דאַן האָט די קעניגין געזאָגט צו שלמה המלך: „זאָלן קומען די זעקס הונדערט אינגלעך און מיידלעך וואָס איך האָב דיר געשיקט. קוק אויף זיי און זאָג מיר וועלכע זיינען די אינגלעך און וועלכע זיינען די מיידלעך".

עס זיינען געבראַכט געוואָרן די יונגע קינדער. אַלע זיינען זיי געווען פון זעלבן אויסזען, זעלבן עלטער און זעלבן הויך, און האָבן געטראָגן די זעלבע קליידער.

אויפן באַפעל פון קעניג זיינען געבראַכט געוואָרן שיסלען מיט וואַסער, וואָס זיינען צעשטעלט געוואָרן פאַר דער יונגוואַרג. דער קעניג האָט זיי באַפוילן צו וואַשן זייערע הענט און פנימער, אָבער קיין האַנטיכער האָט מען זיי נישט געגעבן. די זעקס הונדערט אינגלעך מיט מיידלעך האָבן זיך געוואַשן און ווען זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן און זיי האָבן דערזען, אַז זיי האָבן נישט קיין האַנטיכער, האָבן די מיידלעך אַרויסגענומען פון זייערע קעשענעס קליינע פאַרטוכלעך און דערמיט אָפּגעווישט זייערע הענט און פנימער, און די אינגלטד זיינען געבליבן שטיין מיט נאַסע פנימער און נאַסע הענט.

דאַן האָט דער קעניג באַפוילען זיינע דינער צו ברענגען פאַרשידענע פרוכטן און זיסע עסנוואַרג, און אויסטיילען דאָס צו די אינגלעך און מיידלעך. די אינגלעך האָבן גענומען די פרוכטן אין זייערע הויפנס און געגעסן, די מיידלעך אָבער האָבן אַרויסגענומען זייערע פאַרטוכלעך פון די קעשענעס, אויסגעשפרייט דאָס מיט ציכטיגקייט און אַריינגעלעגט אַהין דאָס עסנוואַרג.

און די מלכת שבא האָט ווייטער אויסגעפּרואווט שלמה המלך׳ס חכמה. זי האָט אוועקגעלייגט פאַרן קעניג צוויי שיינע בלומען, איינע אַן אמת׳ע און איינע אַ פאַלשע, און אַנגעבאָטן האָט זי אים צו דערקענען וועלכע פון די בלומען איז עכט און וועלכע איז קינסטלעך נאָכגעמאַכט.

דער קעניג האָט אויפגעעפנט אַ פענצטער. אַ בין איז אַריינגעפלויגן און זיך גלייך געשטעלט אויף דער עכטער בלום און אָנגעהויבן זויגן די זאַפט דערפון.

„דיין רעטעניש איז געלייזט“, האָט דער קעניג געזאָגט.

צולעצט האָט די מלכת שבא זיך געווענדעט צום קעניג שלמה, און מיט אַ קאָקעטישן שמייכל אויף די ליפּן האָט זי אים געפרעגט אַזאַ רעטעניש:

„זיבן גייען אַוועק, ניין קומען, צוויי גיסן, איינער טרינקט“. וואָס באַדייט דאָס ?

און שלמה האָט געענטפערט: „נאָך דעם ווי זיבן טעג פון אַ פרוי׳ס אומריינינגקייט גייען אַוועק, קומען אַן ניין מאָנאַטן פון שוואַנגערשאַפט. צוויי בריסטן פון דער מוטער גיסן מילך, און איין קינד געניסט דערפון“.

די מלכת שבא איז געווען דערשטוינט פון שלמה המלך׳ס חכמה, און זי האָט אויסגערופן: „ניט דערוואַרט האָב איך צו באַגעגענען זיך מיט דיין גרויסן רייכטום, גלאַנץ און פּראַכט. און נאָך ווייניקער האָב איך ערוואַרט צו טרעפן זיך מיט דיין שאַרפן פאַרשטאַנד, טיפע קענטעניש און גרויסע חכמה.

זאָל זיין געבענטשט דאָס פאָלק און געשעצט דאָס לאַנד וואָס האָבן זוכה געווען צו האָבן אַזאַ קעניג און הערשער ווי דו, דער קליגסטער פון אַלע מענטשן".

און די מלכת שבא האָט זיך פאַרבונדן מיט שלמה המלך, און דאָס לאַנד קיטור איז געוואָרן די פאַרבינדעטע פון ארץ ישראל.

# מעשה־בוך

## געדרוקט אין 1550

### אריינפיר

פאַר מיר ליגט אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר פון אור־אַלטן „מעשה־בוך" וואָס קאָן מיט רעכט אָנגערופן ווערן אַן ענציקלאָפּעדיע אָדער אַנטאָלאָגיע פון לעגענדע־ציקלען וואָס שפּיגלען אין זיך אָפּ אַ גרויסן טייל פון דער אידישער היסטאָריע און אידישער קולטור.

דאָס מעשה־בוך איז אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגער ענטוויקלונג. לעגענדן פון תלמוד און מדרשים פאָלקסטימלעכע געשיכטן, היסטאָרישע פּאַסירונגען באַקאַנטע עפּיזאָדן זיינען הונדערטער יאָרן אַנגעגאַנגען פון מויל צו מויל און פון דור צו דור. דאָ און דאָרט זיינען איניקע מעשות פאַרצייכנט געוואָרן, אבער אָן אַ סיסטעם און אָן אַ סדר.

אָבער אין מיטן פון זעכצנטן יאָרהונדערט האָט זיך דערוועקט איינער אַ ליבהאָבער פון פאָלקלאָר, און ער האָט צענויפגעזאַמלט דעם גאַנצן שטאָף און אים דערפירט צו אַ גאַנצקייט.

דער גאַנצער פאַרשידנאַרטיקער און פילפאַרביקער מאַטעריאַל פון די וואונדערלעכע דערציילונגען און לעגענדן ווערט דאָ איבערגעגעבן אין אַן איינהייטלעכן פאָלקסטימלעכן סטיל. אַלעס ווערט דאָ איינגעפאַסט אין אַ ראַם פון גוטע און פרומע מוסר־רייד, וואָס פרעדיקן אַ הויכע מאָראַל. דאָ בילדן זיך אויס רוחניות'דיקע און פרומע אידעאַלן פון דעם אידישן געדאַנקן־גאַנג: ווי גוט און וואויל איז דעם וואָס גייט אין דרך הישר און טוט מצוות און מעשים טובים.

דאָ גייען אַריין געשיכטן וואָס שפּיגלען אין זיך אָפּ די שטיקנדע אַט־מאָספערע פון דעם האַלב־פינסטערן מיטל־אַלטער. דאָ חזר'ן זיך איבער אין פאַרשידענע וואַריאַנטן די מעשות פון די פּויפּסטן מיט זייערע שווערע גזרות אויף אידן, אויך מעשות וועגן פדיון שבויים, וועגן בלוט בלבולים און אַלער־ליי פאַרפאָלגונגען און גרושים, וועגן גלחים און משומדים וואָס האָבן אָפּגעהאַלטן וכוחים מיט אונזערע רבנים און לומדים. דאָ און דאָרט ווערט אויך דערציילט

אַ נאָוועלע, גענומען פון דעם רייך־אייראָפּעאישן פאָלקלאָר; אָפט ווערט דאָ אויך צעגויפגעמישט אַ פרעמדער מאָטיוו מיט אַ נאַציאָנאַל־אייגענעם. אָבער אַלצ־דינג טראָגט אַ ריין־אידישן נוסח. אַלע מעשות ענדיקן זיך מיט אַ גוטן סוף פאַר די גוטע און פרומע און מיט אַ ביטערן סוף פאַר די שלעכטע און זינדיקע.

די לעגענדן פון תלמוד און מדרשים וואָס זיינען דאָ אַזוי רייך פאַרטראָטן, אַנטפּלעקן זיך אין דעם שענסטן קוואַל פון פאָלקס־שאַפן. אַ קליינע מעשה׳לע פון תלמוד וועגן בר קפרא, וואָס פאַרנעמט אין אָריגינאַל בלויז אַ האַלבן עמוד און איז קורץ און טרוקן, ווערט דאָ איבערגעגעבן אין לעבעדיקע און פאָלקס־טימלעכע בילדער, ווערט איבערדערציילט אין אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן טעמפּאָ און עס פאַרנעמט דאָ גאַנצע 10 זייטן.

און מיט וואָס פאַר אַ רייכע באַפוצונגען דער פאַרפאַסער באַקרוינט דאָ אונזערע באַליבטע העלדן, די גדולי הדור, די תנאים און גאונים! דאָס פאָלק איז דאָך אימער דורשטיק וואָס מער צו דערוויסן זיך וועגן זיינע באַליבטע העלדן צו וועמען עס פילט אַ גרויס ליבשאַפט און באַוואונדערונג. און ווער אַנדערש זיינען אונזערע אידישע העלדן, אויב נישט אונזערע תנאים, חכמים און גאונים, ארום וועלכע עס וועבן זיך מעשות און לעגענדן איינע שענער פון דער אַנדערער? דאָ אין די דערציילונגען אַנטפּלעקן זיך די באַליבטע העלדן אין זייער גאַנצער הערלעכקייט, גרויסקייט און שטאַרקייט. זיי דינען דאָ אַלס מוסטערן פון הימלשער טוגענד פעלזן־שטאַרקער אמונה, פעסטן גלויבן, גע־דולד און האָפנונג.

די לעגענדן אַפּעלירן צו דער פאַנטאַזיע פון די צוהערער און לייענער. די וואונדערלעכע דערציילונגען צופלאַקערן אין די האַרצן פון פאָלק ליבשאַפט, געטריישאַפט און טייער־האַלטונג. זיי ברייגגען דעם עולם פרייד און פאַרגעניגן, אויך אַ טרייסט און אַן אינהאַלט אין דער צייט פון צער און צאָרן.

די אַנטשטייאונגס־געשיכטע פון מעשה בוך איז ניט זייער קלאָר. ס׳איז אויך ניט באַקאַנט דער נאָמען פון מחבר, אויך ניט די צייט און ניט דער פּלאַץ, וואו דאָס בוך איז געשאַפן געוואָרן. מען איז זיך אָבער משער לויט אַלערליי פאָרשונגען אַז דאָס בוך האָט זיך פאַרפערטיקט צום דרוק אַרום 1550. פון די ערשטע אויסגאַבעס אָבער זיינען פאַרפאַלן געוואָרן אַלע עקזעמפּלאַרן. די פרעסטע אויסגאַבע פון מעשה־בוך, פון וועלכע עס האָבן זיך אויפגעהיט אין גאַנצן דריי געציילטע עקזעמפּלאַרן, איז דערשינען אין דעם יאָר 1602 אין באַזעל.

דאָס דערשיינען פון מעשה־בוך מיט אַזויפיל יאָר צוריק קאָן פאַררעכנט ווערן אַלס אַ גרויסע ליטעראַרישע געשעעניש אין דער אַלט־אידישער ליטעראַ־טור. צוליב דעם פּאָפּולערן פאָלקסטימלעכן סטיל, אין וועלכן דאָס ווערק איז


איין שין
מעשה בוך
נדפס
באמשטרדם
בשנת תס״א לפ״ק

דער שער־בלאַט וואָס ווערט דאָ רעפּראָדוצירט איז פון דער דריטער אויפלאַגע געדרוקט אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1701.

געשריבן געוואָרן, אַזוי אויך צוליב זיין גרויסן מאָראַלישן און פּאָעטישן ווערט, האָט דאָס בוך גלייך דערוואָרבן זיך צו זיין אַ נויטיקייט אין יעדער הויז פון יעדער אידישער פאַמיליע. לויט דעם מוסטער פון דעם מעשה־בוך איז

גלייך געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצער סכום קלענערע און גרעסערע זאַמלונגען פון אידישע מעשות און לעגנדן, וואָס האָבן באַקומען אַ צוגאַנג אין אידישע הייזער.

דאָס מעשה־בוך האָט אויך געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף אַנדערע געביטן פון אידישן ליטעראַרישן שאַפן. אַ סך סוזשעטן פון דעם בוך זיינען אַנטנומען און באַאַרבעט געוואָרן פון באַרימטע שרייבער און גרויסע נאָוועליסטן. א סך דיכטער האָבן אויך געשעפט פון דאַנען מאָטיוון פאר זייערע פּאָעמען און באַלאַדן. און אַזוי איז דאָס מעשה־בוך געוואָרן אַ ליכט־טורם אין דער אַלטער אידישער פאָלקסטימלעכער ליטעראַטור.

דאָס מעשה בוך איז איבערזעצט געוואָרן אין דייטש דורך איינעם אַ קריסט מיטן נאָמען העלוויג. אויך ד״ר א. גאסטער, געוועזענער רב הכולל פון ענגלאנד, האָט מיט ליבשאַפט און טריישאַפט איבערזעצט דאָס מעשה־בוך אין ענגליש (אַרויס געגעבן פון דער „דזשואיש פּובליקיישאָן סאָסייטי״ אין 2 בענדער).

דאָס מעשה־בוך איז אָריגינאַל געשריבן געוואָרן אין אַמאָליקן דייטש־מערישע אידיש וואָס איז שווערלעך צו פאַרשטיין. צום באַדויערן איז דאָס נאָך עד היום ניט איבערגעשריבן געוואָרן אין אונזער אייגענעם היינטיקן אידיש. די גרויסע אַרבעט וועגן דעם גרויסן מייסטער־ווערק מיטן נאָמען „מ ע ש ה ב ו ך ״ דאַרף ערשט געטאָן ווערן.

די עטלעכע שטעלן פון מעשה־בוך וואָס קומען נאָך מיין אריינפיר גיב איך איבער, פאַרשטייט זיך, אין אונזער היינטיקן אידיש. אָבער כדי צו געבן א באַגריף וועגן דער אָריגינעלער שפּראַך אין וועלכער דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן, קאָפּיר איך דאָ ווערטערלעך דעם טעקסט פון שער־בלאַט, (כדי צו פאַרלייכטערן דאָס לייענען האָב איך דעם אויסלייג אַ ביסל פאַראיינפאַכט):

„אַ שיין מעשה־בוך״.

„קומט אַהער ליבע מענער און פרויאן און טוט דאָס שיין מעשה־בוך אַנשויאן. מיט דראַי הונדערט און עטליכע מעשות ביינאַנדער געבראַכט. עטליכע אויס דער גמרא געמאַכט. אויך אויס דעם רבתי און בחיי געגומען שטעלן; און פון רבי יהודה החסיד וועט קיין מעשה אויך ניט פעלן. אויס דעם ספר חסידים טוט מען אויך שיינע מעשות קינדן. אויס דעם ספר מוסר און ילקוט וועט איר שיינע זאַכן פינדן. נאָך האָט מען אַנדערע מעשות געטון פיגן אום די קינדער מער לוסט דאָס לייענען צו קריגן. אויך האָט מען איטליכע מעשה מיט אלף בית געטון שטעלן אום קיינס ניט פאַרפעלן. ווייטער האָט מען דיזן מעשה בוך מיט אַלעס פאַרזען. דערצו איז דאָס גאָר ניט טייאיר. נו, איר ליבע לייט, ליבהאָבער פון טייטש־לייען. מיר קאָנען אַלע קיין למדנים ניט זיין. אָבער עמי

הארצים איז אויך ניט פיין. דרום קוקט אין אַזעלכע ספרים אַריין. אַזעלכע הייליגע טייטשי ספרים זיינען פאַרהאַנדן. און דרינען צו לעזן איז פאַר קיינים קיין שאַנדן. אַז מיר וועלן די תורה, סיי אין עברי אָדער אין טייטש מקים זיין, וועלן מיר זיין זוכה צו קומען אין ארץ ישראל אַריין".

## אויסצוגן פון מעשה־בוך:

אַ מאָל איז געווען אַ מלך וואָס האָט געהאַט איין־און־איינציקע טאָכטער וועלכע איז אים געווען זייער טייער. האָט זיך געטראָפן אַז די טאָכטער איז געפונען געוואָרן אַ טויטע הינטערן שטאָט. האָט מען געפאָרשט און געזוכט און מען האָט ניט געקאָנט געפינען קיין שפור צו דעם מיידלס מערדער. דער קעניג, אַ ברוטאַלער און גרויזאַמער טיראַן, האָט דאַן אַרויפגעוואָרפן די שולד אויף די אידן, און אַרויסגעגעבן האָט ער אַ באַפעל אומצוברענגען און אויס־הרג'ענען אַלע אידן פון זיין מדינה.

אַז די אידן האָבן דערהערט פון דעם ביטערן גזר האָבן זיי זיך פאַר־זאַמלט און אָנגעהויבן זוכן מיטלען ווי צו פאַרמיידן דעם גרויסן צאָרן. זיי האָבן געשיקט שתדלנים צו די איינפלוסרייכע האַרן און מיניסטאָרן צוזאָגנדיק זיי גרויסע מתנות און רייכטימער, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן.

אין יענער מדינה זיינען געווען צוויי ברידער מיט די נעמען לילאַנאָס און פאַפאָס, גוטמוטיקע און וואוילע מענטשן. דער גורל פון זייער אידישן פאָלק האָט זיי זייער צעווייטיקט, און זיי האָבן באַשלאָסן צו נעמען אויף זיך די שולד כדי צו ראַטעווען די אידן פון טויט. זיינען זיי געקומען צום מלך און זיי האָבן געזאָגט צו אים: אַלמעכטיקער הערשער! מיר בעטן דיך ניט באַשטראָפן אַלע אידן פאַרן טויט פון דיין טאָכטער, ווייל זיי זיינען אינגאַנצן אומשולדיק. דער אומגליק וואָס האָט זיך געטראָפן מיט דיין טאָכטער איז געקומען דורכ אונז, אָבער אויך מיר זיינען אומשולדיק. אַזוי האָט די זאַך געטראָפן. מיר זיינען געפאָרן אין וועג, ווען אַ באַנדע רויבערס זיינען אונז באַפאַלן און זיי האָבן פאַרפירט מיט אונז אַ געשלעג. מיר האָבן זיך פאַרטיי־דיקט אַזוי גוט ווי מיר האָבן געקאָנט. גראַד דאַן איז דיין טאָכטער פאַרביי־געגאַנגען און זי איז צופעליק דערהרג'עט געוואָרן. מיר שווערן אָבער ביי גאָט אַז מיר האָבן ניט געהאַט דעם מינדסטן פאַרלאַנג איר שלעכטס צו טאָן.

און די צוויי ברידער האָבן אַזוי לאַנג איינגעטענה'ט מיטן מלך ביז ער איז איבערצייגט געוואָרן אין דער ריכטיקייט פון זייערע רייד. דאַן האָט ער געשיקט נאָכן תליון און אים באַפוילן צו דערהרג'ענען די צוויי ברידער פאַרן טויט פון זיין טאָכטער.

און דער מלך האָט צו זיי אַזוי געזאָגט: „איך גיי אויף אייך איצט דורכפירן אַ גרויזאַמען טויט. און אויב איר האָט זיך פאַרדינט ביי גאָט וועט ער אייך ראַטעווען פון מיינע הענט פונקט ווי ער האָט געראַטעוועט חנניה, מישאל ועזריה פון קיניג נבוכדנצ׳ס הענט״.

האָבן די ברידער לוליאַנאָס און פּאַפּאָס אים אַזוי געענטפערט: „ניט מיר קאָנען זיך פאַרגלייכן צו אַזוינע גרויסע צדיקים ווי חנניה, מישאל ועזריה אַז גאָט זאָל טאָן מיט אונז אַזאַ גרויסן נס, און ניט דו קאָנסט זיך פאַרגלייכן צו אַזאַ גרויסן קיניג ווי נבוכדנצר בייצואווייזן אַזאַ נס. אויב דו ווילסט זיין אונזער תליון איז דאָס מתתמא די השגחה פון גאָט כדי צו באַשטראָפן דיך פאַר אונזער בלוט וואָס דו וועסט פאַרגיסן. און וויסן זאָלסטו אַז אונזער בלוט וועט פאַלן אויף דיין קאָפּ״.

דער קיניג האָט אָבער קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט צו זיי־ערע רייד און ער האָט זיי אומגעבראַכט אויף אַ גרויזאַמען און שוידער־לעכן אופן.

אָבער באַלד דערנאָך זיינען אויפגעשטאַנען צוויי פון דעם קיניגס מיניסטאָרן, זיינע באַהאַלטענע שונאים, און זיי האָבן אים דערמאָרדעט אויפן זעלבן שוידערלעכן אופן ווי ער האָט געטאָן צו די ברידער לוליאַנאָס און פּאַפּאָס.

זאָגן דערויף אונזערע חכמים, אַז פאַר קיינעם פון די גרויסע צדיקים און פאַר קיינעם פון די גרויסע בעלי תשובה איז ניט פאַרברייט אַזאַ וויכ־טיקער פּלאַץ אין עולם הבא, ווי פאַר יענע צוויי ברידער, וואָס האָבן זיך פרייוויליק מוסר נפש געווען כדי צו ראַטעווען אַזוי פיל אידן פון טויט.

## שלמה המלך געפינט אויס אַ גנב

אין די צייטן פון שלמה המלך האָט געטראָפן אַזאַ געשיכטע.

דריי מענטשן זיינען געגאַנגען אין וועג ערב שבת. און אַז עס איז שוין געוואָרן פאַרנאַכט, און עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל האָבן זיי געזאָגט: „לאָמיר באַהאַלטן אונזער געלט כדי מיר זאָלן ניט מחלל שבת זיין.״ האָבן זיי אַלע דריי אַרויסגענומען זייער געלט און באַהאַלטן צוזאַמען, אין איין אָרט. האַלבע נאַכט איז איינער פון זיי אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער, האָט אַרויסגענומען דאָס באַהאַלטענע געלט און האָט עס באַהאַלטן אין אַן אַנדער אָרט. מוצאי־שבת, אַז זיי האָבן געדאַרפט גיין ווייטער, זיינען זיי געקומען אַרויסנעמען זייער געלט, אָבער זיי האָבן עס ניט געפונען. האָבן

זיך די דריי מענטשן געגומען קריגן. דער זאָגט: „דו האָסט צוגענומען דאָס געלט". און דער זאָגט דאָס זעלבע: „דו האָסט עס צוגענומען". איז ביי זיי געבליבן אַז זיי זאָלן גיין צו שלמה המלך ער זאָל משפּט'ן צווישן זיי.

ווען זיי זיינען געקומען צו שלמה'ן, האָט יעדער איינער אים דערציילט זיין געשיכטע און געבעטן ער זאָל זיי משפּט'ן און אויסגעפינען ווער דער גנב איז. שלמה המלך האָט זיי געהייסן קומען אַביסל שפּעטער און האָט דער־וויל אַרומגעטראַכט ווי ער זאָל אויסגעפינען פון זייערע רייד ווער דער גנב איז. ווען זיי זיינען געקומען צום צווייטן מאָל האָט ער צו זיי געזאָגט:

„איך האָב געהערט אַז איר באַזיצט תורה און חכמה און אַ געזונטן פאַרשטאַנד צו אורטיילן. וועל איך ביי אייך פרעגן אַ פראַגע וואָס דער מלך פון רוים האָט מיך געשיקט פרעגן וועגן אַ געשיכטע אין זיין לאַנד.

„צוויי יונגע קינדער, אַ אינגל מיט אַ מיידל, האָבן געוואוינט אין איין הויף, און ווי דער שטייגער איז זיינען זיי געווען גוט באַפריינדעט. איין מאָל זאָגט דאָס יונגל צו דעם מיידל:

„לאָמיר אָפּמאַכן צווישן זיך מיט אַ שבועה, אַז ווען אימיצער וועט קומען און וועט וועלן אַז דו זאָלסט ווערן פאַר אים אַ כלה זאָלסטו אים ניט נעמען סיידן איך וועל דיר דאָס דערלויבן".

די מיידל האָט אויף דעם געשוואָרן. אַ צייט שפּעטער האָבן די עלטערן דאָס מיידל פאַרקנס'ט צו אַ יונגמאַן. ווען דער חתן איז צו איר געקומען האָט זי אים געזאָגט: „איך וועל ניט זיין דיין פרוי, סיידן איך וועל צוערשט גיין צו מיין יוגנט־פריינט און ביי אים בעטן דערלויבעניש. דען אַזוי האָב איך געשוואָרן".

„די מיידל איז אַוועק צו איר יוגנט־פריינט און האָט צו אים געזאָגט:

„נעם זילבער און גאָלד וויפל דו ווילסט און באַפריי מיך פון דער שבועה".

„און דער יוגנט־פריינט האָט געענטפערט: דערפאַר וואָס דו האָסט געהאַלטן דיין שבועה און דו ביסט געקומען מיך פרעגן, באַפריי איך דיך אין גאַנצן און איך פאַרלאַנג פון די גאָרניט". און צו דעם חתן וואָס איז געקומען מיט איר האָט ער געזאָגט: „האָב דיך אַ גליקלעך לעבן מיט איר צוזאַמען". און די פאָרל איז אַוועק צוריק אַהיים.

„אויפן וועג האָבן זיי באַפאַלן רויבער, און איינער פון זיי, אַן אַלטער גזלן, האָט צוגענומען די מיידל פאַר זיך און אויך דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד וואָס זי מיט איר חתן האָבן געפירט מיט זיך. אַפילו איר צירונג האָט ער אַראָפּגעריסן פון איר. האָט די מיידל געזאָגט צום אַלטן גזלן:

„איך בעט דיך איידער דו טוסט מיר שלעכטס, זאָלסטו אויסהערן מיין

געשיכטע״. און זי האָט אים דערציילט איר גאַנצע געשיכטע צו ווען און צו וואָס זי איז געפאָרן. און נאָכדעם האָט זי געזאָגט צום אַלטן גזלן: „נעם אַ ביישפּיל פון מיין אַלטן חתן, וועלכער איז אַ יונגערמאַן, אין זיינע בליענדיקע יאָרן, און דאָך האָט ער איינגעהאַלטן זיין לוסט די גאַנצע צייט וואָס מיר האָבן געוויזט צוזאַמען. און דו, וואָס דו ביסט שוין אַן אַלטער מאַן און דו קאָנסט צו יעדער צייט געווען ווערן אין הימל אָפּצוגעבן דין־וחשבון פאַר דיינע מעשים, דאַרפסטו געוויס איינהאַלטן דיין באַגער, נעם זיך דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד און צירונג און לאָז מיך גיין צו מיין באַשערטן״.

ווען דער אַלטער גזלן האָט אויסגעהערט אירע רייד האָט ער איינגעזען אַז זי האָט רעכט. ער האָט איר געהייסן גיין צוזאַמען מיט איר חתן און ער האָט איר אומגעקערט די גאַנצע צירונג און זילבער און גאָלד וואָס ער האָט גענומען פון איר.

אָט דאָס איז געשיכטע וואָס האָט געטראָפן אין רוים, און איצט האָט דער מלך פון רוים מיך געשיקט פרעגן מיין מיינונג, ווער פון די דריי פאַרדינט די גרעסטע ערע: די מיידל, איר חתן אָדער דער אַלטער גזלן? און אַזוי ווי מיר איז שווער צו געבן אַ מיינונג, וועל איך די פראַגע איבערגעבן צו אייך.

האָט איינער פון די דריי מענטשן געזאָגט: „ביי מיר קומט אויס אַז די מיידל וואָס האָט געהאַלטן איר שבועה פאַרדינט די גרעסטע ערע״.

„איך דענק אַז דער חתן וואָס איז מיט איר די גאַנצע צייט געגאַנגען אין וועג און האָט איינגעהאַלטן זיין ליבע, פאַרדינט די גרעסטע ערע״, האָט דער צווייטער געזאָגט.

„און איך דענק״, האָט דער דריטער געזאָגט, „אַז דער אַלטער גזלן וואָס האָט איר אומגעקערט איר געלט און האָט זי באַפרייט, פאַרדינט די גרעסטע ערע, אָבער איך קען ניט פאַרשטיין וואָרום נאָכדעם אַז ער האָט זי באַפרייט, צו וואָס האָט ער אומגעקערט די געלט מיט די צירונג?״

„דאָס ביסטו דער גנב!״ האָט שלמה המלך אויסגערופן. „ווען דו קענסט האָבן אַזוינע געדאַנקען וועגן געלט וואָס דו האָסט קיין מאָל אין דיינע אויגן געזען, קאָנסטו געוויס האָבן אַ לוסט צו געלט וואָס דו האָסט געזען און דו האָסט געוואוסט ווי דאָס צוגנב׳ענען״.

גלייך נאָכדעם האָט שלמה המלך געהייסן דעם באַשולדיקטן בינדן און אים געצוואונגען, אַז ער זאָל זיך מודה זיין. ווען דער גנב האָט געזען אַז ער קאָן זיין שולד ניט באַהאַלטן האָט ער זיך מודה געווען און געצייגט וואו ער האָט די גנבה באַהאַלטן. און אַלע האָבן באַוואונדערט די גרויסע חכמה פון שלמה המלך.

# אַ פרויס איבערגעגעבנקייט

(אַ שיינע אַלטע מעשה אַנטנומען פון אַן אור־אַלטן בוך וועמעס נאָמען קען ניט פעסטגעשטעלט ווערן, ווייל דער שער־בלאַט פון בוך פעלט)

אין דעם לבנון טייל פון ארץ ישראל האָט געלעבט אַ גוטס־באַזיצער מיטן נאָמען יונדב מיט זיין שיינער טאָכטער זמירה, אַ יונגע בליענדע יתומה. יונדב האָט פאַרמאָגט פעלדער און ווייגערטנער, וועלכע ער מיט זיין טאָכטער האָבן פלייסיק באַאַרבעט און זיך דערפון דערנערט.

איינמאָל האָט יונדב באַקומען אַ בריוו פון זיינעם אַן אַמאָליקן פריינט עוזיאל פון דער שטאָט חברון א.אין דעם בריוו דערציילט אויס עוזיאל די גוטע מעלות פון זיין וואוילן זון נחשון וואָס איז אויסגעוואקסן ווי אַ שטאַרקער שיינער צעדערבוים און וואָס גייט אין גוטע רעכטפארטיקע וועגן. „איך האָב געהערט״, שרייבט ווייטער עוזיאל, „אַז דיין טאָכטער זמירה איז אַ טייער קינד און אַז זי פאַרמאָגט אַלע מעלות פון א גוטע אידישע טאָכטער, וויל איך דאריבער, מיט דיין צושטימונג, שיקן מיין זון צו דיין גוט, וואו ער וועט שליסן באַקאַנטשאַפט מיט דיין וואוילער טאָכטער, און אויב דאָס איז פון הימל, וועלן מיר ווערן מחותנים. גאָט האָט מיך געבענטשט מיט אַ סך רייכטום און גרויסן פאַרמעגן וואָס וועט אַלץ איבערגיין צו מיין איין און איינציקן זון, גאָטס גרעסטע ברכה״.

יונדב האָט זיך זייער דערפרייט מיטן בריוו, און אין זיין ענטפער צו עוזיאלן, זיין פריינט, האָט ער אויסגעדריקט זיינע וואַרימע געפילן צו אים און זיין גרויסע צופרידנהייט אויפצונעמען דעם בחור ווי אַן אייגן קינד.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אריין געקומען אַ שיינער שלאַנקער יונג צו יונדבן אין הויז און זיך פאַרגעשטעלט: „איך בין נחשון, דער זון פון אייער אַלטן פריינט עויזאל״.

יונדב איז אים געפאַלן אויפן האַלז א.ים געקושט און געפרעגט אויף זיין פאָטער. נחשון האָט אראָפּגעבויגן זיין קאָפּ און געענטפערט מיט אַ שווערן געמיט:

„פאַר מיין אַוועקפאָר איז מיין פאָטער ערנסט קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן״.

יונדב איז טיף גערירט געוואָרן פון דער שלעכטער בשורה. ער האָט פאַרבאָרגן זיין פנים אין זיינע הענט און געוויינט.

באַלד האָבן די דינער אריינגעטראָגן נחשון׳ס גאַנצן פאַרמעג אין הויז אריין. יונדב איז געוועזן זייער איבעראַשט פון נחשון׳ס גרויסן רייכטום, און ער האָט געזאָגט:

„איצט זע איך אַז גאָט האָט געבענטשט דיין פאָטער מיט אַלעם גוטן און אים באַשאָנקען מיט גרויס עשירות״.

נחשון איז געשטאַנען פאַרטרויערט און פאַרקלערט.

אין גיכן האָט יונדב געפייערט אויף אַ געהויבענעם שטייגער די חתונה.

און חדשים זיינען פאַריבער און נחשון איז אַלץ ארום געגאַנגען ווי אָנגעלאָדן מיט טרויער און אונהיימליכקייט. אומזיסט פלעגט יונדב וועלן צושטרייען זיין איידעם׳ס שווערע שטימונג מיט מילדע רייד און פריינטלעכע וואַרמקייט. אומזיסט פלעגט זמירה זוכן איר מאַן צו צושטרייען דורך שאַפן אים פאַרגעניגען און באַלויכטן זיין האַרץ מיט ווייבלעכן חן. ער פלעגט אַ קוק טאָן אויף איר מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט, און באַלד פלעגט ער ווי־דער איינגעשרופּט ווערן אין זיך אַליין און פאַרוועבט ווערן מיט שאָטנס פון אומעט.

איין און איינציקע באַליבטע טועכץ האָט ער געהאַט, וואָס פלעגט אים אַביסל צושטרייען און אויפלעבן. דאָס איז באַשטאַנען אין אויפקויפן אַ סך קנעכט און ארויסלאָזן זיי אויף דער פריי. ער האָט זיך איבער געגעבן דער־צו מיט לייב און לעבן און ער האָט אויסגעגעבן דערויף דעם גאַנצן פאַרמעג, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך.

צום יאָר האָט אים זמירה אַ קינד געבאָרן. נחשון איז געוואָרן אויפ־געמונטערט און אויפגעלעבט. אַ פריידיקע ליכט האָט אויפגעבליצט אין זיי־נע אויגן, און עס האָט זיך געדוכט אַז דער אומעט איז פון אים אוועקגעיאָגט געוואָרן. אָבער ביט אויף לאַנג. באַלד איז ער ווידער אריינגעפאַלן אין אַ געדריקטער שטימונג, ווידער געוואָרן שטיל און פאַרשלאָסן, און צער האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיין פנים.

איינמאָל אין אָוונט ווען די הויז־געזינט איז געזעסן ביים אָוונט־ברויט, האָט זיך די טיר האַסטיק צועפנט און אין הויז זיינען אַריין אַ מחנה סאָלדאַטן מיט אַ הויכן באַאַמטן אין דער שפּיץ. — אין נאָמען פון קעניג, — האָט דער באַאַמטער דערקלערט, ווערט נחשון אַרעסטירט און ער דאַרף באַלד געשטעלט ווערן צום הויכן געריכט פון די סנהדרין.

אבינדב און זמירה זיינען פאַרציטערטע אויפגעשפּרונגען און אויס־געשריען אַז ס׳איז אונמעגלעך; דאָ מוז זיין א גרויזאַמער טעות. אָבער אין מיטן פון זייערע טענות האָט זיך נחשון אויפגעשטעלט און דערקלערט פאַר אַלעמען אַז די קייזערלעכע מאַכט האָט רעכט, אַז ער איז דערווירקלעכער פאַרברעכער און ער איז גרייט צו באַקומען זיין פאַרדינטע שטראָף. ער האָט געקושט זיין קינד און איז אַוועקגענומען געוואָרן אין געפענגעניש.

זמירה האָט זיך באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די אויטאָריטעטן

און זי האָט אויסגעפונען אַז דער נאָמען פון איר מאַן איז גאָר ניט נחשון נאָר רעמיה, אַז ער איז גאָר ניט עוזיאל׳ס זון פון חברון, נאָר אַ געוועזענער רויבער, וועלכער האָט אַ צייט לאַנג געהערט צו אַ באַנדיטן באַנדע און אַז ער איז ארומגעזוכט געוואָרן פון לאַנג אין גאנצן לאַנד.

צובראָכן פון צער און חרפה האָט יונדב דערקלערט צו זיין טאָכטער, אַז זי מוז אָפּמעקן פון איר הארצן די געדעכעניש פון איר מאַן. אָבער זמירה האָט פייערליך געענטפערט איר פאָטער, אַז וואָס איר מאַן זאָל ניט האָבן גע־טאָן וועט זי אים ניט פאַרלאָזן. זי וועט נעמען איר קינד מיט זיך און זי וועט נאָכגיין איר מאַן וואו ער וועט גיין און זי וועט אים ברייננגען טרייסט און דערמוטיקונג אין וועלכן צושטאַנד ער זאָל זיך ניט געפינען.

איינמאָל אין אַ גרויסן יום־טוב, ווען דער קעניג הורדוס איז ארויס־געפאָרן פון זיין פּאַלאַץ אין דער ריכטונג פון בית המקדש, האָט זמירה מיט איר קינד אויף די הענט זיך געשטעלט אין פאָרנט פון דעם קעניג׳ס רייט־וואָגן, און מיט אַ געבעט אויף אירע ליפּן איז זי געפאַלן אויף אירע קני און געוויינט. דער קעניג האָט זי אויפגעהויבן און זי אַוועקגעזעצט לעבן זיך. אָבער אויסהערנדיק איר פאַרלאַנג צו באַפרייען דעם אויסדערוויילטן פון איר האַרץ, האָט ער איר דערקלערט, אַז איר מאַנס פאַרברעך אין רויב און מאָרד איז פעסטגעשטעלט געוואָרן און אַז ער מוז אויפגעהאַנגען ווערן פאַר זיינע פאַרברעכערישע מעשים.

זמירה האָט זיך געשטאַרקט און געבעטן דעם קעניג ערלויבן איר צו באַזוכן איר מאַן און טרייסטן אים אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. דער קעניג האָט גלייך פאַרזאָגט צום פאַרוואַלטער פון געפענגעניש צו געבן זמירה׳ן אַ פרייען צוטריט צו איר מאַן אין תפיסה.

מיט אַ קלאַפּנדע האַרץ און דערשלאָגענעם קאָפּ איז זמירה אריינגע־קומען אין דעם פינסטערן ענגען קאַמער וואו איר מאַן האָט זיך געפונען.

ער איז געשטאַנען צעגויפגעקנוילט, די אויגן האַלב צוגעמאַכט און זיין נשמה האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטאָג. ער האָט צו איר געזאָגט:

„פאַרלאָז מיך און פאַרגעס מיך, זמירה, דו טייערסטע פון די פרויען. איך האָב אויף דיר געבראַכט אומגליק און שאַנדע. איך בין ניט ווערט צו הערן דעם טראָט פון דיינע פיס, ניט ווערט צו קוקן אויפן שטויב פון דיינע שיך".

זמירה איז אים געפאַלן אויפן האַלז און זי האָט געזאָגט:

„איך וועל דיך ניט פאַרלאָזן און ניט פאַרגעסן. דו האָסט מיך עראָבערט אויף אייביק און נאָר דער טויט קאָן אונז צושיידן".

און דאַן האָט ער איר דערציילט פון זיך, אלס אויסדערציילט. דאָס איז געווען אַ לאַנגע אויפריכטיקע לעבנס־געשיכטע, א דערציילונג פון אַ טרויערי־

קער קינדהייט און א קלאָגעדיקע יוגנט; א דערציילונג פון אַ סך ביטערע גע־שעענישן וואָס האָבן זיך געוויקלט אַרום אַ ברוטאַלע שטיפמאַמע, וועלכע האָט געקאַטעוועט און געפּייניקט דעם מאַן צוזאַמען מיט זיין קינד; וועגן הונגער, נויט, איינזאַמקייט און געפאַלנקייט, וועגן אַ חברה ווילדע יונגען און באַנדיטן וואָס האָבן געשטילט דעם אינגעלס הונגער און דורשט און דערמיט פאַרנאַרט אים אין זייער נעץ; און דאַן וועגן דער פינסטערער עפּאָכע פון זיין לעבן, פאַר־בונדן מיט גנבה און גזילה, שפּיאָן אַרבעט און איבערפאַלן אויף פרידלעכע איינוואוינער. און צולעצט וועגן דער רויבעריי וואָס האָט אים געבראכט צו זמירה׳ס הויז און אים אומגעקערט צו גוטן.

„מיר זיינען דאַן באַפאַלן אַ רייכן מאַן וועמעס קעמלען זיינען געווען אָנ־געלאָדן מיט גאָלד, זילבער און טייערסטע זאַכן״, אַזוי האָט דער צובראָכענער רעמיה פאָרגעזעצט זיין דערציילונג, שטאַמלנדיק צובראָכענע ווערטער, „נאָך דעם ווי מיר האָבן אַלס אוועקגערויבט פון דעם רייכן דורכגייער און פון זיינע באַגלייטער, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיין נאָמען איז עוזיאל, אַז ער מיט זיין זון נחשון קומען פון חברון און זיי גייען אין לבנון צו יונדבן, און אַז דער יונגע נחשון דאַרף דאָס באַלד חתונה האָבן מיט זמירה׳ן, די שענסטע פון אַלע טעכטער, וועלכע איך האָב אַמאָל באַגעגנט אויף מיין וואַנדער־וועג און וועמעס געשטאַלט האָט אימער געשוועבט פאַר מיינע אויגן״.

„עס האָט מיך דאַן באַהערשט אַ שרעקליכער געפיל פון קנאה צו נחשונען און אַ גוואַלדיקע לוסט צו פאַרנעמען זיין פלאַץ. האָב איך נחשונען מיט זיין פאָטער פאַרקויפט פאַר אייביקע קנעכט צו די פלשתים, און אַליין בין איך געקומען אין דיין פאָטערס הויז. איך האָב זיך פאַרשטעלט אַלס נחשון און האָב מיט דיר חתונה געהאַט. אָבער פון דער ערשטער מינוט וואָס איך האָב אַריבערגעטראָטן דיין שוועל האָט מיך מיין געוויסן אָנגעהויבן פלאָגן, און די פאַרברעכערישע טאַט פון פאַרקויפן פאָטער און זון פאַר קנעכט האָט מיך ניט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן. איך פלעג זוכן צו שטילן מיין געוויסן דורך אויס־קויפן קנעכט און אַרויסלאָזן זיי אויף דער פריי, אָבער איך האָב אויסגעגעבן מיין גאַנצן פאַרמעגן דערויף און די בייזע שוידערלעכע געדאַנקען האָבן מיך ניט אָפּגעלאָזן. חרטה און פאַרדראָס האָבן מיך גענאָגט ביים האַרצן און איך האָב אויף זיך געבעטן דעם טויט. און יעצט אַז דער טויט דערנענטערט זיך צו מיר ווייס איך אַז ער וועט מיך ניט דערלייזן, ווייל מיינע זינד זיינען אַזוי שווער אַז אפילו דער טויט וועט אויף זיי ניט פאַרגעבן״.

„און יעצט קער זיך אָפּ פון מיר, זמירה, טייערע פרוי. פאַר מיר איז ניטאָ קיין צוריקוועג, קיין אויסוועג און קיין ארויסגאַנג״.

זמירה האָט מיט שפּאַנונג און מיטלייד אויסגעהערט איר מאַנ׳ס דער־ציילונג. זי האָט געזאָגט צו אים:

איך האָב דיר אַלץ פאַרגעבן און גאָט וועט דיר אויך אַלץ פאַרגעבן. דו האָסט דעראָבערט מיין יוגנט. צו דיר געהערט מיין לעבן און מיין יעדער טאָט און באַוועגונג. איך מוז דיך באַפרייען.

דורך דעם פרייען צוטריט וואָס דער קעניג האָט געגעבן זמירה׳ן צום אַריינטריט אין געפענגעניש האָט זי זיך אַזוי געקליגט ביז עס איז איר געלונגען אַרויסשמוגלען רעמיהן פון זיין פינסטערן קערקער און אַרויסציען אים אויף דער פריי.

באַוואָפנט מיט זמירה׳ס איבערגעבנהייט און פאַרגעבנהייט, האָט זיך רעמיה גלייך אַוועקגעלאָזן אין דער לאַנד פון די פלשתים ארומזוכן עוזיאלן און נחשונען. נאָך אַ סך זוכן און פאָרשן איז אים געלונגען אויסצוגעפינען אַז פאָטער און זון ארבעטן אַלס קנעכט אין דער שטאָט גת.

זמירה האָט גענומען איר גאַנצן פאַרמעג וואָס איז איר געבליבן נאָך איר פאָטערס טויט, און צוזאַמען מיט רעמיה׳ן איז זי געקומען אויסלייזן עוזיאלן מיט נחשונען פון קנעכטשאַפט. עס האָט זיי אָבער אויסגעפעלט הונ־דערט שקלים צו דעם פרייז וואָס דער פלשתי האָט געפאָדערט. רעמיה האָט זיך דאַן פאַרדונגען פאַר אַ קנעכט ביים זעלבן פלשתי און געאַרבעט אַ יאָר מיט דריי חדשים ביז וואַנען ער האָט גוט געמאַכט דעם סכום וואָס האָט זיי גע־פעלט.

דערנאָך האָט זיך רמיה צוריקגעקערט צו זיין פרוי און קינד. זיי האָבן געפירט אַ גליקלעכן שטילן לעבן און דערצויגן גוטע קינדער.

# צוויי מעשיות

## ערשטע מעשה

דאָס האָט געטראָפן אין שפּאַניע אין פערטן יאָר פון קעניג אַלפאָנזאָס הערשאַפט.

דריי נידערטרעכטיקע פערזאָנען האָבן אונטערגעוואָרפן אַ קריסטלעכן טויטן קערפּער צו א אידן אין הויז און גלייך דערנאָך האָבן זיי עדות געזאָגט אונטער אַ שבועה, אַז זיי האָבן אַליין געזען ווי דער איד האָט גע׳הרג׳עט דעם קריסט צוליב רעליגיעזע צוועקן.

דער באַשולדיקטער איד איז גלייך געוואָרן געשמידט אין קייטן און אין אַ פינצטערן קערקער אַריינגעוואָרפן. באַלד האָבן אויסגעבראָכן אַ רייע

פֿאַגראָמען און רציחות אויף אידן. פֿאַרברעכערישע עלעמענטן האָבן צע־פֿירט זייערע הענט, געפּלינדערט און גערויבט אידישע האָב־און־גוטס פֿראַנק און פֿריי. מאַסן אידן זיינען געפּייניקט און געטויט געוואָרן.

דער צאַרן האָט זיך צעפֿלאַקערט און געשפּרייט פֿון שטאָט צו שטאָט.

ווען די אומרוען האָבן דערגרייכט די שטאָט פּאַלאַמאַ אויפֿן אינזל מאַזשאָרקאַ, האָבן די דאָרטיקע אידן אויף שנעל באַשלאָסן צו ווענדן זיך צום קעניג מיט אַ געבעט צו ראַטעווען די אידישע באַפֿעלקערונג פֿון טויט און פֿאַרוויסטונג. אַ דעפּוטאַציע פֿון פּראָמינענטע אידן האָבן זיך געשטעלט פֿאַרן קעניג און אויסגעשפּרייט זייערע הענט נאָך הילף.

די שתדלנות האָט געווירקט. אויפֿן שטרענגן באַפֿעל פֿון קעניג, וואָס איז גלייך פּובליקירט געוואָרן אין דעם גאַנצן לאַנד, זיינען אַלע אידן־פֿיינט־לעכע אויסברוכן אָפּגעשטעלט געוואָרן און אידן האָבן פֿרייער אָפּגעאָטעמט.

דער קעניג האָט זיך אָבער ניט באַנוגט דערמיט, נאָר ער האָט זיך אַליין גענומען אויספֿאָרשן די זאַך און אויסזוכן דעם יעניקן וואָס האָט דעם פֿייער צעבלאָזן. פֿאַר דעם צוועק האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ פּראָקלאַמאַציע צום פֿאָלק, אָנבאַטנדיק אַ גרויסן לוין צו דעם וואָס וועט פֿעסטשטעלן די שולד פֿון דעם ווירקלעכן פֿאַרברעכער.

באַלד האָט זיך געמאָלדן צום קעניג איינער אַ מאַן, וועלכער איז געווען אַ קאָמערדינער ביים פּירשט יאָהאַן דע־וועראַ, און דערציילט האָט דער דינער צום קעניג פֿאָלגנדע פּאַסירונג:

מיין האַר, יאָהאַן דע־וועראַ, האָט זיך צעקריגט מיט דעם אידן ביי וועמען מען האָט געפֿונען דעם טויטן קערפּער. מיין האַר האָט פֿיינט אידן, און דערצו איז ער אַ גרויסער כעסן. האָט זיך זיין רציחה צעברענט און ער האָט באַשלאָסן צו נעמען נקמה אין אַלע אידן.

ער האָט דאַן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פֿון נקמה און ער האָט מיך אויפֿ־געפֿאָדערט דאָס דורכצופֿירן. אָבער איך האָב זיך אַנטזאָגט אַנטייל צו נעמען אין אַזאַ בייזער פֿאַרשווערונג. דאַן האָט ער צוזאַמענגעבראַכט עטלעכע פֿאַר־דאָרבענע מענטשן און ער האָט צו זיי געזאָגט:

„די אידן האָבן גאָטס זון, קריסטוסן, דער׳הרג׳עט, און עס איז דער־פֿאַר אַ מצוה זיי צו הרג׳ענען. אויב דער קעניג באַשיצט די אידן, איז דאָס נאָר דערפֿאַר, ווייל די אידן קויפֿן אים אונטער מיט זייער געלט״.

און די פֿאַרשווערונג אַנטקעגען די אידן איז דורכגעפֿירט געוואָרן אויף אַזאַ אופֿן:

די פֿאַרברעכער זיינען אַוועק אויפֿן בית־עלמין. דאָרטן האָבן זיי צע־עפֿנט אַ פֿרישן קבר און אַרויסגענומען דעם טויטן־קערפּער. דעם קבר האָבן

זיי צוריק מיט שטיינער אָנגעפילט און מיט ערד צוגעדעקט, כדי צו פאַרבאָרגן אַלע שפּורן פון זייער טאַט. און אַוועקגעטראָגען האָבן זיי דעם קערפּער אין שטאָט אַריין און דאָס אונטערגעוואָרפן צו יענעם אידן, וועלכער איז דערנאָך אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין קערקער אויף דער פאַלשער באַשולדיקונג אַז ער האָט געטויט דעם קריסט צוליב רעליגיעזע צוועקן.

אַזוי האָט דער דינער פון דעם שונא ישראל דערציילט פאַרן קעניג, און געשוואוירן האָט ער אַז ער זאָגט אמת.

באַלד האָט מען יאָהאַן דע־וועראַ׳ן פאַרן קעניג געבראַכט. ער איז אויס־געפרעגט און אויסגעפאָרשט געוואָרן. אָבער ער האָט געלייקנט די רייד פון זיין דינער. און ווען מען האָט אים אויפן בית־עלמין געבראַכט און מען האָט פאַר זיינע אויגן דעם קבר געעפנט און דאָרט די שטיינער אַנטדעקט, האָט יאָהאַן דע־וועראַ גע׳טענה׳ט, אַז דאָס איז די אַרבעט פון אידן.

עס האָבן זיך אָבער געפונען עדות, וועלכע האָבן געזען ווי יאָהאַן דע־וועראַ מיט זיין באַנדע האָבן געטראָגן דעם קערפּער אין דער זעלבער נאַכט וואָס דאָס איז ביים אידן געפונען געוואָרן.

דער קעניג האָט פאַראורטיילט צום טויט דעם שונא ישראל מיט זיין באַנדע, און דער אורטייל איז גלייך דורכגעפירט געוואָרן.

## צווייטע מעשה

אין דער קעניגרייך פון סולטאַן סולימאַן האָט געלעבט אַ בכבוד׳יקער איד מיטן נאָמען משה העמאָן, וועלכער איז געווען באַוואוסט פאַר זיין קלוג־שאַפט און ערלעכקייט. זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט אין ווייטע לענדער, ווייל ער שטענדיק אָפּגעגעבן זיין צייט און ענערגיע צו דינען זיין פאָלק מיט איבערגעגעבנהייט און מעשים טובים. ער איז אויך געווען אַ חשוב ביים הערשער פון לאַנד, וועלכער איז געווען אַ מלך צדק. אונטער דעם איינפלוס פון משה העמאָן איז דער סולטאַן געווען זייער גוט צו די אידן: אין פאַל פון אַן עלילת דם פלעגט דער הערשער אַליין אונטערזוכן דעם אורשפּרונג פון דער געשעעניש און נאָך אַ גרינטלעכער אויספאָרשונג פלעגן די אמתע פאַרברעכער אויסגעפונען ווערן און שטרענג באַשטראָפט ווערן.

דער גרויס־וויזיר פון דעם סולטאַן איז אָבער געווען אַ שונא ישראל. פלעגט דאָס אים פאַרדריסן וואָס דער הערשער באַציט זיך אַזוי פריינטלעך צו די אידן. האָט ער געטראַכט און געטראַכט ווי אַזוי די אידן צו שעדיקן, ביז איינמאָל האָט ער זיך דערטראַכט צו אַזאַ פּלאַן.

ער האָט אויסגעגראָבן אַ פאַרבאָרגענע הייל וואָס האָט זיך געצויגען פון זיין הויז צום סולטאַנס פּאַלאַץ. און איין מאָל אויף דער נאַכט, ווען דער

סולטאַן האָט זיך געפונען אין זיין שלאָף־צימער, האָט ער פּלוצלונג דער־הערט אַ שטימע וואָס איז געקומען ווי פון אונטער דער ערד. און די שטימע האָט צו אים גערופן און געזאָגט:

„סאַלימאַן! סאַלימאַן! ווי לאַנג וועסטו זיין אַזוי נאַכלעסיק צו דער גע־פאַר וואָס שטייט דיר פאָר? שטיי אויף און פאַרניכטע די אידן פון דיין קע־ניגרייך, ווייל אַזוי איז דער ווילן פון אַללאַ!"

„דאָס מוז זיין אַ פּוסטער חלום", האָט זיך דער סולטאַן געטראַכט און ווידער איינגעשלאָפן.

אָבער אויף דער צווייטער נאַכט האָט ער ווידער דערהערט דעם זעל־ביקן רוף: „סאַלימאַן! סאַלימאַן! וואָרום ביזטו נישט אויף דער וואַך? די אידן זיינען דיינע בלוטיקע שונאים. דערוואַך און פאַרלענד זיי פון דיין קע־ניגרייך".

ווען דער סולטאַן האָט זיך אַרומגעזען אַז דאָס איז נישט קיין חלום, און אַז אַללאַ זעלבסט רופט אים צו פאַרטיליקן די אידן, איז ער געוואָרן זייער אומרואיק און צעמישט. ער האָט זיך גאַרניט געקענט אויסמאָלן אַז די אידן זיינען אומטריי צו אים, אָבער ווי הערט מען זיך נישט צו צום רוף פון היי־ליקן נביא? האָט ער צו זיך אַרויסגערופן דעם אידן משה העמאַן און ער האָט אים מיט באַדויערן דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט.

דערהערנדיק די רייד פון סולטאַן, האָט זיך משה העמאַן זייער דער־שראָקן. ער איז דעם סולטאַן צו די פיס געפאַלן און ער האָט זיך ביי אים געבעטן נישט צו באַהערשט ווערן פון יענער געהיימער שטימע.

„פאַרגעס נישט", האָט דער איד געזוכט צו ווייך מאַכן דעם הערשערס האַרץ, „ווי געטריי אין איבערגעבן די אידן זיינען תמיד געווען צו דיר".

האָט דער סולטאַן געזאָגט צו משה העמאַן: „איך וועל דיך אין מיין צימער אַריינגעמען און דו וועסט אַליין הערן דעם רוף פון דעם הייליקן אַללאַ".

און אַזוי איז געווען. און אָוונט איז דער איד געקומען צום פּאַלאַץ פון דעם סולטאַן און זיך פאַרמאַכט מיט אים אין זיין צימער. און שפּעט ביי־נאַכט האָט אַ שטאַרקע שטימע צעריסן די נאַכטיקע שטילקייט. אַ קול האָט זיך צעקלונגען אין דער לופטן מיט אַ מעכטיקן רוף צום סולטאַן צו פאַרניכטן די אידן פון זיין גאַנצער מדינה.

מיט אַ שווער האַרץ און גרויס צער איז משה העמאַן אַרויסגעגאַנגען פון קעניגס פּאַלאַץ. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז פאַרגאַנגען אין אַ מדבר. ער האָט געטראַכט און געקלערט וועגן דער שרעקלעכער גע־שעעניש און געזוכט אַ שליסל צו דער געהיימניש. ער האָט געפאַסט, געזאָגט תהלים און אויסגעשפּרייט די הענט צום הימעל נאָך הילף.

מיט אַמאָל האָט זיך אַ וואַנדערער באַוויזן אין דער וויסטעניש פון גרויסן מדבר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם וויינענדיקן אידן און אים געפרעגט די אורזאַך פון זיין צער.

משה העמאַן האָט פאַרן וואַנדערער זיין האַרץ אויפגעעפנט און אים אויסדערציילט וועגן דעם געהיימען רוף אין סולטאַנס פּאַלאַץ און וועגן דעם ביזן שיקזאַל וואָס דערוואַרט דעם אידישן פאָלק.

„גיי צוריק צום סולטאַן", האָט דער וואַנדערער געזאָגט צום אידן, „און זאָג אים, דעם הערשער, ער זאָל צעגראָבן די ערד אונטער זיין פּאַלאַץ און זען וואָס דאָרט קומט פאָר".

האָט משה העמאַן געטאָן ווי דער וואַנדערער האָט אים באַפוילן.

און דער סולטאַן האָט זיך צוגעהערט צום אידנס רייד. ער האָט גלייך באַפוילן צו צעגראָבן די ערד אונטער זיין פּאַלאַץ און עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אונטערערדישע פאַרבאָרגענע הייל, וואָס האָט געפירט צו דער הויז פון גרויס־וויזיר.

די טייוולשע פאַרשווערונג איז אויפגעדעקט געוואָרן. אַ שרעק איז באַפאַלן אַלע אידישע שונאים און זיי זיינען אַנטרינען געוואָרן ווי מייז אין די לעכער.

די דאָזיקע פּאַסירונג איז פאַרשריבן אין די כראָניקס פון יענער מדינה צו דינען אַלס וואָרענונג פאַר די קומענדיקע דורות.

געווען ביים קעניג דאָן־פּעדראָ אַ מיניסטער, אַ שונא ישראל, מיט'ן נאָמען ניקאָלאַס. האָט דער מיניסטער געהאַלטן אין איין גראָבן אויף אידן און איינ'טענה'ן מיטן קעניג ער זאָל צווינגען די אידן אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן.

האָט איינמאָל דער קעניג פאַררופן צו זיך אפרים סאַנקאַ, באַוואוסט אַלס געלערנטער און קלוגער איד, און געזוכט צו פאַרפירן מיט אים אַ וכוח וועגן אידישן און קריסטלעכן גלויבן. ניט וועלנדיק דערצאָרנען דעם קעניג, האָט סאַנקאַ ניט געלאָזט זיך אַריינצילען אין וויכוחים. דער קעניג האָט אָבער גערעדט צו אים גוטע רייד און געזוכט צו ווירקן אויף אים ער זאָל באַאיינפלוסן די אידן זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער פאַרצייטיקן גלויבן און זיי זאָלן ראַטעווען זייערע נשמות דורך אָננעמען די קריסטלעכע רעליגיע. ניט קענענדיק געפינען גלייך אויפן פּלאַץ אַ פּאַסנדן ענטפער, האָט זיך סאַנקאַ אָפּגעבעטן ביים קעניג צו ערלויבן אים דריי טעג צייט כדי אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם ענין און קומען צו אַ ריכטיקן שלוס. דער קעניג איז צופרידן געווען און ער האָט אים נאָכגעגעבן זיין פאַרלאַנג.

אין דריי טעג ארום ווען אפרים סאנקא איז צוריקגעקומען האָט דער קעניג באַמערקט אַז דער איד איז אין אַ געדריקטער שטימונג. האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, דער קעניג, אַז דער איד פילט זיך ווי צוגעדריקט צו דער וואַנט, ווייל ער איז געצוואונגען צו אַנערקענען, אַז די קריסטלעכע רעליגיע שטייט העכער פון דער אידישער.

„ווארום איז דיין געמיט אזוי געבראָכן ?" האָט דער קעניג אים געפרעגט.

און אפרים סאנקא האָט דאַן דערציילט דעם קעניג אַ פּאַסירונג וואָס האָט מיט אים ערשט געטראָפן:

„מיינער א שכן, אַ צירונג־הענדלער, אַ פאָטער פון צוויי זין, איז לעצטנס פאַרפאָרן ערגעץ אין ווייטע לענדער. פאַר זיין אָוועקפאָרן האָט דער פאָטער איבערגעלאָזן פאַר זיינע זין צוויי טייערע מתנות: פאַר יעדן איינעם אַן אויס־געשניצטן דימענט פון אַ גרויסן ווערט. און כדי איין זון זאָל זיך ניט פילן העכער פון צווייטן, האָט ער די צוויי טייערע שטיינער אַזוי איינגעפּאַסט אַז עס זאָל ניט זיין קיין ברעקל אונטערשייד פון איינעם צום אַנדערן.

„און היינט" — האָט ער פאַרגעזעצט זיין דערציילונג, — „זיינען ביידע ברידער צו מיר געקומען מיט אַ פאָדערונג, איך זאָל באַטראַכטן ביידע דימענטן און איך זאָל אורטיילן וועלכער פון זיי האָט אַ גרעסערן ווערט. האָב איך זיי געראָטן צו ווענדן זיך נאָך אַן אורטייל צו זייער פאָטער, וועלכער האָט זיי געשיינקט די שטיינער, ווייל נאָר ער איז אימשטאַנד אָפּצושאַצן זייער ווערט".

„דער עלטערער פון די ברידער האָבנדיק געהאָפט אַז איך וועלד אור־טיילן, אַז זיין דימענט איז דער בעסערער, איז אזוי אַנטוישט געוואָרן פון מיין ענטפער, אַז ער האָט מיך אָנגעהויבן זידלען און אפילו געוואָרפן זיך אויף מיר שלאָגן".

„אַזאַ פרעכער יונג פאַרדינט א שווערע שטראָף", האָט דער קעניג באַמערקט.

און דאַן האָט אפרים סאנקא אזוי געזאָגט צום קעניג

„גנעדיקער קעניג! הער אויס אַצינד אַן ענלעכע געשיכטע וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ סך יאָרן צוריק. די דאָזיקע געשיכטע איז דיר גוט באַקאַנט. געווען זיינען צוויי ברידער, עשו און יעקב. אונזער פאָטער אין הימל האָט גע־געבן צו זיי צוויי שיינע, טייערע מתנות, צוויי לערעס פון מאָראַל און גוטער אויפפירונג, וואָס רופן זיך רעליגיעס. ביידע באַצוועקן די זעלבע זאַך, דעם מענשנס וואוילזיין און גליק. אצינד ווילסטו, אלס עלטערער ברודער, איך זאָל אורטיילן וועלכע פון די צוויי מתנות איז די בעסערע. און פונקט ווי יענער על־טערער ברודער פאַרלאַנגסטו פון מיר אַז מיין אורטייל זאָל זיין צו גונסטן פון דיין מתנה.

וויל איך דיר געבן דערויף דעם זעלבן ענטפער: שיק אַ שליח צו גאָט, אונזער פאָטער אין הימל און זאָל ער אַליין אורטיילן. די מתנות זיינען דאָך פון אים געגעבן געוואָרן, און בלויז ער אליין קאָן געבן די ריכטיקע אָפּשאַצונג דערפון.

דער קעניג איז געווען געריררט פון סאנקאס שיינע רייד און זיין ברי־ליאַנטענעם פאַרגלייך. ער האָט אים ארומגענומען און אין שטערן געקושט.

און געשיקט האָט דער קעניג רופן זיין מיניסטער, ניקאָלאס, דעם שונא ישראל, און איבערגעבנדיק אים דעם ענטפער פון אפרים סאנקא האָט ער צו אים געזאָגט:

פאַרנעם דו, אייזל קאָפּ, די קלוגע רייד פון דעם אידן. אַ רעליגיע וואָס האָט געקאָנט ארויסברענגען אזוינע חכמים ווי דער איד אפרים סאנקא, איז אונזער שוועסטער רעליגיע און פאַרדינט אונזער אַכטונג און לויב.

און פאַרשעמט האָט זיך ניקאָלאס, דער אידן־פיינט, און פון דאַן אָן און ווייטער האָט ער אויפגעהערט זיינע אינטריגעס קעגן אידן און אידנטום.

# דאָקומענטן פון גרויען מיטל־אַלטער

די דאָזיקע דאָקומענטן זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון אַלטע היסטאָרישע שריפטן. — זייער שייכות צו פסח און וואָס מען קען פון זיי לערנען.

1.

## אַ קעניגלעכער באַפעל פון דייטשן אימעראַטאָר פרעדעריק דעם צווייטן (געקעניגט אין די יאָרן 1215—1250), אַרויסגעגעבן און אונטערגעשריבן אין יולי, 1236

אַלע מענטשן וואָס לעבן אין מיין אימפעריע זאָלן דאָס וויסן און געדענקען.

אַזוי ווי אין דער שטאָט פולדאַ זיינען דערמאָרדעט געוואָרן עטליכע אינגלעך, און אַזוי ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורם פון צאָרן אַנטקעגן די דאָרטיקע אידן און אַנטקעגן אַלע אידן פון אונזער קעניגרייך, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסרופן צו זיך אַלע פרינצן, מאַגנאַטן, נאָטאַבעלען, אַזוי אויך אַלערהעכסטע גייסטלעכע און קירכן־אויפזעער פון אַלע ווינקלען פון אונזער גרויסער אימפעריע, כדי פעסטצושטעלן און באַשטימען די ווירקלעכע פאַקטן.

און נאָך דעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט אלע געגנזייטיקע מיינונגען וועגן דער אנגעלעגנהייט, זיינען מיר געקומען צום שלוס, אַז די זאַך קאָן אַמבעסטן אויסגעפאָרשט ווערן דורך דעם עדות־זאָגן פון די געוועזענע אידן, וועלכע זיינען באַקערט געוואָרן צום קריסטלעכן גלויבן, ווייל אַזוינע פּער־

זאָגנען, זייענדיק געשטימט אַנטקעגן אידנטום, וועלן דאָך נישט פאַרבאָרגן קיין זאַך, וואָס איז זיי באַוואוסט צו זיין אַנטקעגן זייער פריערדיקן גלויבן, פון וועלכן זיי האָבן זיך אָפּגעקערט.

און אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן צו שיקן אויסערגעווײנלעכע אַמבאַסאַדאָרן צו די קעניגע פון אונזער גאַנצער אימפּעריע מיט אַן אויפטראג, אַז זיי זאָלן גלייך דעלעגירן צו אונז אַלע געוועזענע אידן, וואָס זיינען גוט באַהאַוונט אין די אידישע געזעצן. און באַפוילן האָבן מיר צו די דאָזיקע דעלעגירטע געוועזענע אידן, זיי זאָלן פאַרבלייבן מיט אונז אַ צייט, כדי גוט אויסצופאָרשן אַלע קוואַלן, וואָס פליסן אַרום דעם געביט און אַרויסברענגען זייער אורטייל, צי עס איז פאַראַן ערגיץ אין די אידישע שריפטן אַ געבאָט צו באַגייען אַ ריטואַלען מאָרד, צי ניין.

און אַזוי האָבן די דאָזיקע געלערנטע פערזאָנען אונטער אונזער אויפזיכט געפאָרשט און געזוכט אין אַלערליי כראָניקעס און דאָקומענטן, ביז זיי האָבן צום סוף איינשטימיק אַרויסגעטראָגן זייער באַשלוס, וואָס לעזט זיך אַזוי:

„נישטאָ אין דעם אַלטן און נישט אין דעם נייעם טעסטאַמענט קיין שום אָנדייטונג, אַז די אידן זיינען גיעריג נאָך מענטשלעכעס בלוט. עס איז, פאַרקערט, אויסדריקליך פעסטגעשטעלט אין משה׳ס תורה, אַזוי אויך אין די געזעץ־ביכער וואָס רופן זיך תלמוד, דאָס די אידן מוזן זיין זייער אָפּגעהיט פון וועלכער נישט איז בלוט־פאַרגיסונג און בלוט־אומריינונג. מיר ווילן אויסדריקלעך באַשטימען, אַז די יעניקע, וועמען עס איז פאַרבאָטן יעדער געברויך פון בלוט, אפילו פון חיות און בהמות, קאָנען נישט האָבן קיין דורשט נאָך מענטשלעכעס בלוט. ווייל דאָס איז אבשייליך; ווייל דאָס איז קעגן די נאַטור געזעצן; ווייל דאָס איז אין קעגענזאַץ צו די ענגע באַציאונגען וואָס הערשן צווישן אידן און זייערע קריסטלעכע שכנים. און ווייל זיי, די אידן, וואָלטן קיינמאָל נישט ריזיקירט אויסצושטעלען זייערע לעבנס און פאַרמעגנס צו דער געפאַר פון פאַרניכטונג.“

אין אנקלאַנג מיט אַלע אויבן־דערמאָנטע פאַקטן און באַווייזע זיינען מיר, צוזאַמען מיט אַלע פּרינצן און נאָטאַבלען געקומען צום באַשלוס: אַז די אידן פון אונזער גאַנצער דייטשער אימפּעריע, און פון דער שטאָט פולדאַ, זיינען ריין און פריי פון דעם אָפּשייליכן פאַרברעכן, וואָס ווערט אויסגעטראַכט אויף זיי פון בייזע און אומוויסנדע מענטשן.

2.

עפּיסטעל (אַ בריוו) פון פּאַפּסט אינאָקענטי דעם פערטן, געשריבן אין יאָר 1247.

פון מיר, גאָט׳ס קנעכט, פויפסט אינאָקענטי דער פערטער, צו מיינע חשובע ברידער, די ארץ־בישאָפען און בישאָפן פון יעדן באַצירק אין אַלע מדינות וואָס געפינען זיך אין די גרעניצן פון מיין הויכן פריסטנטום, פרידן און בענטשונג!

צו מיר האָבן דערגרייכט די טרויעריקע קלאַנגען און פיינלעכע געשרייען פון די דייטשע אידן וועגן די הערשער און רעגירער, אַזוי אויך וועגן אייניקע פריסטער און קירכן־באַאַמטע, וואָס האַלטן אין איין פייניקן די אידן און אויסטראַכטן אויף זיי אַלערליי בלבולים, כדי צו באַרויבן זיי פון זייער האָב און גוטס און צונעמען פאַר זיך זייערע פאַרמעגענס.

זייט וויסן, אַז די בלוט־בלבולים האָבן נישט קיין באַגרינדונג און קיין באַשטעטיקונג, ווייל די אַלטע אידישע שריפטן זיינען דאָך אויך די הייליקע שריפטן פון אונזער קריסטלעכן גלויבן. און צווישן די שטרייגנע געבאָטן פון יענע העברעאישע שריפטן געפינט זיך דאָך דער מעכטיקער געבאָט: „דו זאָלסט נישט מאָרדן״. און דאָרט איז אויך שטרענג פאַרזאָגט געוואָרן, ניט נאָר ניט צו געברויכן קיין בלוט פון מענטשן, נאָר אפילו ניט קיין בלוט פון חיות און בהמות און ספּעציעל זיינען דאָך אידן אויפגעפּאַדערט צו האַלטן זיך ציכטיק און ריין צו זייער יום־טוב פסח. היינט ווי ליגנעריש און ווי פאַלש איז די באַשולדיקונג, אַז אין דעם יום־טוב פסח דער׳הרג׳ענען די אידן אַ קריסטלעך קינד, שניידן אַרויס פון דעם דאָס האַרץ און טיילן זיך דערמיט איינער מיטן אַנדערן. איך דערקלער, אַז אַזאַ טועכץ איז לויט זייער תורה אָפּשייליך און אָפּשטויסנד, און צו וואַרפן אויף די אידן אַזאַ שולד איז באַרבאַריש און אכזר׳יש.

מיינע ווירדיקע פאַרגייער, די הייליקע פויפסטן, זיינען דאָך שוין אייניקע מאָל אַרויסגעטראָטן שריפטלעך און מינדליך אַנטקעגן אַזוינע בלבולים. און דאָך, ווען נאָר עס ווערט געפונען ערגעץ אַ טויטער קערפּער, אַזוי ווערן גלייך די אידן באַפאַלען און געפייניקט. נישט שטעלענדיק זיי צום משפט און נישט אויסהערנדיק זייערע טענות, וואַרפט מען זיי אין געפענגענישן און אָפּטמאָל אויך אויף שייטער־הויפנס. מען מאַטערט זיי און מען פייניקט זיי אויף אַ גרויזאַמען אופן, מען באַרויבט זיי פון זייערע פאַרמעגענס און מען צווינגט זיי צו פאַרלאָזן די שטעט און די לענדער פון זייער געבורט — די פלעצער, וואו זייערע אור־עלטערן זיינען איינגעזעסן געוואָרן דורך אַ משך פון הונדערטער יאָרן. די לאַגע פון די אידן אין דער איצטיקער צייט איז געוואָרן פיל ערגער איידער די לאַגע פון זייערע אור־עלטערן אונטער דער הערשאַפט פון פרעה מלך מצרים. ווייסן דען נישט די אידישע אונטערדריקער, אַז אַלע נביאים, שופטים און אַפּאָסטאָלן האָבן פאַראויסגעזאָגט, אַז די אידן וועלן אימער בלייבן אַ פאָלק צווישן פעלקער?

דעריבער שיקן מיר צו אייך די דאָזיקע שריפט דורך ספּעציעלע שלוחים מיט אַ פאַראָרדנונג צו אויסאיבן אייער ווירקונג אויף די אַלע פירשטן, הערשער און רעגירער, אַז זיי זאָלן אויפהערן צירקולירן די אַלע נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע באַשולדיקונגען און זיי זאָלן אָפּשטעלן די גאַנצע אכזריות, ווילדקייט, האַרצלאָזיגקייט, אוממענטשלעכקייט, געמיינהייט און גאָטלאָזיגקייט.

און יענע באַאַמטע, וואָס וועלן אַנהאַלטן די אַקטן פון אומרעכט און פאָראורטייל, זאָלט איר באַשטראָפן דורך אַוועקנעמען זייער איינקונפט און באַזייטיקן זיי פון זייערע שטעלעס. און אַזוי זאָלט איר טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגליך אָפּצושטעלן יעדן אויסברוך פון רשעות און פאַרדאָרבענהייט, פון שנאה און גרויזאַמקייט.

געגעבן און אונטערגעשריבן געוואָרן אין ליאָן דעם 5־טן יולי 1247, אין דעם פינפטן יאָר פון אונזער הויכן פּריסטנטום.

עפּיסטעל נומער 217, 409, סעקציע 13־9.

